# סאָוועטיש היימלאַנד

צווייכאָדאָשימדיקער
ליטעראַריש-קינסטלערישער זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון פססר

דריטער יאָרגאַנג

מאַרט 2 אַפּרעל

1963

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

# אינהאלט

זײַט



## צוואַנציקסטער יאָרטאָג פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ



## ליטעראַטור און קונסט



---

**הויפּט־רעדאַקטאָר** א. ווערגעליס.

**רעדקאָלעגיע:** א. גאָנטאַר, ה. דאָבין, מ. טייף, ב. מילער, י. פאַליקמאַן, ס. פרײַ, ר. רובין.

**פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר** מ. לעוו.

# הויכע אידייִשקייַט און קינסטלערישע מייַסטערשאַפט — די גרויסע קראַפט פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און קונסט

## כאַווער נ. ס. כרושטשאָווס רעדע

אַף דער באַגעגעניש פון די אָנפירער פון דער פּאַרטיי און רעגירונג
מיט די טוער פון ליטעראַטור און קונסט דעם 8 מאַרט 1963

טײַערע כאַווײרים! אין מעשעך פון די לעצטע כאַדאָשים טרעפן מיר זיך מיט אײַך צום צווייטן מאָל. און אויב מע זאָל נעמען אין אכט דעם שמועס אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי מיט די יונגע טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט, וועלכן עס האָט דורכגעפירט די אידעאָלאָגישע קאָמיסיע, וועט אונדזער הײַנטיקע באַגעגעניש שוין זײַן די דריטע.

די מאַטעריאַלן וועגן די דאָזיקע באַגעגענישן זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער פּרעסע און האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. מיר מערקן אָפּ מיט באַפרידיקונג, אַז די פּאָזיציע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי וועגן די פראַגן פון קונסט האָט באַקומען הייסע שטיצע פון די שעפערישע טוער, פון דער פּאַרטיי און פאָלק, פון אונדזערע אויסלענדישע פרײַנט.

דער כ' איליטשאָוו האָט אין זײַן רעדע שוין דערציילט, ס'אַרא לעבעדיקן אָפּקלאַנג עס האָט אַרויסגערופן בא דער געזעלשאַפטלעכקייַט אין סאָוועטנפאַרבאַנד און אין אויסלאַנד די אַרויסטרעטונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון קפּסס וועגן די פראַגן פון ליטעראַטור און קונסט. ער האָט ריכטיק אָפּגעמערקט, ווי עס איז אויסגעוואַקסן בא אונדז אין לאַנד די אַקטיוויקייַט פון די שעפערישע טוער אינעם קאַמף קעגן די ניט געזונטע טענדענצן אין דער ליטעראַטור און קונסט.

אינטערעסאַנטע געדאַנקען און אַ ריי ווערטפולע פאָרשלאָגן האָבן אַרויסגעזאָגט אַ סאַך כאַווײרים, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן אַף דער דאָזיקער באַראַטונג. דאָס אַלץ רעדט איבערצײַגנדיק וועגן דעם, אַז די פראַגן, וועלכע מיר באַהאַנדלען מיט אײַך, האָבן אַ פּרינציפּיעלע באַדײַטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער סאָציִאַליסטישער קולטור, פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און קונסט אין דער ריכטונג, וועלכע איז אָנגעמערקט אין דער פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

### די בויונג פונעם קאָמוניזם און די אופגאַבן פון דער קינסטלערישער שאַפונג

די טעטיקייַט פון די שרײַבער, קינסטלער, קאָמפּאָזיטאָרן, סקולפּטאָרן, טוער פון קינאָ און טעאַטער — פון דער גאַנצער שעפערישער אינטעליגענץ געפינט זיך שטענדיק אונטער דער אופמערקזאַמקייַט פון דער פּאַרטיי און פונעם פאָלק. און דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. מיר לעבן אין אַזאַ צײַט, ווען די ליטעראַטור און קונסט זײַנען געוואָרן, ווי וולאַדימיר איליטש לענין האָט אַרויסגעזאָגט, אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַלפאָלקישער זאַך.

דאָס סאָוועטישע פאָלק בויט אונטער דער אָנפירונג פון זײַן לענינישער פּאַרטיי די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט. אונדזער הויפּט־ציל אין דער בויונג פונעם קאָמוניזם איז, איך שטרײַך דאָס אונטער, — שאַפן אַלע באַדינגונגען פאַר אַ בעסער לעבן פון די אַרבעטס־מענטשן. און די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט וועט דאָך טאַקע זײַן אַ געזעלשאַפט פון אַרבעטס־מענטשן.

פאַר מענטשן איז אָרגאַניש אייגנטימלעך די באַדערפעניש אין אַרבעט. און בלויז דער קאַפּיטאַליזם, וועלכער האָט די אַרבעטסלייַט אוועקגעשטעלט אין אומענטשלעכע באַדינגונגען, פאַרקריפּלט זיי, ווירקט אַף אַ פאַרדאַרבנדיקן אויפן אַף דער באַציִונג פון פיל מענטשן צו דער אַרבעט. יענע מענטשן, וועלכע ווילן ניט שאַלעם מאַכן מיט דער אונטערדריקונג פון מענטש דורך מענטש, אַנטוויקלען אין פּראָצעס פון דער אַרבעטס־טעטיקייַט זייער קלאַסן־זעלבסטבאַוווּסטזײַן און ווערן אַקטיווע קעמפער פאַר די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע, קעגן די עקספּלואַטאַטאָרן. אַנדערע, וועלכע האָבן אין זינען בלויז פּערזענלעכע, אייגנטימערישע אינטערעסן, זײַנען פּאַסיוו אינעם געזעל־

שאפטלעכן לעבן, נעמען ניט קיין אָנטייל אין די קלאסן־שלאכטן פאר אראָפּוואַרפן די בורזשואזיע און אויסבויען א נײַע געזעלשאפט. די דריטע לעבן אפן כעזשבן פון פרעמדער ארבעט. דאָס זײַנען די עקספּלואטאטאָרן, די אונטערדריקער פון די ארבעטנדיקע.

דער קאָמוניזם ווערט געבויט דורך דער ארבעט און בלויז דורך דער ארבעט פון מיליאָנען. אָט פארוואָס די פּארטיי טוט אלץ, אז אין דער בויונג פונעם קאָמוניזם זאָל זיך אקטיוו באטייליקן ווי אן אײנהײַטלעכער מאָנאָליטער ארבעטס־קאָלעקטיוו דאָס גאנצע סאָוועטישע פאָלק — די ארבעטער, קאָלווירטניקעס, אינזשעניערן, קאָנסטרוקטאָרן, טעכניקער, לערער, דאָקטוירים, אג־ראָנאָמען, געלערנטע, טוער פון אלע געביטן פון דער קולטור, ליטעראטור און קונסט.

איצט זעען אלע, אז די באמיִונגען פון דער פּארטיי גיבן גלענצנדיקע רעזולטאטן, אז אונ־דזער פאָלק האָט דערגרייכט גרויסע דערפאָלגן אפן וועג צום קאָמוניזם. מיר קאָנען אָבער ניט פארמאכן די אויגן אף די שוועריקײַטן, וועלכע עס קומט אויס גיווער צו זײַן באם בויען די נײַע געזעלשאפט. צו די דאָזיקע שוועריקײַטן באלאנגען די איבערבלײַבעכצן פון דער פאר־גאנגענהײַט, וועלכע לעבן אינעם באוווסטזײַן פון א באשטימטן טייל מענטשן אין אלע שיכטן פון דער געזעלשאפט. אָט די איבערבלײַבעכצן אנטפּלעקן זיך קוידעמקאָל אין דער נאכלעסיקער באציִונג צו דער ארבעט, צום אויספּילן דעם געזעלשאפטלעכן כויוו, די פליכטן פארן פאָלק.

אין דער שלאכט פארן קאָמוניזם, וועלכע מיר פירן, האָט די וויכטיקסטע באדײַטונג דאָס דערציִען אלע מענטשן אינעם גײַסט פון די קאָמוניסטישע אידעאלן. און דערין באשטייט די הויפּט־אופגאבע פון דער אידעאָלאָגישער ארבעט פון אונדזער פּארטיי אין דער איצטיקער צײַט. מיר דארפן ברענגען אין א שלאכט־אָרדענונג אלע מינים פונעם אידייִשן געווער פון דער פּארטיי, צו וועלכע עס געהערט אויך אזא מעכטיק מיטל פון קאָמוניסטישער דערציִונג, ווי די ליטערא־טור און קונסט. (אפּלאָדיסמענטן.)

אונדזערע באגעגענישן מיט אײַך, וועלכע זײַנען געוואָרן א גוטער לעבנס־קלאל, שטעלן מיט זיך פאָר אין טאָך אייגנארטיקע דורכקוקן פון די קרעפטן פון דער ליטעראטור און קונסט, פון זייער שעפערישער אקטיווקײַט און רעוואָליוציאָנערער קעמפערישקײַט.

די פּארטיי, איר צענטראל־קאָמיטעט האלטן, אז די סאָוועטישע ליטעראטור און קונסט אנטוויקלען זיך מיט דערפאָלג און אין גרונט פילן זיי גוט אויס זייערע אופגאבן.

עס וואָלט אָבער געווען זייער שעדלעך צו איבערטרײַבן די דערפאָלגן פון דער ליטערא־טור און קונסט און ניט זען די ערנסטע כעסרוינעס אין דער ארבעט פון די שרײַבער, קינסטלער, קאָמפּאָזיטאָרן, טוער פון קינאָ און טעאטער. קיין וועלכע־ניט־איז אידייִש־שעפערישע דורכפאלן פון אן עקסטרא־אָרדינארן כאראקטער זײַנען ניט פאָרגעקומען, דאָך האנדלט זיך אָבער וועגן וועזנטלעכע כעסרוינעס, און אין א ריי פאלן אויך וועגן טאָעסן, מיט וועלכע מע טאָר ניט שאָ־לעם מאכן.

דאָס לעבן האָט באוויזן, דאָס איז באשטעטיקט געוואָרן סײַ אין די ארויסטרעטונגען פון אייניקע כאוויירים אף דעם פאָריקן שמועס, סײַ הײַנט, אז נאָך ניט אלע שעפערישע טוער פאר־שטייען ריכטיק די אופגאבן אין געביט פון ליטעראטור און קונסט, וועלכע זײַנען פאָרמולירט אין דער פּראָגראם פון דער פּארטיי. הייסט עס, אז עס איז פאראן א נויטווענדיקײַט נאָכאמאָל אופצוקלערן אונדזער פּארטיי־שטאנדפּונקט אין די איקער־פראגן, וועלכע שטייען פאר דער קינסטלערישער שאפונג אינעם פעריאָד פון דער פאנאנדערגעוויקלטער בויונג פונעם קאָמוניזם.

וועלכע קינסטלערישע ווערק דערווארט דאָס סאָוועטישע פאָלק, וועלכע ווערק שאצט עס און האלט אונטער און וועלכע ווארפט עס אָפּ?

די ליטעראטור און קונסט פונעם סאָציאַליסטישן רעאליזם האָבן דערגרייכט גרויסע הייכן פון קינסטלערישער שאפונג, זיי פארמאָגן רײַכע רעוואָליוציאָנערע טראדיציעס און זײַנען וועלט־בארימט. אין אלע סאָוועטישע רעפּובליקן זײַנען געשאפן געוואָרן מערקווירדיקע ווערק, הויכע גײַסטיקע ווערטן, מיט וועלכע די פעלקער פון אונדזער לאנד שטאָלצירן מיט רעכט.

די שאפונג פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער ליטעראטור און קונסט — דאָס איז זייער גרויסער פארדינסט פארן פאָלק, א באגײַסטערנדיקער בײַשפּיל דערפון, ווי דער קינסטלער דינט זײַן היימלאנד.

וואָס קאָן ברענגען נאָך א גרעסערע באפרידיקונג דעם קינסטלער, איידער דאָס באוווסטזײַן, אז זײַן טאלאנט איז אינגאנצן געווידמעט דעם קאמף פונעם פאָלק פאר אויסבויען דעם קאָמוניזם, אז זײַנע ווערק האָט דאָס פאָלק אָנגענומען און הויך זיי אָפּגעשאצט.

דערמאָנט זיך, ווי אונדזער פאָלק האָט בעשײַטע אָנגענומען אף זײַן באוואָפענונג דעמיאן בעדניס פּאָעזיע. אין די יאָרן פונעם בירגערקריג, ווען דאָס סאָוועטישע פאָלק האָט אינעם פאר־ביטערטן געראנגל מיטן וועלט־אימפּעריאַליזם פארטיידיקט די ערשטע אין דער וועלט סאָציאַ־ליסטישע מעלוכע פון די ארבעטער און פויערים, זײַנען סײַ די רויטגווארדייער, סײַ די רויטאר־

מייער, סײַ די פּאַרטיזאַנער געגאַנגען אין שלאַכט מיט דעמיאַן בעדניס לידער. די דאָזיקע לידער זײַנען געווען צוגענגלעך פאַר אַלעמען, פאַרשטענדלעך יעדן איינעם, אַפילו די אַנאַלפאַבעטישע פּויערים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי.

אין דער ליד „ווי מײַן מאַמע האָט מיך אין דער רויטער אַרמיי באַגלייט“, וואָס איז געווען איינע פון די פּאָפּולערסטע אין יענער צײַט, זײַנען איבערגעגעבן די געדאַנקען פונעם פאָלק. דער דיכטער האָט זיך געפונען אין די שלאַכט־רייען פון די קעמפער פאַר דער רעוואָליוציע און האָט זײַן גאַנצן ריזיקן טאַלאַנט אָפּגעגעבן צו דינסט דער גרויסער זאַך פון באַפרײַען די אַרבעטנדיקע פון אונטערן יאָך פון די עקספּלואַטאָרן.

דעמיאַן בעדני האָט פאַרמאָגט אַ וווּנדערלעכן טאַלאַנט אַרײַנצודרינגען אין דער נעשאָמע פונעם האָרעפּאַשנעם פּויער. מיט וויפל פאַרשטענדעניש און קראַפט פון קינסטלערישער מײַסטערשאַפט ער האָט אַנטפּלעקט די צעצווייטקײַט פונעם פּויערס נעשאָמע. אין זײַנע ווערק פונעם פּעריאָד פון בירגערקריג באַווײַזט דער פּאָעט איבערצײַגנדיק די פּסיכאָלאָגיע פונעם פּויער מיט אַלע שטריכן, וועלכע זײַנען אים דעמלט געווען אייגנטימלעך. פון איין זײַט, איז דער פּויער זייער צופרידן, וואָס די נײַע, די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט אים באַטיילט מיט ערד, וועגן וועלכער ער האָט געטרוימט און פאַר וועלכער עס איז אין יענער צײַט געגאַנגען אַ באַוואָפנטער קאַמף. פון דער צווייטער זײַט, האָבן אייניקע פּויערים, באַקומענדיק בא דער סאָוועטנמאַכט ערד, ניט אַרויסגעוויזן קיין פאַרשטענדעניש, אַז מע דאַרף די פאָלקס־מאַכט, די דעראָבערונגען פון דער רעוואָליוציע פאַרטיידיקן מיט געווער אין די הענט.

די קאָלאָסאַלע דערציִערישע באַדײַטונג פון דעמיאַן בעדניס ווערק באַשטייט דערין, וואָס דער פּאָעט האָט פון רעוואָליוציאָנערע פּאָזיציעס מיט צאָרן פאַרורטיילט דעם פּויערס וואַקלעוונישן, ניט שטאַנדהאַפטיקײַט און אין דער זעלבער צײַט דערקלערט אים, ווי אַזאַ וואָרפן זיך און וואַקלען זיך איז טויט־געפערלעך פאַר די אינטערעסן פונעם פּויערטום גופא. דער פּאָעט העלפט דעם פּויער צו פאַרשטיין, אַז געפינען זיך אין אַן אָרגאַנישן בונד מיטן אַרבעטער־קלאַס אונטער דער אָנפירונג פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז אין זײַנע אינטערעסן.

מענטשן פון מײַן דאָר, ווען זיי טרעפן זיך אין אַ יאָמטעוודיקער אומגעבונג, דערמאָנען אויך איצט מיט פאַרגעניגן זייער פאַרגאַנגענהײַט אין די יאָרן פונעם בירגערקריג און זיי זינגען דעמיאַן בעדניס לידער דערפאַר, ווײַל די דאָזיקע לידער קלינגען אויך אין אונדזערע טעג פריש און הײַנטצײַטיק. (אַפּלאָדיסמענטן.) זייער כיין באַשטייט דערין, וואָס זיי דערמאָנען וועגן צײַטן שווערע, אָבער גוטע און שיינע, זיי פילן אָן די הערצער מיט שטאָלץ פאַר יענע, וועלכע האָבן אין די שווערסטע באַדינגונגען געקעמפט העראָיש פאַר דער סאָוועטנמאַכט, פאַר באַפרײַען די אַרבעטסלײַט, פאַרן פאָלק, פאַר סאָציאַליזם און האָבן אין דעם דאָזיקן קאַמף געזיגט.

לאָמיר נעמען אַ צווייטן ביישפּיל, וואָס באַווײַזט איבערצײַגנדיק, ס'אַרא שטאַרקע און איידלמוטיקע געפילן עס רופט אַרויס בא מענטשן אַן עכט קינסטלעריש ווערק. די מערהײַט פון אײַך ווייסט, וואַרשײַנלעך, וועגן דעם דענקמאָל די סאָוועטישע קריגסלײַט, וואָס שטייט אין בערלין און וואָס דער אויטאָר זײַנער איז דער באַוווּסטער סקולפּטאָר יע. וו. וווּטשעטיטש. ניט לאַנג צוריק האָבן די דעלעגאַציעס פון די ברידערלעכע פּאַרטייען אויפן זעקסטן צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַליסטישער אײנהײַטלעכער פּאַרטיי פון דײַטשלאַנד גענומען אָן אָנטייל אינעם אַרופלייגן קרענץ אויף די קוואָרים פון ראָזע ליוקסעמבורג, קאַרל ליבקנעכט און אַנדערע קעמפער, וועלכע זײַנען געפאַלן פאַר די אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס.

דערנאָך זײַנען געלייגט געוואָרן קרענץ באַם דענקמאָל פון די סאָוועטישע קריגסלײַט אין בערלין. דאָס זײַנען געווען רירנדיקע מינוטן. עס זײַנען געקומען הונדערטער מענטשן, פײַערלעך האָט געשפּילט די מוזיק, צום דענקמאָל איז מען צוגעגאַנגען אין אַ שטילשווײַגן, קיינער האָט ניט געקאָנט ריידן הויך אויף אַ קאָל, די אומגעבונג אַליין האָט געווירקט אויף די מענטשן. די מאַיעסטעטישע סקולפּטור האָט דערוועקט אַ געפיל פון טיפער אַכטונג, אָנערקענונג פאַר די העראָישע סאָוועטישע קריגסלײַט, ייִראַס־האַקאָוועד פאַר יענע, וועלכע זײַנען געפאַלן אין קאַמף קעגן די פינצטערע כוחות פונעם פאַשיזם.

מיטגלידער פונעם פּרעזידיום פון צק און די סעקרעטאַרן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָבן מיט אַ געוויסער צײַט צוריק זיך באַקאַנט מיט די עסקיזן פונעם דענקמאָל דעם ניצחון איבערן פאַשיזם. דער דענקמאָל לויט דעם כ' וווּטשעטיטשעס פּראָיעקט וועט אויפגעשטעלט ווערן אין מאָסקווע. דער פּראָיעקט גיט אַ גרונט צו טראַכטן, אַז עס וועט געשאַפן ווערן אַ רעאַליסטיש קונסט־ווערק פון גרויסער קראַפט, וואָס זינגט אַ לויב־געזאַנג דעם פאָלק דעם זיגער און רופט צום קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן די מעכטיקײַט און אומצוטריטלעכקײַט פון אונדזער גרויסן סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד.

אַן אויסגעצייכנט קונסט־ווערק איז דער דענקמאָל קאַרל מאַרקסן אין מאָסקווע, וועלכן עס

האָט געשאַפן דער כ׳ קערבעל. דעם סקולפּטאָר האָט זיך אײַנגעגעבן קינסטלעריש צו באַווײַזן די גרויסקייט פונעם גענ׳אַלן גרונטלייגער פונעם וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם. עס איז אומעגלעך דורכצוגיין פאַרבײַ און ניט אָפּשטעלן זיך בײַ דעם דאָזיקן פּרעכטיקן מאָנומענט.

בלויז באַדײַטנדיקע ווערק פון גרויסן רעוואָליוציאָנערן, שעפערישן פּאַטאָס דערגייען ביז די טיפענישן פונעם מענטשנס נעשאָמע און באַוווּסטזײַן, געבוירן אין אים הויכע בירגערלעכע געפילן און אַנטשלאָסנקייט צו ווידמען זיך דעם קאַמף פאַרן גליק פון די מענטשן. די אַווטאָרן פון אַזעלכע ווערק געניסן ווירדיק און פאַרדינטערהייט די אַנערקענונג פונעם פאָלק. שאַפן ווערק פון אַזאַ הויכער אידייִשקייט, ווערק, וואָס זאָלן מיט אַזאַ קינסטלערישער קראַפט אָפּ־ווירקן אויף די מויכעס און געפילן פון די מענטשן, רופט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי די שרײַבער, קינסטלער, קאָמפּאָזיטאָרן, טוער פון קינאָ און טעאַטער. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

אונדזער פאָלק דאַרף האָבן אַ קעמפערישע רעוואָליוציאָנערע קונסט. די סאָוועטישע ליטע־ראַטור און קונסט זײַנען באַרופן צו שילדערן אין הערלעכע קינסטלערישע געשטאַלטן די גרויסע און העראָישע צײַט פון בויען דעם קאָמוניזם, וואָרהאַפטיק מאָלן די פּערספּעקטיקונג און דעם זיג פון די נײַע, קאָמוניסטישע פאַרהעלטענישן אין אונדזער לעבן. דער קינסטלער דאַרף קענען זען דאָס פּאָזיטיווע, פרייען זיך מיט אָט דעם פּאָזיטיוון, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם טאָך פון אונדזער ווירקלעכקייט, שטיצן דאָס פּאָזיטיווע און אין דער זעלבער צײַט ניט פאַרבײַגיין, פאַר־שטייט זיך, די נעגאַטיווע דערשײַנונגען, ניט פאַרבײַגיין דאָס אַלץ, וואָס שטערט דעם געבורט פונעם נײַעם אינעם לעבן.

יעדע זאַך, אַפילו די בעסטע, האָט זיך אירע שאָטנדיקע זײַטן. אויך דער שענסטער מענטש קאָן זײַן ניט פרײַ פון כעסרוינעס. אַלץ איז געוואָנדט אין דעם, וויאַזוי מע גייט צו צו לעבנס־דערשײַנונגען און פון וועלכע פּאָזיציעס מע שאַצט זיי אָפּ. ווי מע זאָגט — וואָס מע זוכט, דאָס געפינט מען. אַ מענטש, וואָס האַלט זיך ניט בײַ אַ פּאָרויסגענומענער מיינונג, וועלכער נעמט אָן אַקטיוון אָנטייל אין דער שאַפונגס־טעטיקייט פונעם פאָלק, — אַזאַ מענטש זעט אָביעקטיוו סײַ דאָס גוטע, סײַ דאָס נעגאַטיווע אינעם לעבן, ער פאַרשטייט ריכטיק און שאַצט עמעסדיק אָפּ די דאָזיקע דערשײַנונגען, ער טרעט אַרויס אַקטיוו פאַר פאַרפעסטיקן דאָס פּאָרגעשריטענע, דאָס איקערדיקע, דאָס, וואָס האָט אַן אַנטשיידנדיקע באַדײַטונג אין דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג.

נאָר אַזאַ איינער, וואָס קוקט אויף אונדזער ווירקלעכקייט פון די פּאָזיציעס פון אַ זײַטיקן באָאָב־אַכטער, קאָן ניט זען און אופשטעלן אַ וואָרהאַפטיק בילד פונעם לעבן. צום באַדויערן, טרעפט אַזוי, אַז אייניקע פאָרשטייער פון דער קונסט אורטיילן וועגן דער ווירקלעכקייט בלויז לויט די רייכעס פון די אָפּטריטן, זיי שילדערן מענטשן אין אַ בעקיוונדיק פאַרקריפּלטן אויסזען, זיי שמירן זייערע בילדער אין פינצטערע פאַרבן, וועלכע זײַנען פּייִק בלויז אַרײַנצוטרײַבן מענטשן אין אַ צושטאַנד פון יִיעש, אומעט און אויסוועגלאָזיקייט, זיי מאָלן די ווירקלעכקייט אין העסקעם מיט זייערע פּאָרויסגענומענע, פאַרקריפּלטע, סוביעקטיוויסטישע פּאָרשטעלונגען וועגן איר, לויט זייערע אויסגעטראַכטע מאָגערע סכעמעס.

דאָס פּאָריקע מאָל האָבן מיר געזען די עקלהאַפטע שמירערײַ פון ערנסט נעיִזוועסטני און מיר זײַנען געווען אופגעבראַכט דערפון, וואָס אָט דער מענטש, וועלכער פאַרמאָגט, ווײַזט אויס, געוויסע פייִקייטן און האָט פאַרענדיקט אַ סאָוועטישע הויכשול, צאָלט דעם פאָלק מיט אַזאַ פינצ־טערער אומדאַנקבאַרקייט. עס איז גוט, וואָס אַזעלכע קינסטלער זײַנען בײַ אונדז קיין סאַך ניט פאַראַן, נאָר, צום באַדויערן, איז ער דאָך ניט דער איינציקער צווישן די קונסט־טוער. איר האָט געזען אויך אַנדערע שאַפונגען פון די קינסטלער־אַבסטראַקציאָניסטן. מיר פאַרורטיילן און וועלן פאַרורטיילן אַזעלכע פאַרקריפּלונגען אָפן, מיט דער גאַנצער אומבעשאָלעמדיקייט.

כאַווירים! אונדזער פּאַרטיי האַלט, אַז די סאָוועטישע קינאָ־קונסט איז איינס פון די וויכטיק־סטע קינסטלערישע מיטלען פון קאָמוניסטישן דערציִען דאָס פאָלק. לויט דער קראַפט פון אופוויר־קונג אויף די געפילן און געדאַנקען פון די מענטשן, לויטן אַרומכאַפּן די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן קאָן קיין זאַך ניט פאַרגלײַכט ווערן מיט דער קינאָ־קונסט. קינאָ איז צוטריטלעך פאַר מענטשן פון אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט און, מע קאָן זאָגן, פאַר מענטשן פון יעטווידן עלטער, — פון שול־קינדער ביז זקיינים. זי דרינגט אַרײַן אין די ווײַטסטע ראַיאָנען און יִישווים.

אָט פאַרוואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי גייט צו מיט אַזאַ אופמערקזאַמקייט און שטרענגקייט צו די פראַגן פון דער אַנטוויקלונג פון דער קינאָ־קונסט.

מיר זעען און שאַצן הויך אָפּ די דערגרייכונגען אויפן געביט פון דער קינסטלערישער קינעמאַטאָגראַפיע. צוזאַמען דערמיט האַלטן מיר, אַז דאָס, וואָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן, אַנטשפּרעכט ניט אונדזערע אופגאַבן און יענע מעגלעכקייטן, וועלכע עס פאַרמאָגן אין זייער רע־שוס די טוער פון דער קינאָ־קונסט. מיר קאָנען ניט זײַן גלײַכגילטיק צו דער אידייִשער צילגע־ווענדטקייט פון דער קינאָ־קונסט און צו דער קינסטלערישער מײַסטערשאַפט פון די קינאָ־פיל־

מען, וועלכע ווערן ארויסגעלאָזט אַף די עקראַנען. אין דער הינזיכט איז אין געביט פון קינאָ ווײַט ניט אַלץ אַזוי קעשורע, ווי עס שטעלן זיך פאָר א סאַך קינאָ־טוער.

גרויס אומרו רופט ארויס דאָס, וואָס אין די קינאָ־טעאַטערס ווערט דעמאָנסטרירט א סאַך גאַנץ מיטלמעסיקע קינאָ־בילדער, אָרעמע לויטן אינהאַלט און שוואַכע לויט דער פאָרם. די צושויער זײַנען פון זיי אופגערעגט אָדער פאַלן ארײַן אין א צושטאַנד פון שלעפעריקײַט, אומעט און נאָגעניש.

אונדז האָט מען פאָרלויפיק באַוויזן די מאַטעריאַלן צום קינאָ־פילם מיטן פילזאָגנדיקן נאָמען „די איליטש־זאַסטאַווע". דאָס בילד ווערט געשטעלט דורכן רעזשיסער כ' מ. כוציעוו אין דער קינאָ־סטודיע אַף גאָרקיס נאָמען. קינסטלערישער אָנפירער איז דער באַקאַנטער קינאָ־רעזשיסער כ' ס. געראַסימאָוו. מע דאַרף זאָגן אָפן, אַז אין די דאָזיקע מאַטעריאַלן זײַנען פאַראַן רעגונגספולע ערטער. אין טאָך אָבער דינען זיי בלויז אַף צו פאַרשטעלן דעם עמעסן זין פונעם פילם, וועלכער באַ־שטייט אין דעם, וואָס ער באַשטעטיקט ניט אָנעמבאַרע, פרעמדע פאַר די סאָוועטישע מענטשן אידייען און נאָרמעס פונעם געזעלשאַפטלעכן און פערזענלעכן לעבן. דעריבער טרעטן מיר אַנט־שיידן ארויס קעגן אַזאַ טראַקטירונג פון א גרויסער און וויכטיקער טעמע.

וועגן דעם וואָלט מען געקאָנט ניט ריידן, ווײַל די אַרבעט איבער דעם פילם איז נאָך ניט פאַרענדיקט. נאָר אַף וויפל אין אונדזער פרעסע און אין אייניקע עפנטלעכע ארויסטרעטונגען פון ליטעראַטן און קינאָ־טוער לויבט מען אַף קאָלערליי אויפאַנים די „גרויסע מײַלעס" פון אָט דעם פילם, איז נייטיק ארויסצוזאָגן אויך אונדזער מיינונג.

דער נאָמען פונעם פילם „די איליטש־זאַסטאַווע" איז אַלעגאָריש. דאָס וואָרט גופע „זאַסטאַ־ווע" האָט פריִער באַטײַט א וואַך־אָטריאַד. און אויך איצט רופט מען אָן מיט דעם דאָזיקן וואָרט אונדזערע פאָרפּאָסטן אַף די גרענעצן פונעם לאַנד. מע דאַרף, אפאַנעם, האַלטן, אַז די הויפט־פערסאָנאַזשן פונעם פילם שטעלן מיט זיך טאַקע פאָר די פאָרגעשריטענע שיכטן פון דער סאָוועטישער יוגנט, וועלכע שטייען אײַזנפעסט אַף דער וואַך פון די דעראָבערונגען פון דער סאָציאַליס־טישער רעוואָליוציע, פון איליטשעס געבאָטן.

נאָר יעדער איינער, וואָס וועט זען אַזאַ פילם, וועט זאָגן, אַז דאָס איז א ליגן. אפילע די סאַמע פאָזיטיווע פערסאָנאַזשן פונעם פילם—די דרײַ אַרבעטער־יאַטן זײַנען ניט קיין פאַרקערפּערונג פון אונדזער גלענצנדיקער יוגנט. זיי זײַנען באַוויזן אַזוי. אַז זיי וויסן ניט, ווי אַזוי דאַרפן זיי לעבן און צו וואָס דאַרפן זיי שטרעבן. און דאָס איז אין אונדזער צײַט פון דער פאַנאַנדערגעוויקלטער בויונג פונעם קאָמוניזם, אין דער צײַט, וועלכע איז באַלויכטן מיט די אידייען פון דער פּראָגראַם פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי!

צי דען אַזאַ יוגנט בויט איצט צוזאַמען מיט אירע טאַטעס דעם קאָמוניזם אונטער דער אָנ־פירונג פון דער פאַרטיי? צי דען מיט אַזעלכע יונגע מענטשן קאָן אונדזער פאָלק פאַרבינדן זײַנע האָפענונגען אַף דער צוקונפט, גלייבן דעריין, אַז זיי וועלן ווערן די יאָרשים פון די גרויסע דעראָ־בערונגען פון די עלטערע דורות, וועלכע האָבן דורכגעפירט די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, אויסגעבויט דעם סאָציאַליזם, מיט געווער אין די הענט פאַרטיידיקט אים אין די גרויזאַמע געראַנ־גלען מיט די פאַשיסטישע האָרדעס, געשאַפן די מאַטעריעלע און גײַסטיקע פאַרהאַנאָכעס פאַר דער פאַנאַנדערגעוויקלטער בויונג פון דער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט?

ניין, אַף אַזעלכע מענטשן קאָן זיך די געזעלשאַפט ניט פאַרלאָזן — זיי זײַנען ניט קיין קעמפער, זיי זײַנען ניט אַזוינע, וואָס זאָלן קאָנען איבערגעשטאַלטן די וועלט. דאָס זײַנען מאָ־ראַליש שוואַכע, יונגערהייט אַלט געוואָרענע מענטשן, וועלכע פאַרמאָגן ניט קיין הויכע צילן און באַרופן אינעם לעבן.

אינעם בילד איז מערקבאַר די קאַוואָנע צו באַווײַזן אין א נעגאַטיוון פּלאַן און צעקריטיקירן די ליידיקגייער און האַלב־דעקלאַסירטע טיפּן, וועלכע טרעפן זיך נאָך צווישן אונדזער יוגנט און וועלכע האָבן קיינעם ניט ליב, האָבן צו קיינעם קיין אָפּשײַ ניט; צו די עלטערע באַציִען זיי זיך ניט נאָר מיט אומצוטרוי, — זיי האָבן זיי פײַנט. מיט אַלץ זײַנען זיי אומצופרידן, אַף אַלץ וואָרטשען זיי, אַלץ לאַכן זיי אויס און באַשפײַען, די טעג פאַרברענגען זיי אין ליידיקגייערײַ, די אָוונטן און נעכט — אַף הוליאַנקעס פון א צווייפלהאַפטן כאַראַקטער. אַזעלכע טיפּן ריידן מיט גײַווע און פאַראַכטונג וועגן אַרבעט. אַזאַ מין טויגעניכטס פרעסט ברויט און שפּאָט נאָך אָפּ פון יענע, וועמעס שווערע מי איז ארײַנגעלייגט אין דעם דאָזיקן ברויט.

די רעזשיסערן פונעם פילם האָבן ניט געקענט פאַרווירקלעכן זייער קאַוואָנע צו פאַרורטיילן די ליידיקגייער, די פוסט־און־פּאַסניקעס. זיי האָט ניט געקלעקט קיין בירגערלעכער מוט און צאָרן צו שטעמפּלען, צונאָגלען צום שאַנד־סלופּ אַזעלכע מיִעסע נעפּאַשעס און אָפּטריניקעס, זיי האָבן זיך באַנוגנט בלויז מיט דערלאַנגען א לײַכטן פּאַטש אין באַק דעם אויסוווּרף. נאָר אַזעלכע לײַט פון דער אונטערוועלט וועט מען מיט קיין פּאַטש ניט אויסבעסערן.

די שעפער פונעם בילד אָריענטירן דעם צושויער ניט אַף די געהעריקע שיכטן פון דער יוגנט. אונדזער סאָוועטישע יוגנט זעצט פאָר און פאַרמערט אין איר לעבן, אין איר אַרבעט און קאַמף די העראָיִשע טראַדיציעס פון די פריִערדיקע דורות, וועלכע האָבן דערוויזן זייער גרויסע איבערגעגעבנקייט צו די אידייען פונעם מאַרקסיזם־לעניניזם סײַ אין די יאָרן פון פרידלעכער בויִונג, סײַ אַף די פראָנטן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע. גוט איז אונדזער יוגנט באַוויזן אין א. פאַדייעווס ראָמאַן „די יונגע גוואַרדיע“. און עס איז זייער אַ שאָד, וואָס ס. געראַסימאָוו, וועלכער האָט געשטעלט אַ פילם לויט דעם דאָזיקן ראָמאַן, האָט ניט געראָטן זײַן שילער מ. כוציעוו, ער זאָל באַווײַזן אין זײַן בילד, וויִאַזוי אין אונדזער יוגנט לעבן און אַנטוויקלען זיך די גלענצנדיקע טראַדיציעס פון די יונג־גוואַרדייער.

איך האָב שוין נעכטן געזאָגט, אַז ערנסטע, פּרינציפּיִעלע דערווידערונגען רופט אַרויס דער עפּיזאָד, וווּ דער העלד פונעם פילם טרעפט זיך מיטן שאָטן פון זײַן פאָטער, וואָס איז אומגעקומען אַף דער מילכאָמע. אַף דעם זונס פראַגע, וויִאַזוי צו לעבן, פרעגט, פון זײַן זײַט, דער שאָטן פונעם פאָטער בײַ דעם זון — און וויפל ביסטו אַלט? און ווען דער זון ענטפערט, אַז אים איז דרײַ און צוואַנציק יאָר, זאָגט דער פאָטער — און מיר איז איין און צוואַנציק... און ווערט נעלעם. און איר ווילט, אַז מיר זאָלן גלייבן אין דער וואָרהאַפטיקייט פון אַזאַ עפּיזאָד? קיינער וועט ניט גלייבן! אַלע ווייסן, אַז אַפילע באַלעכײַים וואַרפן ניט אַוועק זייערע קינדער. ווען מע נעמט צו בײַ אַ צויג דאָס הינטל און מע שלײַדערט עס אַרײַן אין וואַסער, וואַרפט זי זיך גלײַך עס ראַטעווען, ריזיקירנדיק מיטן לעבן.

צי קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז דער טאַטע זאָל ניט ענטפערן אַף זײַן זונס פראַגע און ניט העלפן אים מיט אַן אייצע, וויִאַזוי צו געפינען אַ ריכטיקן וועג אין לעבן?

און געמאַכט געוואָרן איז עס ניט גלאַט אַזוי. דאָ ליגט אַ באַשטימטער זין. מע וויל אײַנריידן די קינדער, אַז זייערע טאַטעס קאָנען ניט זײַן קיין לערערס אין זייער לעבן און עס איז ניטאָ צוליב וואָס צו ווענדן זיך צו זיי נאָך אייצעס. לויט דער מיינונג פון די שעפער פון דעם פילם, דאַרף די יוגנט אַליין, אָן אייצעס און אָן הילף פון די עלטערע, באַשליסן, וויִאַזוי צו לעבן.

וואָס איז שײַעך צו ריידן, דאָ איז גאַנץ קלאָר אויסגעדריקט די פּאָזיציע פון די שעפער פונעם קינאָ־פילם. צי האָט איר אָבער ניט איבערגעכאַפּט די מאָס? וואָס ווילט איר — אויפשטעלן די יוגנט קעגן די עלטערע דורות, מאַכן אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך צעקריגן, איר ווילט צעוואַלגערן די פרײַנטלעכע סאָוועטישע מישפּאָכע, וועלכע פאַראייניקט סײַ די יונגע, סײַ די אַלטע אינעם געמיינזאַמען קאַמף פאַרן קאָמוניזם? מיר קאָנען מעלדן אַזעלכע מענטשן מיט דער גאַנצער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט — בײַ אײַך וועט זיך דערפון גאָרנישט ניט באַקומען! (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.)

אין אונדזער צײַט איז ניטאָ קיין פּראָבלעם פון טאַטעס און קינדער אין אַזאַ פאָרם, ווי זי האָט עקזיסטירט אין טורגענעווס צײַטן, ווײַל מיר לעבן אין אַ גאַנץ אַנדערער היסטאָרישער עפּאָכע, וועלכער עס זײַנען אויך אייגנטימלעך אַנדערע פאַרהעלטענישן צווישן מענטשן. אין דער סאָוועטישער סאָציִאַליסטישער געזעלשאַפט זײַנען ניטאָ קיין ווידערשפּרוכן צווישן די דורות, עס איז ניטאָ קיין פּראָבלעם פון „טאַטעס און קינדער“ אינעם אַלטן זין. די דאָזיקע פּראָבלעם האָבן אויסגעטראַכט די שעפער פונעם פילם און זי ווערט קינסטלעך צעבלאָזן ניט מיט די בעסטע קאַוואָנעס.

אָט אַזוי פאַרשטייען מיר די באַציִונגען צווישן מענטשן אין אונדזער געזעלשאַפט און מיר ווילן, אַז די דאָזיקע באַציִונגען זאָלן געפינען אַ וואָרהאַפטיקע אָפּשפּיגלונג אין די ווערק פון דער ליטעראַטור, אין די פּיעסן, קינאָ־פילמען, אין דער מוזיק, מאָלערײַ — אין אַלע פאָרמען פון דער קונסט. דער, וואָס פאַרשטייט דאָס נאָך ניט, זאָל זיך פאַרטראַכטן, און מיר וועלן אים העלפן צו פאַרנעמען אַ ריכטיקע פּאָזיציע.

זאָל זײַן דערלויבט צו פרעגן דעם רעזשיסער פונעם פילם כאַווער כוציעוו און זײַן שעף כאַווער געראַסימאָוו, וויִאַזוי האָט געקאָנט אויפקומען בײַ זיי די אידייע פון אַזאַ בילד?

די ערנסטע פעלערן פונעם פילם זײַנען קלאָר. דוכט זיך, אַז די קינאָ־טוער, וועלכע האָבן געזען דעם פילם, האָבן באַדאַרפט אָפנהאַרציק און דירעקט זאָגן דעם רעזשיסער וועגן דעם. נאָר פאָרגעקומען איז אַרום דעם פילם עפּעס אומגלויבלעכס. קיינער האָט נאָך דעם פילם ניט געזען, און עס האָט זיך שוין פאַנאַנדערגעוויקלט אַ ברייטע רעקלאַם־קאַמפּאַניע אין צווישנפעלקערלעכן מאַסשטאַב, ווי וועגן דער סאַמע באַטײַטפולסטער „אויסערגעוויינלעכער דערשײַנונג אין אונדזער קונסט“. צוליב וואָס איז עס נייטיק? מע טאָר אַזוי ניט טאָן, כאַווײרים, מע טאָר ניט!

# פאַרטייִישקייַט און פאָלקישקייַט — דער וויכטיקסטער פּרינציפּ פון אונדזער קונסט

די לעצטע יאָרן שענקען די טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט גרויס אויפמערקזאַמקייַט אין זייער שאַפונג יענעם פּעריאָד אינעם לעבן פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, וועלכער איז פאַרבונדן מיט סטאַלינס פּערזאָנען־קולט. דאָס אַלץ איז גאַנץ פאַרשטענדלעך און געזעצמעסיק. עס האָבן זיך באַוויזן ווערק, אין וועלכע עס ווערט עמעסדיק באַלויכטן פון פּאַרטייִשע פּאָזיציעס די סאָוועטישע ווירקלעכקייַט פון יענע יאָרן. מע וואָלט געקאָנט ברענגען אַלס בייַשפּיל א. טוואַר־דאָווסקיס פּאָעמע „ווייַט־נאָך־ווייַט", א. סאָלזשעניצינס דערציילונג „איין טאָג פון איוואַן דעניסאָוויטשן", יע. יעווטושענקאָס אייניקע לידער, דעם קינאָ־פילם פון ג. טשוכרייַ „דער ריינער הימל" און אַנדערע ווערק.

די פּאַרטיי האַלט אונטער די עכט וואָרהאַפטיקע קינסטלערישע ווערק, וואָס פאַר א נעגאַ־טיווע זייַטן פונעם לעבן זיי זאָלן ניט באַרירן, אויב זיי העלפן דעם פאָלק אין זייַן קאַמף פאַר דער נייַער געזעלשאַפט, אויב זיי באַהעפטן און פאַרשטאַרקן זייַנע קרעפטן.

אַלע ווייסן, ס'אַרא וויכטיקע ראָליע עס שפּילט די סאַטירע, באַזונדערס מעשאָלים. דער כאַוועדער מיכאַלקאָוו, לעמאָשל, טרעט אָפּט אַרויס אין דעם דאָזיקן זשאַנער. סאַטירע איז ווי א שאַרף גאָלמעסער; זי באַווייַזט דאָס ווילדפלייש באַם מענטשן און שנייַדט עס גלייַך אָפּ, ווי א גוטער כירורג. נאָר מיטן געווער פון סאַטירע דאַרף מען קענען גוט זיך באַנוצן, פּונקט ווי א כירורג באַנוצט זיך מיט זייַן מעסער, קעדיי אָפּשנייַדן דאָס שעדלעכע ווילדפלייש און ניט שעדיקן דעם אָרגאַניזם, ניט פאַרשאַפן אים קיין ראָע. דאָ איז נייטיק מייַסטערשאַפט. אויב דו האָסט ניט באַ־הערשט די דאָזיקע מייַסטערשאַפט, איז נעם זיך ניט דערצו, ווייַל דו וועסט אָנטאָן שאָדן אַנדערע און אַליין זיך די הענט צעשנייַדן. ריכטיק טוען די מאַמעס, וואָס גיבן ניט די קינדער קיין שאַרפע זאַכן, קאָלזמאַן זיי האָבן זיך ניט אויסגעלערנט צו באַנוצן מיט שאַרפע זאַכן. (אויפלעבונג אין זאַל, אַפּלאָדיסמענטן.)

באַ דעם אַלעם האַלטן מיר פאַר נייטיק צו ווענדן די אויפמערקזאַמקייַט פון אַלע שעפע־רישע טוער אָף אייניקע פעלערהאַפטע מאָטיוון און טענדענצן, וועלכע ווייַזן זיך אַרויס אין די ווערק פון באַזונדערע אווטאָרן. די ניט ריכטיקע טענדענצן באַשטייען דעריקער דערין, וואָס די גאַנצע אויפמערקזאַמקייַט ווערט איינזייַטיק קאָנצענטרירט אָף די פאַקטן פון אומגעזעצלעכקייַט, ווילקיר, מיסברויך מיט דער מאַכט.

געוויס, די יאָרן פונעם פּערזאָנען־קולט האָבן איבערגעלאָזט שווערע פאָלגן. אונדזער פּאַרטיי האָט געזאָגט דעם פאָלק דעם גאַנצן עמעס וועגן דעם. צוזאַמען דערמיט דאַרף מען האָבן אין זין און געדענקען, אַז יענע יאָרן זייַנען ניט געווען קיין פּעריאָד פון שטילשטאַנד אין דער אַנטוויקלונג פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, ווי דאָס שטעלן זיך פאָר אונדזערע אומפרייַנט. אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אונטער דער פאָן פון די אידייען און געבאָטן פונעם גרויסן לענין האָט אונדזער פאָלק דערפאָלגרייַך געבויט און אויסגעבויט דעם סאָציאַליזם. דער סאָוועטנפאַרבאַנד איז אַדאַנק די אָנשטרענגונגען פון דער פּאַרטיי און פונעם פאָלק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מעכטיקער סאָציאַליסטישער מעלוכע, וועלכע האָט אויסגע־האַלטן די שווערסטע מילכאָמע־אויספּרווון, האָט זיגרייַך פאַרענדיקט דאָס בייַשפּיללאָזע אין דער געשיכטע געפעכט און פולשטענדיק צעקלאַפּט די פאַשיסטישע כאַיאָלעס. (שטורמישע אַפּ־לאָדיסמענטן.)

דעריבער זאָגן מיר טאַקע, אַז ניט ריכטיק האַנדלען יענע שרייַבער, וועלכע שאַצן אָפּ ביז גאָר איינזייַטיק יענעם עטאַפּ אינעם לעבן פון אונדזער לאַנד, פּרווונדיק פאָרשטעלן שיִר ניט אַלע געשעענישן אין א פינצטערער שייַן און שילדערן זיי אין שוואַרצע פאַרבן. עס זייַנען נאָך ניט פאַרשווונדן יענע ליטעראַטן, וועלכע האַלטן פאַר בעסער צו שעפּן פאַר זיך מאַטעריאַלן פונעם מיסטקאַסטן און וועלכע ווילן אויסגעבן אַזעלכע ווערק אַלס א וואָרהאַפטיקע באַלויכטונג פונעם לעבן פון פאָלק. די אָנהענגער פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האַלטן, אַז אַלע ווערק, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן די דערגרייכונגען פון אונדזער פאָלק, וועגן די פּאָזיטיווע זייַטן אינעם לעבן, זייַנען „לאַקירונגס־ווערק". מיט אַזעלכע באַהויפּטונגען קאָן מען ניט מאַסקים זייַן. עס איז באַוווּסט, אַז צופּוצונגען זייַנען אין אייניקע ווערק געווען, און די פּאַרטיי האָט אַרויסגעזאָגט איר נעגאַטיווע באַציִונג צו דער דאָזיקער דערשייַנונג. נאָר ניט אַלץ איז דאָך אין יענעם פּעריאָד גע־ווען שלעכט, דאָס פאָלק האָט אויך אין יענעם פּעריאָד פון דער בויונג פון סאָציאַליזם אַרויס־געוויזן העראָיִזם, און דעריבער טאָר מען ניט פאַרשמירן אַלץ מיט דזעגעכץ.

מע דאַרף געבן אווידערשטאַנד די ליבהאָבער אָנצוקלעפּן אַן עטיקעטקע „לאַקיראָווטשיק" אָף יענע שרייַבער און קונסט־טוער, וועלכע שרייַבן וועגן דעם פּאָזיטיוון אין אונדזער לעבן.

און ווי זאָל מען, אויב אזוי, אָנרופן יענע, וועלכע זוכן אויס אינעם לעבן נאָר דאָס שלעכטע, מאָלן אַלץ אין פינצטערע פארבן? ווײַזט אויס, אז מע דארף זיי רופן דזעגעכץ־שמירער. דאָס גוטע אינעם לעבן דארף ווירדיק אָפגעשפיגלט ווערן אין דער ליטעראטור און קונסט.

ס'איז נייטיק, אז די טוער פון דער ליטעראטור און קונסט זאָלן טיפער דערלערנען די דער־שײַנונגען פונעם לעבן און ריכטיקער באלײַכטן זיי אין זייערע ווערק. יעדער איינער דארף דינען דעם פאָלק, אונדזער אלגעמיינער זאך מיט זײַן געווער. איך האָב אין זינען יעדן שרײַבער, סקולפּטאָר, קאָמפּאָזיטאָר, טוער פון קינאָ און טעאטער. און דאָס געווער פון יעדן מין קונסט דארף געריכטעט ווערן צום נוצן פון אונדזער פאָלק, קעדיי צו טרעפן אין די סאָנים און דורכלייגן א וועג צו דער ליכטיקער צוקונפט — צו דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט.

מיר דארפן שטענדיק געדענקען וועגן דעם. מע דארף ניט קיין קלינגענדיקע פראזעס. וועגן יעדן שעפערישן טוער אורטיילט דאָס פאָלק לויט דעם, וואָס ער האָט געשאַפן. אָט אייניקע פּאָ־רורטיילן אלע די, וועלכע האָבן אין יענער צײַט געשריבן ווערק, זעענדיק אויך די פּאָזיטיווע זײַטן פון אונדזער לעבן. מע דארף ניט סטאם טאדלען אלץ, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יענער צײַט. מע וועט זאָגן, אז דאָס איז אן אָפּגאנג פון XX און XXII צוזאמענפאָרן. ניין, דאָס איז א באשטעטיקונג פונעם קורס פון XX און XXII צוזאמענפאָרן! (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן.)

ווען דו לייענסט אי. ג. ערענבורגס מעמוארן, ציט צו דײַן אויפמערקזאמקײַט דאָס, וואָס ער מאָלט אלץ אין פינצטערע טענער. גופא דער כ' ערענבורג איז אינעם פעריאָד פונעם פּערזאָנען־קולט ניט אויסגעשטאנען קיין רעפּרעסיעס אָדער באגרענעצונגען. גאנץ אנדערש איז געווען דער גורל, לעמאָשל, פון אזא שרײַבער, ווי גאלינא סערעבריאקאָווא, וועלכע איז א סאך יאָרן געווען ארעסטירט. נאָר ניט געקוקט דערויף, האָט זי פארהיט די מונטערקײַט, די טרײַהײַט צו דער פּארטיי און האָט גלײַך נאָך דער רעאביליטאציע זיך אײַנגעשלאָסן אינעם שעפערישן לעבן, גענומען זיך פאר איר געווער און שאפט ווערק, וועלכע זײַנען נייטיק דעם פאָלק און דער פּאר־טיי. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן.)

אין לאנד זײַנען געשאפן געוואָרן מעכטיקע פּראָדוקטיוו־קרעפטן, עס איז פארווירקלעכט געוואָרן די קולטור־רעוואָלוציע. די אויסגעצייכנטע פרוכט פון די דאָזיקע גראנדיעזע ניצחונעס פונעם סאָוועטישן פאָלק זעט הײַנט די גאנצע וועלט אינעם מעכטיקן גאנג פון אונדזער לאנד אפן וועג צום קאָמוניזם, אין די גרויסע אנטדעקונגען פון דער וויסנשאפט און טעכניק, אינעם דעראָ־בערן דעם קאָסמאָס. אונדזערע הײַנטיקע ניצחונעס קאָן מען ניט באטראכטן אָפּגעריסן פון די דערגרייכונגען פון דער עקאָנאָמיק און קולטור פון יענע יאָרן.

איצט שטעלט מען אָפט די פראגע, פארוואָס זײַנען בײַס סטאלינס לעבן ניט אויפגעדעקט און אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס ברעכן די געזעצלעכקײַט און דאָס מיסברויכן מיט דער מאכט און צי וואָלט מען דאָס דעמלט געקאָנט טאָן? אין די פּארטיי־דאָקומענטן איז אונדזער שטאנד־פונקט וועגן דער דאָזיקער פראגע באלויכטן געוואָרן ניט איין מאָל מיט דער גאנצער פולקײַט און געגנוגנדיקער קלאָרקײַט. צום באדויערן, זײַנען נאָך פאראן אזעלכע מענטשן, דערונטער אויך צווישן די קונסט־טוער, וועלכע פּרווון זיך באלײַכטן די געשעענישן אין א פארקריפּלטער פאָרם. דעריבער קומט אונדז אויס אויך הײַנט נאָכאמאָל באַרירן די פראגע וועגן סטאלינס פּערזאָ־נען־קולט.

עס פרעגט זיך, צי האָבן דעמלט געוווּסט די אָנפירנדיקע קאדרען פון דער פּארטיי, לאָמיר זאָגן, וועגן די ארעסטן פון מענטשן? יאָ, זיי האָבן געוווּסט. צי האָבן זיי אָבער געוווּסט, אז מע האָט ארעסטירט לאַכלוטן אומשולדיקע מענטשן? ניין. דאָס האָבן זיי ניט געוווּסט. זיי האָבן גע־גלייבט סטאלינען און האָבן ניט דערלאָזט דעם געדאנק, אז עס קאָנען אָנגעווענדט ווערן רע־פּרעסיעס קעגן ערלעכע מענטשן, וועלכע זײַנען איבערגעגעבן אונדזער זאך.

די סאָוועטישע געזעלשאפט האָט פון די ערשטע טעג פון דער אָקטיאבער־רעוואָלוציע און ביז דער ענדגילטיקער ליקווידאציע פון די עקספּלואטאטאָרישע קלאסן אינווייניק אין לאנד גע־פונען זיך אין אן אומגעבונג פון שארפסטן קלאסנקאמף. די קלאסן־פײַנט זײַנען צעקלאפּט גע־וואָרן אין דער אָפענער שלאכט פונעם בירגערקריג, נאָר פיזיש זײַנען זיי ניט ליקווידירט געוואָרן און האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זייערע בייזוויליקע פּלענער צו שעדיקן דער סאָוועטישער אָר־דענונג. זיי האָבן געענדערט די פאָרמען פונעם קאמף, זיי האָבן אָנגעהויבן באנוצן אזעלכע מע־טאָדן, ווי סאבאָטאזש, שעדיקערײַ, געהיימע מאָרדן, טעראָריסטישע אקטן, בונטן.

צי האָט די רעוואָלוציע באדארפט פארטיידיקן אירע דעראָבערונגען? יאָ, זי האָט דאָס באדארפט טאָן און זי האָט דאָס געטאָן מיט דער גאנצער אנטשיידנקײַט פון די ערשטע טעג אָן. עס איז באוווּסט, אז אין די ערשטע כאדאָשים פון דער סאָוועטנמאכט איז לויט וולאדימיר איליטש לענינס דעקרעט געשאפן געוואָרן אזא גרויזאמער פאר די פײַנט פון דער רעוואָלוציע אָרגאן פון דער פּראָלעטארישער דיקטאטור, ווי די וו. טש. ק. צוליב קאמף קעגן דער קאָנטררעוואָלוציע.

ווען עס זײַנען אויפגעדעקט געוואָרן פאַרשווערונגען קעגן דער רעוואָליוציע, האָט סטאַלין, אַלס סעקרעטאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, געפירט א קאַמף פאַר אַפּרייניקן דאָס לאַנד פון די פאַר־שווערער און האָט עס דורכגעפירט אונטערן לאָזונג פון קאַמף קעגן די פײַנט פונעם פאָלק. מע האָט דעריבער אים געטרויט און אים אונטערגעהאַלטן. אַנדערש האָט עס גאָר ניט געקאָנט זײַן. אין דער פאַרגאַנגענהײַט זײַנען דאָך ניט איין מאָל געווען אין דער געשיכטע פון אונדזער פּאַרטיי פאַלן פון פאַראַטן די זאַך פון דער רעוואָליוציע, לעמאָשל, די פּראָוואָקאַטאָרישקײַט פונעם מיט־גליד פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע אין דער מעלוכע־דומע — מאַלינאָווסקי.

בעראָש פונעם קאַמף פון דער פּאַרטיי קעגן די פײַנט פון דער רעוואָליוציע און פון דער סאָציאַליסטישער בויונג איז דעמלט געשטאַנען סטאַלין. דאָס האָט פאַרשטאַרקט זײַן אויטאָרי־טעט. אַלעמען איז געווען אויך באַוווּסט סטאַלינס בײַטראָג אינעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף ביז און בעשאַס דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון דער סאָציאַליסטי־שער בויונג. סטאַלינס אויטאָריטעט איז באַזונדערס אויסגעוואַקסן אינעם פּעריאָד פון קאַמף קעגן די אַנטילעניניסטישע שטראָמונגען און אָפּאָזיציאָנעלע גרופּירונגען אינווייניק אין דער פּאַרטיי, אינעם פּעריאָד פון קאַמף פאַר פאַרפעסטיקן די רייען פון דער פּאַרטיי און פון דער סאָוועטן־מאַכט, קעגן אַזעלכע פײַנטלעכע דעם לעניניזם שיטעס און אָפּאָזיציאָנעלע גרופּעס אינווייניק אין דער פּאַרטיי, ווי די טראָצקיסטן, זינאָוויעווצעס, רעכטע אָפּאָרטוניסטן און בורזשואַזע נאַציאָ־נאַליסטן.

נאָך וו. אי. לענינס טויט האָט די פּאַרטיי דורכגעפירט א דיסקוסיע מיט די טראָצקיסטן און זינאָוויעווצעס וועגן די גרונט־פראַגן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג און פון דער אינער־לעך־פּאַרטייישער לאַגע. אין דער דאָזיקער דיסקוסיע זײַנען אויפגעדעקט און דעמאַסקירט גע־וואָרן די אַנטילעניניסטישע, פײַנטלעכע צום סאָציאַליזם אָנשויונגען און האַנדלונגען פון טראָצקין, זינאָוויעוון און פון זייערע נאָכטענצער, — אָנשויונגען און האַנדלונגען, וועלכע האָבן געהאַט דעם ציל אַרונטערצורײַסן דעם לענינישן קורס אין דער בויונג פונעם סאָציאַליזם בא אונדז אין לאַנד אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג.

באַלד נאָך די טראָצקיסטן זײַנען קעגן דעם לענינישן קורס פון דער פּאַרטיי אַפן וועג פון דער אינדוסטריאַליזאַציע פונעם לאַנד און קאָלעקטיוויזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט אַרויס־געטראָטן די רעכטע אָפּאָרטוניסטן בעראָש מיט בוכאַרינען, ריקאָוון און טאָמסקין, וועמעס אָנ־שויונגען, ווען זיי וואָלטן פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן, וואָלטן אומפאַרמײַדלעך געבראַכט דערצו, אַז די עקאָנאָמיק פון אונדזער לאַנד וואָלט געוואָרן אָפּהענגיק פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און דאָס וואָלט געקאָנט דערפירן צו דער רעסטאַוראַציע פונעם קאַפּיטאַליזם בא אונדז אין לאַנד. די ליניע פון די רעכטע אָפּאָרטוניסטן האָט געפירט דערצו, אַז אונדזער לאַנד וואָלט זיך אַרויסגעוויזן אומבאַוואָפנט אין מיליטערישער הינזיכט אין די באַדינגונגען, ווען מיר זײַנען געשטאַנען פאַר א פאַקט פון א פײַנטלעכער צו אונדז אַגרעסיווער קאַפּיטאַליסטישער אַרומ־רינגלונג.

דער קורס פון אונדזער פּאַרטיי אַף אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד און קאָלעקטיוויזירן די לאַנדווירטשאַפט איז געווען א לענינישער קורס, אים האָט אונטערגעהאַלטן די גאַנצע פּאַרטיי, אַלע אַרבעטנדיקע פונעם לאַנד. מיר האָבן פאַר צען יאָר באַדאַרפט דורכגיין אין דער עקאָנאָ־מישער אַנטוויקלונג אַזא היסטאָרישן וועג, וועלכן מײַרעוו־אייראָפּע האָט דורכגעמאַכט פאַר הונ־דערט יאָר. אינעם קאַמף קעגן די טראָצקיסטן, זינאָוויעווצעס, בוכאַרינצעס און בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן האָט סטאַלין אין די ערשטע יאָרן נאָך וו. אי. לענינס טויט פאַרטיידיקט די לעני־נישע פּאָזיציעס און האָט אָפּגעשפּילט אין דעם א באַדײַטנדיקע ראָליע. דעריבער האָבן די פּאַרטיי און די מאַסן געגלייבט אים, אונטערגעהאַלטן אים.

נאָר סטאַלינען זײַנען געווען אייגנטימלעך גרויסע כעסרוינעס און פעלערן, אַף וועלכע וולאַדימיר איליטש לענין האָט בעשײַטע געוואָרנט די אויפמערקזאַמקײַט פון דער פּאַרטיי.

דער גרויסער לענין האָט אָנגעוויזן אַף דער געפאַר, אַז, האָבנדיק קאָנצענטרירט אין זײַנע הענט א גרויסע מאַכט, וועט סטאַלין ניט קענען ריכטיק באַנוצן זיך מיט איר מאַכמעס זײַנע גרויסע פּערזענלעכע כעסרוינעס. אייצענדיק צו פאַרבײַטן סטאַלינען אַפן פּאָסטן פון גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, האָט וולאַדימיר איליטש אין דער זעל־בער צײַט געהאַלטן, אַז אַף דעם דאָזיקן פּאָסטן דאַרף מען אוועקשטעלן אַזא טוער, „וואָס זאָל אין אַלע אַנדערע הינזיכטן אונטערשיידן זיך פונעם כ׳ סטאַלין בלויז מיט איין איבערוואָג, נעמ־לעך דערמיט, וואָס ער פאַרמאָגט מער טאָלעראַנץ, איז לאָיאַלער, איידעלער און אויפמערקזאַמער צו כאַווירים, איז ווייניקער קאַפּריז אאַוו.״.

וולאַדימיר איליטש לענין האָט געהאַלטן סטאַלינען פאַר א מאַרקסיסט, פאַר אַן אָנגעזעענעם טוער פון אונדזער פּאַרטיי, אַן איבערגעגעבענעם דער רעוואָליוציע. זײַנע געדאַנקען האָט

וו. אי. לענין אַרויסגעזאָגט אין אַ בריוו צום אָרדנטלעכן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. דער בריוו איז באַ־
טראַכט געוואָרן דורך די דעלעגאַציעס פונעם XIII פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. לייזנדיק די דאָזיקע
פראַגע, איז די פּאַרטיי דעמלט אַרויסגעגאַנגען פון דער רעאַלער קויכעס־פאַרהעלטעניש אינווייַ־
ניק אין צק און, נעמענדיק אין אַכט סטאַלינס פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן, אַלס אַ טוער, האָט די
פּאַרטיי מיט גלויבן זיך באַצויגן צו סטאַלינס צוזאָגן, אַז ער וועט זייַן אימשטאַנד בייַצוקומען
די כעסרוינעס, אויף וועלכע עס האָט אָנגעוויזן וולאַדימיר איליטש. סטאַלין האָט דערנאָך געבראָכן
זייַן וואָרט און האָט מיסברויכט מיטן צוטרוי פון דער פּאַרטיי, און דאָס האָט געבראַכט צו די
שווערע פאָלגן, וועלכע האָבן באַקומען אַ פאַרשפּרייטונג אינעם פּעריאָד פונעם פּערזאָנען־קולט.

די פּאַרטיי האָט מיט דער גאַנצער אומבעשאָלעמדיקייַט פאַרורטיילט און זי פאַרורטיילט
אויך ווייַטער דאָס, וואָס סטאַלין האָט גראָב געבראָכן די לענינישע נאָרמעס פונעם פּאַרטיי־
לעבן, זי פאַרורטיילט זייַן ווילקיר און מיסברויכן מיט דער מאַכט, וועלכע האָבן געבראַכט אָן
ערנסטן שאָדן דער זאַך פונעם קאָמוניזם. און באַ דעם אַלעם שאַצט אויף די פּאַרטיי סטאַלינס
פאַרדינסטן פאַר דער פּאַרטיי און פאַר דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. מיר האַלטן אויך איצט,
אַז סטאַלין איז געווען איבערגעגעבן דעם קאָמוניזם, ער איז געווען אַ מאַרקסיסט, דאָס טאָר
מען ניט און מע דאַרף ניט אָפּלייקענען. זייַן שולד באַשטייט דערין, וואָס ער איז באַגאַנגען גראָ־
בע פעלערן פון טעאָרעטישן און פּאָליטישן כאַראַקטער, ער האָט געבראָכן די לענינישע פּרינ־
ציפּן פון מעלוכישער און פּאַרטייִשער אָנפירונג, ער האָט מיסברויכט מיט דער מאַכט, וועלכע
די פּאַרטיי און דאָס פאָלק האָבן אים אָנפאַרטרויט.

ווען מע האָט סטאַלינען געבראַכט צו קווורע, זייַנען באַ אַ סאַך מענטשן, דערונטער אויך
באַ מיר, געשטאַנען טרערן אין די אויגן. דאָס זייַנען געווען אופריכטיקע טרערן. כאָטש מיר
האָבן געוווּסט וועגן אייניקע סטאַלינס פּערזענלעכע כעסרוינעס, נאָר מיר האָבן אים געטרויט.

קעדיי האָבן אַ מער קלאָרע פאָרשטעלונג, ווי גרויס עס איז געווען דער גלויבן אין סטאַ־
לינען און זייַן אווטאָריטעט, וועל איך ברענגען אַזאַ בייַשפּיל. אַ סאַך געדענקען דעם כאַווער
יאַקיר. דאָס איז געווען אַ גרויסער מיליטער־מאַן און אַ קרישטאָל־ריינער באָלשעוויק, ער איז
טראַגיש און אָן קיין שום שולד אומגעקומען אין יענע יאָרן. אַ פאַרורטיילטער צום טויט, האָט
ער געגלייבט, אַז סטאַלין האָט דערצו קיין שייַכעס ניט, און פאַרן דערשיסן אים האָט ער אויס־
געשריִען: „זאָל לעבן סטאַלין!“ אויף די פאַרהערן האָט דער כאַווער יאַקיר געמאָלדן די אויספאָר־
שער, אַז דער אַרעסט און די באַשולדיקונג קעגן אים איז אַ פּראָוואָקאַציע, אַז מע האָט אַריינ־
געפירט די פּאַרטיי און סטאַלינען אין אַ טאָעס, זיי וועלן זיך פאַנאַנדערקלייַבן אין דעם אַלעם,
זיך פאַנאַנדערקלייַבן דערין, אַז אַזעלכע מענטשן, ווי ער, קומען אום אין רעזולטאַט פון פּראָ־
וואָקאַציעס. און אַזוי האָט געטראַכט ניט בלויז דער כאַווער יאַקיר, אַזוי האָבן געטראַכט אויך אַ
סאַך אַנדערע, אומשולדיק געליטענע אָנגעזעענע טוער פון דער פּאַרטיי און פון דער מעלוכע.

סטאַלין איז אין די לעצטע יאָרן פון זייַן לעבן געווען אַ שטאַרק קראַנקער מענטש, וואָס
האָט געליטן פון כשאָדים, פון פאַרפאָלגונגס־מאַניע. די פּאַרטיי האָט ברייט דערציילט דעם פאָלק
וועגן דעם, וויאַזוי סטאַלין האָט געשאַפן אַזעלכע „איניאָנים“, ווי דער „לענינגראַדער איניען“,
דער „איניען פון די דאָקטוירים“ און אַנדערע. נאָר אַזעלכע „איניאָנים“, כאַווייִרים, וואָלטן דאָך
געווען אַ סאַך מער, ווען אַלע, ווער עס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט סטאַלינען אין יענעם פּע־
ריאָד, וואָלטן אין אַלץ מאַסקים געווען מיט אים. איך האָב איינמאָל אין מייַנער אָן אַרויסטרעטונג
דערציילט וועגן דעם, ווי סטאַלין האָט בעדייע געהאַט צו צעבלאָזן דעם אַזויגערופענעם איניען
„וועגן דעם מאָסקווער קאָנטררעוואָליוציאָנערן צענטער“. נאָר, ווי באַוווּסט, האָט מען אים ניט
גענומען נאָכבאָמקען, און די קאַדרען פון דער מאָסקווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָבן ניט געליטן
פון נייַע מאַסן־רעפּרעסיעס.

עס איז אויך באַוווּסט, אַז סטאַלין האָט געהאַט בעדייע אויסצוראָטן אַ באַדייַטנדיקן טייל
פון דער שעפערישער אינטעליגענץ פון סאָוועטן־אוקראַיִנע. אַפּאָנעם, אונטערגעהעצט פון
בעריאַן און קאַהאַנאָוויטשן, האָט ער כוישעד געווען, אַז אין דער נאָכמילכאָמעדיקער סאָוועטן־
אוקראַיִנע רייַפן צווישן דער שעפערישער אינטעליגענץ עפּעס נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן,
שטימונגען, און ער האָט גענומען אונטערשטויסן די געשעענישן אין אַזאַ ריכטונג, אַז מע זאָל
זיך צערעכענען מיט די אָנגעזעענסטע שרייַבער און קונסט־טוער פון אוקראַיִנע. ווען די אוקראַיִ־
נישע באָלשעוויקעס וואָלטן זיך דעמלט אונטערגעגעבן סטאַלינס שטימונגען, וואָלט, מיסטאָמע,
די אוקראַיִנישע אינטעליגענץ געליטן גרויסע פאַרלוסטן און עס וואָלט, ווייַזט אויס, געשאַפן
געוואָרן אַן „איניען“ וועגן די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן.

ווייסנדיק סטאַלינס קרענקלעכע פאַרדאַכטן, פלעגן די אויסשפּירונגען פון די אימפּעריאַליס־
טישע לענדער „אונטערוואַרפן“ אַזעלכע איניאָנים און אַזעלכע „דאָקומענטן“, וועלכע האָבן אויס־
געזען גאַנץ וואָרהאַפטיק און האָבן געשאַפן די פולע זיכערקייַט, אַז באַ אונדז אין לאַנד זייַנען

קעגן דער סאָוועטנמאַכט, קעגן דער סאָוועטן־מעלוכע געווען טעטיק גרופּעס מיליטערישע ספּעצן, עס האָבן זיך געשפּינט פאַרשווערונגען מיצאַד פאַרשיידענע פאַרברעכערישע גרופּירונגען.

די ליבהאָבער פון דער מעמואַרן־ליטעראַטור באַשרײַבן אָפטלעך, ווי זיי וואָלטן געקוקט פון דער אויסלענדישער ווײַטקײַט, די געשעענישן פון יענער צײַט, דערבײַ באַשרײַבן זיי אַזעלכע געשעענישן, וועלכע זײַנען ווירקלעך געווען ווײַט פון זיי סײַ לויטן טאָך, סײַ לויט די פאָלגן, וואָס זײַנען אַרויסגערופן געוואָרן דורך די דאָזיקע געשעענישן.

עס זײַנען אָבער פאַראַן בײַ אונדז אַזעלכע כאַווײרים און זייער באַוווּסטע שרײַבער, קונסט־טוער, וועלכע האָבן, קאָן מען זאָגן, אויף זיך זעלבסט אויסגעפּרוּווט די מײַסים פונעם סטאַלינישן ווילקיר און האָבן אַפילע אין יענע אויסשליסלעך שווערע צײַטן ניט שאַלעם געמאַכט מיט אַזעלכע דערשײַנונגען, האָבן פּראָטעסטירט און געווענדט זיך דירעקט צו סטאַלינען מיט אָפנהאַרציקע מעלדונגען.

אונדזער כאַשעווער מיכאַיִל אַלעקסאַנדראָוויטש שאָלאָכאָוו האָט אין פרילינג 1933 אויפגע־הויבן זײַן שטים פון פּראָטעסט קעגן דעם ווילקיר, וואָס האָט אין יענער צײַט געהערשט אַפן דאָן. ניט לאַנג צוריק האָט מען אין די אַרכיוון געפונען מיכאַיִל אַלעקסאַנדראָוויטשעס צוויי בריוו צו סטאַלינען און סטאַלינס ענטפערס אויף די דאָזיקע בריוו. עס איז אוממעגלעך אָן רעגונג צו לייענען שאָלאָכאָווס עמעסדיקע, מיט בלוט פונעם האַרצן אָנגעשריבענע ווערטער וועגן די שוידערלעכע האַנדלונגען פון מענטשן, וועלכע זײַנען באַגאַנגען זייערע פאַרברעכערישע מײַסים אין ווערשענסקאַיאַ און אין אַנדערע ראַיאָנען פונעם דאָן.

מיכאַיִל אַלעקסאַנדראָוויטש האָט געשריבן סטאַלינען אין זײַן בריוו פון 16 אַפּרעל 1933:

„די דאָזיקע בײַשפּילן קאָן מען ברענגען אָן אַ סאָף. דאָס זײַנען ניט קיין באַזונדערע פאַלן פון אָן איבערבייג, דאָס איז אַ פאַרגעזעצלעכטער אין ראַיאָנעם מאַסשטאַב „מעטאָד" פון דורכפירן די ברויט־פאַרגרייטונגען. וועגן די דאָזיקע פאַקטן האָב איך געהערט אָדער פון קאָמוניסטן, אָדער פון די קאָלווירטניקעס גופע, וועלכע האָבן איבערגעליטן אָט די אַלע „מעטאָדן" אויף זיך אַליין און זײַנען נאָכדעם געקומען צו מיר מיט ביטעס, איך זאָל „באַשרײַבן דאָס אין בלאַט".

צי געדענקט איר, יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש, קאָראָלענקאָס פאַרצייכענונג „אינעם באַרויקטן דאָרף"? אָט אַזאַ מין „נעלעם ווערן" איז אָפּגעטאָן געוואָרן ניט מיט דרײַ פּויערים, וועלכע מע האָט כוישעד געווען, אַז זיי האָבן באַגאַנוועט דעם באַלעגוף, נאָר מיט צענדליקער טויזנטער קאָל־ווירטניקעס. דערבײַ זײַנען, ווי איר זעט, אָנגעווענדט געוואָרן רײַכערע טעכנישע מיטלען און גרעסערע דערפינדערישקײַט".

שאָלאָכאָוו האָט ווײַטער געבעטן סטאַלינען, ער זאָל צוקוקן זיך, וואָס עס קומט פאָר אין די ראַיאָנען. „אויספאָרשן דאַרף מען ניט בלויז די איניאָנים פון יענע, וועלכע האָבן זיך איז־דיעקעוועט איבער די קאָלווירטניקעס און איבער דער סאָוועטנמאַכט, נאָר אויך די איניאָנים פון יענע, וועמעס האַנט עס האָט מיט זיי דיריזשירט".

„אויב דאָס אַלץ, וואָס איך האָב באַשריבן, פאַרדינט די אויפמערקזאַמקײַט פונעם צק, — שיקט אין ווערשענסקער ראַיאָן עמעסע קאָמוניסטן, בײַ וועמען עס וועט קלעקן דרייסטקײַט צו דעמאַסקירן, ניט לייגנדיק קיין אַכט אויף פּערזאָנען, יענע אַלע, וואָס איבער זייער שולד איז שטערבלעך אונטערגעריסן געוואָרן די קאָלווירטישע ווירטשאַפט פונעם ראַיאָן, זיי זאָלן ווי עס באַדאַרף צו זײַן אויספאָרשן און אויפדעקן ניט בלויז אַלע די, ווער עס האָט אָנגעווענדט צו די קאָלווירטניקעס עקלהאַפטע „מעטאָדן" פון פּײַניקן, שלאָגן און איזדיעקעוועון זיך, נאָר אויך יענע, וועלכע האָבן זיי באַגײַסטערט דערצו".

מע וואָלט געקאָנט ברענגען אויך אַנדערע אויסצוגן פון כ' שאָלאָכאָווס בריוו, פון דעם דירעקטן, אָפנהאַרציקן און דרייסטן בריוו, וועלכער איז, אַגעוו, נישט אָפּגעדרוקט ניט אין זײַנע ווערק, ניט אין זײַנע דערינערונגען.

איך וויל אָבער אָפּשטעלן זיך אויף אַן אַנדער זאַך — וואָס זשע האָט סטאַלין געענטפערט אויף די בריוו פונעם שרײַבער שאָלאָכאָוו? ער האָט אָנגעשריבן מיכאַיִל אַלעקסאַנדראָוויטשן וועגן דעם, אַז „אײַערע בריוו מאַכן אַ ביסל אַן איינזײַטיקן אײַנדרוק". אין סטאַלינס בריוו ווערט געזאָגט:

„איך האָב אײַך באַדאַנקט פאַר די בריוו, אויף וויפל זיי דעקן אויף אַ קראַנק אָרט פון אונדזער פּאַרטייִש־סאָוועט. אַרבעט, זיי דעקן אויף, וויאַזוי אונדזערע טוער, וועלנדיק צוימען דעם סוינע, קלאַפּן צומאָל אומגערן איבער די פרײַנט און דערקײַקלען זיך ביז סאַדיזם. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז איך בין אין אַלץ מאַסקים מיט אײַך. איר זעט איין זײַט, איר זעט ניט שלעכט. דאָס איז אָבער נאָר איין זײַט פון דער זאַך. קעדיי קיין טאָעס ניט האָבן אין פּאָליטיק (אײַערע בריוו זײַנען ניט קיין בעלעטריסטיק, נאָר דורכויסיקע פּאָליטיק), דאַרף מען אַרומקוקן, דאַרף מען קע־

נען זען אויך די צווייטע זײַט. און די צווייטע זײַט באשטייט דערין, וואָס די כאַשעווע ערדאַר־
בעטער פון אײַער ראַיאָן (און ניט בלויז פון אײַער ראַיאָן) האָבן דורכגעפירט אַן „איטאַליאַנקע״
(סאַבאָטאַזש!) און האָבן ניט געהאַט קעגן, אַז מע זאָל איבערלאָזן די אַרבעטער, די רויטע אַרמיי
אָן ברויט! דער פאַקט, וואָס דער סאַבאָטאַזש איז געווען אַ שטילער און אויסערלעך אָן אומשול־
דיקער (אָן בלוט), — דער דאָזיקער פאַקט ענדערט ניט דעם אומשטאַנד, וואָס די כאַשעווע ערד־
אַרבעטער האָבן אין טאָך געפירט אַ „שטילע״ מילכאָמע מיט דער סאָוועטנמאַכט. אַ מילכאָמע אַף
אויסמאַטערן, טײַערער כ' שאָלאָכאָוו...

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער אומשטאַנד קאָן אין קיין שום פאַל ניט באַרעכטיקן יענע
סקאַנדאַליעזע מײַסים, וועלכע עס האָבן, ווי איר פאַרזיכערט, דערלאָזט אונדזערע טוער, —
האָט סטאַלין ווײַטער געשריבן. — און די שולדיקע אין די דאָזיקע סקאַנדאַליעזע מײַסים דאַרפֿן
באַקומען די געהעריקע שטראָף. פונדעסטוועגן איז קלאָר, ווי דער טאָג, אַז די כאַשעווע ערדאַר־
בעטער זײַנען גאָרניט אַזעלכע אומשולדיקע מענטשן, ווי דאָס וואָלט זיך געקאָנט אויסדוכטן
פון ווײַטן״.

אָט זעט איר, לאָזט זיך אויס, אַז דער שרײַבער מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש שאָלאָכאָוו,
וואָס האָט סיגנאַליזירט סטאַלינען וועגן הימלשרײַענדיקע אומגעזעצלעכקײַטן, האָט געזען די
געשעענישן, „ווי דאָס וואָלט זיך געקאָנט אויסדוכטן פון ווײַטן״. און דאָס ווערט געזאָגט צו אַ
שרײַבער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער גערדיכטעניש פונעם פאָלק און האָט געשאַפן דאָס
בעסטע, וואָרהאַפטיקע פאַרטייִשע בוך וועגן קאָלעקטיוויזאַציע — „אופגעאַקערטע רויערד״.
(דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

ווי אַן עכטער שרײַבער אַ באָלשעוויק, האָט מ. שאָלאָכאָוו ניט שאָלעם געמאַכט מיט דער
הימלשרײַענדיקער אומגערעכטיקײַט, ער האָט אופגעהויבן זײַן שטים קעגן די אומגעזעצלעכ־
קײַטן, וועלכע זײַנען באַגאַנגען געוואָרן אין יענער צײַט, נאָר סטאַלין איז געבליבן טויב צו די
דאָזיקע סיגנאַלן שאָלאָכאָווס, ווי צו די פילצאָליקע ענלעכע סיגנאַלן פון אַנדערע מוטיקע
קאָמוניסטן.

וועגן סטאַלינס מיסברויכן מיט דער מאַכט און וועגן די באַגאַנגענע דורך אים פאַקטן פון
ווילקיר האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט נאָך זײַן טויט און נאָכן דעמאַסקירן בעריאַן — אָט דעם
פאַרביסענעם סוינע פון דער פאַרטיי און פונעם פאָלק, דעם שפּיאָן און עקלהאַפטן פּראָוואָקאַטאָר.

מע דאַרף נעמען אין אַכט, אַז בעריאַ, אָט דער מיִעסער מענטש, האָט אַפילו ניט געפונען
פאַר נייטיק אויסצובאַהאַלטן זײַן פרייד באַ סטאַלינס אָרן, ער האָט זיך מעשוגענערווײַז געריסן
צו דער מאַכט, צו לידערשאַפט אין דער פאַרטיי. און אַזאַ געפאַר האָט רעאַל עקזיסטירט אין
יענער צײַט. דאָס האָט פאַרבאָרגן אין זיך אַ גרויסע געפאַר פאַר די דעראָבערונגען פון דער
אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, פאַר דער זאַך פון דער קאָמוניסטישער בויונג באַ אונדז אין לאַנד
און אויך פאַר די דערפאָלגן פון דער צווישנפעלקערלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

בעריאַ האָט באַלד אין די ערשטע טעג נאָך סטאַלינס טויט אָנגעהויבן פאַרנעמען שריט
אַף דעזאָרגאַניזירן די אַרבעט פון דער פאַרטיי און אַף אונטערגרײַסן די פרײַנטלעכע באַציִונגען
צווישן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די ברידערלעכע לענדער פונעם סאָציאַליסטישן לאַגער.
בעריאַ צוזאַמען מיט מאַלענקאָוון, לעמאָשל, זײַנען אַרויסגעטראָטן מיטן פּראָוואָקאַציאָנעלן
פאָרשלאָג צו ליקווידירן די דײַטשישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק אַלס סאָציאַליסטישע מעלוכע,
רעקאָמענדירן דער סאָציאַליסטישער אייניקײַטלעכער פאַרטיי פון דײַטשלאַנד אָפּצוזאָגן זיך פון
דעם לאָזונג פון קאַמף פאַר אויסבויען דעם סאָציאַליזם. דעמאָלט טאַקע האָט דער צענטראַל־
קאָמיטעט פון דער פאַרטיי מיט צאָרן אָפּגעוואָרפן אָט די פאַרעטערישע פאָרשלאָגן און דערלאַנגט
אַ צעשמעטערנדיקן ווידערשטאַנד די פּראָוואָקאַטאָרן.

די מאָסמיטלען, וועלכע דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אָנגענומען, האָבן באַשיצט די
פאַרטיי און דאָס לאַנד קעגן די נידערטרעכטיקע פּלענער פון בעריאַן, פון אָט דעם פאַרביסענעם
אַגענט פון די אימפּעריאַליסטן.

כאַווײרים, וועגן דעם אַלעם דאַרף מען גוט געדענקען, אין די היסטאָרישע געשעענישן
דאַרף קענען זיך טיף פאַנאַנדערקלײַבן יעדער איינער, וואָס שאַפט ווערק וועגן דעם לעבן פון
דער סאָוועטישער געזעלשאַפט, וועגן איר קעגנוואַרט און פאַרגאַנגענהײַט. דאָס סאָוועטישע
פאָלק איז דורכגעגאַנגען אַ גרויסן און רומפולן וועג פון צעשטערן די אַלטע, בורזשואַזע וועלט
ביז אויסבויען די נײַע, סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, וואָס האָט ענדגילטיק געזיגט באַ אונדז אין
לאַנד. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

דער דאָזיקער וועג איז געווען ניט קיין לײַכטער; אינעם קאַמף פאַרן זיג פונעם סאָציאַליזם
איז אונדזער פאָלק העראָיש בײַגעקומען אַלע שוועריקײַטן און מאַנגלען, וועלכע זײַנען פאַר אים
אופגעקומען. אין פּראָצעס פון בײַקומען די שוועריקײַטן האָט זיך פאַרמירט דער כאַראַקטער

פונעם סאָוועטישן מענטשן, פונעם מענטשן פון דער נײַער געזעלשאַפט, פונעם קעמפער פאַר דער רעוואָליוציאָנערער איבערגעשטאַלטונג פון דער וועלט. די הויכע לעניניסטישע אידייִשקייט, דער אײַזנפעסטער ווילן, די אָנטשלאָסנקייט צו זעלבסטאָפּפערונג לעשעם דעם טריומף פון די קאָמוניסטישע אידעאַלן — דאָס זײַנען גלאַנצנדיקע שטריכן פון דעם געשטאַלט פון די דווירעס סאָוועטישע מענטשן, וועלכע זײַנען דערצויגן געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די סאָוועטישע מענטשן איז פרעמד סקעפּטיציזם, ווילנלאָזיקייט און שלאַבעריקייט, פּעסימיזם און ניהיליסטישע באַציִונג צו דער ווירקלעכקייט.

עס רופט אַרויס אַ כידעש, ווען אין אייניקע ליטעראַרישע ווערק, קינאָ־פילמען און ספּעקטאַקלען ווערן אָפט קאַלערליי אויפאַנים באַשריבן די טרויעריקע און נאַגנדיקע איבערלעבונגען פון מענטשן אין צוזאַמענהאַנג מיט די שווערקייטן אין זייער לעבן. אַזוי מאָלן בילדער פונעם לעבן קאָנען בלויז מענטשן, וואָס אַליין נעמען זיי ניט קיין אָנטייל אין דער שאַפונגס־טעטיקייט פונעם פאָלק, זיי זײַנען ניט באַגײַסטערט מיט דער פּאָעזיע פון זײַן מי, זיי קוקן אויף אַלץ פון דער זײַט. לויט דער אייגענער דערפאַרונג, אַלס אַן אָנטיילנעמער פון די געשעענישן אין יענע יאָרן, וועלכע ווערן צומאָל געשילדערט אין פינצטערע פאַרבן און גראָע טענער, קאָן איך זאָגן, אַז דאָס זײַנען געווען גליקלעכע, פרײידיקע יאָרן, יאָרן פון קאַמף און ניצחוינעס, פונעם טריומף פון די קאָמוניסטישע אידייען. (דווירענדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

ניט לאַנג צוריק האָט כ׳ וואַלטער אולבריכט באַוויזן אונדז אַ דאָקומענטאַלן קינאָ־פילם „רוסישער ווונדער“, געשאַפן דורך די דײַטשישע קינאָ־טוער אַנעלי און אַנדרע טאָרנדײַק. דאָס איז אַן אויסגעצייכנטער פילם. ווען מיר האָבן אים געקוקט, זײַנען פאַר אונדזערע אויגן דורכגעגאַנגען וואָרהאַפטיקע בילדער פונעם לעבן פון אונדזער לאַנד. ווען מיר האָבן דאָס געזען, האָב איך אין דער מאָסע אָנטיילנעמער פונעם בירגערקריג פונקט ווי געזען זיך זעלבסט, אַזעלכע זײַנען געווען די שלאַכטלײַט פון דער רויטער אַרמיי אין יענער צײַט. דער פילם איז צונויפגעשטעלט אויף אונדזערע דאָקומענטאַלע מאַטעריאַלן. ווי זאָגט מען דאָס, גיב גאָט, אַז אונדזערע קינאָ־טוער זאָלן שאַפן וואָס מער אַזעלכע גוטע, וואָרהאַפטיקע פילמען. דער פילם „רוסישער ווונדער“ באַווײַזט אונדזער נעכטיקן טאָג און דער קעגנשטעלונג מיטן הײַנטיקן טאָג. קוקסט דעם דאָזיקן פילם און טראַכסט — ווי ווײַט אונדזער לאַנד האָט אַ שפּאַן געטאָן פאָרויס! (אַפּלאָדיסמענטן.)

און מיר וואָלטן אונדזערע יונגעלײַט געוואָלט אייצען: לערנט זיך פון דער געשיכטע פון דער רעוואָליוציע, פון דער געשיכטע פונעם קאַמף, וואָס זײַנע אָנטיילנעמער זײַנען געווען אײַערע טאַטעס און מאַמעס, און היט הייליק אָפּ דעם אָנדענק וועגן יענע, וועלכע זײַנען שוין ניטאָ, און באַציט זיך מיט אָפּשײַ צו יענע, וועלכע לעבן, און נעמט באַ זיי אויף דער באַוואָפענונג אין אײַערע הענט אַלץ, קעדיי איר זאָלט זײַן ווירדיקע מענטשן, ווירדיקע פאַרזעצער פון דער זאַך פון אײַערע טאַטעס. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.) אויב איר וועט ניט פאַרהיטן די ווירדע, וועט אויף אײַך פאַלן אַ שאַנדע.

מיר גלויבן טיף אין אונדזער פאָלק, אין זײַן קראַפט, אין זײַן שעפערישן רעוואָליוציאָנערן גײַסט. מיר גלייבן, אַז אונדזער שעפערישע יוגנט וועט פאָרזעצן די זאַך פון זייערע טאַטעס, וועט גיין שטענדיק אין טראָט מיטן פאָלק.

אַ שלאַכטמאַן, וואָס איז באַגײַסטערט מיט דער הויכער שטרעבונג צום זיג, באַמערקט ניט די שווערקייטן פון די קריגס־מאַרשן און שלאַכטן, ווי גרויס די דאָזיקע שווערקייטן זאָלן ניט זײַן. ער איז מאַקריוו זײַן לעבן פאַר דער אידיי, ווײַל אינעם מאָמענט פון שאַרפסטן קאַמף ווערט פאַר אים די אידיי העכער פון אַלע שווערקייטן, העכער פאַר אַלץ.

די אָפּשאַצונג, וועלכע אַ מענטש גיט די לעבנס־דערשײַנונגען און די היסטאָרישע געשעענישן, איז אָפּהענגיק דערפון, אויף וועלכע אידייִשע פּאָזיציעס ער אַליין איז געשטאַנען און שטייט אין זײַן באַציִונג צו די דאָזיקע דערשײַנונגען און געשעענישן. עס זײַנען פאַראַן ביכער וועגן אונדזער רעוואָליוציע און וועגן דער סאָציאַליסטישער בויונג, וועלכע זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן דורך מענטשן, וואָס האָבן באַאָבאַכטעט די רעוואָליוציע און די איבערגעשטאַלטנדיקע טעטיקייט פונעם פאָלק, „ווי פון אַ בוידעם־פענצטער“.

וועגן דער רעוואָליוציע, וועגן דעם לעבן און דער טעטיקייט פונעם סאָוועטישן פאָלק האָבן געשריבן ביכער אויך אַזעלכע מענטשן, וועמען די רעוואָליוציע האָט אַרויסגעשלאָגן פון זייערע אײַנגעזעסענע וואַרעמע נעסטן, מענטשן, וועלכע האָבן די רעוואָליוציע ניט פאַרשטאַנען און ניט אָנגענומען. די כוואַליעס פון די געשעענישן האָבן זיי געשלײַדערט פון איין עק צום צווייטן — פון מאָסקווע קיין קרים, פון קרים קיין טביליסי, און פון דאָרטן איבער דער גאַנצער וועלט. אין די דערציילונגען, ראָמאַנען און מעמואַרן גראָבן זיי זיך אין זייערע איבערלעבונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט די שווערקייטן, וועלכע זײַנען געפאַלן אויף זיי און אויף ענלעכע צו זיי,

וועגן דעם, ווי זיי איז אויסגעקומען צו שפּײַזן זיך מיט ניט קיין פרישע פיש אדג. אונדזערע סאָוועטישע מענטשן האָבן דעמלט באַזיגט די סאָנים, זײַענדיק שלעכט אָנגעטאָן און האַלב הונגעריק, ניט האָבנדיק צומאָל אַפילו קיין ניט פרישע פיש, זיי האָבן אָבער ניט געכניקעט און ניט געקרעכצט, זיי האָבן אָן וואַקלונגען זיך געשלאָגן, מיט מעסירעסנעפּעש פאַרטיידיקט די דעראָבערונגען פון דער רעוואָליוציע. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.)

אונדזער פאַרטיי איז שטענדיק געשטאַנען פאַר פאַרטייִשקײַט אין דער ליטעראַטור און קונסט. זי באַגריסט אַלעמען — סײַ די אַלטע, סײַ די יונגע טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט, די פאַרטייִשע און אומפּאַרטייִשע, נאָר וועלכע שטייען פעסט אַף די פּאָזיציעס פון קאָמוניסטישער אידייִשקײַט אין די פראַגן פון קינסטלערישער שאַפונג. אַזעלכע זײַנען דער אָנשפּאַר פון דער פאַרטיי, אירע טרײַע סאָלדאַטן. (אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר האַלטן זיי אונטער און וועלן אונטערהאַלטן, מיר זאָרגן און וועלן זאָרגן וועגן דעם, אַז עס זאָלן וואַקסן און קרעפטיק ווערן אונדזערע שעפערישע קויכעס, עס זאָלן זיך באַהעפטן אין אן איינהײַטלעכער קעמפערישער מישפּאָכע די רעוואָליוציאָנערע קינסטלער, וועלכע פאַרטייִדיקן קאָנסעקווענט אין זייער שאַפונג די זיגרײַכע אידייען פונעם מאַרקסיזם-לעניניזם, זײַנען אומבעשאָלעמדיק צו אַלץ, וואָס איז פויל, פרעמד, פײַנטלעך, פונוואַנען עס זאָל ניט אַרײַנדרינגען. (אַפּלאָדיסמענטן.)

דאָ איז אַרויסגעטראָטן דער פּאָעט ר. ראָזשדעסטווענסקי. ער האָט פּאָלעמיזירט מיט נ. גריבאַטשאָווס ליד „נייַן, ייִנגלעך!..״ כ׳ ראָזשדעסטווענסקיס אַרויסטרעטונג איז געווען דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק, אַז קלוימערשט בלויז די גרופּע יונגע ליטעראַטן דריקט אויס די שטימונגען פון אונדזער גאַנצער יוגנט, אַז זיי זײַנען די דערציִער פון דער יוגנט. דאָס איז לאַכלוטן ניט אַזוי. אונדזער סאָוועטישע יוגנט איז דערצויגן דורך דער פאַרטיי, זי גייט נאָך דער פאַרטיי, זי זעט אין דער פאַרטיי איר דערציִער און פירער. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.)

פאַר דעם יונגן דיכטער ר. ראָזשדעסטווענסקי וואָלט איך געוואָלט שטעלן אַלס בײַשפּיל דעם דיכטער-סאָלדאַט, וואָס פאַרמאָגט אַ שאַרף אויג און וואָס דערלאַנגט טרעפלעכע קלעפּ איבער די אידייִשע סאָנים, דעם דיכטער-קאָמוניסט נ. גריבאַטשאָוו. (אַפּלאָדיסמענטן.) מיר לעבן אין אַ פּעריאָד פון שאַרפן אידייִשן קאַמף, אין אַ פּעריאָד פון קאַמף פאַר די מויכעס, פאַר דער איבערדערציִונג פון די מענטשן. דאָס איז אַ קאָמפּליצירטער פּראָצעס, אַ סאַך אַ שווערערער, איידער איבערמאַכן ווערקשטעלן און זאַוואָדן. איר — די טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט — זײַט, בילדעריש גערעדט, — די שמידן, וואָס שמידן איבער די פּסיכאָלאָגיע פון די מענטשן. איר פאַרמאָגט אַ שטאַרק געווער, און דאָס דאַזיקע געווער אײַערס דאַרף שטענדיק זײַן טעטיק אין די אינטערעסן פונעם פאָלק. (אַפּלאָדיסמענטן.)

שטרענג גערעדט, איז קיין אומפּאַרטייִשקײַט, אייגנטלעך, גאָר ניטאָ אין דער געזעלשאַפט. און דער, וואָס אַפּישירט זײַן אומפּאַרטייִשקײַט, טוט עס צוליב דעם, קעדיי פאַרמאַסקירן זײַן ניט אײַנשטימיקײַט מיט די אָנשוויונגען און אידייען פון דער פאַרטיי, קעדיי ווערבירן פאַר זיך אָנהענגער. אין דער געשיכטע האָט ניט איין מאָל געטראָפן, אַז די אויסגעשפּראָכנסטע רעאַקציאָנערן און קאָנטררעוואָליוציאָנערן זײַנען אַרויסגעטראָטן אונטערן לאָזונג פון אומפּאַרטייִשקײַט און ערשט דערנאָך האָט זיך אַנטפּלעקט זייער בורזשואַזע פאַרטייִשקײַט.

אַזעלכע בײַשפּילן קאָן מען ברענגען ניט ווייניק פון דער געשיכטע פון דעם קאַמף פונעם אַרבעטער-קלאַס און האַרעפּאַשנעם פּויערטום פון אונדזער לאַנד פאַר דער פאַרפעסטיקונג פון דער סאָוועטנמאַכט. אַף פאַרשיידענע עטאַפּן, אין פאַרשיידענע פּעריאָדן האָבן די סאָנים פון די אַרבעטער און פּויערים אַף אַ פאַרשיידענעם אופן אָנגעווענדט מיטלען פון קאַמף קעגן די קאָמוניסטן, קעגן דער בויונג פונעם סאָציאַליזם, צודעקנדיק זיך מיט אומפּאַרטייִשקײַט.

אין די ערשטע יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט זײַנען די עסערן, אַנאַרכיסטן, מענשעוויקעס, קאַדעטן און די איבעריקע טומע, אויסדריקנדיק דעם ווילן פון די עקספּלואַטאַטאָרן און אינטערווענטן, וועמעס אַגענטור און דינער זיי זײַנען געווען, אָפן און דירעקט אַרויסגעטראָטן קעגן דער רעוואָליוציע, קעגן לענינען, קעגן דער מאַכט פון די אַרבעטער און פּויערים.

אין די יאָרן פונעם בירגערקריג האָבן אינעם לאַגער פון די פײַנט פונעם אַרבעטער-קלאַס און פּויערטום זיך געפונען די קאַפּיטאַליסטן און פּריצים אין בונד מיט די אויסלענדישע אינטערווענטן. דער גאַנצער מענשעוויסטישער, עסערישער, אַנאַרכיסטישער אָפּפאַל איז אוועק צו דינסט דער קאָנטררעוואָליוציע, איז געוואָרן איר מעשאָרעס.

אינעם פײַער פון די פאַרביטערטע שלאַכטן מיט דער קאָנטררעוואָליוציע און אינטערווענץ זײַנען די אַרבעטנדיקע פון אונדזער לאַנד דורכגעגאַנגען אַ שול פון פּאָליטישער דערציִונג. זיי האָבן אַף זייערע פּלייצעס באַגריפן די פּאָליטגראַמאָטע און האָבן באַשלאָסן, נאָך וועמען צו גייך, וועמעס זײַט צו האַלטן, זיי זײַנען געוואָרן באָלשעוויקעס.

דאָס איז זייער גוט און איבערצײַגנדיק באַוויזן אין ד. פורמאַנאָווס דערציילונג און אינעם קינאָ-פילם „טשאַפּײַעוו", אין א. סעראַפימאָוויטשעס ראָמאַן „דער אײַזערנער שטראָם", אין א. פאַדייעווס ראָמאַן „צעקלאַפּט", אין נ. אָסטראָווסקיס ראָמאַן „ווי שטאָל האָט זיך פאַרהאַרטעוועט" און אין אַנדערע קינסטלערישע ווערק פון אונדזערע סאָוועטישע רעוואָלוציאָנערע שרײַבער. זייערע ווערק, וועלכע זײַנען דורכגעדרונגען מיט די אידייען פון פּאַרטייִשקייט, שפּילן אויך איצט א גרויסע ראָליע, זיי זײַנען דאָס געווער פון אונדזער פּאַרטיי אין איר אידעאָלאָגישער אַרבעט. ניט צופעליק איז דאָס בוך „ווי שטאָל האָט זיך פאַרהאַרטעוועט" שטאַרק פּאָפּולער אין קובא און אין א ריי אַנדערע לענדער, וועלכע קעמפן פאַר זייער פרײַהייט און אומאָפּהענגיקייט.

וואָס מער לענינס אידייען האָבן באַהערשט די מויכעס פון די אַרבעטער און פּויערים, וואָס שטאַרקער עס איז געוואָרן דער אײַנפלוס פון די קאָמוניסטן אין פאָלק, וואָס העכער עס איז געוואַקסן דער אויטאָריטעט פון דער סאָוועטנמאַכט, — האָבן די פײַנט פון דער רעוואָלוציע זיך געפּרוּווט אַרויסשטויסן די באָלשעוויקעס און פאַרכאַפּן די סאָוועטן אין זייערע הענט. זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן דעם לאָזונג „סאָוועטן אָן קאָמוניסטן".

וואָס איז אַזוינס סאָוועטן אָן קאָמוניסטן? דאָס איז אַן אויסגעהוילטע פונעם רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט פּוסטע פאָרם. די קאָנטררעוואָלוציאָנערן האָבן דאָס גוט פאַרשטאַנען. אַרויסרוקנדיק דעם לאָזונג „סאָוועטן אָן קאָמוניסטן", האָבן זיי אויסגערעכנט, אַז אַנשטאָט אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַכט וועלן זיי די סאָוועטן פאַרוואַנדלען אין דורכפירער פון זייער אײַנפלוס אָף די מאַסן, זיי האָבן אויסגערעכנט אויסנוצן דעם אויטאָריטעט פון די סאָוועטן, קעדיי פאַרווירקלעכן זייערע אַנטיפאָלקישע פּלענער.

די זאַך באַשטייט ניט דערין, וויאַזוי עס הייסט די אָדער אַנדערע אָרגאַניזאַציע, נאָר דערין, וואָס פאַר א פּאָליטיק זי פירט דורך, די אינטערעסן פון וועלכן קלאַס זי פאַרטיידיקט.

אין פראַנקרײַך, אשטייגער, עקזיסטירן שוין לאַנג קאָמונעס. ווי איר זעט, זײַנען די דאָזיקע פאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען אָנגערופן געוואָרן מיט א רעוואָלוציאָנערן נאָמען, נאָר דער טאָך זייערער איז א קאַפּיטאַליסטישער און זיי פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די מאָנאָפּאָליסטן. דאָס רעוואָלוציאָנערע וואָרט „קאָמונע" שרעקט לאַכלוטן ניט די פראַנצויזישע בורזשואַזיע, ווײַל מיט דעם דאָזיקן וואָרט זײַנען אָנגערופן אירע פאַרוואַלטונגס-אָרגאַנען.

וויפל זײַנען איצט פאַראַן בורזשואַזע טוער פון פאַרשיידענע לענדער, וועלכע מאַסקירן זייער בורזשואַזע פּאָליטיק מיט א סאָציאַליסטישער פראַזעאָלאָגיע. זיי ריידן וועגן דער בויונג פונעם סאָציאַליזם און אין דער זעלבער צײַט זעצן זיי אַרײַן די קאָמוניסטן אין טורמעס, קעפּן זיי, פאַרטרײַבן אין אונטערערד די קאָמוניסטישע פּאַרטייען און זאָגן, אַז זיי קעמפן פאַר סאָציאַליזם. דאָס טוען זיי דערפאַר, ווײַל די אידייען פונעם סאָציאַליזם ווערן אַלץ מער פּאָפּולער צווישן די פאָלקסמאַסן פון אַלע לענדער, דרינגען אַרײַן אין זייער באַוווסטזײַן.

דער בײַשפּיל פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד דינט פאַר די פעלקער אַלס רעוואָלוציאָנערער לײַכטטורעם. די בורזשואַזע טוער, באַזונדערס די פאָרשטייער פון דער לינקער בורזשואַזיע, נוצן טאַקע דערפאַר ברייט אויס דעם לאָזונג פון בויען דעם סאָציאַליזם, וועלנדיק אָפּנאַרן די אַרבעטנדיקע.

## מיר זײַנען קעגן פרידלעכער קאָעקזיסטענץ אין געביט פון אידעאָלאָגיע

די היסטאָרישע דערפאַרונג לערנט, אַז אינעם פּאָליטישן, אידעאָלאָגישן קאַמף טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן אָף ווערטער און דעקלאַראַציעס, מע דאַרף קענען זיך פאַנאַנדערקלײַבן, דורך וועמען און לעשעם וואָס זיי ווערן אַרויסגערוקט. צוליב דעם איז קוידעמקאָל נייטיק צו זײַן א מאַרקסיסט-לענינעץ, אַן איבערצײַגטער קאָמוניסט, וואָס ווידמעט זײַן לעבן, זײַן טאַלאַנט דעם קאַמף פאַרן גליק פון די אַרבעטסלײַט אָף דער וועלט.

האַלטנדיק זיך פאַר א קעמפער פאַר די אינטערעסן פונעם האַרעפּאַשנעם פאָלק, טאָר מען ניט שטיין אָפּן שיידוועג צווישן די קעמפנדיקע צדדים, „זײַענדיק גלײַכגילטיק צו גוטס און צו בייז".

אינעם קלאַסנקאַמף ווערן אַרײַנגעצויגן אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. דער קלאַסנקאַמף טראָגט אַרײַן א צעשפּאַלטונג אַפילע אין מישפּאָכעס. עס טרעפט אַזוי, אַז מיטגלידער פון איין און דעם זעלבן געזינד שטייען איינער קעגן דעם אַנדערן אָף פאַרשיידענע זײַטן פון די באַריקאַדעס.

פאַראַן א קאַטעגאָריע מענטשן, וואָס דערקלערן, אַז זיי נעמען ניט קיין אָנטייל אין דער

רעוואָליוציע, אזוי צו זאָגן, צוליב „הומאַנע״ טעמים; זיי קאָנען ניט, זעט איר, אופּהייבן א האַנט אַף ענלעכע צו זיך. און ווער דערהאַרגעט עס מענטשן ווי ניט קיין ענלעכע צו זיך?

רעוואָליוציעס מאַכן געזעלשאַפטלעכע קלאַסן. די רעוואָליוציע פון די אַרבעטער און פּויע־רים, קעדיי אַראָפּוואַרפן דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס, איז דער סאַמע הומאַנער, טאַמע מענטש־לעכער איניען. דער אָנטייל אין אַזאַ רעוואָליוציע אַף דער זייַט פון די אַרבעטער און פּויערים איז דער העכסטער אויסדרוק פון הומאַניזם. אָן דעם אַראָפּוואַרפן די אָרדענונג פון די עקספּלואַ־טאַטאָרן איז אוממעגלעך צו באַפרייַען די אַרבעטנדיקע און שאַפן פאַר זיי א גליקלעך לעבן. איז דען שווער צו פאַרשטיין, אַז יענע, וואָס באַטייליקן זיך ניט אינעם קאַמף אַף דער זייַט פון די אַרבעטנדיקע, העלפן אין טאָך דער בורזשואַזיע. ווער עס גייט ניט צוזאַמען מיט די אַרבעטער און פּויערים, יענער גייט אוממפּאַרמייַדלעך קעגן זיי. דאָס דאַרף מען גוט פאַרשטיין, כאַווייריִם! (אַפּלאָדיסמענטן.)

עס פּלעגן זיך טרעפן און עס טרעפן זיך איצט אויך אַזעלכע מענטשן, וועלכע דערקלערן, אַז זיי נעמען אָן די אידייע פונעם קאָמוניזם און צומאָל שטעלן זיי אַפילע זיך אייַן פאַר איר, נאָר קיין אַקטיוון אָנטייל אינעם קאַמף נעמען זיי ניט, זיי דרייען זיך אונטער די פיס פון די קעמפנ־דיקע, זיי פּלאָנטערן זיך אַליין און פאַרפּלאָנטערן אַנדערע.

א רעוואָליוציע איז ניט קיין גוטינקע ווונטש, דאָס איז א גרויזאַמער און שאַרפער קאַמף. פאַר א רעוואָליוציע דאַרף מען קעמפן ניט בלויז דאַן, ווען זי קומט פאַר, נאָר אויך אינעם פעריאָד פון פאַרשטאַרקן אירע דערגרייכונגען און ביז דער אויסבויונג פונעם קאָמוניזם. דאָ קאָן מען ניט אָפּקומען בלויז מיט רעפּעראַטן, לעקציעס, פאָרטראַגן, מע דאַרף נעמען אָן אָנטייל אין דער שיסערייַ, ווען די אומשטענדן פאָדערן עס.

אין די קאָמפּליצירטע באַדינגונגען פונעם קאַמף פון קלאַסן פּאַלן וואַקלענדיקע מענטשן צומאָל אַרייַן ניט ווילנדיק אין א לאַגע, וואָס איז ניט מעקאַנע צו זייַן. איך וועל דערמאָנען אַזאַ פּאַל, וואָס איז פאָרגעקומען מיט א. וו. לונאַטשאַרסקין. איבערגעשראָקן זיך, אַז די שיסערייַ פון די באַוואָפנטע אַרבעטער איבערן סוינע קאָן אָנרירן די היסטאָרישע דענקמעלער און פאַרשאַפן זיי שאָדן, איז ער געקומען צו וו. אי. לענינען מיט דערוויידערונגען און אַפילע געדראָעט, אַז ער וועט אַוועקגיין פונעם באַשטאַנד פון דער סאָוועטן־רעגירונג. וולאַדימיר איליטש האָט אויסגע־לאַכט די דאָזיקע באַלעבעסלדיקע פאַרשטעלונג וועגן דער רעוואָליוציע. שפּעטער האָט דאָס לונאַטשאַרסקי אַליין אויך פאַרשטאַנען.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט ווילט זיך מיר זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם כאַווער ערענ־בורג. עס איז געוועזן א צייַט, ווען דער כאַווער ערענבורג איז געקומען צו פאָרן צו וו. אי. לע־נינען קיין פּאַריזש און איז אופגענומען געוואָרן פון אים מיט סימפּאַטיע, ווי ערענבורג אַליין שרייַבט וועגן דעם. אַפילע אין דער פּאַרטיי איז כאַווער ערענבורג אַרייַנגעטראָטן, נאָר דערנאָך איז ער אָפּגעגאַנגען פון איר. קיין אומיטלבאַרן אָנטייל אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע האָט ער ניט גענומען, פאַרנעמענדיק, ווייַזט אויס, א פּאָזיציע פון א זייַטיקן באַאָבאַכטער. עס ווײַס, דוכט זיך, ניט פאַרקריפּלט ווערן דער עמעס, אויב מע זאָל זאָגן, אַז פון די זעלבע פּאָזי־ציעס שאַצט אָפּ כאַווער ערענבורג אונדזער רעוואָליוציע און דעם גאַנצן שפּעטערדיקן פעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין זייַנע מעמוואַרן „מענטשן, יאָרן, לעבן״.

דער העכסטער כויוו פון א סאָוועטישן שרייַבער, קינסטלער, קאָמפּאָזיטאָר, פון יעדן שע־פערישן טוער איז — געפינען זיך אין די רייען פון די בויער פונעם קאָמוניזם, דינען מיט זייַן טאַלאַנט דער גרויסער זאַך פון אונדזער פּאַרטיי, קעמפן פאַרן טריומף פון די אידייען פונעם מאַרקסיזם־לעניניזם. מע דאַרף געדענקען וועגן דעם, אַז אין דער וועלט גייט אָן א שאַרפער קאַמף צווישן די צוויי אומבעשאָלעמדיקע אידעאָלאָגיעס — דער סאָציאַליסטישער און בור־זשואַזער.

די אופגאַבע פונעם קינסטלער איז — אַקטיוו מיטווירקן מיט זייַנע ווערק דער באַשטע־טיקונג פון די קאָמוניסטישע אידייען, דערלאַנגען צעשמעטערנדיקע קלעפּ איבער די סאָנים פונעם סאָציאַליזם און קאָמוניזם, קעמפן קעגן די אימפּעריאַליסטן, קאָלאָניזאַטאָרן.

א גלענצנדיקער בייַשפּיל פון פּאַטריאָטישן, פּאַרטייישן פאַרשטיין די אופגאַבן פונעם קינסטלער איז די שאַפונג פון אונדזער אָנגעזעענסטן שרייַבער מיכאַיל אַלעקסאַנדראָוויטש שאָ־לאָכאָוו. לאָמיר נעמען זייַנע ראָמאַנען „דער שטילער דאָן״ און „אופגעאַקערטע רויערד״, די דערציילונג „דער גוירל פון א מענטשן״, די קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן „זיי האָבן זיך געשלאָגן פאַרן היימלאַנד״. דאָס זייַנען הויכקינסטלערישע ווערק פון א קאָלאָסאַלער קראַפט, פון רעוואָ־ליוציאָנערן פּאַטאָס, ווערק, וועלכע זייַנען דורכגעדרונגען מיט קאָמוניסטישער פּאַרטייישקייַט און מיטן גייַסט פונעם קלאַסנקאַמף, וואָס די אַרבעטער און פּויערים פון אונדזער לאַנד האָבן געפירט פאַרן זיג פון דער רעוואָליוציע און פונעם סאָציאַליזם. כאַווער שאָלאָכאָוו האָט אַליין

גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמף בײַ דעם בירגערקריג, אינעם פּעריאָד פֿון ליק־ווידירן דאָס באַלעגופּטום, אַלס לעצטן עקספּלואַטאַטאָרישן קלאַס, און אין די יאָרן פֿון דער פּאַטריאָטישער מלחמה קעגן די פֿאַשיסטישע פֿאַרכאַפּערס. ער האָט אָנטיילגענומען אין די דאָזיקע שלאַכטן ניט אַלס אַ באַאָבאַכטער, נאָר ווי אַ קריגסמאַן, און אין פֿרידנסצײַט פֿאַרבלײַבט ער פּונקט אַזאַ קעמפֿער פֿאַרן גליק פֿון די אַרבעטנדיקע. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.)

מיכאיל אַלעקסאַנדראָוויטש שאָלאָכאָוו פֿאַרמאָגט אַ קאָלאָסאַלע פֿײַקײַט צו פֿאַרשטיין טיף דעם טאָך פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען און געשעענישן, ער זעט גוט פֿרײַנט, דער־קענט סאָנים און מאָלט טאַלאַנטפֿול, פֿון פּאַרטייִשע פּאָזיציעס, אײַנדרוקספֿולע בילדער פֿונעם רעאַלן לעבן. מיט גרויס ליבע שאַפֿט ער אין זײַנע ווערק די געשטאַלטן פֿון קאָמוניסטן, פֿון אַרבעטסלײַט!

מיט אומבעשאָלעמדיקן קלאַסן־האַס דעמאַסקירט ער און דערלאַנגט קלאַפּ די סאָנים פֿון אונדזער געזעלשאַפֿטלעכער אָרדענונג. ווי שטאַרק און איבערצײַגנדיק ער מאָלט בילדער פֿון שלאַכט־געראַנגלען! אַז מע גייט זיך שוין יאָ צונויף אין געפֿעכט, קרייצט מען אַזוי איבער די שווערדן, אַז פֿונקען פֿליִען, מע שלאָגט זיך פֿאַרן פֿאָלקס־עמעס, און דער פֿאָלקס־עמעס זיגט.

אויפֿן בײַשפּיל פֿון מיכאיל אַלעקסאַנדראָוויטש שאָלאָכאָווס שאַפֿונג זעען אַלע, אַז די קאָ־מוניסטישע פּאַרטייִשקײַט פֿונעם שרײַבער צוימט לאַכלוטן ניט די אַנטפּלעקונגען פֿון זײַן קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט, פֿאַרקערט, זי העלפֿט אַקטיוו מיט דעם אויפֿבלי פֿונעם טאַ־לאַנט און הייבט אויף זײַנע ווערק ביזן ניוואָ פֿון דער סאַמע העכסטער געזעלשאַפֿטלעכער באַדײַטונג.

מיר שטייען אויף קלאַסן־פּאָזיציעס אין דער קונסט און טרעטן אַנטשיידן אַרויס קעגן דער פֿרידלעכער קאָעקזיסטענץ פֿון דער סאָציאַליסטישער און בורזשואַזער אידעאָלאָגיעס. קונסט געהערט צו דער ספֿער פֿון אידעאָלאָגיע. און יענע, וואָס מיינען, אַז אין דער סאָוועטישער קונסט קאָנען זיך פֿרידלעך צונויפֿלעבן סײַ דער סאָציאַליסטישער רעאַליזם, סײַ די פֿאָרמאַליסטישע, אַבסטראַקציאָניסטישע שיטעס, גליטשן זיך אומפֿאַרמײַדלעך אַראָפּ אויף די פֿרעמדע פֿאַר אונדז פּאָזיציעס פֿון פֿרידלעכער קאָעקזיסטענץ אין געביט פֿון אידעאָלאָגיע. מיט אַזעלכע שטימונגען האָבן מיר זיך באַגעגנט די לעצטע צײַט. אויף דער דאָזיקער ווענטקע האָבן זיך, צום באַדויערן, געלאָזט פּאַקן אייניקע קאָמוניסטן — שרײַבער און קינסטלער און אַפֿילו אייניקע אָנפֿירנדיקע טוער פֿון די שעפֿערישע אָרגאַניזאַציעס. צוזאַמען דערמיט דאַרף מען אָפּמערקן, אַז אַזעלכע אומפּאַרטייִשע, ווי, לעמאָשל, דער כ׳ ל. סאָבאָלעוו, פֿאַרטיידיקן שטאַנדהאַפֿטיק די פּאַרטייִשע ליניע אין דער ליטעראַטור און קונסט.

פֿאַריקן מאָל האָט כ׳ אי. ערענבורג געזאָגט, אַז די אידיי פֿון קאָעקזיסטענץ איז אַרויס־געזאָגט אינעם בריוו אַלס אַ שפּאַס. לאָמיר דערלאָזן, אַז דאָס איז אַזוי. נאָר דעמלט איז עס אַ בייזער שפּאַס. אין געביט פֿון אידעאָלאָגיע טאָר מען אַזוי ניט שפּאַסן. לאָמיר זיך פֿאַנאַנדער־קלײַבן, וואָס וואָלט אינדערעמעסן פֿאָרגעקומען אין דער סאָוועטישער קונסט, ווען דעם אויבן־אָן וואָלטן פֿאַרכאַפּט די אַנהענגער פֿון פֿרידלעכער קאָעקזיסטענץ צווישן פֿאַרשיידענע אידייִשע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור און קונסט. אַלס ערשטער טראַט וואָלט דערלאַנגט געוואָרן אַ קלאַפּ איבער אונדזערע רעוואָלוציאָנערע דעראָבערונגען אין געביט פֿון דער סאָציאַליסטישער קונסט. ס׳איז אַ צווייפֿל, צי לויט דער לאָגיק פֿון קאַמף וואָלט דער איניען זיך דערוף געענדיקט. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז די דאָזיקע מענטשן וואָלטן, אָנזאַמלענדיק קויכעס, פּאָרגענומען פּרווון אַרויסצוטרעטן קעגן די רעוואָלוציאָנערע דעראָבערונגען.

מיר איז שוין אויסגעקומען צו ריידן וועגן דעם, אַז פֿרידלעכע קאָעקזיסטענץ אין געביט פֿון אידעאָלאָגיע איז אַ פֿאַראַט קעגן דעם מאַרקסיזם־לעניניזם, אַ פֿאַראַט קעגן דער זאַך פֿון די אַרבעטער און פּויערים. די סאָוועטישע געזעלשאַפֿט געפֿינט זיך איצט אויף אַזאַ עטאַפּ, ווען עס איז דערגרייכט די פֿולע, מאָנאָליטע אײנהײַט פֿון אַלע סאָציאַליסטישע נאַציעס פֿונעם לאַנד, פֿון אַלע שיכטן פֿונעם פֿאָלק — פֿון די אַרבעטער, קאָלווירטניקעס, אינטעליגענץ, וועלכע בויען דערפֿאָלגרײַך דעם קאָמוניזם אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער לענינישער פּאַרטיי.

אונדזער פֿאָלק און די פּאַרטיי וועלן ניט דולדן קיין שום פּרווון צו פֿאַרמעסטן זיך אויף דער דאָזיקער מאָנאָליטער אײנהײַט. איינע פֿון די אַנטפּלעקונגען פֿון אַזאַ מין פֿאַרמעסטן זיך איז דער פּרווו אָנצובינדן אונדז די פֿרידלעכע קאָעקזיסטענץ פֿון אידעאָלאָגיעס. אָט פֿאַרוואָס מיר ווענדן דאָס פֿײַער סײַ קעגן די דאָזיקע פֿאַרדאַרבערישע אידייען, סײַ קעגן זייערע טרעגער. אויך אין דעם, האָף איך, זײַנען מיר אַלע אייניק. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

און יענע, וואָס בלאָנדזשען נאָך, רופֿן מיר צו פֿאַרטראַכטן זיך, פֿאַנאַנדערקלײַבן זיך אין די אייגענע פֿעלערן, פֿאַרשטיין זייער נאַטור און די קוועלן, בײַקומען זייערע בלאָנדזשענישן און צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי, אין די אַלגעמיינע רייען, אונטער דער רויטער פֿאָן פֿון מאַרקסיזם־

לעניניזם נעמען אָן אַקטיוון אָנטייל אין דער בויונג פונעם קאָמוניזם, פאַרמערן די דערפּאָלגן פון דער סאָציאַליסטישער קולטור, ליטעראַטור און קונסט.

דער אַבסטראַקציאָניזם, פאָרמאַליזם, וואָס פאַר די רעכט פון זייַן עקזיסטענץ אין דער סאָציאַליסטישער קונסט שטעלן זיך איין באַזונדערע אָנהענגער זייַנע, איז איינע פון די פאָרמען פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע. עס איז צו באַדויערן, וואָס אייניקע פאַרשטייען דאָס ניט, דערונטער אַזעלכע שעפערישע טוער, וואָס פאַרמאָגן אַ רייַכע לעבנס־דערפאַרונג.

אין דעם כאַווער ערענבורגס מעמואַרן איז פאַראַן אַזאַ שטעל. איך ציטיר זי: „עס זייַנען געוועזן אַ סאַך ליטעראַרישע שולן: קאָמפּוטן, אימאַזשיניסטן, פּראָלעטקולטאַוועצעס, עקספּרעסיאָניסטן, פוּיִסטן, בעספּרעדמעטניקעס[1], פּרעזענטיסטן, אַקצידענטיסטן און אַפילו ניטשעוואָקעס[2]. ניט ווייניק נאַרישקייַטן האָבן, פאַרשטייט זיך, געפלוידערט אייניקע טעאָרעטיקער... מיר ווילט זיך אָבער פאַרטיידיקן יענע ווייַטע צייַט".

ווי עס איז צו זען, באַציט זיך דער אווטאָר פון די מעמואַרן מיט גרויס סימפּאַטיע צו די פאַרשטייער פון דער אַזויגערופענער „לינקער" קונסט און שטעלט פאַר זיך די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן די דאָזיקע קונסט. פרעגט זיך — קעגן וועמען פאַרטיידיקן? ווייַזט אויס, קעגן אונדזער מאַרקסיסטיש־לענינישער קריטיק. צוליב וואָס ווערט דאָס געטאָן? אפשר, קעדיי אויסקעמפן די מעגלעכקייַט פאַר דער עקזיסטענץ פון אַזעלכע און ענלעכע דערשייַנונגען אין אונדזער הייַנטצייַטיקער קונסט. דאָס וואָלט באַטייַט אָנערקענען די קאָעקזיסטענץ פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם און פאָרמאַליזם. דער כאַווער ערענבורג באַגייט אַ גראָבן אידעאָלאָגישן פעלער, און אונדזער פליכט איז העלפן אים פאַרשטיין דאָס.

פאַריקן מאָל איז אויף אונדזער באַגעגעניש אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאַרטיידיקונג פון דעם אַבסטראַקציאָניזם דער כאַווער יעווטושענקאָ. ער האָט געפּרוּווט באַגרינדן זייַן פּאָזיציע דערמיט, וואָס גוטע מענטשן זייַנען פאַראַן סיי צווישן די רעאַליסטן, סיי צווישן די פאָרמאַליסטן, פאַרופנדיק זיך דערביי אויפן בייַשפּיל פונעם לעבן פון צווי קובינער קינסטלער, וועלכע זייַנען זיך שאַרף פאַנאַנדערגעגאַנגען אין זייערע אָנשויונגען אויף קונסט, נאָר דערנאָך זייַנען זיי אומגעקומען אין איין אָקאָפּ, שלאָגנדיק זיך פאַר דער רעוואָלוציע. אַזאַ פאַקט אין לעבן האָט געקאָנט פּאַסירן, ווי אַ פּריוואַטער פאַל.

מע קאָן ברענגען אַ בייַשפּיל פון גאָר אַ קעגנזעצלעכן כאַראַקטער. נאָכן בירגערקריג האָט מען אין דער שטאָט אַרטיאָמאָווסק, אויף אוקראַיִנע, אויסגעבויט אַ פאַרקריפּלטן פאָרמאַליסטישן דענקמאָל. זייַן אווטאָר איז געוועזן דער סקולפּטאָר קוביסט קאַוואַלערידזע. דאָס איז געווען אַ שוידערלעך בילד, אָבער די קוביסטן זייַנען געווען פון אים באַגייַסטערט (אין די מילכאָמעיאָרן איז דער דענקמאָל כאָרעוו געוואָרן). דער אווטאָר פונעם פאָרמאַליסטישן דענקמאָל איז פאַרבליבן אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן דורך די פאַשיסטן, און האָט זיך אויפגעפירט אומווירדיק. אַזוי אַז דער בייַשפּיל, וועלכן כ' יעווטושענקאָ ברענגט, קאָן ניט דינען אַלס ערנסטער אַרגומענט לעטוויוּעס זייַנע אָנשויונגען.

דעם כ' יעווטושענקאָס פּאָזיציע בענעגייע דעם אַבסטראַקציאָניזם פאַלט אין טאָך צונויף מיט די אָנשויונגען, וועלכע עס פאַרטיידיקט דער כ' ערענבורג. ווייַזט אויס, אַז דער פּאָעט, נאָך אַ יונגער מענטש, פאַרשטייט ניט אַ סאַך זאַכן אין דער פּאָליטיק פון אונדזער פּאַרטיי, ער דערלאָזט וואַקלונגען, אומשטאַנדהאַפטיקייַט פון די אָנשויונגען אין די פראַגן פון קונסט. נאָר זייַן אַרויסטרעטונג אויף דער זיצונג פון דער אידעאָלאָגישער קאָמיסיע רופט אַרויס די זיכערקייַט, אַז ער וועט קענען בייַקומען זייַנע וואַקלונגען. מיר וואָלט זיך וועלן ראָטן דעם כ' יעווטושענקאָ און די אַנדערע יונגע ליטעראַטן צו האַלטן טייַער דעם צוטרוי פון די מאַסן, ניט זוכן קיין ביליקע סענסאַציעס, ניט צופּאַסן זיך צו די שטימונגען און געשמאַקן פון די באַלעבעסלעך. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.) שעמט זיך ניט, כ' יעווטושענקאָ, צו אָנערקענען אייַערע פעלערן. האָט קיין מורא ניט דערפאַר, וואָס עס וועלן וועגן אייַך ריידן די אומפּרייַנט. איר דאַרפט קלאָר פאַרשטיין, אַז אויב מיר קריטיקירן אייַך פאַר אָפּגיין פון די פּרינציפּיעלע פּאָזיציעס, הייבן די קעגנער אָן צו לויבן אייַך. אויב די קעגנער פון אונדזער זאַך הייבן אייַך אָן לויבן פאַר די ווערק, וועלכע אַנטשפּרעכן זייערע פאַרלאַנגען, וועט אייַך דאָס פאָלק מיט רעכט קריטיקירן. איז קלייַבט אויס, וואָס איז פאַר אייַך בעסער. (אַפּלאָדיסמענטן.)

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי קעמפט און וועט קעמפן קעגן אַבסטראַקציאָניזם און יעטווידע אַנדערע פאָרמאַליסטישע פאַרקריפּלונגען אין דער קונסט. מיר קאָנען ניט זייַן נייטראַל בענעגייע דעם פאָרמאַליזם. ווען איך בין געווען אין אַמעריקע, האָבן עפּעס אייניקע קינסטלער, —

---

[1] — פונעם רוסישן беспредметно — זאַכלאָז.

[2] — פונעם רוסישן ничего — גאָרנישט.

איך ווייס ניט, צי באַוווּסטע, צי ניט באַוווּסטע, — געשענקט מיר בילדער. נעכטן האָב איך איין באַוויזן די שמירעריי. ווי עס זעט אויס, זײַנען די מענטשן מיר ניט קיין סאָנים, אַנדערש וואָלטן זיי ניט אונטערגעטראָגן מיר אַלס מאַטאָנע די פּראָדוקט פון זייער מי. נאָר אויך בא דעם דאָזיקן באַדינג קאָן איך ניט אַנערקענען, אַז די מאַטאָנע, וואָס מע האָט מיר אונטערגעטראָגן, איז דער העכסטער שעדעווער אָדער ביכלאַל אַ שעדעווער פון דער מאָלעריי־קונסט.

זאָגט, וואָס איז דאָ אויסגעמאָלט? מע טײַנעט, אַז דאָ איז אָנגעמאָלט אַ שטאָט, ווי זי זעט אויס, ווען מע קוקט אַף איר פון אַ בריק. נאָר ווי דו זאָלסט ניט קוקן, זעסטו גאָרנישט, אויסער פאַסיקלעך פון פאַרשיידענע קאָלירן. און די דאָזיקע שמירעריי רופט זיך בילד!

נאָך איינער אַזאַ „שעדעווער". מע זעט פיר אויגן, און עפשער זײַנען פאַראַן דאָ מער אויגן. מע זאָגט, אַז דאָ איז אויסגעמאָלט שווידער, שרעק. צו וואָס פאַר אַ פאַרקריפּלטן אויסזען עס דערפירן די קונסט די אַבסטראַקציאָניסטן! דאָס זײַנען מוסטערן פון דער אַמעריקאַנער מאָלעריי.

און אָט זײַנען עטלעכע פאַלן אין געביט פון אונדזער אַרכיטעקטור־קונסט. אין מאָסקווע, אין סאָקאָלניקי, שטייט אַ קלוב אַף רוסאַקאָווס נאָמען, אויסגעבויט לויטן פּראָיעקט פונעם אַרכי־טעקטאָר כאַווער מעלניקאָוו. דאָס איז אַ מעשונעדיקע, ניט באַקוועמע געבײַדע, וואָס איז ענלעך אַף אַלע שיידים. (אופּלעבונג אין זאַל.) נאָר בעשײַטע איז זי אונטערגעטראָגן געוואָרן אַלס אַ פּראָגרעסיווע נײַס.

אַלס מוסטער פון צופיל פאַרקאַפּט ווערן מיט דער פאָרם אין דער אַרכיטעקטור דינט אויך דער טעאַטער פון דער סאָוועטישער אַרמיי אין מאָסקווע, אויסגעבויט לויטן פּראָיעקט פון די אַרכיטעקטאָרן אַלאַביאַן און סימבירצעוו. קאַהאַנאָוויטש האָט אָנגעבונדן די אַרכיטעקטאָרן די נאַרישע אידיי אויסצובויען אַ טעאַטער אין דער פאָרם פון אַ פינפעקיקן שטערן. איין זאַך איז אַ פינפעקיקער שטערן אַלס אַ סימבאָל, אַלס אַן עמבלעם, אַ צווייטע זאַך — אויסבויען אין דער פאָרם פון אַ שטערן אַ ביניען פאַר פּראַקטישן באַנוץ. וויפל איבעריקע ווינקלען זײַנען דאָרט פאַראַן, וויפל אומנוצלעכער פּלאַץ!

דער טעאַטער פון דער סאָוועטישער אַרמיי איז, אַפּאָנעם, דער סאַמע ניט צוועקמעסיק אויסגעבויטער ביניען. די זאַך איז געווען אַזוי: קאַהאַנאָוויטש האָט מיטגעטיילט וועגן זײַן אידיי סטאַלינען, יענעם איז זי געפעלן געוואָרן, און מע האָט באַשלאָסן אויסצובויען אַ ביניען אין דער פאָרם פון אַ פינפעקיקן שטערן. קיינער זעט ניט דעם דאָזיקן שטערן און וועט ניט זען: מע דאַרף אַף אים קוקן פון הימל. (אַ געלעכטער אין זאַל.) אַ נאַרישע אידיי, אַ גאָב די ניט רײַפע באַגריפן וועגן שיינקײַט און צוועקמעסיקײַט אין דער קונסט און אין לעבן.

עס לייגט זיך פּאַשעט ניט אַפן סייכל, פּאַרוואָס, אין נאָמען פון וואָס פאַרנעמען זיך קלוגע געבילדעטע מענטשן מיט מעשוגענע גענג, קרימען זיך, גיבן אָן אַלס קונסט־ווערק סאַמע אומגעלומפּערטע זאַכן. און דאָס אַרומיקע לעבן איז פול מיט נאַטירלעכער, רעגוונגספולער שיינקײַט.

ערעוו נײַ־יאָר האָב איך זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע פון הינטערן שטאָט. דעם גאַנצן טאָג פון 31 דעקאַבער, פון סאַמע אינדערפרי אָן, האָב איך פאַרבראַכט אין וואַלד. דאָס איז געווען אַ פּאָעטישער טאָג, דער שענסטער טאָג פונעם רוסישן ווינטער, טאַקע פונעם רוסישן ווינטער, ווײַל ניט אומעטום זײַנען אַזעלכע ווינטערס, ווי בא אונדז אין רוסלאַנד. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר אַ קלימאַטישע נאַטור־דערשײַנונג, אַזוי אַז איך בעט ריכטיק פאַרשטיין מיך. (אַ געלעכטער אין זאַל. אַפּלאָדיסמענטן.)

זייער שיין איז געווען דער וואַלד אין יענעם טאָג. זײַן שיינקײַט איז באַשטאַנען דערין, וואָס דער וואַלד איז געווען באַדעקט מיט אַ פּוכיקן פראָסט־טוי. איך געדענק, אין דער יוגנט האָב איך געלייענט עפּעס אַ דערציילונג אינעם זשורנאַל „אָגאָניאָק". איך קאָן זיך ניט דער־מאָנען דעם אויטאָר פון דער דערציילונג. אין איר זײַנען געווען אַזעלכע ווערטער: „ליבע זיל־בערנע שאָטנס". דער אויטאָר האָט באַשריבן אַ סאָד, אַ ווינטערדיק באַפּוצטן. די דערציילונג איז, אַפּאָנעם, געווען גוט אָנגעשריבן, און עפשער איז בא מיר דעמלט געווען אַ קלענערע פאָ־דערונג צו ליטעראַטור. מיר איז אָבער געפעלן געוואָרן די דערציילונג, אויך איצט האָט זיך גוט פאַרהיט אין זיקאָרן דער אײַנדרוק פון איר. באַזונדערס איז מיר געווען געפעלן די באַשרײַ־בונג פון די ביימער אין זייער ווינטערדיקער באַפּוצונג.

אַ שטאַרקן אײַנדרוק האָט אַף מיר געמאַכט דער ווינטערדיקער וואַלד ערעוו נײַ־יאָר, אַזוי וווּנדערלעך שיין איז ער געווען. עפשער זײַנען די שאָטנס ניט געווען קיין זילבערנע, עס קלעקן מיר ניט קיין ווערטער, קעדיי אויסצודריקן דעם טיפן רושעם, וועלכן עס האָט אַף מיר געמאַכט דער וואַלד. איך האָב געקוקט אַפן זון־אויפגאַנג, אַפן וואַלד, וואָס איז באַדעקט מיט פראָסט־טוי. אָט די שיינקײַט קאָנען פאַרשטיין בלויז יענע, וואָס זײַנען געווען אין וואַלד און האָבן אַליין

געזען אַזעלכע לעבעדיקע בילדער. די מײַלע פון אַ קינסטלער באַשטייט טאַקע דערין, וואָס
ער קאָן אָפּסנײַ אויפלעבן און באַשאַפן רעגונגספולע בילדער. נאָר אַזאַ טאַלאַנט פאַרמאָגט
ניט יעדערער.

איך האָב געזאָגט מײַנע באַגלייטער: גיט אַ קוק אויף די יאָדלעס, אויף זייער באַפּוצונג, אויף
די דאָזיקע שנייעלעך, וועלכע שפּילן און פינקלען אין די זון־שטראַלן, ווי וווּנדער־לעך שיין דאָס
איז! און די מאָדערניסטן, אַבסטראַקציאָניסטן אָבער ווילן מאָלן אָט די יאָדלעס מיט די וואָרצלען
אַרויף, און זיי זאָגן, אַז דאָס איז דאָס נײַע, דאָס פּראָגרעסיווע אין דער קונסט.

עס איז אוממעגלעך, אַז אַזאַ קונסט זאָל ווען־עס־איז קאָנען ווערן אָנערקענט דורך נאָר־
מאַלע מענטשן, אַז בײַ מענטשן זאָל אָפּגענומען ווערן די מעגלעכקײַט צו קוויקן זיך מיט די
פאַרביקע בילדער פון דער נאַטור, וועלכע לעבן אויף אין די קונסט־ווערק, וואָס באַפּוצן די זאַלן
פון אונדזערע קלובן, קולטור־הײַזער, וווינונגען.

עפּשער וועלן אייניקע זאָגן, אַז כרושטשאָוו רופט צו פאָטאָגראַפיזם, נאַטוראַליזם אין דער
קונסט. ניין, כאַווײרים! מיר רופן צו עכטער קינסטלערישער שאַפונג, וואָס מאָלט וואָרהאַפטיק
די רעאַלע וועלט אין דער גאַנצער פילאַרטיקײַט פון אירע פאַרבן. בלויז אַזאַ קונסט וועט ברענ־
גען די מענטשן פרייד און פאַרגעניגן. דער מענטש וועט קיינמאָל ניט פאַרלירן דעם קינסטלע־
רישן געשמאַק און וועט ניט דערלאָזן, מע זאָל אים אַלס קונסט־ווערק אונטערטראָגן אַ שמו־
ציקע שמירערײַ, וועלכע יעדער אייזל קאָן אָנפּאַטשקען מיט זײַן עק. (אַפּלאָדיסמענטן.)

עס איז קיין ספק ניט, אַז דאָס פאָלק וועט געפינען אין זיך קויכעס צו געבן אַ ווידער־
שטאַנד אַזעלכע „נאָוואַטאָרן”. און יענע פון זיי, וועלכע האָבן ניט פאַרלאָרן דעם סייכל, וועלן
זיך באַטראַכטן און שטעלן זיך אָפּ אויפן וועג פון דינען דעם פאָלק, שאַפן קינסטלערישע לײַוונטן,
וואָס זײַנען פול מיט פרייד, רופן צו מי.

עס איז ניט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די אָנהענגער פון פאָרמאַליזם, אַבסטראַקציאָניזם זאָגן
וועגן יענע קונסט־טוער, וועלכע שטייען אויף די פּאָזיציעס פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, אַז זיי
זײַנען קאָנסערוואַטאָרן, און די אַבסטראַקציאָניסטן האַלטן זיי פאַר פאָרשטייער פונעם פאָר־
געשריטענעם אין דער קונסט. צי איז פאַראַן דערויף אַ גרונט? איך מיין, אַז קיין שום גרונט
דערצו איז ניטאָ און עס קאָן ניט זײַן, ווײַל דער פאָרמאַליזם און די אַבסטראַקציאָניסטישע
דריידלעך זײַנען פרעמד און אומפאַרשטענדלעך דעם פאָלק. און אַלץ, וואָס דעם פאָלק איז
פרעמד, וואָס ווערט פון אים ניט אונטערגעהאַלטן, קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט זײַן פּראָגרעסיוו!

ניט לאַנג צוריק איז דער קינסטלער א. אי. לאַקטיאָנאָוו אַרויסגעטראָטן אין „פּראַוודאַ”
מיט אַן אַרטיקל, וווּ ער האָט אויסגעדריקט זײַן אומבעשאָלעמדיקע באַציִונג צו דער אַבסטראַק־
ציאָניסטישער קונסט. די אַבסטראַקציאָניסטן און די, וואָס האַלטן זיי אונטער, האָבן געזידלט
דאָס דאָזיקע אַרטיקל דערפאַר, וואָס עס איז קלוימערשט געווידמעט דער קאָנסערוואַטיווער
ריכטונג אין דער קונסט. און דעם כ׳ לאַקטיאָנאָווס מאָלערײַ טרעטירן די דאָזיקע מענטשן אַלס
נאַטוראַליסטישע.

לאָמיר פאַרגלײַכן צוויי קונסט־ווערק — א. לאַקטיאָנאָווס אויטאָפּאָרטרעט און ב. זשוטאָוו־
סקיס אויטאָפּאָרטרעט. וויאַזוי אַנדערע זאָלן ניט טראַכטן און וואָס זיי זאָלן ניט ריידן וועגן
דעם, נאָר פאַר יעדן מענטשן, וואָס פאַרמאָגט אַ געזונטן פאַרשטאַנד און ניט קיין געפּאַטערטן
געשמאַק, איז קלאָר, אַז דעם קינסטלער לאַקטיאָנאָווס בילד ציט צו מיט זײַן מענטשלעכקײַט
און רופט אַרויס אָפּשײַ צום מענטשן. קוקסט אויף דעם בילד, קוויקסט זיך מיט אים און פרייסט
זיך פאַר דעם מענטשן.

און וועמען האָט אָנגעמאָלט ב. זשוטאָווסקי? אַ קריפּל! אַז מע גיט אַ קוק אויף זײַן אויטאָ־
פּאָרטרעט, קאָן מען זיך איבערשרעקן. ווי שעמט זיך דאָס ניט אַ מענטש צו פּאַטערן זײַנע
קויכעס אויף אַזאַ מיִעסקײַט! ווי קומט עס, אַז אַ מענטש האָט געענדיקט אַ סאָוועטישע מיטל־
שול, אַן אינסטיטוט, מע האָט אויף אים געפּאַטערט פאָלקס־געלט, ער עסט ברויט, וואָס געהערט
דעם פאָלק, און מיט וואָס באַצאָלט ער דעם פאָלק, די אַרבעטער און פּויערים פאַר יענע מיטלען,
וועלכע זיי האָבן אויסגעגעבן אויף זײַן בילדונג, פאַר יענע ווערטן, וועלכע זיי גיבן אים איצט, —
אָט מיט אַזאַ אויטאָפּאָרטרעט, מיט אָט דער פּאַסקודסטווע און שוידער? עס איז עקלהאַפט צו
קוקן אויף אַזאַ שמוציקער שמירערײַ און עס איז עקלהאַפט צו הערן יענע, וועלכע פאַרטיידיקן זי.

מיט וואָס פאַר אַ זידלוואָרט מע זאָל ניט אָנרופן די שאַפונג פון די קינסטלער, וועלכע
שטייען אויף די פּאָזיציעס פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, און ווי מע זאָל ניט רימען און לויבן די
אַבסטראַקציאָניסטן און קאָלערליי אַנדערע פאָרמאַליסטן, פאַרשטייען דײַטלעך אַלע נאָרמאַלע
מענטשן, אַז אינעם ערשטן פאַל האָבן מיר צו טאָן מיט עמעסע קינסטלער, מיט עכטער קונסט.

און אין צווייטן — מיט מענטשן פארדאָרבענע, וואָס האָבן, ווי מע זאָגט, קרומע קעפּ, פאר־נעמען זיך מיט ניט אָנשטענדיקער כאלטורע, וואָס באליידיקט דעם מענטשנס געפילן. (אפּלאָ־דיסמענטן.)

די סאָוועטישע געזעלשאפט ווארפט אָפּ אלדאָס טויט־געבוירענע אין דער קונסט, ווי יע־דער לעבעדיקער אָרגאניזם ווארפט אָפּ אָפּגעלעבטע, טויטע קעמערלעך.

א גרויס און וויכטיק אָרט אינעם גײַסטיקן לעבן פון אונדזער פאָלק, אין דער אידעאָלאָ־גישער ארבעט פארנעמט די מוזיק. אין צוזאמענהאנג דערמיט איז נייטיק ארויסצוזאָגן אייניקע געדאנקען וועגן דער צילגעווענדטקײַט פון דער מוזיקאלער שאפונג. מיר ווילן ניט זײַן עפּעס קיין ריכטער צי שטיין באם פולט און דיריזשירן מיט די קאָמפּאָזיטאָרן.

אין דער מוזיק, ווי אין אלע אנדערע מינים קונסט, זײַנען פאראן פארשיידענע זשאנרען, סטילן, פאָרמען. קיינער לייגט ניט ארויף קיין שום פארבאָט אף קיין איינעם פון די דאָזיקע סטילן און זשאנרען. מיר ווילן אָבער פונדעסטוועגן ארויסזאָגן אונדזער באציִונג צו מוזיק, צו אירע אויפגאבן און צילגעווענדטקײַט אין דער מוזיקאלער שאפונג.

אויב ריידן קורץ, זײַנען מיר פאר א מוזיק א מעלאָדישער, אן אינהאלטסרײַכער, וועלכע רעגט דעם מענטשנס נעשאָמע, געבוירט שטארקע געפילן, און מיר טרעטן ארויס קעגן יעט־ווידער קאקאָפאָניע.

ווער קען ניט די לידער וועגן בודיאָניס ארמיי! א סאך גוטע לידער האָבן אָנגעשריבן די קאָמפּאָזיטאָרן — די ברידער פּאָקראס. מיר איז ביז גאָר געפעלן זייער ליד וועגן מאָסקווע, וואָס איז אָנגעשריבן, איך בין זיך מודע, לויט אונדזער באשטעלונג, ווען איך בין געווען סע־קרעטאר פונעם מאָסקווער קאָמיטעט פון דער פּארטיי. איך געדענק, מיר האָבן זיך פארזאמלט אין מאָסקווער קאָמיטעט און איינער פון זיי האָט געשפּילט די דאָזיקע ליד צום ערשטן מאָל. א זינגער איז ער א שוואכלעכער, נאָר מוזיק האָבן די ברידער פּאָקראס אָנגעשריבן גוטע.

און ווי רעגונגספול זײַנען די אלטע רעוואָלוציאָנערע לידער, אזעלכע, ווי „פּארמוטשעט אין פינצטערער טפיסע", „ווארשאוויאנקע"! ווער קען ניט דעם „אינטערנאציאָנאל"? וויפל יאָרן זינגען מיר די דאָזיקע ליד, זי איז געוואָרן דער אינטערנאציאָנאלער הימן פונעם ארבעטער־קלאס. ס'ארא רעוואָלוציאָנערע געדאנקען און געפילן זי וועקט אויף, זי הייבט אויף דעם מענטשן, מאָביליזירט אים קעגן די סאָנים פון די ארבעטנדיקע!

ווען איך הער גלינקעס מוזיק, באווײַזן זיך שטענדיק אף מײַנע אויגן טרערן פון פרייד.

עפּשער איז דאָס ניט אין דער מאָדע, פארעלטערט, און איך בין שוין לויט די יאָרן ניט קיין יונגערמאן, נאָר מיר געפעלט, ווען דאוויד אויסטראך שפּילט אפן פידל; מיר געפעלט אויך זייער, ווען עס טרעט ארויס דער פידלער־קאָלעקטיוו פון גרויסן טעאטער, איך ווייס ניט, ווי דער דאָזיקער קאָלעקטיוו הייסט אף דער פּראָפעסיאָנעלער שפּראך. א סאך מאָל האָב איך גע־הערט זײַנע ארויסטרעטונגען און שטענדיק האָב איך געהאט גרויס פארגעניגן.

פארשטייט זיך, איך פּרעטענדיר ניט דערויף, אז מײַן כוש פאר מוזיק זאָל ווערן עפּעס א נאָרמע פאר אלעמען. מיר קאָנען דאָך אָבער אויך ניט אונטערבאמקען יענעם, ווער עס דערלאנגט א קאקאָפאָניע פון קלאנגען אלס עכטע מוזיק, און די מוזיק, וועלכע איז באליבט באם פאָלק, ווערט טרעטירט דורך אייניקע מענטשן, ווי א פארעלטערטע.

יעדעס פאָלק האָט זײַנע טראדיציעס אין דער מוזיק און האָט ליב זײַנע נאציאָנאלע פאָלקס־מעלאָדיעס און לידער. איך בין געבוירן אין א רוסיש דאָרף, דערצויגן געוואָרן אף דער רוסישער און אוקראיִנישער פאָלקסמוזיק, אף אירע מעלאָדיעס און פאָלקסלידער. איך האָב גרויס האנאָע צו הערן די לידער פון סאָלאָוויאָוו־סעדאָי, די ליד פונעם קאָמפּאָזיטאָר קאָלמאנאָווסקי אף די ווערטער פונעם דיכטער יעווטושענקאָ „צי ווילן די רוסן א מילכאָמע". מיר זײַנען זייער געפעלן אויך אוקראיִנישע לידער; איך האָב ליב די ליד „דאָס האנטעכל", אָנגעשריבן פונעם קאָמפּאָזיטאָר פּ. מײַבאָראָדא אף די ווערטער פון אנדריי מאלישקאָ. דו הערסט די ליד און עס ווילט זיך נאָכאמאָל הערן זי. בא אונדז זײַנען פאראן א סאך גוטע קאָמפּאָזיטאָרן, און זיי האָבן אָנגעשריבן א סאך גוטע לידער, נאָר איך קאָן ניט, ווי איר פארשטייט, אלעמען איבערעכענען אין מײַן ארויסטרעטונג.

אין דער מוזיקאלער שאפונג זײַנען פאראן אויך ערנסטע כעסרוינעס. מע קאָן ניט האלטן פאר נאָרמאל דאָס אָפּגעבן זיך צופיל מיט דזשאז־מוזיק און מיט דזשאזן, ווי עס לאָזט זיך מערקן די לעצטע צײַט. מע דארף ניט מיינען, אז מיר זײַנען קעגנער פון יעטווידער מוזיק פאר זיי דזשאזן, עס זײַנען פאראן פארשיידענע דזשאזן און עס טרעפט פארשיידענע מוזיק פאר זיי. דו־נאיעווסקי האָט געקענט שרײַבן גוטע מוזיק אויך פאר דזשאזן. מיר געפעלן אייניקע לידער אין

דער אויספירונג פונעם דזשאַז, מיט וועלכן עס פירט אָן לעאַניד אוטיאָסאָוו. נאָר עס טרעפט אויך אַזאַ מוזיק, פון וועלכער עס קערט צום ברעכן, עס הייבן זיך אָן שטעכענישן אין מאָגן.

נאָכן פלענום פונעם קאָמפּאָזיטאָרן־פאַרבאַנד פון רספסר האָט כאָוער שאָסטאַקאָוויטש איינגעלאַדן אונדז אויף אַ קאָנצערט אין קרעמל־טעאַטער. כאָטש מיר זײַנען געווען זייער פאַרנומען, נאָר מיר זײַנען געגאַנגען הערן די מוזיק, מע האָט אונדז געזאָגט, אַז דער קאָנצערט וועט זײַן אַן אינטערעסאַנטער. און דאָרט זײַנען בעעמעס געווען, ווי מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אינטערעסאַנטע אַרויסטרעטונגען. דערנאָך אָבער האָט מען, אומבאַוווסט פאַרוואָס, אַרויסגעלאָזט אויף דער בינע אײַן דזשאַז, אַ צווייטן, אַ דריטן, דערנאָך אַלע דרײַ מיטאַמאָל. אפילו פון גוטס, אויב מע כאַפּט איבער די מאָס, ווערט שווער, און אויסהאַלטן אַזאַ זאַלפּ פון דזשאַז־מוזיק איז געווען איבער די קויכעס. כאָטש באַהאַלטן זיך, נאָר — וווהין?

מוזיק, אין וועלכער עס איז ניטאָ קיין מעלאָדיע, קאָן גאָרנישט ניט אַרויסרופן, אויסער אופּרייצונג. מע זאָגט, אַז דאָס שטאַמט פון ניט פאַרשטיין. עמעס טאַקע, עס טרעפט אַזאַ דזשאַז־מוזיק, וואָס סײַ מע קאָן זי ניט פאַרשטיין, סײַ עס איז עקלהאַפט צו הערן זי.

אַ געפיל פון דערווידערונג רופן אַרויס אייניקע אַזויגערופענע הײַנטצײַטיקע טענץ, וועלכע זײַנען פאַרשלעפּט געוואָרן אין אונדזער לאַנד פון מײַרעוו. איך בין אַ סאַך אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד. איך האָב געזען רוסישע, אוקראַיִנישע, קאַזאַכישע, אוזבעקישע, אַרמענישע, גרוזינישע און אַנדערע טענץ. דאָס זײַנען שיינע טענץ, עס איז אָנגענעם צו קוקן אויף זיי. און דאָס, וואָס מע רופט הײַנטצײַטיקע טענץ, וועלכע זײַנען אין דער מאָדע, דאָס איז עפּעס אַ מין אומאָנשטענדיקײַט, ווילדער עקסטאַז, דער טײַוול וויסט וואָס! מע זאָגט, אַז אַזאַ אומאָנשטענדיקײַט קאָן מען זען בלויז אין די סעקטעס פון טריאַסונעס[1]. איך קאָן עס ניט באַשטעטיקן, ווײַל איך אַליין בין קיינמאָל ניט געווען אויף די אַסיפעס פון די טריאַסונעס. (אַ געלעכטער אין זאַל.)

ווײַזט זיך אַרויס, אַז צווישן די שעפערישע טוער טרעפן זיך אַזעלכע יונגעלײַט, וואָס מיִען זיך צו דערווײַזן, אַז די מעלאָדיע אין מוזיק האָט קלוימערשט פאַרלאָרן דאָס רעכט אויף עקזיסטענץ און אויף איר אָרט קומט די „נײַע" מוזיק — די „דאָדעקאַפאָניע", די מוזיק פון געראַוויש. אַ נאָרמאַלער מענטש קאָן ניט פאַרשטיין, וואָס מיינט מען מיטן וואָרט „דאָדעקאַפאָניע", ווײַזט אויס, אַז דאָס איז זעלבע, ווי קאַקאָפאָניע. איז אָט די דאָזיקע קאַקאָפאָניע אין דער מוזיק וואַרפן מיר אָפּ אינגאַנצן. אונדזער פאָלק קאָן ניט נעמען אויף זײַן אידייִישער באַוואָפענונג דאָס דאָזיקע מיסט.

אויסרופן: ריכטיק! (אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר זײַנען פאַר מוזיק, וואָס באַגײַסטערט, וואָס רופט צו העלדנמוט און צו אַרבעט. אַ סאָלדאַט, ווען ער גייט אין שלאַכט, נעמט מיט דאָס, וואָס איז אים נייטיק, אויך דעם אָרקעסטער לאָזט ער קיינמאָל ניט איבער. אין מאַרש באַגײַסטערט דער אָרקעסטער. מוזיק פאַר אַזעלכע אָרקעסטערס קאָנען שאַפן און עס שאַפן די קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע שטייען אויף די פּאָזיציעס פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, רײַסן זיך ניט אָפּ פונעם לעבן, פונעם קאַמף פון פאָלק און ווערן געשטיצט דורכן פאָלק.

אונדזער פּאָליטיק אין דער קונסט, די פּאָליטיק פון אומבעשאָלעמדיקײַט צו אַבסטראַקציאָניזם, פאָרמאַליזם און יעטווידע אַנדערע בורזשואַזע פאַרקריפּלונגען, איז אַ לענינישע פּאָליטיק, וועלכע מיר האָבן דורכגעפירט, פירן דורך און וועלן דורכפירן קאָנסעקווענט. (אַפּלאָדיסמענטן.)

וולאַדימיר איליטש לענין האָט באַהויפּט, אַז די ליטעראַטור און קונסט דאַרפן דינען די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פויערים, די אינטערעסן פונעם פאָלק.

די אַזויגערופענע לינקע קונסט, צו וועלכער אייניקע זינגען דיפיראַמבן, האָט וולאַדימיר איליטש אָנגערופן אומגעלומפּערטע קרימערײַ, איבערנאַטירלעכע און אָנגעטראַכטע. איצט ווערט פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז לענין האָט קלוימערשט זיך באַצויגן מיט טאָלעראַנץ און שיר ניט מיט סימפּאַטיע צו די פאָרמאַליסטישע איבונגען אין דער קונסט. צום פאַרשפּרייטן דעם ליגן וועגן לענינס אָנשויונגען אויף דער קונסט האָט, צום באַדויערן, אַ שײַכעס אויך דער כ' ערענבורג. אין זײַנע מעמואַרן שרײַבט ער: „אַ. וו. לונאַטשאַרסקי האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער האָט געפרעגט לענינען, צי מעג מען לאָזן די „לינקע" קינסטלער באַפּוצן צום ערשטן מײַ דעם רויטן פּלאַץ, האָט וולאַדימיר איליטש געענטפערט: „איך בין אין דעם ניט קיין ספּעציאַליסט, איך וויל ניט אָנבינדן אַנדערע מײַנע גוסטן".

דאָ גיט כ' ערענבורג אָנצוהערן דעם לייענער, אַז לענין האָט קלוימערשט דערלאָזן

---

[1] — פונעם רוסישן וואָרט трясkа — טרייסלונג.

די מעגלעכקייט פון קאָעקזיסטענץ פון פאַרשיידענע אידייִשע ריכטונגען אין דער סאָוועטי־
שער קונסט.

דאָס איז ניט ריכטיק, כאַווער ערענבורג! איך ווייסט גוט, אַז גראָד לענין האָט אַרויס־
געררוקט דעם פּרינציפּ פון אידייִשקייט און פּאַרטייִשקייט פון דער ליטעראַטור און קונסט.
דאָס האָבן דערנאָך הייס אונטערגעהאַלטן גאָרקי און אַנדערע שרײַבער, וועלכע האָבן זיך
פעסט געשטעלט אויף די פּאָזיציעס פון דער סאָוועטנמאַכט, אויף די פּאָזיציעס פון קאַמף פאַר דער
זאַך פונעם אַרבעטער־קלאַס, אויף די פּאָזיציעס פון קאַמף פאַרן זיג פונעם קאָמוניזם.

פאַר דער פּאַרטייִשקייט, אידייִשקייט און קינסטלערישער מײַסטערשאַפט האָט וולאַ־
דימיר איליטש לענין הויך געשעצט מאַקסים גאָרקיס דערציילונג „די מוטער“.

אין דער קינסטלערישער מײַסטערשאַפט, אין דער קלאָרקייט און דײַטלעכקייט פון די
אידייִשע פּאָזיציעס איז די קראַפט פון קינסטלערישע ווערק. ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז ניט
אַלעמען איז דאָס געפעלן. צומאָל אַטאַקירט מען די אידייִשע קלאָרקייט פון די ווערק פון דער
ליטעראַטור און קונסט אונטערן טערעץ פון קאַמף קעגן ריטאָרישקייט און דידאַקטישקייט. אין
אַ באַזונדערס אָפענער פאָרם האָבן זיך אַזעלכע שטימונגען אַנטפּלעקט אין נעקראַסאָווס נאָ־
טיצן „פוןביידע זײַטן אָקעאַן“, אָפּגעדרוקט אינעם זשורנאַל „נאָווי מיר“. אָפּשאַצנדיק דעם פילם
„די איליטש־זאַסטאַווע“, וואָס איז נאָך ניט באַוויזן אויפן עקראַן, שרײַבט ער: „איך בין אַן אַ גרע־
נעץ דאַנקבאַר כוציעוון און שפּאַליקאָוון, וואָס זיי האָבן אויפן עקראַן ניט אַרויסגעשלעפּט פאַר
די גראָוו ווערנדיקע וואָנצעס דעם אַלטן אַרבעטער, וואָס פאַרשטייט אַלץ, האָט אויף אַלץ אַ דײַט־
לעכן, אַ קלאָרן ענטפער. ווען ער וואָלט זיך באַוויזן און געקומען לערנען סייכל — וואָלט דאָס
בילד אומגעקומען“.

אויסרופן: אַ שאַנדע!

און דאָס שרײַבט אַ סאָוועטישער שריפטשטעלער אין אַ סאָוועטישן זשורנאַל! מע קאָן ניט
אָן אויפגעבראַכטקייט לייענען אַזעלכע זאַכן, וועלכע זײַנען אָנגעשריבן וועגן אַן אַלטן אַרבעטער
אין אַ גרויסהאַלטערישן ביטל־טאָן. איך מיין, אַז אַזאַ טאָן איז לאַכלוטן ניט דערלאָזבאַר פאַר אַ
סאָוועטישן שרײַבער.

דערצו איז אין די נאָטיצן, וועלכע איך האָב אָנגערופן, אויסגעדריקט די באַציִונג ניט
בלויז צו אַ פּריוואַטן פאַל אין דער קונסט; דאָ ווערט פּראָקלאַמירט אַ פּרינציפּ, וואָס איז אַבסאָ־
ליוט ניט אָננעמבאַר פאַר אונדזער קונסט. און דאָס קאָן נישט ניט אַרויסרופן אונדזער אַנטשיי־
דנסטע דערווידערונג.

## די אָנפירונג פון דער לענינישער פּאַרטיי איז די גאַראַנטיע פון אַלע אונדזערע דערפאָלגן

צווישן אייניקע מענטשן קאָן מען הערן שמועסן וועגן עפּעס אַן אַבסאָליוטער פרײַהײַט
פון דער פּערזענלעכקייט. איך ווייס ניט, וואָס מע האָט דאָ אין זין, נאָר איך האַלט, אַז קיין אַב־
סאָליוטע פרײַהײַט פון דער פּערזענלעכקייט וועט קיינמאָל ניט זײַן, אַפילו באַם פולן קאָמו־
ניזם. „מיר גלויבן ניט אין קיין „אַבסאָליוטן“, — האָט בעשײַטע געענטפערט וולאַדימיר אי־
ליטש לענין די אָנהענגער פון „אַבסאָליוטער פרײַהײַט“ (ווערק, באַנד 32, ז. 479). אויך באַם
קאָמוניזם דאַרף דער ווילן פון איין מענטשן אונטערוואַרפן זיך דעם ווילן פונעם גאַנצן קאָלעק־
טיוו. אויב דאָס וועט ניט זײַן, וועט דער אַנאַרכישער ווילקיר אַרײַנטראָגן אַן אומאָרדענונג און
וועט דעזאָרגאַניזירן דאָס לעבן פון דער געזעלשאַפט. אָן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן, אָנפירנדיקן יע־
סאָד קאָן נישט עקזיסטירן ניט בלויז די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, נאָר אויך קיין שום געזעל־
שאַפטלעכע סיסטעם, אַפילו דער סאַמע קלענסטער קאָלעקטיוו מענטשן.

עס איז ניטאָ קיין נויט צו דערווײַזן, אַז אויף אַלע שטאַפּלען פון דער געזעלשאַפטלעכער
אַנטוויקלונג, אָנגעהויבן פונעם אורשפּרינגלעכן צושטאַנד, האָבן די מענטשן זיך פאַראייניקט אין
קאָלעקטיוון, קעדיי צו דעראָבערן לעבנס־מיטלען. און אין אונדזער צײַט, אין דער צײַט פון
אַטאָם, עלעקטראָניק און קיבערנעטיק, אַווטאָמאַטיק, שטראָם־ליניעס, פאָדערט זיך אַוואַדע אַ
פּינקטלעכקייט, אידעאַלע האַרמאָניע און אָרגאַניזירטקייט פון אַלע רינגען פון דער געזעלשאַפט־
לעכער סיסטעם סײַ אין דער ספער פון מאַטעריעלער פּראָדוקציע, סײַ אין געביט פון גײַסטיקן
לעבן. בלויז אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן מען געניסן פון אַלע ווערטן פון דער וויסנשאַפט,
וועלכע דער מענטש האָט געשאַפן, און שטעלט זיי זיך צו דינסט.

צי וועלן מעגלעך זײַן באַם קאָמוניזם פאַלן פון ברעכן די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג,
אָפּנייגונגען פונעם ווילן פון קאָלעקטיוו. יאָ, עס וועלן מעגלעך זײַן. נאָר אָפּאָנעם, ווי איינצלנע
פאַקטן. מע קאָן ניט האַלטן, אַז עס וועלן זײַן אויסגעשלאָסן פאַלן פון אַ פּסיכישער קרענק און

אז פסיכיש קראנקע מענטשן וועלן ניט קאָנען ברעכן די קלאָלים פון צוזאמענוווינונג. איך ווייס ניט וואָסערע, נאָר געוויס וועלן וועלכע־ניט־איז מיטלען עקזיסטירן, קעדיי ניט דערלאָזן, אז מעשוגאָים זאָלן ארויסוואַרפן זייערע שטיק. אויך איצט איז דאָך פאראן א צוים־העמד, וואָס מע טוט אָן אָף מעשוגאָים און דערמיט גופע נעמט מען בא זיי צו די מעגלעכקייט צו ווילדעווען און אָנטאָן שאָדן זיך און די ארומיקע מענטשן.

אין די היינטצייטיקע באַדינגונגען קומט אונדז אויס צו פירן אן איינגעשפאַרטן קאַמף קעגן די איבערבלייבעכצן פון דער פאַרגאנגענהייט אינווייניק אין לאנד און אָפּשלאָגן די אטא־קעס פונעם אָרגאניזירטן קלאַסן־פיינט אָף דער צווישנפעלקערלעכער ארענע. אָט וועגן וואָס מיר האָבן קיין רעכט ניט צו פארגעסן אָף קיין איין רעגע. אָבער וועט־ניט־וועט פרווט זיך שטויסן אונדז אַפּן וועג פון פרידלעכער אידעאָלאָגישער קאָעקזיסטענץ, אונטערוואַרפן צו אונדז די טוכלע אידיי פון „אבסאָליוטער פרייהייט“. אויב יעדער איינער וועט אָנבינדן דער געזעל־שאַפט זיינע סובעקטיוויסטישע אָנשויונגען, מאכנדיק זיי אלס קלאל פאַר אַלעמען, און פאָדערן, אז זיי זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן אין קעגנזאץ צו די אלגעמיין אָנגענומענע נאָרמעס פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, קאָן דאָס אומפאַרמיידלעך ברענגען צו דער דעזאָרגאניזאציע פונעם נאָרמאַלן לעבן פון די מענטשן, פון דער טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט. די געזעל־שאַפט קאָן ניט דערלאָזן קיין אנארכיע און ווילקיר מיצאַד וועמען עס זאָל ניט זיין.

די אָנפירנדיקע קראַפט פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איז די קאָמוניסטישע פארטיי פונעם סאָוועטנפארבאַנד. זי דריקט אויס דעם ווילן פונעם גאַנצן סאָוועטישן פאָלק, און דער קאַמף פאַר די קאַרדינאַלע אינטערעסן פונעם פאָלק איז דער ציל פון איר טעטיקייט. די פארטיי געניסט פונעם צוטרוי פון פאָלק, וועלכן זי האָט דעראָבערט און דעראָבערט אויך ווייטער מיט איר קאַמף, מיט איר בלוט. און אַלץ, וואָס שטערט די אינטערעסן פונעם פאָלק, וועט די פארטיי באַזייטיקן פונעם וועג פון דער בויונג פונעם קאָמוניזם. (דויערנדיקע אפּלאָ־דיסמענטן.)

מיר דאַרפן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין דער פראַגע וועגן הומאַניזם, אין דעם, וואָס און פאַר וועמען עס איז גוט, וואָס און פאַר וועמען עס איז שלעכט. אין דעם פראַט, ווי אין אַלץ, גייען מיר צו פונעם קלאַסן־שטאַנדפּונקט, פון די פּאָזיציעס פון פארטיידיקן די אינטערעסן פון די ארבעטנדיקע. אין לעבן איז ניטאָ אַזוינס, וואָס זאָל זיין אבסאָליוט גוט, קאָלזמאַן עס עקזיסטירן אָף דער וועלט קלאַסן. דאָס, וואָס איז גוט פאַר דער בורזשואַזיע, פאַר די אימפּעריאַליסטן, דאָס איז אן אומגליק פאַרן ארבעטער־קלאַס און, פאַרקערט, וואָס עס איז גוט פאַר די ארבעטנ־דיקע, דאָס אנערקענען ניט די אימפּעריאַליסטן, די בורזשואַזיע.

מיר וואָלטן וועלן, אז אונדזערע פּרינציפּן זאָלן גוט פאַרשטאַנען ווערן פון אַלעמען, באַ־זונדערס פון יענע, וואָס פרווון אָנבינדן אונדז די פרידלעכע קאָעקזיסטענץ אין געביט פון אידעאָלאָגיע. אין דער פּאָליטיק קאָנען קיין שפּאַסן ניט זיין. ווער עס פאַרטיידיקט די אידיי פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ אין דער אידעאָלאָגיע, יענער פויזעט אָביעקטיוו אראָפּ אָף די פּאָזי־ציעס פון אנטיקאָמוניזם. די פיינט פונעם קאָמוניזם וואָלטן וועלן, מיר זאָלן זיך אידייאיש אנט־וואָפענען. און דערגרייכן דעם דאָזיקן כיטרע־בייזן ציל זייערן פרווון זיי דורך דער פּראָפּאַ־גאנדע פון פרידלעכער קאָעקזיסטענץ פון אידעאָלאָגיעס, מיט דער הילף פון דעם דאָזיקן „טראָ־יאַנישן פערד“, וועלכן זיי וואָלטן כיישעק געהאַט ארייַנצופירן צו אונדז.

מיר זיינען זיכער, אז באַליביקע פרווון פון די פיינט פונעם סאָציאַליזם און קאָמוניזם, געווענדעטע קעגן אונדזער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער אידעאָלאָגיע, וועלן צעקלאַפּט ווערן אין דער מאַנאָליטער אידייאישער און פּאָליטישער איינהייט פונעם ארבעטער־קלאַס, קאָלווירטישן פויער־טום, פאָלקס־אינטעליגענץ פון אונדזער לאַנד. (שטורמישע אפּלאָדיסמענטן.)

די פּרעסע און ראַדיאָ, ליטעראַטור, מאָלעריי־קונסט, מוזיק, קינאָ, טעאַטער — דאָס אַלץ איז א שאַרף אידייאיש געווער פון אונדזער פארטיי. און די פארטיי זאָרגט זיך, אז דאָס דאָזיקע געווער אירס זאָל שטענדיק זיין אין א צושטאַנד פון שלאַכט־גרייטקייט, זאָל דערלאַנגען טרעפ־לעכע קלעפּ די סאָנים. די פארטיי וועט קיינעם ניט דערלויבן צו אָפּטעמפּן דאָס געווער, צו אָפּשוואַכן די קראַפט פון זיין אופווירקונג.

די סאָוועטישע ליטעראַטור און קונסט אנטוויקלען זיך אונטער דער אומיטלבאַרער אָנפי־רונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי און פון איר צענטראַל־קאָמיטעט. די פארטיי האָט דער־צויגן אויסגעצייכנטע, טאַלאַנטפולע קאַדרען שרייבער, קינסטלער, קאָמפּאָזיטאָרן, טוער פון קינאָ און טעאַטער, וועלכע האָבן פעסט פאַרבונדן זייער לעבן, זייער שאַפונג מיט דער לעניני־שער פארטיי און מיטן פאָלק.

די פארטיי, דאָס פאָלק, לענין — זיינען ניט אָפּצוטיילן איינס פונעם צווייטן. לענינס זאַך

איז די זאַך פון דער פּאַרטיי און פונעם פאָלק. וועגן דעם האָט גוט געזאָגט דער אויסגעצייכנ־טער דיכטער וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי:

„די פּאַרטיי און לענין
זײַנען ברידער צווי, —
פאַר דער מוטער־געשיכטע
איז עס גלײַך ווי איינער.
מיר זאָגן — לענין,
און מיר מיינען —
פּאַרטיי,
מיר זאָגן —
פּאַרטיי,
און לענינען
מיר מיינען“[1].

די לענינישע פּאַרטיי איז דער פאָרגעשריטענער טייל, דער אויסגעפּרוּווטער שלאַכט־אַוואַנגאַרד פונעם פאָלק.

יעדער בירגער פון אונדזער לאַנד, ווער דאָס זאָל ניט זײַן: אַן אַרבעטער אָדער אַ קאָל־ווירטניק, אַ געלערנטער אָדער אַ שרײַבער, אַ קינסטלער אָדער אַ קאָמפּאָזיטאָר — זײַנען זיין און טעכטער פון זייער פאָלק און זיי שטעלן זיך ניט פאַר זייער עקזיסטענץ אויסער דעם לעבן פון פאָלק, אויסער זײַן שאַפונגס־טעטיקייט. די פּאַרטייאישקייט און פאָלקישקייט אין דער קונסט ווידערשפּרעכן ניט איינע די אַנדערע, זיי בילדן איין גאַנצעס!

יענע שעפערישע טוער, וועלכע האָבן נאָך ניט אַזאַ פאַרשטאַנד וועגן זייער אָרט אין דער געזעלשאַפט, דאַרף מען העלפן, אַז זיי זאָלן דאָס גוט באַגרײַפן.

פּונקט ווי אַ דיריזשאָר אינעם אָרקעסטער גיט אַכטונג, אַז אַלע אינסטרומענטן זאָלן קלינ־גען אין אוניסאָן און האַרמאָניש, אַזוי ריכטעט די פּאַרטיי אינעם געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן לעבן די באַמיִונגען פון אַלע סאָוועטישע מענטשן צו דערגרייכן דעם איינהײַטלעכן ציל.

די סאָציִאַליסטישע געזעלשאַפט באַזײַטיקט דורך דער פּאַרטיי, אַלס אָנפירנדיקע קראַפט, די שטרויכלונגען, וועלכע שטערן דעם נאָרמאַלן לעבן פון די מענטשן, און זי שאַפט די נייטיקע מאַטעריִעלע, קולטורעלע, אידייִשע פאָרהאַנאַכעס פאַר דער אופבויונג פונעם קאָמוניזם.

די פּאַרטיי־קריטיק קעגן די פאָרמאַליסטישע פאַרקריפּלונגען ווערט פאַרווירקלעכט אין די אינטערעסן פון דער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור און קונסט, וועלכע שפּילן אַ וויכטיקע ראָליע אינעם גײַסטיקן לעבן פון אונדזער געזעלשאַפט.

אין דער ליטעראַטור און קונסט שטיצט די פּאַרטיי בלויז יענע ווערק, וועלכע באַגײַסטערן דאָס פאָלק און באַהעפטן זײַנע קרעפטן. די געזעלשאַפט האָט רעכט צו פאַרורטיילן אַזעלכע ווערק, וועלכע געפינען זיך אין אַ ווידערשפּרוך מיט אירע אינטערעסן.

מיר אַלע לעבן אויף די מיטלען, וועלכע זײַנען געשאַפן דורכן פאָלק, און דערפאַר זײַנען מיר מעכויעוו צו צאָלן דעם פאָלק מיט אונדזער מי. יעדער איינער דאַרף, ווי די בין אין בינ־שטאָק, דערגאַנצן מיט זײַן בײַטראָג די מאַטעריִעלע און גײַסטיקע אוצרעס פון דער געזעל־שאַפט. עס קאָנען זיך געפינען מענטשן, וואָס וועלן זאָגן, אַז זיי זײַנען דערמיט ניט מאַסקים, אַז דאָס איז געוואַלט איבער דער פּערזענלעכקײַט, אַ צוריק־קער צו די פאַרגאַנגענע צײַטן. דערויף וועל איך ענטפערן: מיר לעבן אין אַן אָרגאַניזירטער סאָציִאַליסטישער געזעלשאַפט, ווו די אינטערעסן פון דער פּערזענלעכקײַט שטימען מיט די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט און געפינען זיך ניט אין קיין ווידערשפּרוך מיט זיי.

די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי דריקט אויס די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט אינגאַנצן גענומען, הייסט עס, אויך פון יעטווידער פּערזענלעכקײַט באַזונדער, און די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי פירט דורך אין לעבן דער צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס האָט דעם צוטרוי פון דער פּאַרטיי, איז אויסגעוויילט לויט איר באַפולמעכטיקונג דורכן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. (שטורמישע אַפּלאָ־דיסמענטן.)

אין די פראַגן פון קינסטלערישער שאַפונג וועט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי פאָדערן בײַ אַלעמען — סײַ בײַ דעם סאַמע פאַרדינסטפולן, סײַ בײַ דעם סאַמע באַוווסטן טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט, סײַ בײַ דעם יונגן, אָנפאַנגערישן שעפערישן טוער — די קאָנ־סעקווענטע דורכפירונג פון דער פּאַרטייאישער ליניע.

די לעצטע צײַט איז אין די ליטעראַריש־קינסטלערישע זשורנאַלן אָפּגעדרוקט, און אויך אַרויסגעגעבן דורך די פאַרלאַגן, אַ היפּש ביסל ווערק וועגן דעם לעבן פון דער סאָוועטישער

---

[1] איבערגעזעצט פון עמ. קאַזאַקעוויטש.

געזעלשאפט אינעם פעריאָד פונעם פערזאָנען-קולט און אין אונדזער צײַט. די שטרעבונג פון די שרײַבער צו פאַנאַנדערקלײַבן זיך אין די שווערע און קאָמפּליצירטע דערשײַנונגען פונעם אָוואר איז גאַנץ געזעצמעסיק. עס איז באַוווּסט, אַז דער צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי האָט אונטערגעהאַלטן אַ ריי ווערק פון סאַמע שאַרפן קריטישן כאַראַקטער.

מע דאַרף אָבער זאָגן, אַז עס באַווײַזן זיך אויך אַזעלכע ביכער, וווּ עס ווערט, לויט אונדזער מיינונג, געגעבן, אַמווייניקסטן, אַן אומפּינקטלעכע, און, בעסער געזאָגט, אַ ניט ריכטיקע, איינזײַטיקע באַלויכטונג פון די דערשײַנונגען און געשעענישן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיטן פּערזאָנען-קולט, און אויך פונעם טאָך פון יענע פּרינציפּיעלע, קאַרדינאַלע ענדערונגען, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען און קומען פאָר אינעם געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און גײַסטיקן לעבן פונעם פאָלק נאָכן XX פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. צו אַזעלכע ביכער וואָלט איך פאַררעכנט דעם כ' ערענבורגס דערציילונג „אָן אָדליגע“.

מיטן באַגריף אָדליגע איז פאַרבונדן די פאָרשטעלונג וועגן אַ צײַט, ווען עס איז ניטאָ קיין שטאַנדהאַפטיקייט, באַשטענדיקייט, פאַרענדיקטקייט, ווען די נאַטור איז פול מיט טעמפּעראַטור-וואַקלונגען, ווען עס איז שווער צו פאָרויסזען, ווי‏אַזוי און אין וואָס פאַר אַ ריכטונג עס וועט זיך אײַנשטעלן דער וועטער. מיט אַזאַ ליטעראַריש בילד קאָן מען ניט שאַפן קיין ריכטיקע מיינונג וועגן דעם מעהוס פון יענע פּרינציפּיעלע ענדערונגען, וועלכע זײַנען נאָך סטאַלינס טויט פאָרגעקומען אינעם געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן, פּראָדוצירישן און גײַסטיקן לעבן פון דער סאָוועטישער געזעלשאַפט.

פאַר אונדזער פאָלק האָט זיך געעפנט די קלאָרע, ליכטיקע פּערספּעקטיוו פונעם קאָמוניסטישן מאָרגן. דאָס באַוווּסטזײַן, אַז שוין דער הײַנטיקער דאָר וועט לעבן באַם קאָמוניזם, פילט אָן די הערצער פון די סאָוועטישע מענטשן מיט אַ געפיל פון שטאָלץ פאַר זייער לאַנד, באַגײַסטערט זיי צו העלדנטאַטן אין דער אַרבעט לעשעם דעם קאָמוניזם. אַלע אין אונדזער לאַנד עטעמען איצט פרײַ, באַציִען זיך איינער צום צווייטן מיט צוטרוי, אָן כשאַד, זײַנען רויק פאַר זייער הײַנט און מאָרגן, וואָס ווערט זיי גאַראַנטירט דורך דער גאַנצער לעבנס-אָרדענונג.

האָבנדיק ליקווידירט די פאָלגן פון סטאַלינס פערזאָנען-קולט, האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי באַזײַטיקט אַלע שטערונגען, וועלכע האָבן געהאַמעוועט די איניציאַטיוו און די אַקטיווקײַט פון די אַרבעטנדיקע, און האָט געשאַפן די סאַמע גינסטיקע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די שעפערישע קרעפטן פונעם פאָלק.

עס איז אָנגעקומען אַ נײַער פעריאָד אינעם לעבן פון דער פּאַרטיי און פאָלק. בײַקומענדיק די שעדלעכע פאָלגן פונעם פערזאָנען-קולט, האָט די פּאַרטיי געפירט און זי פירט אויך ווײַטער אָן אַנטשיידענעם קורס אָף אופשטעלן די לענינישע נאָרמעס פונעם פּאַרטייישן און מעלוכישן לעבן, צו אַנטוויקלען ווײַטער די סאָציאַליסטישע דעמאָקראַטיע און מאָביליזירן אַלע קרעפטן פאַר דער פאַנאַנדערגעוויקלטער בויונג פונעם קאָמוניזם. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

דאָס באַטײַט אָבער קלאָל ניט, אַז איצט, נאָכן פאַרורטיילן דעם פערזאָנען-קולט, איז אָנגעקומען די צײַט פון זעלבסטשטראָם, אַז עס איז קלוימערשט אָפּגעשוואַכט געוואָרן די אָנפירונג, אַז די געזעלשאַפטלעכע שיף טראָגט זיך לויטן ווילן פון די כוואַליעס און יעדער איינער קאָן טאָן אַלץ לויט זײַן אייגענעם קאַפּריז, פירן זיך, ווי אים גלוסט זיך. ניין, די פּאַרטיי האָט דורכגעפירט און וועט קאָנסעקווענט און פעסט דורכפירן דעם לענינישן קורס, וועלכן זי האָט אויסגעאַרבעט, זי וועט אומבעשאָלעמדיק אַרויסטרעטן קעגן יעטווידע אידייישע וואַקלונגען און פּרוּוון צו ברעכן די לעבנס-נאָרמעס פון אונדזער געזעלשאַפט.

עס ווילט זיך באַרירן נאָך איין פראַגע, וואָס איז פאַרבונדן מיטן באַלײַכטן אין דער ליטעראַטור דעם פעריאָד פונעם פערזאָנען-קולט. מע דערציילט, אַז אין די זשורנאַלן און פאַרלאַגן שטראָמען מאַנוסקריפּטן וועגן דעם לעבן פון מענטשן אין פאַרשיקונג, אין די טורמעס, אין די לאַגערן.

איך כאַזער איבער נאָכאַמאָל, אַז דאָס איז זייער אַ געפערלעכע טעמע און אַ שווערער מאַטעריאַל. וואָס ווייניקער באַ מענטשן איז דאָ אכרײַעס פאַר אונדזער הײַנטיקן טאָג און פאַר דער צוקונפט פון אונדזער לאַנד און פּאַרטיי, אַלץ מיט מערער לײַכטקײַט וואַרפן זיך אָף דעם דאָזיקן מאַטעריאַל ליבהאָבער פון סענסאַציעס, ליבהאָבער פון „געבראָטנס“.

אויסרופן: ריכטיק! (אַפּלאָדיסמענטן.)

איר וועט אויסטראַכטן אַ סענסאַציע, איר וועט דערלאַנגען דאָס דאָזיקע „געבראָטנס“, און ווער וועט זיך צוכאַפּן צו אים? אַזאַ „געבראָטנס“ וועלן, ווי אַ נעווילע, באַפאַלן פליגן, גרויסע פעטע פליגן, עס וועט נעמען קריכן פון אויסלאַנד קאָלערליי בורזשואַזע אומרייניקײַט.

ווער עס וויל פאַרשאַפן האַנאָע אונדזערע סאָנים, קאָן זיי לײַכט טאָן אַ טויווע. ווער עס וויל דינען דער זאַך פון אונדזער פאָלק, דער זאַך פון אונדזער פּאַרטיי, — יענער וועט נעמען

אזא טעמע, א קוק טאָן, אָפּוויגן זי, און אויב ער וועט פילן אין זיך קויעך, אז ער וועט זיך ספּראַווען מיט דעם דאָזיקן מאַטעריאַל, וועט ער אָנשרײַבן א ווערק, וואָס איז נייטיק דעם פאָלק, ער וועט דערלאַנגען דעם מאַטעריאַל אזוי, אז ער וועט פאַרשטאַרקן די קויכעס פונעם פאָלק, ער וועט העלפן אונדזער פּאַרטיי צו באַהעפטן דאָס פאָלק און פאַרגיכערן זײַן טראָט צום גרויסן ציל. נאָר ניט יעדער איינער איז אימשטאַנד צו ספּראַווען זיך מיט אזא אויפגאַבע, כאָטש, ווי עס זעט אויס, רײַסן זיך א סאַך צו אָט דעם מאַטעריאַל.

דאָ איז נייטיק מאָס. ווען אַלע שרײַבער וואָלטן נעמען שרײַבן בלויז אָף די דאָזיקע טעמעס, וואָס וואָלט דאָס געווען פאַר א ליטעראַטור!

אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי קומען אָן בריוו, אין וועלכע עס ווערט אַרויס־געזאָגט אַן אומרו אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס אין אייניקע ווערק ווערט אין א פאַרקריפּל־טער פאָרם געשילדערט די לאַגע פון די ייִדן באַ אונדז אין לאַנד. אין דער בורזשואַזער פּרעסע, ווי איר ווייסט פון דעם בריוו־אויסטויש צווישן דעם ענגלישן פילאָסאָף ראַסעל און מיר, פירט זיך אַפילו א רעכילעסדיקע קאַמפּאַניע קעגן אונדז.

אָף אונדזער באַגעגעניש אין דעקאַבער האָבן מיר שוין באַרירט די דאָזיקע פראַגע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דיכטער יעווטושענקאָס ליד „באַבי־יאַר“. די אומשטענדן פאָדערן, אַז מיר זאָלן זיך אומקערן צו דער דאָזיקער פראַגע.

פאַרוואָס קריטיקירט מען די דאָזיקע ליד? דערפאַר, וואָס איר אַווטאָר האָט ניט געקענט עמעסדיק באַווײַזן און פאַרורטיילן די פאַשיסטישע, טאַקע די פאַשיסטישע פאַרברעכער פאַר די מאַסן־האַריגעס, וועלכע זיי האָבן דורכגעפירט אין „באַבי־יאַר“. אין דער ליד ווערט געשיל־דערט אזוי, אַז א קאָרבן פון די פאַשיסטישע רעציכעס איז געווען בלויז די ייִדישע באַפעלקע־רונג, אין דער צײַט, ווען עס זײַנען דאָרט אומגעקומען פון די הענט פון די היטלעריסטישע הענקערס ניט ווייניק רוסן, אוקראַיִנער און סאָוועטישע מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. פון דער דאָזיקער ליד איז צו זען, אַז דער אַווטאָר האָט ניט אַרויסגעוויזן פּאָליטישע רײַפקײַט און ער ווייסט ניט די היסטאָרישע פאַקטן.

ווע מען און צוליב וואָס איז נייטיק געווען צו פאָרשטעלן די זאַך אזוי, אַז קלומערשט די באַפעלקערונג פון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט באַ אונדז אין לאַנד ווערט דורך עמעצן געקריוודעט. דאָס איז ניט עמעס. זינט דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געפינען זיך די ייִדן באַ אונדז אין לאַנד אין אַלע הינזיכטן אין א גלײַכער לאַגע מיט אַלע אַנדערע פעלקער פון פּססר. באַ אונדז עקזיסטירט ניט קיין ייִדן־פראַגע, און יענע, וואָס האָבן זי אויסגעטראַכט, באַמקען נאָך א פרעמדער שטים.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס, איז ער אויך ביז דער רעוואָליוציע גע־ווען אַן אומבעשאָלעמדיקער פײַנט פון יעטווידער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, דערונטער אויך פונעם אַנטיסעמיטיזם.

אין דער פאַררעוואָליוציאָנערער צײַט האָב איך געלעבט צווישן שאַכטיאָרן. די אַרבעטער פלעגן פאַרורטיילן יענע, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין פּאָגראָמען אָף ייִדן. אינספּירירט די פּאָגראָמען האָבן די זעלבסטהערשערישע רעגירונג, די קאַפּיטאַליסטן, פּריצים און בורזשואַזיע. די פּאָגראָמען זײַנען זיי נייטיק געווען אַלס מיטל אָפּצוציִען די אַרבעטנדיקע פון רעוואָליו־ציאָנערן קאַמף. די אָרגאַניזאַטאָרן פון די פּאָגראָמען זײַנען געווען די פּאָליציי, די זשאַנדאַר־מעריע, די שוואַרצמייעניקעס, וועלכע האָבן ווערבירט די קוילערס צווישן דער אונטערוועלט פון דער געזעלשאַפט, צווישן דעקלאַסירטע עלעמענטן. זייער אַגענטור אין די שטעט זײַנען געווען א סאַך דוואָרניקעס.

אזוי, לעמאָשל, האָט דעם באַוווּסטן רעוואָליוציאָנער־באָלשעוויק כ׳ באַומאַן, וואָס איז ניט געווען קיין ייִד, דערהאַרגעט אין מאָסקווע א דוואָרניק לויטן אויפטראָג פון דער זשאַנדאַרמעריע.

אין גאָרקיס אויסגעצייכנטער דערציילונג „די מוטער“ איז פּרעכטיק באַוויזן דער אינ־טערנאַציאָנאַליזם פונעם אַרבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד. אין די רייען פון די אַרבעטער־רעוואָ־ליוציאָנערן געפינען זיך פאָרשטייער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. דערמאָנט זיך כאָטש דעם רוסישן אַרבעטער פּאַוועל וולאַסאָוו און דעם אוקראַיִנער אַנדריי נאַכאָדקאַ.

מײַן קינדהײַט און יוגנט זײַנען פאַרלאָפן אין יוזאָווקע, ווו עס האָבן דעמאָלט געוווינט א סאַך ייִדן. אין זאַוואָד האָב איך א געוויסע צײַט געאַרבעט אַלס געהילף פונעם שלאָסער יאַקאָוו איסאַקאָוויטש קוטיקאָוו. ער איז געווען א קוואַליפיצירטער אַרבעטער. צווישן די אַרבעטער פונעם זאַוואָד זײַנען געווען אויך אַנדערע ייִדן. איך געדענק, אַז אַלס קופּער־גיסער האָט געאַר־בעט א ייִד, און דאָס האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פאַר א זייער הויכער קוואַליפיקאַציע. איך האָב אָפט געזען אָט דעם קופּער־גיסער, ער איז, ווי־זט אויס, געווען א רעליגיִעזער מענטש און פלעגט שאַבעס ניט אַרבעטן, נאָר אזוי ווי אַלע אוקראַיִנער, רוסן און אַנדערע האָבן יאָ געאַר־

בעט, פלעגט ער אויך קומען אין גוס־צעך און געפינען זיך דאָרט דעם גאַנצן טאָג, כאָטש אין דער אַרבעט פלעגט ער קיין אָנטייל ניט נעמען.

אין זאַוואָד האָבן געאַרבעט רוסן, אוקראַיִנער, ייִדן, פּאָליאַקן, לעטן, עסטן און אַנדערע. קיינער האָט אַן אַנדערשמאָל אַפילע ניט געוווסט, צו וואָס פאַר א נאַציִאָנאַליטעט עס געהערט דער אָדער יענער אַרבעטער. צווישן די אַרבעטער פון אַלע נאַציִאָנאַליטעטן זײַנען די באַציִונגען געווען כאַווערישע.

אָט דאָס הייסט טאַקע קלאַסן־איינהײַט, פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציִאָנאַליזם.

ווען איך בין געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און בין געפאָרן אין אַן אווטאָ קיין לאָס־אַנזשעלאָס, האָט זיך צו אונדז אַרײַנגעזעצט, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, דער שטעלפאַרטרעטער פונעם שטאָט־מער. ער האָט גערעדט רוסיש. ניט אַזאַ ריינעם רוסיש, נאָר גאַנץ פרײַ. איך האָב אַף אים א קוק געגעבן און געפרעגט:

— פונוואַנען קענט איר רוסיש?

— ווי זשע אַנדערש, איך האָב געוווינט אין ראָסטאָוו, מײַן טאַטע איז געווען א סויכער פון דער צווייטער גילדיע.

אַזעלכע האָבן געוווינט אויך אין פּעטערבורג און אומעטום, ווו זיי האָבן געוואָלט.

אָט זעט איר, עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דער ייִד קוטיקאָוו, מיט וועמען איך האָב געאַרבעט אין זאַוואָד, האָט אין דער צאַרישער צײַט ניט געקאָנט וווינען דאָרט, ווו ער וואָלט וועלן, און אַזאַ ייִד, ווי דער טאַטע פונעם שטעלפאַרטרעטער פונעם שטאָט־מער פון לאָס־אַנזשעלאָס, האָט געמעגט וווינען, ווו ער האָט געוואָלט.

אָט אַזוי האָט די צאַרישע רעגירונג באַטראַכט די נאַציִאָנאַלע פראַגע; זי איז אויך צוגעגאַנגען צו איר פון קלאַסן־שטאַנדפונקט. און דעריבער האָבן ייִדן — גרויסע הענדלער, קאַפּיטאַליסטן געהאַט רעכט צו וווינען אומעטום, און די ייִדישע אָרעמשאַפט אָבער — זי האָט געטיילט דעם זעלבן גורל, ווי די רוסישע, אוקראַיִנישע און אַנדערע אַרבעטער; זיי האָבן געדאַרפט האָרעווען, לעבן אין כורוועס און שלעפּן אַף זיך דעם יאָך פון שקלאַפן־אַרבעט, ווי אַלע פעלקער פונעם צאַרישן רוסלאַנד.

פאַרשיידענע מענטשן האָבן זיך פאַרשיידן אויפגעפירט אויך אינעם פעריִאָד פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע קעגן די פאַשיסטישע פאַרכאַפּערס. אין יענער צײַט איז אַרויסגעוויזן געוואָרן ניט ווייניק העראָיִזם, דערונטער אויך מיצאַד די ייִדן. די פאַרדינסטפולע פון זיי האָבן באַקומען דעם טיטל העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, א סאַך זײַנען באַלוינט געוואָרן מיט אָרדענס און מעדאַלן, איך וועל אָנרופן אַלס בײַשפּיל דעם העלד פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד גענעראַל קרייזער. ער איז געווען שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמאַנדיר פון דער צווייטער גוואַרדיע־אַרמיי אין דער צײַט פון דער גרויסער שלאַכט בא דער וואָלגע, ער האָט זיך באַטייליקט אין די קאַמפן פאַר באַפרײַען דאָנבאַס און קרים. איצט שטייט דער גענעראַל קרייזער בעראָש פונעם מיליטער אַפן ווײַטן מיזרעך.

עס זײַנען געווען אויך פאַלן פון פאַראַט מיצאַד מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציִאָנאַליטעטן. איך קאָן אײַך ברענגען אַזאַ פאַקט. ווען מע האָט אַרומגערינגלט פּאַוליוסעס גרופּירונג און דערנאָך צעקלאַפּט זי, האָט אין דער אָפּעראַציע פון נעמען אין געפאַנגענשאַפט פּאַוליוסעס שטאַב זיך באַטייליקט די 64־טע אַרמיי, וואָס איר קאָמאַנדיר איז געווען גענעראַל שומילאָוו און מיטגליד פונעם קריגסראַט איז געווען גענעראַל ז. ט. סערדיוק. ער האָט מיר אָנגעקלונגען און געזאָגט, אַז צווישן די געפאַנגענע, וועלכע מע האָט פאַרכאַפּט מיט פּאַוליוסעס שטאַב, געפינט זיך דער געוועזענער אינסטרוקטאָר פונעם קיִעווער שטאָט־קאָמיטעט פונעם קאָמיוג קאָגאַן. איך פרעג:

— וויִאַזוי האָט ער געקאָנט אַהין אַרײַנפאַלן, צי האָט איר ניט קיין טאָעס?

— ניין, איך האָב ניט קיין טאָעס, — זאָגט כ' סערדיוק. — דער דאָזיקער קאָגאַן איז געווען אַן איבערזעצער בא פּאַוליוסעס שטאַב.

אין דער אָפּעראַציע פון נעמען אין געפאַנגענשאַפט פּאַוליוסן האָט זיך באַטייליקט א מעכאַניזירטע בריגאַדע, וואָס איר קאָמאַנדיר איז געווען דער פּאָלקאָווניק בורמאַקאָוו און קאָמיסאַר פון דער דאָזיקער בריגאַדע — כ' ווינאָקור, א ייִד לויט דער נאַציִאָנאַליטעט. ווינאָקורן האָב איך געקענט נאָך פון 1931, ווען איך האָב געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר פון באַומאַנער ראַיקאָם פון דער פּאַרטיי אין מאָסקווע און ער איז געווען סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קעמערל אין פוטער־ און מילך־זאַוואָד.

באַקומט זיך אַזוי: איין ייִד — דינט אַלס איבערזעצער בא פּאַוליוסעס שטאַב, און א צווייטער ייִד באַטייליקט זיך מיט אונדזער מיליטער אין דער אָפּעראַציע פון נעמען אין געפאַנגענשאַפט פּאַוליוסן און זײַן איבערזעצער.

די האנדלונגען פון מענטשן ווערן געשאצט ניט פון נאציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, נאָר פון קלאַסן־שטאַנדפּונקט.

עס איז ניט אין די אינטערעסן פון אונדזער זאַך צו אויסזוכן אין די מיסטקאַסטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט ביישפּילן פון כלוקעדייעס צווישן די אַרבעטנדיקע פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. ניט אויף זיי ליגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר צעצינדן דעם נאַציאָנאַלן האַס און פאַר דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. דאָס איז אַן אַרבעט פון די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן. און וואָס אָנבאַלאַנגט יענע, וועלכע האָבן פאַראַטן די אינטערעסן פון דער רעוואָליוציע, האָבן די געדונגענע מעשאָרסים פונעם צאַריזם, פון די פּריצים און בורזשואַזיע וואָרבירט זיי אומעטום און האָבן געפונען פאַרקויפטע נעשאָמעס צווישן מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן.

עס איז לעפּיש צושרײַבן דעם רוסישן פאָלק די שולד פאַר די שמוציקע פּראָוואָקאַציעס פון די שוואַרצמייעניקעס, נאָר עס וואָלט אויך לעפּיש געווען אַרופצולייגן די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט אויפן גאַנצן ייִדישן פאָלק פאַר דעם נאַציאָנאַליזם און ציוניזם פונעם „בונד“, פאַר דער פּראָוואָקאַטאָרישקייט פון אַזעפן און זשיטאָמירסקין („אָטצאָוו“), פאַר די פאַרשיידענע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זײַנען בעשײַטע געווען פאַרבונדן מיט די „זובאַטאָוועס“ און מיט דער צאַרישער אָכראַנקע.

אונדזער לענינישע פּאַרטיי פירט קאָנסעקווענט דורך די פּאָליטיק פון פרײַנטשאַפט צווישן אַלע פעלקער, זי דערציט די סאָוועטישע מענטשן אין גײַסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם, אומבעשאָלעמדיקייט צו אַלע און יעטווידע אַנטפּלעקונגען פון ראַסן־דיסקרימינאַציע, נאַציאָ־נאַלער סינע. די הויכע און נאָבעלע אידעאַלן פון אינטערנאַציאָנאַליזם, פון דער ברידערשאַפט פון די פעלקער באַשטעטיקט אונדזער קונסט.

א וויכטיקע פראַגע — די רײַזעס פון אונדזערע שעפערישע טוער קיין אויסלאַנד. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי גיט צו אַזעלכע רײַזעס א גרויסע באַדײַטונג. מע דאַרף, אַז די סאָוועטישע שרײַבער זאָלן קאָנען מיט זייערע אייגענע אויגן זען, וויאַזוי עס לעבן די פעלקער פון פאַרשיידענע לענדער, קעדיי זיי זאָלן שאַפן ווערק וועגן דעם לעבן און קאַמף פון די אַרבעטנדיקע, קעגן דעם אימפּעריאַליזם און קאָלאָניאַליזם, פאַר שאָלעם, פרײַהײַט און גליק פון די פעלקער. די ווערק פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און קונסט, וועלכע זײַנען דורכגע־דרונגען מיטן גײַסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם, באַלײַכטן וואָרהאַפטיק דאָס לעבן און דעם קאַמף פון די פעלקער פון די סאָציאַליסטישע לענדער.

עס טרעפן אָבער אַזעלכע פאַלן, ווען די רײַזעס פון ליטעראַטן קיין אויסלאַנד — ניט נאָר זיי ברענגען ניט קיין נוצן, נאָר זיי קערן זיך אויך אויס קעגן די אינטערעסן פון אונדזער לאַנד.

באַקאַנט זיך מיט די מאַטעריאַלן וועגן די אַרויסטרעטונגען פון אייניקע סאָוועטישע שרײַבער אין אויסלאַנד און דו קאָנסט ניט פאַרשטיין, וועגן וואָס זאָרגן זיי זיך, צי וועגן דעם, זיי זאָלן דערציילן דעם עמעס וועגן די דערפאָלגן פונעם סאָוועטישן פאָלק, צי וועגן דעם, אַז זיי זאָלן אום יעדער פרײַז געפעלן ווערן דעם אויסלענדישן בורזשואַזן פּובליקום. אַזעלכע „טור־ריסטן“ האַלטן אין איין געבן אויף רעכטס און אויף לינקס זייערע אינטערוויוען די פאַרשיידענע בורזשואַזע, דערונטער אויך די סאַמע רעאַקציאָנערע, צײַטונגען, זשורנאַלן און אינפאָרמאַציע־אַגענצן. אין די אינטערוויוען פאַרשפּרייטן זיי מיט אַן איבעראַשנדיקער אומפאַראַנטוואָרטלעכ־קייט ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע מײַסעס וועגן דעם לעבן אינעם אייגענעם לאַנד.

א ניט אָנגענעמען אײַנדרוק האָט איבערגעלאָזט די רײַזע פון די שרײַבער וו. נעקראַסאָוו, ק. פּאַוסטאָווסקי און א. וואָזנעסענסקי קיין פראַנקרײַך. ניט פאָרזיכטיק איז געווען אין זײַנע דערקלערונגען וו. קאַטײַעוו בײַס זײַן רײַזע איבער אַמעריקע.

מע כאַנפּעט אונטער אין אויסלאַנד א ניט שטאַנדהאַפטיקן מענטשן, מע רופט אים אָן „דער סימבאָל פון דער נײַער עפּאָכע“ אָדער נאָך עפּעס אין זעלבן גײַסט, און ער פאַרגעסט, פונוואַנען, וווהין און צוליב וואָס איז ער אַהין געקומען, און הייבט אָן פּלאַפּלען נאַרישקײַטן.

גאָר ניט לאַנג צוריק איז דער דיכטער יעווגעני יעווטושענקאָ געפאָרן קיין מײַרעוו־דײַטשלאַנד און קיין פראַנקרײַך. ער האָט זיך נאָרוואָס אומגעקערט פון פּאַריזש, ווו ער איז אַרויסגעטראָטן פאַר א פילטויזנטקעפּיקער אַאודיטאָריע פון אַרבעטער, סטודענטן, פרײַנט פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. כ׳ יעווטושענקאָ, מע דאַרף אים אָפּגעבן זײַנס, האָט בײַס דער דאָזי־קער רײַזע ווירדיק זיך אויפגעפירט. נאָר אויך ער, אויב גלייבן דעם זשורנאַל „לעטער פראַנ־סעז“, האָט ניט גויווער געווען די טײַווע צו באַקומען א לויב פונעם בורזשואַזן פּובליקום.

דער דיכטער האָט אויף א מאָדנעם אופן אינפאָרמירט זײַנע צוהערער וועגן דעם, ווי מע באַציט זיך בא אונדז אין לאַנד צו זײַן ליד „באַבי־יאַר“. ער האָט זיי מיטגעטיילט, אַז דאָס פאָלק האָט זײַן ליד אָנגענומען, קריטיקירט האָבן אים די דאָגמאַטיקער. עס איז דאָך אָבער

בריית באוווסט, אז דעם כ׳ יעווטושענקאָס ליד האָבן קריטיקירט קאָמוניסטן. ווי זשע קאָן מען פאַרגעסן וועגן דעם און ניט מאַכן פאַר זיך קיין אויספירן?

די בורזשואַזע פּרעסע לויבט אָפּט אייניקע אונדזערע קונסט־טוער דערפאַר, וואָס זיי פּרוּוון ניט, ווי די דאָזיקע פּרעסע באַהויפּט, „צודעקנדיק זיך מיטן פּײַער פון דיאַלעקטישע קונצשטיק, אַריבערגיין אין א צוריקטריט", ווען זייערע באַאַבאַכטונגען אַנטשפּרעכן ניט דער „פּאַרטייישער דאָקטרינע".

אַזאַ לויב איז א באַליידיקונג פאַר א סאָוועטישן מענטשן. וולאַדימיר איליטש לענין האָט ליב געהאַט צו דערמאָנען די גלענצנדיקע ווערטער פונעם דיכטער נעקראַסאָוו:

> ער הערט זײַן רעכט, וואָס טוט אים פרייען,
>
> ניט אין דער לויב פון זיסע רייד,
>
> נאָר אין די ווילדע האַס־געשרייען.

דאָס האָט אָנגעשריבן דער כאַוועיר נעקראַסאָוו, אָבער ניט דער דאָזיקער נעקראַסאָוו, גאָר יענער נעקראַסאָוו, וועמען אַלע קענען. (א געלעכטער אין זאַל. אַפּלאָדיסמענטן.)

אַלע דאַרפן פאַרשטיין די צײַט, אין וועלכער מיר לעבן. דער סאָציאַליזם האָט געזיגט פולשטענדיק און ענדגילטיק בא אונדז אין לאַנד. איצט זײַנען די גרענעצן פונעם סאָציאַליזם בריית פאַנאַנדערגערוקט. די אַרמיי פון בויער פונעם סאָציאַליזם און קאָמוניזם ציילט אין אירע רייען העכער א מיליאַרד מענטשן. און אויפן ערדקײַלעך וווינען מער פון דרײַ מיליאַרד.

אויב אונדזערע קויכעס וואַקסן, דרעמלט אָבער אויך ניט דער פײַנט. אין שרעק פאַר דער וואַקסנדיקער קראַפט פונעם סאָציאַליזם שאַרפט ער בייז זײַן געווער קעגן די לענדער פונעם סאָציאַליזם, פאַר דער מילכאָמע, וועלכע ער גרייט. די סאָנים פונעם קאָמוניזם לייגן האָפענונגען אויף אידעאָלאָגישע דיווערסיעס אין די סאָציאַליסטישע לענדער. געדענקט שטענדיק וועגן דעם, כאַווירים, און האַלט אײַער געווער אין פולער אָרדענונג, גרייט צו די שלאַכטן. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

• • •

כאַווירים! מיר האָבן מיט אײַך באַהאַנדלט א גרויסן קרײַז פראַגן, וויכטיקע פאַר אונדזער מעלוכע, פאַר דער אידעאָלאָגישער אַרבעט פון דער פּאַרטיי. דאָס, וואָס מיר באַגעגענען זיך מיט אײַך אין א כאַווערישער סוויווע און באַהאַנדלען געמיינזאַם אַלע פּראָבלעמען, וועלכע רעגן אונדז אַלעמען, — איז דער אויסדרוק פון דער נײַער אומגעבונג, וועלכע האָט זיך געשאַפן בא אונדז אין לאַנד פאַר די לעצטע יאָרן.

דאָס פאָלק און די פּאַרטיי זײַנען טיף פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז די קינסטלערישע שאַפונג זאָל זיך בא אונדז אַנטוויקלען אין דער געהעריקער ריכטונג. די אַנטוויקלונגס־ליניע פון דער ליטעראַטור און קונסט איז אָנגעמערקט אין דער פּאַרטיי־פּראָגראַם, וועלכע איז באַהאַנדלט געוואָרן דורכן גאַנצן פאָלק און האָט באַקומען די אַלגעמיינע שטיצע און באַווילִיקונג פון די אַרבעטער, קאָלווירטניקעס, אינטעליגענץ.

און ווי עס איז בעסער און ריכטיקער צו פאַרווירקלעכן די דאָזיקע ליניע אין דער קינסטלערישער שאַפונג, — דאָס לייזט יעדער איינער פון אײַך אין העסקעם מיטן פאַרשטיין זײַן כויוו פאַרן פאָלק און מיט די באַזונדערקײַטן פון זײַן טאַלאַנט, פון זײַן קינסטלערישער אינדיווידואַליטעט.

די באַגעגענישן פון די אָנפירער פון דער פּאַרטיי און רעגירונג מיט די טוער פון דער ליטעראַטור און קונסט, די קריטיק פון די כעסרוינעס, דאָס קעגנזײַטיקע באַשטימען די נײַע אויפגאַבן, וועלכע דאָס לעבן רוקט אַרויס, די אָפּנהאַרציקע שמועסן, וועלכע קומען פאָר בייס די דאָזיקע באַגעגענישן, — דאָס אַלץ באַווײַזט, אַז מיר מיט אײַך זײַנען איינמוטיק אינעם אָפּשאַצן די דערפאָלגן און די כעסרוינעס פון דער ליטעראַטור און קונסט. איך מיין, אַז אויך דער הײַנטיקער מיינונגס־אויסטויש וועט האָבן א וויכטיקע באַדײַטונג פאַר דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור און קונסט. (דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר רופן די טוער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און קונסט, די טרײַע מיטהעלפער פון דער פּאַרטיי, נאָך ענגער צונויפשליסן זייערע רייען און אונטער דער אָנפירונג פונעם לענינישן צענטראַל־קאָמיטעט ריכטן זייערע באַמיִונגען צום דערגרייכן נײַע דערפאָלגן אין דער בויונג פונעם קאָמוניזם. (שטורמישע, דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן. אַלע שטעלן זיך אויף.)

☆



## עמאנויִל קאזאקעוויטש

דער ניט לאנג צוריק פארשטארבענער באוווּסטער סאָוועטישער שרײַבער עמאנויִל קאזאקעוויטש איז א באקאנטער נאָמען אויך אין דער ייִדישער דיכטונג. סאָף צוואנציקער און אָנהייב דרײַסיקער יאָרן האָט ער אָפּגעדרוקט זײַנע ערשטע שאפונגען. ערעוו דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע איז דערשינען ע. קאזאקעוויטשעס לידער־זאמלונג „גרויסע וועלט". מיר דרוקן דאָ אייניקע זײַנע ווייניק באקאנטע לידער.

# דערפּאַר איז גרויס מײַן שטאָלץ...

I

די גרויסע וועלט, וואָס רינגלט מיך ארום,
און אויך די וועלט, וואָס איז אין מיר פארבאָרגן,
פארבונדן זײַנען מיט דעם זעלבן רום,
די זעלבע גרויסע מוטערלעכע זאָרגן.

ס'איז מײַן פארשטאנד — א טייל פון איר פארשטאנד,
איר ריזן־ווילן — אין מײַן קלענסטן שטרעבן,
כ'בין גרייט מײַן לעבן אָפּגעבן מײַן לאנד,
און ס'לאנד איז גרייט פארטיידיקן מײַן לעבן.

ס'איז מײַנער — יעדער ווײ־געשריי אין רוים,
און אויב נאָר מיר טוט ווי — טוט ווי א צווייטן,
און אלע כאָוועןן בלויז אין גרויסן טרוים,
אז קיינעם זאָל שוין קיינמאָל גאָר ניט ווי טאָן.

און צוויפל־שרעק, וואָס קומט באנאכט צו גיין,
האָב איך באזיגט אָפּ אייביק און אָפּ שטענדיק.
אין יעדן הויז עס וואַרט אָפּ מיר א היים,
און יעדנס בליק איז מיר פארשטענדלעך.

II

אין יעדנס בליק פון בערינג־אײַז ביז באלטיק
דײַן שײַן איך זע, דײַן גרויסן רום איך ליין.
אָקטיאַבער מײַנער, דו ביסט פילגעשטאלטיק,
און איין געשטאלט פון דיר בין איך אליין.

און אויב מײַן קאָפּ פארשנײַדט זיך אינעם מאָרגן,
און אויב איך שטרעב, איך פלאקער און איך טו —
דאָס בעסטע, וואָס איך האָב אין זיך פארבאָרגן,
דאָס שענסטע, וואָס איך טראָג אין זיך, — ביסטו!

און לעבנס-לוסט, און זויבער־ריינעם נײַגער,
און האס אָן ברעג, און ליבע אָן א שיר,
און שטענדיק גיין, נאָר קיינמאָל ניט פארבײַגיין —
דאָס אלץ האָסטו ארײַנגעהויכט אין מיר.

דו האָסט אין מיר ארײַנגעהויכט א הארטקײַט,
וואָס מײַנע זיידעס האָבן ניט געהאט,
האָסט די אקשאָנעס זייערע און צארטקײַט
אין מיר געלײַטערט און געבענטשט מיט טאט.

דערפאר איז גרויס מײַן שטאָלץ, דערפאר איז זויבער,
אָן גײַציקײַט מײַן לויב,
אָן וואקלונגען מײַן וועג.
דו האָסט באשאפן מיך, אף אייביק מיך פּארצויבערט
מיט שײַן פון רום, מיט קלאָרקײַט פונעם צוועק.

* *
*

מיר זײַנען קינדער געווען פון פינף און ביז פופצן יאָר.
אין פלאקער פון סרייפעס דער הימל געלעגן איז רויט.
אפן פראָנט זײַנען טאטעס געגאנגען א פּאָר נאָך א פּאָר
און טריט האָבן איבערן ברוק געקלאפּט ווי טרוקענער שרויט.
שטיל האָבן טאטעס געקושט אונדז די צעפּאטלטע האָר
און פוסטע פּאטראָנעס געשענקט, און — אוועק, און — אף טויט.

מיר האָבן דען, קינדער, געוווּסט זייער אייביקן שמערצלעכן האס?
מיר האָבן דען, קינדער, באגרײַפט זייער ענדלאָזן ריינעם פארלאנג?
מיר האָבן געשפּילט זיך מיט פוסטע פּאטראָנעס,
באוווּנדערט דעם מעשענעם בליאסק,
באוווּנדערט דעם מעשענעם בליאסק און דעם טויבן געקלאנג.
פאר אונדז זײַנען טאטעס געפאלן בא שוועל פון צאריצין און ספּאסק,
און וועגן אונדז איז געווען זייער שטערבלעכער לעצטער געדאנק.

## פּרילינג

עס זײַנען געקומען די שטאָרכן,
דער הימל איזווארעם און גרויס.
די קלאָר־ווײַסע פליגל צעוואָרפן
אָראנזשעווע שנאָבלען — פאָרויס,
מיט יונגן, מיט וועסנישן כאָרכל
אף אוראלטן וואלדישן ברויז —
אזוי קומען אָנעט די שטאָרכן.

עס זײַנען געקומען די שוואלבן,
ווי שטיקעלעך ערדישע גרוי,
און פּיצעלעך גאָלדענעם שטרוי
זיי טראָגן צו נעסטן צו האלבע.

אף העלן אף וועסנישן שטראל-באן,
אף אומזין פון נעסטישן בוי —
אזוי קומען אָנעט די שוואלבן.

און אָט קומען אָנעט די מענטשן
אין העל־גרינעם בלענד פונעם וואלד.
און שײַטערס זיך האָבן צעברענט שוין,
און אויגן זיך האָבן צעשטראלט.
און פול ווערן שטרעקעס מיט בענטשונג,
און היימלעכע ווערן זיי באלד —
אזוי קומען אָנעט די מענטשן.

עזראַ פינינבערג

# ניקאָלײַ פּעטראָוויטש

מיר דרוקן דאָ א טייל פון עזראַ פינינבערגס ניט פארעפנטלעכטן דראמאטישן ווערק „ניקאָלײַ פּעטראָוויטש“, וואָס איז נאָכן טויט פונעם דיכטער דערגאנגען צו אונדז טיילווײַז אין א פּראָזאַישן און טיילווײַז אין א פּאָעטישן וואַריאַנט. די פּיעסע באלויכט די עפּאָכע פון די 90־ער יאָרן, ווען אין רוסלאנד האָט, אונטער דער אָנפירונג פון לענינען, צום ערשטן מאָל אנגעהויבן פארווירקלעכט ווערן „די צונויפגיסונג פונעם סאָציאַליזם מיט דער ארבעטער־באוועגונג“ („געשיכטע פון קפסס“).

אין אָנהייב פון דער פּיעסע ווערט באוויזן לענינס אָנקום קיין פּעטערבורג פון עמי־גראַציע, ווי אויך די סוויווע פון נאראָדאָוואָלצעס, קעגן וועמעס אידייִשער ליניע לענין וויקלט פאנאנדער א קאַמף. פון איינעם אן עפּיזאָד דערוויסן מיר זיך, אז דעם פאָרשטייער פון „נאראָדנאיא וואָליא“ יוטאָוון האָט זיך אײַנגעגעבן פויעלן בא פּריוואלאָוון, אן ארבעטער פונעם שיפבוי־זאוואָד, ער זאָל ווארפן דעם זאוואָד און אָנקומען אלס פארקויפער אין א ביכער־קראָם. פון דאָרט וועט ער צוזאמען מיט יוטאָוון קאָנען נאָכשפּירן נאָכן וועג, אף וועלכן עס פאָרט געוויינלעך פון פּעטער־האָף דער קייסער. די נאראָדאָוואָלצעס האָבן באַשטימט „געבן וועגן זיך צו וויסן“ מיט א טעראָ־ריסטישן אקט.

## די באגעגעניש

די זונטיק־שול. א יאָמטעוו־טאָג. פונעם טראקט הערט זיך יאָמטעוודיקער טומל, שפּיל פון הארמאָשקע. ראַדיאָן פארענדיקט ראמען. באם פענצטער באווײַזט זיך גרוניע. ראַדיאָן גייט צו, עפנט דאָס פענצטער.

ר אָ ד י אָ ן: ביסט שוין ווידעראמאָל דאָ? אָט אן אײַנגעשפּארטע! כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט — ס׳איז נאָך קיינער ניטאָ, וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט?

ג ר ו נ י ע: זײַט ניט בייז אף מיר. איך וועל ניט ארײַנגיין. כ׳וועל צוווארטן דאָ אין דרויסן, עפּשער וועט מען באלד קומען.

ר אָ ד י אָ ן: און טאָמער זיצט ער גאָר מיט גוטעברידערלעך אין טראַקטיר? ס׳איז דאָך יאָמ־טעוו. און די פאבריטשנע לײַט האָבן ניט פײַנט דעם טרונק.

ג ר ו נ י ע: ער טרינקט ניט.

ר אָ ד י אָ ן: ער האָט פײַנט? עפּעס גלייבט זיך ניט. ווער איז ער עס, דײַנער?

ג ר ו נ י ע: (שווײַגט.)

ר אָ ד י אָ ן: ווי הייסט ער, דײַנער?

ג ר ו נ י ע: קאָסטיע.

ר אָ ד י אָ ן: ווי רעכנסטו, מויד, איין קאָסטיע לערנט זיך דאָ? מע גייט אהער פון אלע זאוואָדן אף אונדזער שליסעלבורגער טראקט: פונעם אָבוכאָוועך, און פון דער וועבער־פאבריק, און פונעם שיפבוי־זאוואָד.

ג ר ו נ י ע: ער איז פונעם שיפבוי־זאוואָד, פּריוואלאָוו הייסט ער.

ר אָ ד י אָ ן: אָט אזוי זשע רייד. פּריוואלאָוון קענען מיר. א יונג מיט א קאָפּ אף די פּלייצעס. נאָר ס׳איז דאָך הײַנט יאָמטעוו אפן טראקט. דו הערסט? גיי, גיי, מיידל, ס׳איז ניט זומער. איך דארף פארמאכן דאָס פענצטער. אז קאָסטיע וועט זיך פארבענקען נאָך דיר, וועט ער קומען צו דיר אהיים. (פארמאכט דאָס פענצטער, גרוניע פארשווינדט.)

וו אָ ל י נ ק י ן: (א זעכצניאָריקער יונג, האלט אין די הענט א הארמאָשקע.) א פריילעכן יאָמ־טעוו אײַך, ראַדיאָן אנדרייעוויטש. געגוג צו ראמען! הײַנט לערנט מען ניט! מירן הײַנט נאָר פאר־ברענגען דאָ! אנו, גיט נאָר אָפּ די בארשט! ס׳איז יאָמטעוו!

ר אָ ד י אָ ן: ניט דײַן אייסעק! כ׳וועל דיך ניט ארײַנלאָזן.

וו אָ ל י נ ק י ן: מע האָט מיר געהייסן הײַנט קומען אהער. די לערערקע האָט געהייסן.

ר א ד י א ן: מיט א האַרמאַשקע האָט דיר די לערערקע געהייסן קומען? אַפן טראַקט גיי, דאָרטן וועסטו רימפּלען אַף דער האַרמאַשקע!

וו אַ ל י נ ק י ן: איך וועל ניט אוועקגיין! מע זאָגט דאָך אײַך. (ראַדיאָן שטופּט אים פון דער שוועל. וואַלינקין דערזעט פריוואַלאָוון, וואָס קומט אַרײַן.) קאָסטיע, גיב אים צו פאַרשטיין!

פ ר י וו א ל א ו: לאָזט אים אַרײַן! מיר גלייבט איר דאָך, ראַדיאָן: איך נעם אַף זיך.

ר אַ ד י אָ ן: און דו ווער ביסט, וואָס דו נעמסט אַלץ אַף זיך? ביסט אויך פון די פּײַנע לײַט. עפּעס א מויד פרעגט זיך דאָ נאָך אַף דיר! הײַנט איז זי שוין דרײַ מאָל געווען, ניט געוואָלט אוועקגיין. „קאָסטיען דאַרף זי האָבן!" זי האָט אַף דיר אין דרויסן געוואַרט, אַן אומעטיקע, א דערשלאָגענע. אָפּגענאַרט א מיידל, האַ? (לאָזט זיך גיין צום קאָרידאָר, וואָס פירט אין דרויסן.)

פ ר י וו א ל א וו: ווו איז זי, ראַדיאָן, זי איז שוין אוועקגעגאַנגען? (קוקט אין פענצטער.)

וו אַ ל י נ ק י ן: (שפּילט אַף דער האַרמאַשקע האַלבע טענער. גייט אַריבער אין צווייטן צימער, עס גייען אַרײַן פּאַנטשין און סאַמאַכין.)

פ אַ נ ט ש י ן: (צו סאַמאַכינען.) האָסטו מוירע געהאַט, מיר וועלן פאַרשפּעטיקן. קיינער נאָך ניטאָ.

ס אַ מ אַ כ י ן: (באַמערקט פריוואַלאָוון באַם פענצטער. דערלאַנגט אים די האַנט.) ווי אַלעמאָל — פריוואַלאָוו קומט דער ערשטער.

פ אַ נ ט ש י ן: (צו פריוואַלאָוון.) ס'איז יאַמטעוו. (טײַט אַפן טראַקט.) מע זינגט... און מיר, קאָסטיע, פון גאַר ווײַט קומען מיר... פון א לעווײַע... מיכײַלאָן האָבן מיר אוועקגעטראָגן... פאַרוואָס ביסטו ניט געווען?

ס אַ מ אַ כ י ן: ניט גוט. ניט גוט.

פ אַ נ ט ש י ן: אָט איז סאַמאַכין ניט פון אונדזער זאַוואָד, און אַף מיכײַלאָס לעווײַע איז ער פונדעסטוועגן געקומען (דערזעט וואַלינקינען, וואָס קומט אַרײַן פון צווייטן צימער), און דו, יונג, האָסט אַוואַדע געמעגט קומען. ניט קיין פרעמדער געשטאָרבן — אַן אייגענער, אַן אַרבעטסמענטש, יונגערהייט געשטאָרבן. (עס קומען אַרײַן קרופּסקאַיאַ און ראַדיאָן.)

ר אַ ד י אָ ן: (טראָגט א פּעקל ביכער, וואָס קרופּסקאַיאַ האָט געבראַכט.) שטיל זאָל זײַן, די לערערקע איז געקומען! (לייגט אַוועק די ביכער, אײַלט זיך אַראָפּנעמען פון קרופּסקען דעם מאַנטל, קרופּסקאַיאַ וויל דאָס ניט לײַדן.)

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: מע דאַרף ניט, מע דאַרף ניט. (הענגט אַליין אויף דעם מאַנטל.) און שרײַען אַף זיי דאַרפט איר אויך ניט, ראַדיאָן, דאָס זײַנען דאָך ניט קיין קינדער... (גייט צו די פענצטער, עפנט זיי.) אַזאַ לויטערער אָסיען! א וווּנדערלעכער טאָג. דער טראַקט הוליעט... און מײַנע (באַטראַכט מיט שטאָלץ די אַרבעטער) זײַנען אַלע דאָ! (ווענדט זיך צו פּאַנטשינען.) נאָר אַלעקסיי סטעפּאַנאָוויטש איז עפּעס הײַנט כמורנע, פאַרזאָרגט!

וו אַ ל י נ ק י ן: פון א לעווײַע געקומען אָט ערשט.

פ אַ נ ט ש י ן: לערערקע! מיכײַלאָן געדענקט איר? אומגעקומען אונדזער מיכײַלאָ, טאַקע באַ אונדז אין שיפּבוי־זאַוואָד אומגעקומען. אַן אַוואַריע האָט זיך באַ אונדז געטראָפן, האָט מיכײַלאָ דאָרטביידע פיס זײַנע געפּאַטערט.

ס אַ מ אַ כ י ן: מיר האָבן אים אַהיים אָפּגעטראָגן, דרײַ טעג איז ער נאָך א לעבעדיקער אין דער היים געלעגן.

פ אַ נ ט ש י ן: פאַרן אויסגיין האָט ער מיך צוגערופן און מיר א סאָד אײַנגערוימט: וועסט זען אונדזער לערערקע, גיב איר איבער: מיכײַלאָ האָט געלאָזט גריסן און געהייסן — לאַנג, לאַנג לעבן זאָל זי...

ס אַ מ אַ כ י ן: מיך האָט מיכײַלאָ געבעטן, איך זאָל אײַך אָט דאָס פּעקעלע איבערגעבן. (קרופּסקאַיאַ נעמט דאָס פּעקעלע, עפנט עס.)

וו אַ ל י נ ק י ן: זעט נאָר, אַלע העפטלעך זײַנע! (לייענט די אויפשריפטן.) „אַריפמעטיקע", „גראַמאַטיקע". (עס פאַלט עפּעס אַרויס פונעם פּעקעלע, וואַלינקין הייבט אויף די זאַך, וואָס איז אַרויסגעפאַלן.) זעט: א געאָגראַפישע קאַרטע!

ס אַ מ אַ כ י ן: זײַן אייגענע אַרבעט, אַליין געמאָלט.

וו אַ ל י נ ק י ן: דער גאַנצער ערדקײַלעך.

פ אַ נ ט ש י ן: א שיינע אַרבעט!

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: מירן די קאַרטע אויפהענגען טאַקע אָט דאָ אין שול, אָט אַף דער וואַנט. (וואַלינקין הענגט אויף די קאַרטע. אַלע קוקן אַף איר.) און איצט וועלן מיר איבערגיין אַהין. (טײַט אַפן צווייטן צימער.) מע דאַרף אָנהייבן די רעפּעטיציע. (לייגט אַוועק אַפן טיש די איבערגעשריבענע ראָלן.) נעמט אײַערע ראָלן. (באַמערקט, אַז פּאַנטשין שטייט נאָך אַלץ באַ דער קאַרטע, דערלאַנגט אים זײַן ראָל.) נעמט, אַלעקסיי סטעפּאַנאָוויטש! אײַער ראָל.

פּ אַ נ ט ש י ן: צעבראָכן האָט ער מיר דאָס האַרץ, מיכײַלאָ! הײַנט וועט עמעצער קומען?

ס אַ מ אַ כ י ן: מע האָט דיר געזאָגט — הײַנט וועט דאָ זײַן אַ נײַער מענטש, ניקאָלײַ פּעטראָוויטש הייסט ער. ער שרײַבט ביכער, ער וועט ריידן מיט אונדז. (פּאַנטשין, סאַמאָכין און וואָלינקין גייען אוועק אין צווייטן צימער, קראָפּסקאַיאַ צעפּאַקעוועט די ביכער, וואָס זי האָט געבראַכט פון שטאָט.)

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: און איר, פּריוואַלאָוו, וואָס גייט איר ניט אַהין?

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: איך דאַרף אײַך עפּעס זאָגן.

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: (לייגט אַוועק די ביכער.) ניט אויף לאַנג? מע וואַרט אויף אונדז דאָרטן.

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: איך וועל אויף דער רעפּעטיציע ניט גיין. איך בין געקומען אַהער דאָס לעצטע מאָל, זיך געזעגענען, מע הייסט מיר וואַרפן די שקאָלע.

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: (מיט אומצוטרוי.) ווער הייסט?

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: (אין פאַרלעגנהייט.) דער דאָקטער הייסט. ער זאָגט, אַז איך בין קראַנק. פונעם זאַוואָד הייסט ער מיר אַוועקגיין, אויס אַרבעטער הייסט ער מיר ווערן.

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: וואָס זשע קלײַבט איר זיך טאָן?

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: אַ פאַרקויפער אין אַ קלייט ווער איך. אין אַ ביכער־קלייט. איר זעט, איך בין שוין אפילו גאָר אַנדערש אָנגעטאָן. אַ דאַנק אײַך, לערערקע, וואָס איר האָט מיך צום בוך צוגעוווינט. ס'וועט מיר איצט צוניצקומען.

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: איז מער וועט איר שוין ניט קומען צו אונדז? וואָס האָט איר עס פאַר־טראַכט, פּריוואַלאָוו? אַ שאָד... ווייסט איר וואָס? פאַרבלײַבט הײַנט דאָ מיט אונדז! נאָר הײַנט... פאַרבלײַבט! פאַרבלײַבט! (עפנט פאַר אים די טיר אין צווייטן צימער. פּריוואַלאָוו גייט אַוועק אַהין.)

ר אַ ד י אָ ן: (קומט אַרײַן.) עפּעס אַן אַרבעטער איז געקומען, ער זאָגט, אַז צו אײַך. (קרופּ־סקאַיאַ גייט אַרויס אין קאָרידאָר, קומט אַרײַן מיט וולאַדימיר איליטש אוליאַנאָוון.)

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ. מיר וואַרטן אויף אײַך. אַלץ איז גרייט... (דערזאָגט ניט.)

א ו ל י אַ נ אָ וו: (דערזאָגט פאַר איר.) ניקאָלײַ פּעטראָוויטש...

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: (שמייכלט.) יאָ, ניקאָלײַ פּעטראָוויטש. מיר הייבן באַלד אָן די רעפּעטיציע. (בײַ דעם טאָן.) ווײַט? ניט גרינג קומען אַהער פון שטאָט.

א ו ל י אַ נ אָ וו: ווײַטלעך. נאָר איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן דורכגיין אַלע אַכט וויאָרסט צופוס. דער טראַמווײַ אַהער איז פול מיט וואַכנדיקע אויגן און אויערן. די הערשער גיבן אַכטונג.

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: (באַטראַכט זײַן אָנטאָן.) ווען מען וועט עס אײַנפאַלן צו טראַכטן וועגן אײַך שלעכטס? ווי אַן עכטער פאַבריטשנער פון אונדזער טראַקט זעט איר אויס, וולאַדימיר איליטש!

א ו ל י אַ נ אָ וו: (פאַריכט.) ניקאָלײַ פּעטראָוויטש. מע דאַרף זײַן מער געהיט! אָט דרייט זיך אַרום לעבן אײַער שול עפּעס אַ מענטש. (פירט זי צו צום פענצטער.) ווער איז עס?

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: אַן אומבאַקאַנטע פּרוי, איך וועל באַלד זיך דערוויסן. (פירט צו אוליאַנאָוון צו דער טיר פונעם צווייטן צימער.) דאָ וואַרט מען אויף אײַך. (אוליאַנאָוו גייט אַרײַן אין צווייטן צימער צו די אַרבעטער, קרופּסקאַיאַ גייט אַרויס אין דרויסן.)

וו אָ ל י נ ק י ן: (לויפט אַרײַן פון צווייטן צימער.) לערערקע, ניקאָלײַ פּעטראָוויטש איז גע־קומען. (פאַרכידעשט.) ניטאָ נאַדיעזשדאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ. (גייט אַוועק צוריק.)

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: (פירט גרוניען באַ דער האַנט.) קומט אַרײַן, קומט אַרײַן... (זיי גייען פאַר־בײַ דעם סקעלעט, גרוניע גיט אַ ציטער.) איר שרעקט זיך, קיינמאָל אין קיין שול ניט געווען? זעצט זיך צו, פּריוואַלאָוון דאַרפט איר? (טײַט אויפן צווייטן צימער.) ער איז דאָ.

ג ר ו נ י ע: דאָ?! ער איז שוין צען טעג באַ זיך אין דער היים ניט געווען. איך בין נעכטן אַרײַנגעקומען צו זיי אין שטוב, ליגט זײַן קראַנקע מאַמע איינע אַליין, זי וויינט, יאָמערט, די אַלטע אַנטאָנאָוונע. „גיי, — האָט זי מיר געזאָגט, — צו דער לערערקע, זי האָט באַ אונדז צוגע־נומען אונדזער קאָסטיען, זאָל זי אונדז אים אָפּגעבן צוריק!"

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: אַזאַ פינצטערניש!

וו אָ ל י נ ק י ן: (קומט ווידער אַרײַן.) לערערקע, וואָס פאַרהאַלט איר זיך דאָ? (מיט היספּײַ־לעס.) אָט אַ רעדנער דער ניקאָלײַ פּעטראָוויטש...

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: איך דאַרף זײַן דאָ. זעסט דאָך, ס'איז צו מיר אַ מענטש געקומען. (וואָלינקין גייט אַוועק.)

ג ר ו נ י ע: איבער מיר פאַרהאַלט איר זיך דאָ? מע דאַרף ניט! איך קאָן צוּוואַרטן אין דרויסן. מיר, די פינצטערע, זײַנען געוווינט...

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: ניט אײַך האָב איך געמיינט. איר זײַט דאָך נאָך אַזאַ יונגע.

ג ר ו נ י ע: באַ אונדז איז: „סײַ יונג, סײַ אַלט — איין געשטאַלט"...

ק ר ו פּ ס ק אַ י אַ: ווי רופט מען אײַך?

ג ר ו נ י ע: גרוניע הייס איך, גרוניע די קאַלאַשניצע.

קרופסקאיא: איר ארבעט שוין לאנג? אף דער קאַלאָשן־פאבריק ארבעט איר?

גרוניע: וואָס אירצט איר מיך? מיך האָט מען קיינמאָל ניט געיִרצט. (פלוצעם פארכמור־רעט.) פריוואלאָוון דארף איך האָבן. ער וועט זיך פארזאמען דאָ?

קרופסקאיא: און מיט מיר וויל גרוניע ניט ריידן? (לייגט ארוף די האנט אף גרוניעס אקסל.) עס לעבט זיך שווער?

גרוניע: (ענטפערט ניט.)

קרופסקאיא: איר שווײַגט?

גרוניע: בא אונדז זאָגט מען: „ס'איז ביטער פון ביידן — פון שווײַגן און פון ריידן". אנטאָנאָוונא שרײַט: „די לערערקע איז שולדיק, זי האָט בא אונדז קאָסטיען צוגענומען". און איך טראכט מיר: צי די שקאָלע איז שולדיק, צי ער אליין, סײַוויסײַ פארלאָרן האָב איך מײַן קאָסטיען. געשפאצירט האָבן מיר אזא צײַט, אלע זונטיק פארנאכט אומגעגאנגען אינײנעם, און איצט וויל ער אוועק פון מיר, באהאלט זיך אויס... איך פיל: עפּעס האָט ער פארטײַעט אין זיך... אנטאָנאָוונא איז גערעכט: מע וויל אים אומברענגען.

קרופסקאיא: (עס הערט זיך ווי עמעצער טומלט אין קאָרידאָר.) ווער איז עס דאָרט?

(עס גייט ארײַן דער שיקערער דיאָמין.)

דיאָמין: (זינגט.)

Расскажи, хрещеный люд,
Отчего народы мрут?

ס'איז איך, ס'איז דיאָמין, האָט קיין פאריבל ניט, לערערקע, יאָמטעוו איז הײַנט. איך גיי מיר מיט גוטעברידער איבערן טראקט, דערזע איך: די שקאָלע, די טיר איז ניט פארשלאָסן. ניין, — זאָג איך, — ווײַטער גיי איך ניט. איך מוז, ברידערלעך, ארײַנגיין, ס'איז מײַן שקאָלע. (דערלאנגט די האנט.)

קרופסקאיא: גייט אהיים, דיאָמין, הײַנט לערנט מען ניט, איר זײַט הײַנט ניט געזונט, גייט אהיים, דיאָמין.

דיאָמין: ניין, דיאָמין וועט פונדאנען ניט אוועקגיין! (לאָזט זיך גיין צום טאָוול, זוכט עפּעס.) ווּ איז דער קרײַד? (געפינט, שרײַבט.)

גרוניע: (גיט זיך א וואָרף צו קרופסקען.) א רוף טאָן עמעצן?

קרופסקאיא: מע דארף ניט. וואָס טוט איר עס, דיאָמין?

דיאָמין: (מיט א נאַיִוו שײַנענדיק פּאָנעם.) ס'האָט זיך דיאָמינען פארוואָלט א ביסל מיט קרײַד א שרײַב טאָן. (לייענט אפן טאָוול.)

Расскажи, хрещеный люд,
Отчего народы мрут?

(ווישט אָפּ דעם קרײַד פון די פינגער.) איצט קאָן דיאָמין גיין אהיים! א דאנק אײַך, לערערקע. (גייט אוועק, קרופסקאיא באגלייט אים, פון גאס דערהערט מען דיאָמינס געזאנג, קרופסקאיא קערט זיך אום.)

גרוניע: אוועקגעגאנגען? איר האָט אים אזוי גיך אײַנגעשטילט! איך זע: מע דערקוטשעט אײַך א סאך... אָט בין איך אויך געקומען דערקוטשען... איך וועל גיין...

קרופסקאיא: ניין, גרוניע, איר האָט דאָך אזוי לאנג געוואַרט אף פריוואלאָוון, אָט וועט ער באלד ארויסגיין צו אײַך. (גייט אוועק אין צווייטן צימער. גרוניע שפּאנט ארום איבערן צימער, לעבן סקעלעט דערשרעקט זי זיך ווידער, ציילעמט זיך איבער, עס קומט ארײַן פריוואלאָוו.)

גרוניע: (טוט זיך א וואָרף צו אים.) קום אוועק פונדאנען!

פריוואלאָוו: איך קאָן ניט אוועקגיין. די לערערקע האָט געהייסן בלײַבן!

גרוניע: (באטראכט אים. בייז.) צוליב וועמען האָסטו זיך הײַנט אויסגעפּוצט?

פריוואלאָוו: ווידעראמאָל בייז? ווילסט ניט פארשטיין, גרוניע...

גרוניע: ניטאָ דאָ וואָס צו פארשטיין. דארפסט מיך ניט האָבן. וואָס גייט דיר אָן גרוניע? און וואָס גייט דיר אָן, אז דײַן אייגענע מאמע איז קראנק? זי וויינט מיט ביטערע טרערן. צען טעג, אז דו ביסט אין שטוב ניט געווען.

פריוואלאָוו: וואָס האָב איך דאָרט ניט געזען אין דער היים? איך וועל קומען, וועט די מאמע ווידער נעמען דעם האנטעך און פּאָכען איבער מײַן פּאָנעם: „קאָסטיע גלייבט ניט אין גאָט, קאָסטיע שפּײַט אף די איקאָנעס. קאָסטיע האָט זיך מיטן טײַוול פארבונדן. פו־פו־פו, אוועק, פליגן, לאָזט צורו מײַן קאָסטיע... פו־פו־פו".

גרוניע: ביסט אויס מענטש געוואָרן. נאָר אַט דאָס הערט מען פון דיר. געלעכטער און שפּאַט — פון לײַט און פון גאָט.

פּריוואלאָוו: אַט צוליב דעם ביסטו געקומען אהער? דער גאָלעך לערנט מײַן מאמען, און מײַן מאמע לערנט דיך!

גרוניע: דײַן מאמע איז גערעכט! ווײסט דאָ אומקומען. איך וויל מער ניט שווײַגן.

פּריוואלאָוו: (פאַרביטערט.) איז עפּשער וואָלסטו ארויס מיט א געשריי איבערן גאַנצן טראַקט: „ראַטעוועט, קאַסטיע קומט אום!" (גרוניע לויפט ארויס אין גאַס.) גרוניע! (לאָזט זיך גיין נאָך איר, טוט זיך אָבער האַסטיק א קער צוריק, גייט צום צווייטן צימער, עס באַווײַזט זיך אוליאַנאָוו.)

אוליאַנאָוו: (צו קרופּסקען.) אויסגעצייכנטע יונגען! פאַר דער צײַט, וואָס איך בין געווען אין אויסלאַנד, איז דער שליסעלבורגער טראַקט געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. פרישע מענטשן צוגעקומען, אַזאַ נײַגער באַ זיי! אַזאַ פּאַרנעם! (לייענט פונעם נאָטיצביכל.) „ווי לעבן די פאַבריטשנע אין לאָנדאָן?", „ווי זעט אויס אונדזערער א ברודער א מעטאַליסט אין בערלין?", „און שטרײַקן דערלאָזט מען דאָרטן?", „און די פּאַריזשער אַרבעטער האָט איר געזען?", „כאָטש איינעם, א פּאַריזשער אַרבעטער, פון די קאָמונאַרן, ווען מיר קאָנען זען!" (פאַרמאַכט דאָס נאָטיצביכל.) זעלטענע יונגען. ווער איז דער מיכײַלאָ, וואָס זיי ריידן וועגן אים?

קרופּסקאַיאַ: פונעם שיפבוי-זאַוואָד. האָט גאָר שטאַרק געוואָלט לעבן. מער פאַר אַלץ האָט אים געצויגן צו געאָגראַפיע, אָט איז זײַן אַרבעט. (טײַט אָף דער קאַרטע.)

אוליאַנאָוו: ווי זיי האָבן אַלע אים ליב, האַרציק דערציילן זיי וועגן אים, נאָר איינער, אָט דער, וואָס איז ערשט דורכגעגאַנגען, האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן.

קרופּסקאַיאַ: ס'איז קאָסטיע פּריוואלאָוו. דער בעסטער שילער. הײַנט האָט ער מיר פלוצעם געמאָלדן: ער גייט אוועק פון שול. ער ווערט אויס אַרבעטער. איך האָב באַמערקט: עפּעס באַהאַלט ער אויס. דוכט זיך, די נאַראָדאָוואָלצעס האָבן אים עפּעס אײַנגערעדט. ער האָט זיך א צײַט געכאַווערט מיט זיי.

אוליאַנאָוו: פאַראַן באַ אײַך אין שול אַזעלכע אויך?

קרופּסקאַיאַ: איר וועט עפּשער א שמועס טאָן מיט אים? איך וועל אים רופן אהער. (גייט אוועק אין צווייטן צימער. אוליאַנאָוו גייט ווידער צו צו דער קאַרטע, פאַרצייכנט עפּעס באַ זיך אין נאָטיצביכל. עס גייט אַרײַן פּריוואלאָוו.)

אוליאַנאָוו: (לעבן דער קאַרטע. צו זיך, צו פּריוואלאָוון.) וויפל פאַרבאָרגענע ענערגיע! וויפל פייִקײַטן גייען אומזיסט פאַרלאָרן! איר האָט אים געקענט, מיכײַלאָן? אין איין זאַוואָד געאַרבעט?

פּריוואלאָוו: אין איין צעך זײַנען מיר געווען, באַ שטאָלגיסערײַ.

אוליאַנאָוו: וויאַזוי ער איז אומגעקומען קאָנט איר מיר זאָגן?

פּריוואלאָוו: צוליב וואָס דאַרפט איר עס? (קוקט מיט אומצוטרוי אָפן נאָטיצביכל.) אָנשרײַבן וועגן מיכײַלאָן? דעם טויטן וועט איר שוין ניט העלפן!

אוליאַנאָוו: אָבער די לעבעדיקע קאָן עס דאָך העלפן, ווי מיינט איר?

פּריוואלאָוו: איך מיין... דעם טײַוול באַשרײַבן, וועט ער אַלציינס א טײַוול בלײַבן... וויאַזוי מיכײַלאָ איז אומגעקומען האָב איך אַליין געזען. (דערציילט כמורנע, אופגערעגט, ניט קוקנדיק אָף אוליאַנאָוון.) אַז ער איז אומגעפאַלן אָף דער צעגליטער מאַסע שטאָל, האָט זיך אָף אים באַלד דאָס גאַנצע אָנטאָן אָנגעצונדן. דאָס אָנטאָן איז דאָך באַ אים געווען מיט נאַפט באַגאָסן, האָט עס זיך באַלד צעפלאַקערט. די הענט, די פיס האָבן באַ אים געברענט, ווי א פײַערדיקער וויכער האָט ער זיך אומגעטראָגן איבערן צעך. איך האָב זיך א לאָז געטאָן צו אים, נאָר ער אַנטלויפט, אַנטלויפט, אומעגלעך צו כאַפּן. ערשט אינמיטן הויף איז ער אומגעפאַלן: „ראַטעוועט, ברידערלעך!" נאָכדעם האָט ער דרײַ טעג קוים געעטעמט און איז נעכטן געשטאָרבן. (פּאַוזע.) צענדליקער קומען אַזוי אום און גאָרניט. דער זאַוואָד גייט, אַלע שווײַגן, שטיל, שאַ...

אוליאַנאָוו: אײַך געפעלט ניט, וואָס ס'איז שטיל, שאַ? וואָס די אַרבעטער שווײַגן? דערפאַר ווילט איר אוועק פונעם זאַוואָד? ווערן אויס אַרבעטער? כ'האָב געהערט, געהערט... (גייט צו נעענטער. פאַרקוקט אים אין די אויגן.) אײַך דוכט זיך, אַז מע שווײַגט. ניין, ניט אַלע שווײַגן. אָבער וואָס דאַרף מען טאָן? מע דאַרף טאָן אַזוי, אַז אַלע זאָלן ניט שווײַגן. מע דאַרף געפינען די, וואָס זײַנען שולדיק אין מיכײַלאָס טויט. ווער קאָן עס טאָן? נאָר איר, נאָר דער, וואָס איז אַליין געווען דערבײַ.

פּריוואלאָוו: איך?

אוליאַנאָוו: דאָס איז אײַער פליכט! וועגן מיכײַלאָן און וועגן די הונדערטער מיכײַלאָס דאַרף מען א רעד טאָן אַזוי, אַז אַלע זאָלן זיך א ריר טאָן. זאָלן אַלע פאַרשטיין. ס'איז א מילכאָמע!

זאָלן די ארבעטער וויסן: זייער מילכאָמע קעגן די פאבריקאנטן מוז פריִער אָדער שפּעטער ווערן א מילכאָמע קעגן דער רעגירונג! דערצו דארף מען זיך גרייטן! דאָס איז הײַנט דאָס וויכטיקסטע!

פּריוואלאָוו: דאָס וויכטיקסטע? שושקען זיך אין די ווינקלען? לייענען? שטודירן? „וואָס איז אזוינס א מענטש?" (ווײַזט אפּן סקעלעט.) „וואָס איז דער אונטערשייד צווישן א ריאזאנער פּויער און א פּעטערבורגער ארבעטער?" „וואָס איז אזוינס א שטרײַק און פארוואָס דארפן ארבעטער שטרײַקן?" ס'איז דאָך א געשיכטע אף הונדערטער יאָרן!

אוליאנאָוו: און אײַך האָט מען אנדערש געלערנט?

פּריוואלאָוו: מע דארף זיך נויקעם זײַן! מע דארף באלד באצאָלן פאר אלץ! זאָל זיך דערהערן א שאָס! זאָל עס א קנאל טאָן! זאָל עס דערלאנגען גאָר־גאָר הויך!



עזראָ פײנינבערג
(1946—1899)

אוליאנאָוו: אָט ווו דער הונט איז באגראָבן! עמעצער פון די „פרײַנט" האָט אײַך אזוי געלערנט. זיי זינגען נאָך אלץ דאָס אלטע לידעלע: א שאָס, א קנאל, א פארשווערונג... זיי זײַנען אלץ נאָך בלינד. מיר גלייבן ניט אין קיין פארשווערונגען. זייער צײַט איז פארבײַ. דאָס לעבן איז פול מיט גרויל און נידערטרעכטיקײַט. די מאסן זײַנען פול מיט פאר־באָרגענעם צאָרן. וואָס דארף מען טאָן? מע דארף פארייניקן אלע שטראָמעלעך פונעם פאָלקס־צאָרן אין איין גרויסן שטראָם. מיכײַלאָ איז אומגעקומען. די פּעטערבורגער זאוואָדן וויסן וועגן דעם? נייך?.. זײַט אזוי גוט (נעמט בא פּריוואלאָוון דאָס העפטל, ווו ס'איז פארשריבן די ראָל, לייענט איבער דעם נאָמען פון דער ראָל „סטאראָדום", דערלאנגט דאָס העפטל פּריוואלאָוון, רוקט אים צו א שטול.) זעצט זיך אוועק, שרײַבט.

פּריוואלאָוו: ניין, ניקאָלײַ פּעטראָוויטש, איך וועל ניט שרײַבן! איך קען ניט שרײַבן. (עס באווײַזט זיך קרופּסקאיא.)

אוליאנאָוו: מע זאָגט דאָך, אז איר זײַט דער בעסטער שילער. איך וועל זיך קלאָגן פאר אײַער לערערן. אײַ, אײַ, אײַ, דער בעסטער שילער.

קרופּסקאיא: ער איז שוין דאָ ניט קיין שילער, ער גייט אוועק פון דער שול.

אוליאנאָוו: און עס טוט אײַך ניט באנק, פּריוואלאָוו?

פּריוואלאָוו: (פארצווייפלט.) ווער דארף זי איצט, די שול, אז אין א צוויי־דרײַ וואָכן ארום וועט מעגלעך אויסקומען פארזוכן דעם קאזיאָנעם שטריק. (מיט א זשעסט ארום האלדז.) איך וועל גיין! בלײַבט געזונט, לערערקע!

אוליאנאָוו: ניין, ווארט צו, פּריוואלאָוו, מיר האָבן נאָך ניט פארענדיקט! (נעמט פּריוואַ־לאָוון אונטער דער האנט,ביידע גייען ארויס.)

וואָלינקין: (לויפט ארויס פון צווייטן צימער.) אָט דאָס הייסט א רעפּעטיציע... (צו קרופּ־סקען אפן אויער, מײַסע קאָנספּיראציע.) מיר האָבן אים, ניקאָלײַ פּעטראָוויטשן, אויסגעפרעגט וועגן אלץ אין דער וועלט. און ער איז אויך א פארשוין! וועגן אלץ דארף ער וויסן: וויפל שטראָפן נעמען בא אונדז די פאבריקאנטן, וויפל פארדינט אן ארבעטער, ווו נעכטיקט אן ארבעטער... און וועגן שפּיקעס האָט ער זיך אויך נאָכגעפרעגט. (נאָך שטילער.) ווי רעכנט איר, לערערקע, פאראן בא אונדז אין שיפּבוי־זאוואָד א שפּיק? איך האָב אים געזאָגט, אז ניין. נאדיעזשדא קאָנסטאנטי־נאָוונא, ער איז עפּעס געווען צופרידן מיט אונדז?

קרופּסקאיא: (גיט אים א גלעט איבערן קאָפּ.) זייער צופרידן.

ראָדיאָן: (קומט ארײַן צעטומלט.) לערערקע! ריכט זיך אף א גאסט: דער אינספּעקטאָר גייט.

קרופּסקאיא: דער אינספּעקטאָר? איינער אליין?

ראָדיאָן: איינער אליין, נאָר זעט אויס זייער דערצאָרנט. ער יאָגט איבערן טראקט, דער שינעל צעפּאָכעט, די ברילן אָן א זײַט. אָט באלד איז ער דאָ.

קרופּסקאיא: רוקט אָפּ די פּארטעס, ראָדיאָן. מירן אריבערטראָגן די רעפּעטיציע אהער. וואָלינקין, הערסט? דער אינספּעקטאָר גייט! לאָמיר רעפּעטירן.

וואָלינקין: אהער! אלע אהער! פּראָסטאקאָוו![1] (עס גייט ארויס פּאנטשין.) אָט דאָ איז דײַן אָרט. סקאָטינין![1] (עס גייט ארויס סאמאָכין.) אָט דאָ־א שטעל זיך!

קרופּסקאיא: (מיט א שמייכל.) און דו, מיטראָפאנושקע[1], ווו וועסטו שטיין?

---

[1] — פּראָסטאקאָוו, סקאָטינין, מיטראָפאנושקע — פּערסאָנאזשן פון פאָנוויזינס פּיעסע „ניעדאָראָסל".

וואַלינקין: אַט דאָ, לעבן מײַן מוטער, לעבן פּראַסטאַקאַוועץ. (געלעכטער.)

דער אינספּעקטאָר: (קומט אַרײַן מיט ראַדיאַנען, שרײַט אַף אים.) וואָס דערצײילסטו מיר? ווּעמען ווילסטו אײַנריידן? ס'איז יאַמטעוו און קײנער טאָר אין דער שול ניט זײַן! ווער האָט דערלויבט? די לערערקע אהער! ווּ איז די לערערקע?

קרופּסקאַיאַ: אַט בין איך!

דער אינספּעקטאָר: איר זײַט יונג, צו יונג, געערטע לערערקע! איר זײַט ניט געניט! און די געזעצן ווייסט איר אויך ניט! אײַך איז באַקאַנט דער ספּעציעלער באַפעל פונעם סינאָד? „די זונטיק־שולן פאַר אַרבעטער זײַנען פאַרפליכטעט צו פעסטיקן אינעם פּראָסטן פאָלק דעם פּראַוואָסלאַווונעם גלויבן, די ליבשאַפט צו אונדזער...“

וואַלינקין: (מיט אַ פאַראַדירטן קלויסטער־ניגון.) צאַר באַטיושקאַ!

דער אינספּעקטאָר: שטיל דו, שנעק! (צו קרופּסקען.) וויאַזוי דערציט איר אײַערע שילער?

קרופּסקאַיאַ: אַנטשולדיקט, הער אינספּעקטאָר! איר בייזערט זיך אומזיסט! אונדזער שול דערציט די אַרבעטער אין דעם גײַסט, ווי דער הייליקער סינאָד פאָדערט. אָבער קוּנסט, הער אינספּעקטאָר... איך האָב געהערט, הער אינספּעקטאָר, אַז איר האַלט פון קונסט... ס'איז הײַנט דאָ באַ אונדז אַ רעפּעטיציע. איר ווּעט עפּשער בלײַבן? עס וועט אײַך פאַרשאַפן פאַרגעניגן. מיר שפּילן דאָ „ניעדאָראָסל“. הייב אָן, וואַלינקין! (ראַדיאַן באַזעצט דעם אינספּעקטאָר. וואַלינקין שטעלט זיך אַוועק לעבן קרופּסקען, הייבט אָן שפּילן זײַן ראָל. קרעכצט.)

מיטראָפאַן: (וואַלינקין.) אוי, אוי, אוי...

פּראָסטאַקאָוואַ. (קרופּסקאַיאַ.) וואָס איז מיט דיר געשען, מיטראָפאַנושקע?

מיטראָפאַן: אַט אַזוי, מוטערל... נעכטן נאָך דער וועטשערע האָט עס מיך אַ כאַפּ געטאָן...

סקאָטינין: (סאַמאַכין.) ווײַזט אויס, האָסט באַ דער וועטשערע צופיל אַרײַנגעכאַפּט.

מיטראָפאַן: ניין, איך האָב, פעטערל, קימאַט גאָרנישט געגעסן.

פּראָסטאַקאָוו: (פאַנטשין.) עפּעס געדענקט זיך מיר, מײַן פרײַנט, אַז דו האָסט יאָ עפּעס פאַרזוכט.

מיטראָפאַן: ווייס איך וואָס, איך גיי ווי אַ צעדולטער אַרום, אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר אַלעפּבייס געכאָלעמט.

פּראָסטאַקאָוו: וואָס פאַר אַ בייז, מיטראָפאַנושקע.

מיטראָפאַן: דו, מוטערל, האָסט זיך מיר געכאָלעמט, און אויך דו, פאָטערל...

פּראָסטאַקאָוו: וואָס הייסט?

מיטראָפאַן: כ'בין נאָר אַנשלאָפן געוואָרן, דערזע איך, ווי דו, מוטערל, טוסט פּאַטשן דעם פאָטערל... האָב איך אַזוי ראַכמאָנעס געקראָגן.

פּראָסטאַקאָוואַ: (מיט פאַרדראָס.) אַף ווּעמען?

מיטראָפאַן: אַף דיר, מוטערל, ביסט אַזוי מיד געוואָרן פּאַטשנדיק דעם פאָטערל.

פּראָסטאַקאָוו: אַט אַ זונדעלע, די איינציקע טרייסט מײַנע.

(עס פאַלט דער פאָרהאַנג).

## באַ די פּריוואַלאָווס

אין אָרעם צימערל באַ די פּריוואַלאָווס. איין ווינקל אָפּגעצאַמט מיט אַ לײַלעך (דאָרטן וווינט דער קוואַרטיראַנט דיאָמין), אין צווייטן ווינקל (אַנטאָנאָווונעס) — אַ טיש, אָן אַלט הילצערן בעט, איקאָנעס. אַפן טיש — דאָס עסן, וואָס אַנטאָנאָווונאַ האָט צוגעגרייט פאַר קאָסטיען. איין ווינקל טיילט זיך אויס: אַף דער וואַנט דאָרטן — אַ פּאָליצע מיט ביכער. ס'הענגט נעקראַסאָווס פּאָרטרעט. ס'איז קאָסטיעס ווינקל. דאָס פערטע ווינקל — די קיך.

זונטיק. באַטאָג. קאָסטיע וואַשט זיך אין קיך־ווינקל. אַנטאָנאָווונאַ באַוויַיזט זיך מיט אַ ליכט פונעם פינצטערן קעמערל, טראָגט אַ פּאָר שטיוול, הייבט אויף די ליכט, באַטראַכט די שטיוול. געפינט דאָס בערשטל, הייבט אָן פּוצן די שטיוול.

אַנטאָנאָוונאַ: קײנער וועט ניט זאָגן, אַז ס'איז געטראָגענע שטיוול! גאָר ווי נײַע!

פּריוואַלאָוו: (גייט אַרויס פונעם ווינקל, ווישט זיך מיט אַ האַנטעך.) וויפל בין איך אָפּגעשלאָפן? (באַמערקט די שטיוול.) וואָס איז דאָס פאַר אַ נײַס?

אַנטאָנאָוונאַ: אַ מאַטאָנעלע דעם געטרײַען זון מײַנעם! דערפאַר, וואָס ער איז שוין דרײַ וואָכן אין דער היים ניט געווען. ניט פאַרדינט האָסטו עס, קאָסטיע, נאָר... מעסט אָן! מעסט אָן! (זעצט אים אַוועק, צווינגט אים אָנמעסטן די נײַע שטיוול.) שטיוול אָן אַנטיק! (לויפט צו צום שאַפּקעלע, נעמט אַרויס אַ פרישע אויסגעוואַשן העמד.) און אַ פרישינק העמדעלע האָב איך דיר אויך צוגעגרייט. און בײַס אָפּגיך איבער, וועלן מיר, זון מײַנער, גיין.

פריוואלאָוו: וווהין גיין?

אנטאָנאָוונא: נו, נו, אז א מאמע בעט, דארף מען ניט איבערפרעגן.

פריוואלאָוו: וווהין ווילסטו מיך פארשלעפן?

אנטאָנאָוונא: שוין דערשראָקן זיך... און אז דו וועסט מיר איין מאָל צוליב טאָן? צוגיין מיט מיר אין קלויסטער ארײַן.

פריוואלאָוו: אזוי גאָר? (הערט אוף אָנטאָן זיך.)

אנטאָנאָוונא: ברויגעז געוואָרן... מע טאָר שוין קיינמאָל גאָרניט בעטן... גיי ארויס אפן טראקט, וועסטו הערן: אלע זאָגן, אז דו דארפסט גאָט דאנקען... דײַן כאווערל מיכײַלאָ איז פארברענט געוואָרן... און דיך... דיך האָט גאָט געראטעוועט. קום, קום צו אף א רעגעלע...

פריוואלאָוו: (טוט אויס די שטיוול.) מע וועט זיך באגיין אָן דעם קלויסטער און אָן די נײַע שטיוול.

אנטאָנאָוונא: וועסט כאראָשע האָבן, מײַן זון. וועסט נאָך קומען זיך בעטן בא גאָט. (גייט אוועק.)

פריוואלאָוו: (שרײַט איר פריילעך נאָך.) גיב אים איבער, אז ער וועט לאנג-לאנג דארפןווארטן אף מיר! (קאָסטיע בלײַבט איינער אליין. שפּאנט איבערן צימער. גייט צו צו אנטאָנאָוונאס ווינקל, באטראכט די איקאָנעס.) א היפּשע כאליאסטרע! (זעצט זיך צום טיש, עסט, קוקט אף די איקאָנעס.) וואָס זשע מאכט איר עפּעס, הייליקע לײַט? שוין לאנג ניט געזען זיך מיט אײַך! איר שווײַגט? איר ווילט מיט אזא זינדיקן ניט ריידן? נו, שווײַגט געזונטערהייט, שווײַגט... (עס באווײַזט זיך גרוניע מיט א פּעקל, וואָס איז אײַנגעוויקלט אין א קאָלדרע, איבערגעבונדן מיט א האנטעך.)

גרוניע: (בלײַבט שטיין בא דער שוועל. באטראכט דאָס צימער, לייגט אוועק אין א זײַט דאָס פּעקל. גייט ארײַן אין צימער.) מיט וועמען רעדט ער עס? קאָסטיע!

פריוואלאָוו: (דערפרייט.) א גאסט, א טײַערער גאסט! טו זיך אויס, גרוניע, זעץ זיך צום טיש. (דאָס פּעקל אין ווינקל איז זיך צעפאלן. גרוניע גיט זיך א לאָז צו דעם, הייבט אָן פארפּא־קעווען.) וואָס טוט זיך עס מיט דיר?.. (נעמט זי בא די הענט, לאָזט ניט פּאקעווען.) ווילסט אוועק צוריק אין דאָרף ארײַן?

גרוניע: (שאָקלט מיטן קאָפּ אף ניין.)

פריוואלאָוו: וואָס זשע? מיט די כאווערטעס די קאלאָשניצעס זיך צעקריגט?

גרוניע: (שאָקלט מיטן קאָפּ אף ניין.)

פריוואלאָוו: וואָס זשע? מע האָט דיך פארטריבן פון דער קאזארמע? הא?

גרוניע: (צעווײנט זיך.)

פריוואלאָוו: (נעמט אראָפּ פון איר דעם מאנטל.) דאָס מיידעלע האָט זיך צעוויינט... הער אויף, נארעלע! (נעמט דעם קאנט פון גרוניעס קאָפּטיכל, ווישט אויס אירע טרערן.) און מער זאָלן קיין טרערן ניט זײַן! (זעצט זי אוועק אף א שטול.) מע האָט עפּעס אויסגעטראכט אף דיר? באליידיקט? דיר שלעכטס געטאָן?

גרוניע: אוי, קאָסטיע, וויפל שלעכטס מע טוט אונדז! כײַעס זײַנען זיי! ווילדע כײַעס!

פריוואלאָוו: אהא, זיי האָבן דיך באוויזן זייערע ציין?.. מע האָט דיר געהייסן אוועקגיין פון קאזארמע? פון זאוואָד טרײַבט מען דיך אויך?

גרוניע: מע קאָן דען בא זיי וויסן? אָט אָ דאָס ביכעלע האָט מען בא מיר אונטערן צוקאָפּנס געפונען. (ווײַזט קאָסטיען א קליין ביכעלע.) די לערערקע האָט עס מיר געגעבן... וועגן דעם מענטשן און וועגן די מאלפּעס דערציילט זיך דאָ... אז דער קאָמענדאנט האָט עס דערזען, האָט ער גענומען טופּען מיט די פיס, טרײַבן מיך: „מארש פון דער קאזארמע!"

פריוואלאָוו: (גיט א בלעטער דאָס ביכעלע.) אָט מיט וואָס מײַן גרוניע האָט עס פארזינדיקט... וועסט זיך באגיין אָן זייער קאזארמע. דאָ, מיט אונדז, וועסטו וווינען. (פירט זי צו צו זײַן סאָפקע.) דאָ וועט זײַן דײַן אָרט — אָט איז דײַן געלעגער (לאָזט זיך גיין נאָך איר פּעקל.)

גרוניע. וואָס טוסטו? און דו אליין — ווו וועסטו זיך אהינטאָן?

פריוואלאָוו: זאָרג ניט, גרוניע. (עפנט די טיר אין טונקעלן קעמערל.) פאר מיר וועט זיך אויך געפינען אָן אָרט! אָט דאָ אין קעמערל. ווי אין א פּאלאץ וועל איך דאָ לעבן...

גרוניע: ווארט צו... און וואָס וועט זאָגן די אנטאָנאָוונע?

פריוואלאָוו: (צינדט אָן א ליכט, זיי הייבן אָן ראמען דאָס קעמערל.) טראכט ניט איבער, מיידעלע מײַנס. אין דער שטוב בין איך קאָמענדאנט... אנטאָנאָוונא וועט אָנקוועלן... (נעמט אראָפּ פון וואנט די פּאָליצע מיט ביכער, טראָגט זיי צום קעמערל. די ביכער צעפאלן זיך, טוען א קלאפּ אין דיל. פון הינטער דעם לײַלעך הערט זיך א פארשטיקט געשריי. עס רוקט זיך ארויס דיאָמינס צעשויבערטער קאָפּ.)

ד י אַ מ י ן: (פאַרשלעפּערט, צעטומלט.) וואָס איז? ווער גוואַלדעוועט דאָ? (ריַיבט זיך די אויגן, קוקט פאַרוווּנדערט אַף קאַסטיען.)

פ ר י וו א ל אָ וו: און איך וויל פרעגן בא דיר: ווער האָט זיך עס צעגוואַלדעוועט? דוכט זיך, אַז דו. נו, האָסטו עס אַ געשריי געטאָן, דיאַמין!

ד י אַ מ י ן: (געגעצט.) שטאַרק געשריַען זאָגסטו? (רופט.) אַנטאָנאַוונאַ! ווידעראַמאַל יענער כאָלעם! דער פאַרעץ האָט זיך מיר. נאָכאַמאָל געכאָלעמט... ניטאָ די אַנטאָנאַוונע? ווּעמען וועל איך דעם כאָלעם דערציילן? (שטייט אויף פון געלעגער, גייט צום מיטן צימער, ווו פריוואַלאָוו קלײַבט צונויף די ביכער.) וווהין קלײַבסטו זיך?

פ ר י וו א ל אָ וו: העלף מיר דאָס קעסטל אַריבערשלעפּן אין קעמערל אַרײַן. גרוניע, שוין אופגעראַמט? (פון קעמערל גייט אַרויס גרוניע מיט אַ בעזעם אין האַנט.) דער פּאַלאַץ איז פּאַרטיק?

ג ר ו נ י ע: ניין, כ'וועל דיך ניט לאָזן אַהין. ס'איז דאָרט טונקל, און די וואַנט איז, דוכט זיך, אַ נאַסע. כ'וועל בא איַיך ניט בלײַבן... כ'וועל גיין...

פ ר י וו א ל אָ וו: אינערגעץ וועסטו ניט גיין. (צו דיאַמינען.) העלף, דיאַמין.

ד י אַ מ י ן: (העלפט שלעפּן דעם קאַסטן.) וואָס טוט זיך דאָ? האָסט אוועקגעגעבן דײַן ווינקל?

פ ר י וו א ל אָ וו: רייד ניט קיין פּוסטע רייד, שלעפּ! (פאַרשווינדן ביידע אין קעמערל. גרוניע שטייט אין ליידיק געוואָרענעם ווינקל. מאַכט אַ באַוועגונג אַף אַראָפּצונעמען פון וואַנט נעקראַסאָווס פּאָרטרעט. קאַסטיע לויפט אַרײַן צוריק פון קעמערל, באַמערקט איר באַוועגונג.) דאָס בילד זאָל בלײַבן דאָ. כ'האָב דאָך דיר דערציילט, ווער דאָס איז. (לייגט אַרוף די האַנט אַף גרוניעס אַקסל.) דער דאָזיקער מענטש האָט גוט פאַרשטאַנען אונדזער ביטער מאַזל...

ד י אַ מ י ן: (באַוויַיזט זיך אַפן שוועל פונעם קעמערל, דערזעט ווי זיי שטייען לעבן נעקראַ־סאָווס בילד.) זע נאָר ווי זיי האָבן זיך צוגעטוליעט!.. (גייט צו אַף די שפּיצפינגער, שטעלט זיך אַוועק אַנטקעגן פריוואַלאָוון.) דיאַמינען וועסטו ניט אָפּנאַרן. זאָג אָפּן: כאַסענע געהאַט? אַזוי זשע רייד... (באַטראַכט זיי.) אַ וואַזשנע פּאַרפּאָלק... (קאַסטיע גייט אַוועק אין קעמערל. גרוניע לאָזט זיך גיין נאָך אים.)

ד י אַ מ י ן: (פאַרהאַלט זי.) דו, גרוניע, אַנטלויף ניט. מעגסט אויסהערן, וואָס דיאַמין וועט דיר זאָגן. כ'קען אים גוט, דײַן קאַסטיען. מע קאָן זיך אַף אים פאַרלאָזן... ער וועט שוין דײַן גליק באַוואָרענען.

ג ר ו נ י ע: וועגן גליק רעדסטו? ס'איז אין קיינעם ניט געווענדט — נאָר אין די אייגענע הענט...

ד י אַ מ י ן: אָט, אָט... אַזאַ יונג דאַרף מען ליב האָבן, נאָר אַכטונג געבן דאַרף מען אויך... (גיט איר אַ ווונק, הייבט אָן ריידן שטיל, אַז קאַסטיע זאָל ניט הערן.) דו ווייסט דאָך, מיר אַרבעטן מיט אים אין איין צעך...

פ ר י וו א ל אָ וו: (גייט אַרויס פון קעמערל.) רייד, רייד, לאָמיך אויך הערן.

ד י אַ מ י ן: מעגסט עס טאַקע אויך וויסן. נאַטשאַלסטווע האָט שוין אַף דיר אַן אויג געוואָרפן. דער אַדמיראַל אַליין, זאָגט מען, האָט זיך וועגן דיר נאָכגעפרעגט. מע טשאַטעוועט נאָך דיר. היט זיך, קאַסטיע, די שוואַרצע קאַרעטע זאָל ניט קומען אַהער. און דו, מיידל, גיב אויך אַכטונג אַף אים.

פ ר י וו א ל אָ וו: און מער האָסטו גאָרניט געהערט? וואָס זשע שרעקסטו מענטשן? גיי, פּעפער, לופטער זיך דורך.

ד י אַ מ י ן: אַ וואַזשנע פּאַרפּאָלק... (קוקט אַף זיי מיט אַ נאַיוו שײַנענדיק פּאָנעם, גייט אַוועק.)

ג ר ו נ י ע: וואָס רעדסטו מיט אים אַזוי בייז? ער איז אונדז אַ גוטערפרײַנט. (לאַכט.) ער האָט געזאָגט, אַז מײַן גליק איז שוין באַוואָרנט.

פ ר י וו א ל אָ וו: ס'קומט אונדז גליק, גרוניע. אונדז אַלעמען... (גיט אַ טײַט אַף דער שטוב.) נאָר ניט גרינג וועט עס אונדז אָנקומען. איך האָב געהערט דײַן ווערטל, אַ קלוג ווערטל. אַזוי זאָגט מען בא איַיך, בא די קאָלאָשניצעס: „ס'איז אין קיינעם ניט געווענדט, נאָר אין די אייגענע הענט...“ און אויב עס מוז געדויערן, ביז דאָס גליק וועט אַריבער אין די אייגענע הענט? וועלן מיר זיך ניט איבערשרעקן, גרוניע? (שטייט אויף, נעמט דעם מאַנטל, קלײַבט זיך אַוועקגיין.)

ג ר ו נ י ע: ביסט שוין ווידער פאַרזאָרגט, שוין ווידער פאַרכמורעט...

פ ר י וו א ל אָ וו: באַלד קום איך צוריק, גרוניע.

ג ר ו נ י ע: וווהין איז?

פ ר י וו א ל אָ וו: כ'דאַרף באַלד צוגיין אין שול אַרײַן, זען איינעם אַ מענטשן. ער האָט צוגע־זאָגט הײַנט קומען אַהערצו. בעסער זאָל ער ניט קומען.

ג ר ו נ י ע: עפּשער זאָל איך צוגיין אין שול אַרײַן? איך וועל איבערגעבן דער לערערקע: „גאָט באַהיט, דער מענטש טאָר הײַנט ניט קומען“... (לאָזט זיך גיין).

פ ר י ו ו א ל אָ ו: וואַרט נאָר צו! דו ווייסט דאָך ניט, ווי ער הייסט, דער דאָזיקער מענטש.

ג ר ו נ י ע: מע מעג דען וויסן?

פ ר י ו ו א ל אָ ו: (באַגלייט זי צו דער טיר.) זאָג דער לערערקע, קאַסטיע האָט איבערגעגעבן, בעסער, אז ניקאָלײַ פּעטראָוויטש זאָל הײַנט ניט קומען... וועסט פאַרגעדענקען? איצט גיי, גרוניע. (נעמט זי אַרום.) וועלן מיר זיך ניט איבערשרעקן, האַ? (גרוניע גייט אַוועק. קאָסטיע בלײַבט א ווײַלע אַליין אין צימער, נעמט אַרויס פון הינטער נעקראַסאָווס פּאָרטרעט א פּעקל ליטעראַטור, פאַרוקט עס אין א באַהאַלטענעם ווינקל אין צימער.) זיי טשאַטעווען? עס וועט זיי ניט העלפן, אָט אַהער וועט קיינעמס האַנט ניט דערלאַנגען... (עס קומט אַרײַן יוטאָוו.)

י ו ט אָ ו: (אָנגעטאָן רײַך, האַלט אין איין האַנט א סאַמעטענע הוט, אין דער צווייטער — א באַזילבערטן שטאָק. קוקט זיך אַרום. דערזען, אז קיינער איז ניטאָ, טוט ער א שמיץ דעם שטאָק אין א זײַט, ווערט מיטאַמאָל פאַרענדערט, רעדט מאָנענדיק־האַרב.) וואָס קוקסטו מיך אָן? ניט דערקענט דײַן אַלטן פרײַנט יוטאָוון?

פ ר י ו ו א ל אָ ו: (כמורנע.) דערקענט.

י ו ט אָ ו: (נעמט אַרויס א קלײן שערעלע, מיט וועלכן מע שערט נעגל, טוט קונציק א שנײַד אויף דעם אונטערשלאַק פון הוט, פון דאָרט פאַלט אַרויס א פּאַפּירל.) נאַ, נעם. איך האָב דיר גע־בראַכט דעם פּלאַן פון די גאַסן, וואָס פירן קיין פּעטערהאָף, אָט זע: בא די צוויי ליניעס דאַרפן מיר זיך האַלטן. בא איין זײַט — איך. בא דער צווייטער — דו... (פריוואַלאָוו קוקט ניט אָפּן פּלאַן, זוכט עפּעס מיט די אויגן, גיט האַסטיק א שפּאַן צום פענצטער, נעמט אַרויס פון דער וואַנט א נאָדל־פּאָדעם.)

פ ר י ו ו א ל אָ ו: (דערלאַנגט יוטאָוון די נאָדל.) מעגסט עס פאַרנייען צוריק.

י ו ט אָ ו: (מיט א קינסטלעכן שמייכל.) איך פאַרשטיי. האַלטסט פון קאָנספּיראַציע. וועסט עס געדענקען אָף אויסווייניק. וועסט עס טראָגן אין זיך אינווייניק...

פ ר י ו ו א ל אָ ו: ניט אינווייניק און ניט אויסווייניק. איך דאַרף עס ניט האָבן.

י ו ט אָ ו: דו דאַרפסט עס ניט האָבן? מיר דאַרפן עס האָבן!

פ ר י ו ו א ל אָ ו: ווידעראַמאָל דאָס זעלבע. ווער איז דער „מיר“?

י ו ט אָ ו: ווייסט שוין גאָרנישט ניט? פאַרשטייסט שוין גאָרנישט ניט? עפּשער וואָלסטו זיך פאָרט דערמאָנען? אין איינעם א מאַגאַזין, א ביכער־מאַגאַזין, וואָרט מען שוין עטלעכע טעג אָף דעם נײַעם פאַרקויפער. מע פרעגט בא מיר: ווו איז ער, פריוואַלאָוו? ווען וועט ער קומען?.. וויל איך וויסן: ווו איז פריוואַלאָוו?.. זאָל איך מעלדן: פריוואַלאָוו איז ניטאָ? ער האָט פאַרבלאָנדזשעט?..

פ ר י ו ו א ל אָ ו: געבלאָנדזשעט האָב איך פריִער. מיט אײַך האָב איך געבלאָנדזשעט. און גענוג זאָל זײַן. ווידעראַמאָל וואָזנעסענסקי פּראָספּעקט, טשאַטעווע נאָך דעם וועג קיין פּעטערהאָף? ניט דאָס איז דער וועג.

י ו ט אָ ו: און ווער האָט זיך געשוואָרן? און ווער האָט געזאָגט: „אַפילו מיט די הוילע הענט, אָבער דעם דעספּאָט דעם קאָפּ דאַרף מען צעפּלעטן?“ ווער האָט געזאָגט? דוכט זיך, אז קאָסטיע פריוואַלאָוו? און איצטער וואָס? זיך איבערגעשראָקן? עס ווילט זיך דאָס אייגענע פעלכל פאַרהיטן? (טײַט אָף דער שטוב.) מיט ביכעלעך, מיט העפטעלעך זיך פאַרנעמען? „וואָס איז אַזוינס א פױ־געלע? וואָס איז אַזוינס א בלימעלע?“ א שטילינקער, א ווײלינקער געוואָרן. מײַן שקאָלע... מײַן זאַוואָד... מײַנע ברידערלעך, די פאַבריטשנע...

פ ר י ו ו א ל אָ ו: איר ווילט שפּעטן פון אונדז, פון די אַרבעטער? ס׳וועט אײַך גאָרנישט ניט העלפן. די אַרבעטער ווילן אײַך ניט קענען! ווי די גאַלאַכים זײַט איר. איר פאַרטשאַדעט אונדז! (עס דערהערן זיך שטימען פון פּירהויז.)

י ו ט אָ ו: (ווײַזט, אז מע גייט.) עפּשער וועסטו זיך נאָך באַטראַכטן? מיר וועלן וואַרטן אָף דיר.

פ ר י ו ו א ל אָ ו: ניטאָ וואָס צו וואַרטן!

י ו ט אָ ו: (מיט א דראָענדיק קאָל.) פאַרגעדענק מײַנע רייד: וועסט אויסגעטריקנט ווערן! וועסט צונישט ווערן, פריוואַלאָוו! (פאַרשווינדט.)

פ ר י ו ו א ל אָ ו: (שפּאַנט אום און אופגערודערטער.) מיט ביכעלעך, מיט העפטעלעך זיך פאַרנעמען. א שטילינקער, א ווײלינקער בין איך געוואָרן. (ווענדט זיך צום נעקראַסאָוו־פּאָרטרעט.) און דו, וואָס זאָגסטו? קוקסט אויך אָף מיר בייז? ביסט אויך מיט מיר ניט צופרידן? (באַמערקט ניט, ווי אין צימער באַווײַזט זיך אוליאַנאָוו.)

א ו ל י א נ אָ ו: (באַטראַכט די שטוב, דעם טיש.) זיסע זאַכן, געבעקס, א פלאַש ווײַן אויך. אַהאַ, ווי פריוואַלאָוו נעמט אויף זײַנע געסט.

פ ר י ו ו א ל אָ ו: (איבעראַשט.) ניקאָלײַ פּעטראָוויטש!..

א ו ל י א נ אָ ו: איר וווּנדערט זיך? איר האָט דאָך געבעטן מיך קומען, גערופן מיך אַהער.

פ ר י ו ו א ל אָ ו: (אין פאַרלעגנהײַט.) אָבער גראָד הײַנט... הײַנט איז אַזא טאָג... (הייבט אָן

קומען צו־זיך.) הײַנט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מע האָט געוואָרפֿן אַן אויג אַף דעם הויז. אַף מײַן הויז גיט מען אַכטונג. איך האָב געשיקט אײַך זאָגן, אַז איר דאַרפֿט דאָ ניט זײַן הײַנט.

אָ ל י אַ נ אָ וו: איך דאַרף דאָ ניט זײַן? אָבער איך וויל דאָ זײַן. מיר איז דאָ וואויל, מיר איז דאָ אָנגענעם. איך זע, אַז בײַ אײַך איז הײַנט פֿאַראַן עפּעס אַ פֿרייד. מע קלײַבט זיך פֿאַרברענגען. (ווײַזט אַפֿן קוישל, וואָס ליגט אַפֿן טיש.) איז נאָך מער אָנגענעם.

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: (פֿאַרביטערט.) ניטאָ בײַ מיר קיין פֿריידן.

אָ ל י אַ נ אָ וו: אַזוי מיינט איר? און איך מיין אַנדערש. אָט האָב איך ערשט געהערט, ווי איר האָט גערעדט מיט אײַערן אַ פֿרײַנט. (טײַט אַפֿן נעקראַסאָוו־פּאָרטרעט.) מיר דוכט, ס׳איז אַ פֿרייד, אַן עמעצע פֿרייד האָבן אַזאַ פֿרײַנט. (גייט צו נעענטער, לייגט אַרויף די האַנט אַף פּריוואַ־לאָווס אַקסל.) זאָגט, פֿאַרוואָס דוכט זיך אײַך, אַז אײַער פֿרײַנט קוקט אַף אײַך בייז, אַז ער איז מיט אײַך ניט צופֿרידן. איר האָט אַ טאָעס, פּריוואַלאָוו. ער האָט גראָד געהאַלטן פֿון אַזעלכע, ווי איר, און ער האָט געהאַט אַ שאַרף אויג, ער האָט געזען אַף דורך און דורך אַזעלכע, ווי איר.

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: (אַלץ נאָך פֿאַרביטערט.) וואָס האָט ער געזען? און וואָס האָט איר אין מיר דערזען? גאָרנישט זעט איר ניט.

אָ ל י אַ נ אָ וו: (איראָניש.) עפּעס זעען מיר יאָ. אָט, צום בײַשפּיל, זעען מיר, ווי פּריוואַלאָוו טוט זיך איבער, ער וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך די אַרבעטער־קליידער, ער ווערט אויס אַרבעטער, עס געפֿעלט אים גיין אין אַ ביכער־מאַגאַזין, ווערן דאָרט אַ פֿאַרקויפֿער פֿון ביכער...

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: כ׳בין ניט געגאַנגען אַהין.

אָ ל י אַ נ אָ וו: און אין זאַוואָד אויך אויפֿגעהערט גיין? וואָס זשע טוט איר איצט? וואָס טראַכט איר צו טאָן?

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: איך פֿרעג עס אַליין בײַ זיך. די גאַנצע צײַט פֿרעג איך בײַ זיך: „וואָס טוסטו, קאָסטיע?" (עס הערט זיך אַ הודאָק פֿונעם זאַוואָד, פּריוואַלאָוו ווערט אַנשוויגן. הערט זיך אײַן.) אָט דער הודאָק — באַטאָג און באַנאַכט לאָזט ער מיך ניט רוען. (גייט צום פֿענצטער, קוקט אַרויס.) אָט גייען מענטשן... דער הודאָק האָט זיי אויפֿגעהויבן פֿון געלעגער, זײַנען זיי אויפֿ־געשטאַנען, זיי האָבן זיך געלאָזט גיין, זיי ווייסן וווּהין זיי גייען. „וווּהין גייסטו, קאָסטיע? — פֿרעג איך בײַ זיך. — מיט וועמען גייסטו?.."

אָ ל י אַ נ אָ וו: און, קאָן זײַן, איר דאַרפֿט אויך גיין אײנײַנעם מיט זיי? (טײַט אַף די מענטשן, וואָס גייען פֿאַרבײַ דעם פֿענצטער.) עס ציט אײַך צוריק צום זאַוואָד? איז גייט אַהין, גייט.

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: מיט לײדיקע הענט? מיט וואָס אַוועק, מיט דעם צוריק קומען? ניין, ניין.

אָ ל י אַ נ אָ וו: אָט אָ־דאָ האָט איר שוין אַ טאָעס, פּריוואַלאָוו. מיט לײדיקע הענט וועלן מיר אײַך ניט לאָזן גיין. איר געדענקט, וואָס מיר האָבן מיט אײַך גערעדט דאָרטן, אין דער שול: איר שרײַבט אָן וועגן מיכײַלאָס אומקום, אַלעס, אַלעס, וואָס איר האָט געזען, פֿאַרשרײַבט איר, און דאָס פֿאַרשריבענע וועט געדרוקט ווערן, און דאָס געדרוקטע וועט פֿאַרשפּרייט ווערן, און דאָס פֿאַרשפּרייטע וועט עפּעס־וואָס אויפֿטאָן. אָט מיט וואָס איר וועט קומען אין זאַוואָד.

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: שרײַבן קען איך ניט. זאָל עס טאָן עמעץ אַנדערש. איך טויג דערצו ניט.

אָ ל י אַ נ אָ וו: וועגן מיכײַלאָס לעבן און וועגן מיכײַלאָס טויט קען נאָר איין מענטש אָנ־שרײַבן: איר, נאָר איר.

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: אָבער אַז די האַנט מײַנע פֿאָלגט מיך ניט.

אָ ל י אַ נ אָ וו: איר וועט איר באַפֿוילן — וועט זי מוזן פֿאָלגן. און דערווײַל טוט ווי מיר האָבן אָפּגערעדט: מירן גיין אײנײַנעם צו מיכײַלאָס פֿאָטער, מירן אויסהערן, וואָס ער וועט אונדז דערציילן, מירן אים גוט־גוט אויסהערן, וועט דאָס בלעטל באַלד אָנגעשריבן ווערן. גייען מיר?

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: ניין, ניקאָלײַ פּעטראָוויטש.

אָ ל י אַ נ אָ וו: ווידער ניין. וואָס איז עס פֿאַר אַ יונג אַזאַ — שטענדיק הערט מען פֿון אים נאָר „ניין" און „ניין".

פּ ר י וו אַ ל אָ וו: נו, אַוואַדע זשע, ניין. פֿירן אײַן אין אַ פֿרעמדער שטוב, צו פֿרעמדע מענטשן... ניין, פֿריִער מוז איך אַליין צוגיין אַהין, באַשטאַטן אַלץ, באַוואָרענען... ס׳איז ניט ווײַט, ס׳עט ניט לאַנג דויערן... (פֿאַרשווינדט.)

אָ ל י אַ נ אָ וו: (בלײַבט איינער אַליין, גייט זיך דורך אַ פּאָר מאָל איבערן צימער, זעצט זיך צום טיש, הייבט אָן עפּעס פֿאַרשרײַבן.)

ג ר ו נ י ע: (לויפֿט אַרײַן, וויקלט פֿאַנאַנדער די שאַל, לאָזט זיך צום קעמערל, קוקט אַרײַן אַהין.) קאָסטיע איז ניטאָ? איר וואַרט אַף אים? איר האָט אים ניט געטראָפֿן דאָ?

אָ ל י אַ נ אָ וו: איך האָב אים געזען. אָט באַלד דאַרף ער אַרײַנקומען צוריק. (שרײַבט ווײַטער.)

ג ר ו נ י ע: (ברענגט אין אָרדענונג איר ווינקל, וואַרפֿט פֿון דער זײַט בליקן אַף דעם אומבאַ־

קאנטן מענטשן.) אַט אַ גיכע האַנט, אַ געניטע... און דוכט זיך, אַ פּראָסטער, אַן ארבעטער... (גייט צו צו אים.) אין דײַן זאַוואָד, בא דער מאַשין, ביסטו אויך אזא פלינקער? (קוקט ווי אוליאַנאָוו שרײַבט.) גיב נאָר אַ קוק: ער שרײַבט נאָך גיכער פון קאָסטיען... (באַטראַכט אים אופמערקזאַם.) זייער קענטלעך... ווו האָב איך אַט דעם מענטשן געזען?

אוליאַנאָוו: אנו, דערמאָנט זיך... דערמאָנט זיך...

גרוניע: אַהאַ, לעבן דער שול האָב איך דיך געזען. לערנסט זיך מיט קאָסטיען בא איין לערערקע? איר קענט זיך שוין לאַנג? ביסט זײַנער אַ כאַווער?

אוליאַנאָוו: יאָ, אַ כאַווער. און מיט אײַך האָב איך זיך אויך איינמאָל באַגעגנט. עפּעס שטאַרק פאַרזאָרגט זײַט איר דעמלט געווען. איר האָט געוואַרט אַף דער לערערקע...

גרוניע: דער לערערקע קומט אַ דאַנק. קומסט אַרײַן צו איר — ווערט דיר אַזוי גרינג אַפן האַרצן. אונדזערע מיידלעך די קאָלאָשניצעס האָבן זי ליב. זיי זאָגן: „פון אַזאַ ליבן פרײַנט ווערט דאָס לעבן באַשײַנט.” אַט איז שוין קאָסטיע אויך דאָ... (לאָזט זיך צו פּריוואַלאָוון.)

פּריוואַלאָוו: כ'האָב אומזיסט געיאָגט דיך... (ווײַזט איר אָן פון דער זײַט אַף אוליאַנאָוון.) ווי נאָר דו ביסט אַוועק, איז ער אַרײַנגעקומען.

גרוניע: אַט דאָס איז ער? און איך מיט מײַן נאַרישער צונג האָב דאָ אַזוינס גערעדט!

פּריוואַלאָוו: ניקאָלײַ פּעטראָוויטש! מיר קאָנען שוין גיין! אַט דאָ ניט ווײַט בא טראַפּי־מיטשן אין שטוב וועט עס פאָרקומען.

גרוניע: גייסט אַוועק? און איך זאָל דאָ בלײַבן איינע אליין? גערופן מיך זיך באַזעצן דאָ, געזאָגט: מיר וועלן זײַן דאָ אייניינעם... און שוין זאָל איך בלײַבן דאָ איינע אליין. איך וויל ניט, מיט דיר וועל איך גיין, אומעטום מיט דיר וועל איך גיין.

פּריוואַלאָוו: (אין פאַרלעגנהײַט, קוקט אַף אוליאַנאָוון.) און קאָן זײַן, מע טאָר ניט?

אוליאַנאָוו: מע מעג, מע מעג. הײַנט וועט מיט אונדז גיין איינע, און מאָרגן וועלן מיט אונדז גיין טויזנטער, טויזנטער גרוניעס.

(פאָרהאַנג.)

שלוימע טשערניאַווסקי

# געקומען איז אַפּרעל

געקומען איז אַפּרעל אין דערפעלע, אין גאַרקי,
ווי קאָלעס שטייען ווײַנשל־ביימער דאָרט אין צוויט,
און טײַבעלעך, וואָס לענין האָט געכאָוועט, וואָרקען,
און פול ווערט מיט דערמאָנונגען מײַן ליד...

ס'האָט ער פאַר זיי די טויבנשלאַקן דאָ צעהאַנגען,
דער פייגל־פרײַנט, דער קעמפער פאַרן מענטשנס גליק.
און ס'איז די ליבשאַפט פונעם לאַנד אהער געגאַנגען
אַף קומען דאָפּלט אַ באַגײַסטערטע צוריק, —

קעדיי דעם לויף פון טײַכן האַסטיקע צו צוימען,
צעברוקן ריזן־בערג, אַז דורכגיין זאָל דער מענטש,
דעראָבערן די אויסגעבלויטע, ווײַטע רוימען, —
אַף גרויסע אופטועז, איליטש, האָסט אונדז געבענטשט.

אין אויספּרוּוון מיר האָבן קיינמאָל ניט דעם מוט פאַרלאָרן,
מיר האָבן אויסגעהאַלטן בלוטיק־שווערן קריג,
האָסט אונדז געגעבן קויַ'ך,
צום פײַנט געשטאַרקט דעם צאָרן,
דעם וועג באַוויזן אונדז צום זיג.

טאָ זאָלן איצט די טײַבעלעך פון שאָלעם פליִען,
עס הילכט אין ווײַטן קאָסמאָס אונדזער ליד,
און זאָלן אומעטום די ווײַנשל־ביימער בליִען, —
די ערד באַדעקן אין אַפּרעל מיט פרילינגדיקן צוויט.

---

## דעמיאַן בעדני



די סאָוועטישע ליטעראַטור פּײַערט דעם 80־טן געבורטסטאָג פון איינעם פון די פּאָפּולערסטע סאָוועטישע דיכטער דעמיאַן בעדני (יעפים אַלעקסאַנדראָוויטש פּרידוואָראָוו).

דעמיאַן בעדני איז זײַן גאַנץ לעבן געווען פאַרבונדן מיט דער באָלשעוויסטישער פּרעסע, געווען איינער פון די אַקטיווסטע מיטאַרבעטער פון „פּראַוודאַ". ער געהערט צו די גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער דיכטונג. מיט זײַנע פּאָעמעס, סאַטירישע לידער, מעשאָלים, מײַסעלעך, אַגיטפּלאַקאַטן איז ער געוואָרן באַ־ליבט בײַ די ברייטע פאָלקסמאַסן.

מיר דרוקן דאָ צוויי ווייניק באַקאַנטע לידער זײַנע וועגן וו. אי. לענינען.

# קיינער האָט ניט געוווּסט

א טאָג ווי א טאָג, א געוויינלעכער,
די גרויע טונקלעניש נאָגט, —
עס דונערן ווערטער שטיינערנע
פון גאָראָדאָוואָי אפן ראָג.
אין קלויסטער דער גאָלעך נאַרט אָפּ,
די אויגן פאַרגלאָצט אין דער הויך.
דאָס שענקל איז פול אָנגעשטאָפּט,
שטיקט זיך פון בראָנפן און רויך.
די סעדעכעס אין מאַרק זיך קריגן,
ווי בינען אף צוקער מע זיצט,
די אײדל־געפּאַטשקעטע מוידן, ווי ציגן,
זיך יאָגן אין קלייט נאָך ציץ.
בא די טירן דעם פּריסטאַווס זעסט
דעם פּויער מיט זײַן שטומען צאָרן,
דאָס צעפּליקטע בלעטל — דער מאַניפעסט —
איז געל אף די פּלויטן געוואָרן.
פון טורעם דער פּײַערלעשער קוקט אף דעכער,
אין גלאָק א זעץ טאָן איז ער גרייט,
און אונטער זידלערײַען פּרעכע
צעשיטן זיך סאָלדאַטן אין א קייט.
עס סקריפּען פּויערישע פורן,
בורלאַקעס גייען מיט מאָזאָליעדיקע הענט,
אין קייטן פירט מען א געשמידטן
פאַרמישפּעטן סטודענט.
אין אַרבעטער אין שווערע שטיוול
שרײַט אויס און גריסט אים מיט דער האַנט:
היי, זײַ געזונט, סטודענטל ליבער,
דו גייסט אַוועק אין ווײַטן קאַנט.

— — — — — — — — — — —

און ניט געוווּסט האָט קיינער, קיינער דאָ,
ס'האָט גאַנץ ראַסייע ניט געקלערט,
אַז אין דעם טאָג אין דעם געוויינלעכן,
האָט לענין זיך באַוויזן אף דער ערד.

# שנייעלעך

פאַרשאָטן אַלע טאָלן, אַלע וועגן,
האָט נעכטן די צעהוליעטע זאַווײ,
און עס פאַלן נאָך, און פאַלן אף די שטעגן
די שטילע שטערנדלעך פון שניי.

די בענקשאַפט, ווי א כמאַרע, האָט פאַרצויגן
די ליכטיקײַט פון פּראָסטיקן פאַרטאָג,
און ווידער שטייט ער אויף פאַר מײַנע אויגן —
דער אומפאַרגעסלעכער, דער טרויעריקער טאָג.

עס האָט געדאַכט: די ערד איז שטיין געבליבן,
עס האָט געדאַכט: ס'איז פינצטער אף דער וועלט.
און טיף א שטאָך געטאָן האָט דעמלט אין די ליפּן
די אומראַכמאָנעסדיקע ווינטערדיקע קעלט.

ניין, ניט פאַרגעסן פאָלקס געוויין, וואָס ברויזט אין מיר,
ניין, ניט פאַרגעסן אייביק יענע טעג,
ווען דער האַמוין פון פויערים פון טויזנטער —
באַגלייט האָט לענינען אין לעצטן וועג.

אין פּאָסטעלעס, פאַרהאָרעוועטע, גייען זיי,
די פּענעמער — פאַרטרויערטע און בלייך,
און עס פאַלן, און עס פאַלן שנייעלעך,
אף לענינס אָרן פאַלן ווייך.

יִדיש — מ. גרוביאַן.

יאנקעוו שטערנבערג

# די פײַערן פון דער שטאָט

(מאָסקווער סויטע)

## די ווײַסע פײַערן

די ווײַסע פײַערן, וואָס פלאַקערן באַנאַכט
אַף אַלע היגלען פון דער שטאָט
מיט באַנען און פאַבריקן אירע,
אַרום פּראָספּעקט פון פרידן מיט מײַן דירע,
ווו כ׳האָב מיר דאָ מײַן הויכפּונקט — דעם באַלקאָן —
און פּראָוועון דאָ מײַן וואַכטע־דינסט איך קאָן, —
די פײַערן
קלאָר־ווײַסע, ווי פון טאָמיד פּוצן זיך און שײַערן,
גלײַך ווײַזן זייער זויבערקײַט — אַ סאַך, אַ סאַך, אַ סאַך —
זיי האָבן אינעם רוים זיך אויסגעשטעלט געווירעט.

נאָר דאָס אַזוי אין אָנהייב בלויז זיך דאַכט.

ווײַל אָט באַזונדער, שטרענג מע שטייט,
און אָט מע בויט צוזאַם אַ פּיראַמידע.
די הויכע שפּיל אין ריינער אומבאַפלעקטער פרייד —
פאַר זיי אַווידע איז, נאַטור און מידע...

איך קוק אַף זיי ביז ערשטן שפּראָץ פון טאָג אַמאָל,
און איב אַזוי מײַן גײַסט אויך ריין זײַן, ווי קרישטאָל.

## גערוך פון פרישן ברויט

דער אָוונט־צויבער שטראָמט. ער שטײַגט. נאָר ערשט די פולע קישעף־מאָס דערגרייכט,
ווען צוויי פיגורן, גלײַך ווי אויך אַרויס פון דעמער, אויסטערליש, מעלאָדיש־ווייך,
אין ביין־האַשמאָשעס־ליכט, אין וועלכן ס׳טריפט שוין אויך דער גוטער שטערן־שמייכל,
מיט זייער שײַן (ווי קרוויווישער!) אין אים אַרײַנזיכבלייכן.

די פויגליש־קליינע קעפּ מיט פענעמער פון אַש־קאָליר
פאַנטאַסטיש זיצן אַף די הויכע אַקסלען, ווי אַ ציר,
און עפּעס איז פאַראַן אין זיי פון יענער נאַכט־רייץ, וואָס פאַרפירט.

נאָר אָבער ניט קיין גײַסטער, ניט פון מײַסע־ביכלעך פּרינצן זײַנען זיי.
דאָס גייען ערדישע, אין לאַנגע ווײַסע מאַנטיעס, בלאַנקער פון לעוואָנישן געניי,
שוואַרץ־אַפריקעס שעליכים, מאַיעסטעטיש־שוואַרץ, מיט אונדז אין רוישיקן געדריי —
שוואַרץ־אַפריקעס שעליכים — גרויסע אָרכים צוויי.

געבראַכט קיין מאָסקווע האָבן זיי אַ האַרץ, וואָס קלאָר און ריין סע איז, ווי שניי,
און אויך דעם דופט פון זייער יונגער פרײַהײַט — דאָס געררוך פון פרישן ברויט,
וואָס אָקאָרשט האָבן זיי אַרויסגעכאַפּט אים פונעם אויוון — הייס, אַזש רויט...

## אזוי ווי אן ארבוז

אזוי ווי אן ארבוז א צײַטיקער, אױף טײלן צוויי צעשניטן,
מיט קערלעך פריילעכע צעשאָטן אינדערמיטן, —
די גאָרקי־גאַס, די רױשיק־פאַרביקע, זעט אויס אין אָט דער שאָ,
ווען איבער איר עס קושט זיך פרײַ דאָס אָוונט־גאָלד מיט בלאָ.

א גרויסע קינדיש־נאַשערישע גלוסט דערוואַכט אין הארץ אין אלטן;
א כאַפּ טאָן אויך א ריפּטל פון ארבוז, וואָס ליגט צעשפּאַלטן...

## אין אָוונט, אפן רויטן פלאַץ

1

איך וויל, אז עכט זאָל קלינגען דאָ מײַן זאַץ.
פונוואַן די פײַערלעכע שטילקײַט אפן רויטן פלאַץ?
צי ניט דערפון, וואָס אין דער אָוונט־שאָ, ווי פרײַנט,
עס רעדט דער גרויסער אָוער מיטן גרויסן הײַנט?

איך וויל, אז עכט זאָל קלינגען דאָ מײַן זאַץ.
דער ספּאַסקע־זייגער זיך צעכוואַליעט, ווי א ריזן־טאַץ —
דער רײנסטער גאַנג פאַר פרידן אױף דער וועלט!
מײַן אָטעם אין זײַן קלאַנג אויך ריזלט, קוועלט —
איז אויך אין אים פאַראַן.

2

איך גיי און כ׳פיל, ווי לאַנגזאַמער איך שפּאַן.
אין אָט דער שײַן, אין וועלכער פּראָזשעקטאָרן־ליכט באַנאַנד
מיט פאַרב פון אייד׳לער יעל זיך וועבט, —
עס טײלט זיך אויס און לעבט
נעשאָמעדיק די אלטע קרעמל־וואַנט,
און אױף איר ברוסט דער לענין־מאַוזאָליי.

איך זע אים באַלד אין פרילינג־צוויט און באַלד אין שניי...

ווי גוט איז, וואָס עס ווייסט באַ אונדז הײַנט יעדעס קינד:
געשיכטע איבערמישט די בלעטער נאָך געשווינדער פונעם ווינט.
ס׳איז ווידער לענין מיטן פאָלק — זינט ר׳איז צוריק אליין, ניט צוויי,
אין מאַוזאָליי.

איך קוק זיך אײַן אין אופגעריכטער קרעמל־וואַנט,
און בענטש די מעכטיק־בלעטערנדע האַנט.

3

עס איז ווי א כאַלע געפלאָכטן דער קלויסטער וואַסילי בלאַזשעני.
דער קלויסטער — פון פאָלקסמײַסטערס גרויסע געוווען אויסגעדיכטעט.
אין ווינקל דאָרט ליגט אויך די קייט, וואָס פארבליבן פון צײַטן פון יענע,
ווען דאָ, אפן פלאַץ, מע האָט זין פונעם פאָלק הינגעריכטעט.

איך קוק אױף דער קייט.
איך זע — אױף איר שטייט
געשמידט יעמעליאַן פּוגאַטשאָוו! —
שוואַרצבערדיק און רויִק, מיט טונקעלן שמייכל אין בליק —
די גליִענדע קויל פון זײַן גוירלדיק גליק,
וואָס צווינגט אױף א רגע דעם טאַליען א טראָט טאָן צוריק.

און דעמלט, אָ, דעמלט, באַם אופבליץ פון גרויזאַמען סאָף —
א לאַך טוט ער הילכיק אין פּאַנעם
די הענקערס פון פאָלק — זײַנע סאָנים.
יאָ, יאָ — איך בין זיכער!
צעלאַכט זיך אַזוי ווי א ווילכער,
וואָס רײַסט פון די באַלקנס דעם דאַך — — —
— — — — — — — — — — — — —
עס שפּילט א האַרמאַשקע.
אין איר אויך — דער זעלבער ברייטבּרוסטיקער לאַך,
און כ׳הער, ווי אים ענטפערן עכאָס א סאַך...

## אף א בילדער-אויסשטעלונג

איך גיי פון זאַל צו זאַל און פרעג זיך: עס איז וואָר?
איך טרעף ניט מער די שטיוול, וואָס דער קינסטלער האָט
געמאָלן, ווי אין טראַנס פון טפילע טאָן צו גאָט,
מיט שוואַרצן שטיוול-גלאַנץ געלעסטערט דעם קאַיאָר.

איך גיי פון זאַל צו זאַל און טרעף ניט דעם שינעל,
וואָס מאָנומענטיש האָט פון בילד אַרויסגעשפּאַרט,
און צען מאָל פּיאַטער, צען מאָל גראָזני לויט דער שטעל,
כאָטש האָט פאַרלאַנגט אויך אויסזען ווי א וואָלקן צאַרט...

איך קוק און זע ניט, ווען זען עס איז געווען א געבאָט.
יאָ, אים, וואָס, ווי זײַן דינסט, די קונסט האָט אויסגענוצט,
און, ווי זײַן קעפּסווײַב, האָט די אײביקײַט געדוצט,
דער געץ צעקלאַפּט, צעשמעטערט איז — און דאַנקען גאָט!

## די ערדיש-הייסע שטערן

די לעבעדיקע, ערדיש-הייסע שטערן פון מײַן האַרעפּאַשנער שטאָט —
אין טיפער, שפּעטער נאַכט פאַרגרעסערן נאָך מער דעם סאָד
פון גרויסן אומרו אינעם מענטש, זײַן בינען-פלײַס און מי.
און כאָטש פון זיי, די ערדישע, ניט איינער טוט א פלי,
ווי דאָרט, אין רוים, די הימלשע, — זיי טרעפן אין מײַן זעל,
מיט שאַרפער נאָדל-שײַן אַנטפּלעקן, וואָס איז העל
און גרוי אין מיר, דערפרישן מיך מיט זייערע טויען-פונקען —
סײַ מילדע און סײַ שטרענגע — און איך ווער פון זיי באַטרונקען...
די לעבעדיקע, ריינע, ווײַסע פײַער-ליליען פון מײַן האַרעפּאַשנער שטאָט —
אין טיפער, שפּעטער נאַכט פאַרגרעסערן נאָך מער דעם סאָד
אין מיר אַליין, ווו אויכעט מילדע, שטרענגע קנאָספּן פלאַם
זיך צינדן אָן, זיך בײַטן, ווי די פליטערלעך פון זון אף יאַם...
פון פענצטער טרעט איך אָפּ און שלאָפן כ׳גיי, נאָר ס׳וועקט מיך אוף, און אָט —
די לעבעדיקע, ריינע, ווײַסע פײַער-בלומען פון דער שטאָט
איך זע ניט מער... לעוואָנע-סערפּ, וואָס טויכט קעסיידער אוף בעסאָד
אין צניעסדיקער בלייכקײַט פון פאַרטאָג, — זיי, קענטיק, אָפּגעשניטן האָט,
און מיך דערגרייכט דער צאַר פון טונקל, נאַקעט פעלד נאָך שניט,
ווו נאָר געבליבן זײַנען דרײַ-פיר בלימלעך אין דער מיט...

## אף אן אופגעפלויגענעם עטאַזש

### 1

דער מענטש, וואָס קוקט באַנאַכט אַראָפּ
פון פענצטער אף אן אופגעפלויגענעם עטאַזש,
און זעט דערבײַ זײַן אייגענע נעשאָמע,

ווי זי פלאַטערט צאַרט און בלאַס
אַרום די הענגענדיקע לויכטנדיקע לאָמפּן־קעפּ
און טונקלע דעכער פון דער גאַס, —
ער מוז געפינען קראַפט אין זיך
און טיף־באַשיידן און אָן ראַש
זײַן עלנט גויווער זײַן,
און זיך דערהערן און באַזינען
דאָס אַלץ, וואָס אים
דורך אַלע יוביליים טוט פאַרשפּינען
מיט צווילינג־ברודער זײַנעם —
מיט דעם מענטשן אײביק שטאַרקן,
וואָס האָט פאַרלאָזט די הייל
און פון דער בייזער כײַע איז אַוועק
צו האַקן מיט זײַן פויסט אי באַרג, אי וואַלד,
די שווערע קייטן פון אורפענטנדיקער שרעק, —
און וועמעס וואַכער און באַפרײַטער גײַסט
שוועבט אום אויף אַלע שטעט און מאַרקן.

2

דער מענטש, וואָס קוקט באַנאַכט אַראָפּ
פון אופגעפלויגענעם עטאַזש,
און דער, וואָס דעמלט שפּאַנט אַליין אין גאַסן־טאַל,
דאָרט, אויף דער ערד, —
באַזונדערע, פאַרשיידענע זיי זײַנען,
צי פאַרקערט.
דער איין און זעלבער מענטש,
וואָס האָט זײַן עלנט שטיל, אָן ראַש
באַזיגט, געשפּאַלטן זיך אַליין, געטיילט אויף צוויי,
אַזוי ווי ס׳טוען עס אַצינד די מילדע, ווײַסע בליטן שניי,
וואָס שיטן, שיטן און דעם גאַנצן רוים פאַרשפּינען —
פון „הייך" און „נידער" שפּילעווודיק פאַרפּלאָנטערן דעם זינען,
צי גאָר אַזוי פאַרייניקן און וווּנדערלעך פאַרבינדן זיי?..

## «БЫЛОЕ и ДУМЫ»[1]

ווי טאָמיד אונטער פלאַטער פון טיף־שפּעטער נאַכט,
ווען מאָסקווע מיט איין אויג נאָך שלאָפט און מיטן צווייטן וואַכט,
איך שטיי אויך הײַנט און קוק אין פענצטער אויף טווערסקאָי בולוואַר,
און כ׳הער, ווי ס׳קלאַפּט מײַן בלוט. מײַן האַרץ וואַרט אויף זײַן סכאַר.

כ׳גיי צו צום שרײַבטיש, צו מײַן ליכטיק ווײַס פּאַפּיר,
און אַלץ, וואָס כ׳האָב געזען, עס ווערט אויף אים פאַרזײַט פון מיר;
דער מאָסקווער הימל צינדט זיך אָן מיט יענער סריפּע־שײַן,
וואָס האָט אין גיפט פאַרוואַנדלט באַנאַפּאַרטס ניצאָכן־ווײַן.

און אין דעם רויטן פלאַם אויף זעלביקן טווערסקאָי בולוואַר,
ווו ניט נאָר שטיבער, אויך די ביימער האָבן דאַן געברענט,
אַ קינד אַן אײַנגעוויקלטס מ׳האָט געטראָגן אויף די הענט.
ס׳איז אַלעקסאַנדער גערצען... ער שוין דעמלט האָט דערפאַר

[1] דער נאָמען פון אַלעקסאַנדער גערצענס באַרימטן בוך.

געקוקט מיט גרויסע אויגן, גלײַך פֿאַרשטאַנען אַלץ, באַטראַכט,
געזען, ווי פֿראַנקרײַכס גרענאַדערן זײַנען שיקער און פֿאַרווירט,
ער האָט געהאַלדזט, געגלעט זײַן אָם, וואָס האָט אים אומגעפֿירט
אין גאַס, אין יענער מאָסקווער סרייפֿע־נאַכט.

און עסן האָט אַפֿילע אים פֿאַרוואָלט זיך. אַ געוויין
ער אופֿגעהויבן האָט, נאָר ס׳איז די ברוסט פֿון אָם — אַ שטיין.
אַנטרונען איר דאָס מילך. אויך ברויט אין שטאָט האָט אויסגעפֿעלט,
נאָר דאָ האָט עמעצער פֿאַר אים געטרײַ זיך אײַנגעשטעלט

און באַ די זעלנער שיקערע פֿאַר אים אַ שטיקל ברויט
אַרויסגעריסן מיט געוואַלד. דער מאָסקווער הימל רויט
באַשײַנט האָט דעם טראַפֿיי אין האַנט פֿון קינד... ער אופֿגעלייגט
איצט עסט דאָס ברויט, וואָס מ׳האָט פֿאַר אים אין וואַסער ווייך צעווייקט.

און אָט די רויטע שײַן, וואָס ער מיט זעלנער־ברויט צוזאַם
אַלס קינד געגעסן האָט אין יענער מאָסקווער סרייפֿע־נאַכט, —
זי האָט דאָס גאַנצע לעבן דאָך געגנערט זײַן העלן פֿלאַם
און ביז צו דער קאַמונע פֿון פּאַריזש אין אים געברויזט, געוואַכט.

זי שטראָמט איצט אויף מײַן שרײַבטיש, אויף מײַן ליכטיק, ווײַס פּאַפּיר,
ווו אַלץ, וואָס כ׳האָב געזען, עס ווערט אויף אים פֿאַרזייט פֿון מיר.
אין זיך איך שפּרייט, איך פֿלאַנץ דיך, מאָסקווע, מײַן טווערסקאָי בולוואַר.
ס׳איז אַלעקסאַנדער גערצען הײַנט מײַן היכער לוין, מײַן סכאַר.

## זומער

מיט לאָמפּן־ליכט איז אָקאַרשט פֿריש באַגאָסן די פּלאַטפֿאָרמע פֿון עלעקטראָצוג.
די לופֿט איז פֿול מיט רויש פֿון דאַטשניקעס, ווי ביזן ראַנד מיט יונגן ווײַן אַ קרוג.
אַ שמעטערלינג אַ פֿאַרביקער, נאָר מידער פֿון אַ לאַנגן זומער־טאָג אַרומצושוועבן,
האָט אויך געוואַרט דאָ אויפֿן צוג, געמיינט אין אים נאָך ראַטעווען דאָס לעבן,

און פּלוצעם טויט געפֿאַלן. מיטן גאַנצן קערפּערל אַ זעץ געטאָן זיך אין דער ערד,
און ווײַט אַזש ביזן האָריזאָנט מע האָט דעם צאַרטן קלאַפּ געהערט...

## דאָרף

אַ בונטע פֿויערטע אַרײַן איז אין וואַגאָן פֿון אונטערבאַן,
פֿאַרגליווערט בלײַבט, ווי אויפֿן וואַסער זיצט אַ שוואַן...
אַפֿאָנעם, ס׳ערשטע מאָל זי פֿאָרט אין אונטערערד, די פֿרוי.
אַ בלימלדיקע שמעוודיקע בלויקײַט זיך צעשמייכלט אין איר אויגן־בלוי.

מיר האָט פֿאַרבענקט זיך נאָך געררוך פֿון פֿעלד, פֿאַלין און טאָרף —
עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט גוטן פֿויערטום, מיט דאָרף.

## טוירע

עס פֿלאַמט די היץ, נאָר אויף אַלייע קילער גרייט זיך אַ סטודענטקע צום עקזאַמען.
מיט איר — די דיקע ביכער און די מאַטעמאַטיק־העפֿטן מיט די זונען־העזעלעך צוזאַמען.
און איבער איר — אַן אַלטער בוים, וואָס זײַנע צווײַגן נידעריק זיך בויגן
אַ קוק טאָן אין די ספֿאָרים אירע מיט די שעלמיש־גרינע אויגן...

זאָל זײַן, אַז פֿון איר לער עס וויל אַ נאַש טאָן אויך דער קלוגער בוים?
איך מיין, ער שפּאַסט, און אין איר גאַנצער טוירע נייטיקט ער זיך קוים.

## מאָסקווע פּיטערט

מאָסקווע פּיטערט גאַנצע סטײַעס, מאַכנעס קאָל־האַמינים טויבן.
פֿליִען זיי פֿון קרעמל ביז מאַנעזש און פֿון מאַנעזש ביז קרעמלס שויבן,
צו דער לענין־ביבליאָטעק... מע הערט אויך זייער ווייכן פֿלאַטער

בא דעם „אוניווערסיטעט פון פעלקער־פרײַנטשאפט“, באם „באלשאי טעאטער“.
אף ארבאט, דזערזשינסקי־פלאץ אויך טומלען זיי און קאָכן זיך און זידן,
פראווען אומעטום, קימאט אף אלע גאסן, טויבן־מיטינגען פאר פרידן.
ווער עס כאָוועט זיי און גיט זיי לוסט צו פליִען קרעפטיקער און לינדער?
אונדזער פריילעכע כעווריַיע רוישיקע פיקאסאָס — אלע מאָסקווער קינדער!

## די שטילסטע שאָ

די שטילסטע שאָ
נאָך האלבער נאכט.

וואָס הייסט אָט דאָ
די שטילסטע שאָ
נאָך האלבער נאכט?

דאָס מיינט, דאָס מאכט:
די מיליאָנען־מענטשן־שטאָט מיט אירע ראכוועסדיקע גאסן,
מוירען,
פאבריקן,
מיט אירע טעאטערן, אלטע קלויסטערס, נײַע הענגענדיקע בריקן —
האָט זיך פארטײַעט... נייִן, ניט שלאָפט, ניט דרימלט,
נאָר שווײַגט פראָסטערדיש און באהימלט...

וואָס הייסט, זי שווײַגט?

דאָס מיינט: זי טרינקט זיך אָן מיט קראפט און שטײַגט.
דאָס מאכט: מיט אלע גאָרנס, דעכער, ביימער־צווײַגן
זי טרינקט פון ברונעם לויטערסטן דאָס גרויסע שווײַגן —
פון ברונעם, דעם פארטריבענעם אין פעלד אין ווײַטן,
ווו ס׳קומט צו אים א פוסגייער, א רײַטער.
אפילו די לעוואָנע מיט די ריידעווודיקע שטערן
אים רוישיק זוכן אָפ — צו אים פארבלאָנדזשען גערן
אינײינעם מיט די סטאדעס פון די שטומסטע שאָטנס־שוואָטים...

איך אויכעט טרינק פון אים מיט שטאָט, מײַן טאָמיד דאָרשטיקער, פונדאנען
איך אויכעט טרינק מיט איר צוזאמען —
ס׳פארכאפט אונדז אזש פון לאנגן, פרישן טרונק דער אָטעם.

## ערעוו־טאָגן

אין אייגענעם ריזיקן הויף, נאָך באוואכט פון געשפענסטער,
אף נאכטישע ווענט, אין פארלאָשענע פענצטער,
דאָס אופגעבליצט־רויטלעכע ליכט דאָס באשיידנס, —
עס האָט אין זיך עפעס פון כצאָס פון מײַן זיידן.
בלויז ליכט־פאנטאָמימע, כאָטש ס׳וויל עפעס ריידן.
דעריקער — פון מענטשלעכער טאָכיקער מי,
וואָס הייבט זיך אָן עטוואָס פאמעלעך, אָן גלי,
נאָר דאָך אזוי פרי, אזוי פרי,
און שפעטער, ערשט שפעטער צעפלאקערט זיך זי,
אזוי ווי אף ביימער אף קילע דער שיקערער בלי...

דאָס רויטלעכע פײַער פארטאָג אין די פענצטער —
אף מענטשלעכן שטערן דער קוש — דער פלאמיקער, שענסטער!

ה י ר ש  ד אָ ב י ן

# דער קויעך פון לעבן

## קאַפּיטל איינס

### 1

מיט געשריי און געפּילדער האָט מען געפירט די מענער פון אַלע וויַיטע עקן שטאָט. פון קאָמאַראָווקע און פּערעספּע, פון אַרום וואָקזאַל און פון דעם אַלטן מאַרק. ערטערוויַיז האָט די וואַך זיך פאַרהאַלטן, קעדיי צונויפקליַיבן זיי אין קאָלאָנעס, און דערנאָך מיט קוילעס געטריבן וויַיטער.

די גאַסן, דורך וועלכע מע האָט זיי געפירט, זיַינען פול געווען מיט רויך. פון די פילשטאָקיקע מויערן, וואָס האָבן פריִער באַשיַינט די שטאָט, זיַינען געבליבן סקעלעטן, בערג מיט ציגלברוך און שטיינער. בא יעדן צו שטאַרקן טראָט האָבן שטיקער ווענט מיט טויבן געהילך זיך אַראָפּגעריסן פון דער הייך און, מיטשלעפנדיק מיט זיך אַלץ, וואָס האָט זיך געמאַכט אין וועג, פאַרהילט דעם אַרום אין וואָלקנס שטויב.

מען איז געגאַנגען שוויַיגנדיק פון גאַס אין גאַס, פאַרביַי ערטער, ווו עס האָט געשמעקט מיט אַ זיסלעכן, שווערן רייעך, פון וועלכן עס האָט געקערט די גאַל, און ניט קלאָר איז געווען, וועמען איז איצט בעסער — די לעבעדיקע, וואָס דאַרפן צוזען אַלץ און שוויַיגן, צי די טויטע, וואָס האָבן צווישן די כורוועס געפונען זייער רו און זיַינען פּאָטער געוואָרן פון אַלץ און אַלעמען...

ס'האָט קיינער ניט געוווּסט, וווּהין מע טריַיבט זיי און וואָס וויל מען פון זיי האָבן. בא יעדן פּרווו צו דערוויסן זיך עפּעס, האָט מען געכאַפּט אַ שטויס, אַ קלאַפּ און ס'איז בלויז געבליבן גיין וויַיטער.

איבער דער שטאָט האָט זיך נאָך אַלץ געטראָגן אַ שיסעריַי פון אווטאָמאַטן. כאָפּטעסוויַיז און איינציקוויַיז האָבן די היטלעריסטן זיך געיאָגט איבער די גאַסן און געשאָסן אין דער העלער וועלט אַריַין, געשאָסן הינט; דאָרטן, ווו עס איז ניט געווען וועמען צו דערהאַרגענען, ווו היַיזער זיַינען געשטאַנען פאַרלאָזענע, — געשאָסן אין די פענצטער און געבראָכן שויבן, קעדיי וואָס מער פּאַכעד אָנוואַרפן אַף דער באַפעלקערונג און פאַרגרעסערן די מעהומע.

די געטריבענע האָבן אויסגעזען מער פאַרווונדערט, ווי דערשיטערט. עס איז קיין ציַיט ניט געווען צו אַריַינטראַכטן זיך אין דעם, וואָס עס קומט פאָר. פיל זאַכן האָבן פּראָסט ניט געלייגט זיך אַפן סייכל.

ווען מען איז אַרויס צו די הינטערגאַסן, ווו אַ סאַך היַיזער זיַינען געבליבן גאַנץ און ס'ראָוו פון דער באַפעלקערונג איז געווען אַף די ערטער, האָבן זיך די מענער דערמאָנט אָן טויזנטער אַרבעטן, וואָס יעדערער האָט ניט דערטאָן אין דער היים, און עס איז זיי באַפאַלן אַ זאָרג וועגן די פרויען און קינדער, וועלכע מע האָט איבערגעלאָזט אַף העפקער. יעדער איינציקער האָט גענומען טראַכטן דערפון, וויִאַזוי אַרויסצודרייען זיך פון דער קאָלאָנע און זיך אומקערן אַהיים. נאָר בא דער זיַיט איז געגאַנגען די וואַך מיט די ביקסן אין די הענט, און מען איז געצווווּנגען געווען גיין, ניט וויסנדיק וווּהין און צוליב וואָס.

וואָס לענגער מען איז געגאַנגען, אַלץ כוישעכדיקער און אָפּגעצערטער זיַינען געוואָרן די פּענעמער, ווי די מענטשן וואָלטן אַרויסגעקומען פון צווישן די רויִנען פאַרפינצטערטע פון פיַיער און רויך.

אַזוי האָט געדויערט, ביז מע האָט די מענער געבראַכט צו פירן צום טיַיכל אויסער דער שטאָט.



„נאָכן כורבן"

קינסטלער — רעפאַעל כוואַלעס
(פוילישע פאָלקס־רעפובליק)

אין פעלד ארום איז נאָך קיין סימען פון מילכאָמע ניט געווען. א פרישע, א מעכײַעדיקע לאָנקע האָט זיך געשפרייט פאר די אויגן ווײַט און ווײַטער, און איר העלע גרינקײַט איז ביסלעכווײַז איבערגעגאנגען אין ווייכערע און שטילערע פארבן פון פעלדער קארטאָפל, קאָרן און לײַן. לויטער איז געווען דער פארנאכט. פארכאָלעמט האָבן ארײַנגעקוקט אינעם צוגעלאָשענעם און שטילן וואַ־סער די גרינע קוסטעס. און ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אז ס'איז גאָר ניטאָ אזא מין קויעך, וואָס זאָל קאָנען צעשטערן די רויִקײַט דאָ ארום, די רויִקײַט, וואָס הערשט דאָ, זינט די וועלט שטייט. נאָר אפן דערבײַיִקן טראקט האָבן אָן אופהער גערוישט מאשינעס, פון הימל האָט זיך געטראָגן דאָס גערודער פון עראָפּלאנען.

עס איז צוגעפאלן דער אָוונט, א וואַרעמער, שטילער און פינצטערער. די מענער, אין טונק־לעניש פארוועבטע, האָבן לאנג געקוקט, וויִאזוי עס רויטלט זיך דער הימל איבער דער שטאָט אין אָפּשײַן פון סרייפעס, און ווער ווייסט, וואָס זיי האָבן דערבײַ איבערגעטראכט.

פון עטלעכע זײַטן מיטאמאָל האָט די שטילקײַט אופגעריסן א שיסערײַ פון קוילנוואַרפערס און גליִענדיקע פלעמעלעך פון טראסירנדיקע קוילן האָבן זיך גענומען טראָגן איבער די קעפּ. דער אוילעם איז אלץ געשטאנען. ס'איז פינצטערער געוואָרן, קיין באזונדערע מענטשן האָט מען שוין ניט ארויסגעזען. קעפּ און פלייצעס האָבן זיך צוזאמענגעגאָסן אין איין גרויער מאסע, וואָס האָט זיך געוויגט הין־און־הער. דאן האָט דורך א הויכריידער א הילך געגעבן א ווילד געשריי אף דײַטש, מע זאָל מאכן נאכט. און, ווי מען איז געשטאנען באם ברעג פונעם טײַכל, אזוי זײַנען אלע, ווי איינער, אומגעפאלן און אומבאוועגלעך געבליבן ליגן. פארן גרויסן אויסמאטערנדיקן טאָג, וואָס האָט געדויערט, ווי א יאָר, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מע האָט זיי צורו געלאָזט.

עטלעכע מאָל דורך דער נאכט האָט זיך ווידער געהערט א שיסערײַ פון קוילנוואַרפערס: עמעצער פון די יִינגערע האָט זיך געפּרוּווט ארויסגאנווענען פונעם לאגער און דורכשווימען דאָס טײַכל. און יעדעס מאָל, וואָס מע האָט געשאָסן, זײַנען אלע אופגעציטערט געוואָרן.

אף מאָרגן איז דאָס אָרט שוין ניט געווען צו דערקענען. פון דעם פרישן גראָז אף דער לאָנקע איז איבער נאכט קיין זייכער ניט געבליבן. קיין שפּור פון רויִקײַט, וואָס האָט געהערשט ארום. די ערד איז איצט געווען איבערגעמישט, די קוסטעס — ארומגעפליקט און פארוועלקט.

און פארבײַ, מיטן טראקט, האָבן אלץ געהודעט און געהודעט מאשינעס. דורכן טאָג האָט ניט אופגעהערט דאָס גערודער פון מאָטאָרן. א געדיכטער שטויב איז געהאנגען אינדערלופטן, האָט

ויך אויסגעצויגן לענגויס דעם וועג און ניט געלאָזן זען, וואָס מע פירט דאָרטן און ווער דאָרט פּאָרט. אין שטויב איז גאַנצפרי אופגעגאַנגען די זון א געלבלעך־רויטע און א פּאַרטונקלטע, ווי א צוזאָג אף ווינטן, ווי ערעוו בײַטן זיך פונעם וועטער. איבער דעם דאָזיקן שטויב האָט מען שוין ניט פאַרזען, אז פון שטאָט זײַנען געקומען ווײַבער און קינדער מיט עסן פאַר די מענער. נאָר די וואך האָט זיי פאַרהאַלטן איידער מען איז נאָך צוגעקומען צום לאַגער און ווײַטער ניט געלאָזן גיין.

די זון איז אופגעגאַנגען העכער און העכער, האָט אָנגעהויבן סמאַליען אָן ראַכמאָנעס, און די פרויען האָבן נאָך אַלץ געוואַרט. זיי האָבן געזען, ווי מע ברענגט צו פירן צום לאַגער אַלץ נײַע און נײַע מענער און מע טרײַבט זיי אַרײַן צווישן דעם האַמוין. די גאַנצע צײַט, וואָס די פרויען זײַנען אַזוי געשטאַנען, אײַנגעהילט אין א ברוין רויכל פון כמימע און שטויב, פאַרשטעלט די פּענעמער מיט טיכער און שאַלן, האָבן די מענער מיט אומגעדולד אַרויסגעקוקט אף זיי פון הינטער דעם שטריק, מיט וועלכן דער לאַגער איז געווען אַרומגעצוימט, און האָבן ניט אופגעהערט צו הודען, ווי עס הודעט א וואַלד אונטערן ווינט פאַר א שטורעם, טויבלעך־אײַנגעהאַלטן און שטיל.

און פאַרבײַ מיטן טראַקט האָבן זיך אַלץ געטראָגן אף מיזרעך מאַשינעס נאָך מאַשינעס און מיט זייער גערודער און פײַפערײַ שווער געמאַכט דאָס געמיט פון די מענטשן.

עס האָט אַזוי געברענט, אז ווען דאָ זאָל ניט געווען זײַן דאָס טײַכל, באַ וועלכן מע האָט די ייִדן, ווי אומיסטן, צונויפגעטריבן, קעדיי זיי זאָלן אָן אָט דער שטיקנדיקער היץ די גאַנצע צײַט זען פאַר זיך וואַסער און ניט קאָנען צוקומען א טרונק טאָן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז מע געפינט זיך אין א מידבער.

## 2

ס'איז דורכגעגאַנגען א שאָ און צוויי. עס זײַנען געקומען דײַטשן, האָבן באַפוילן זיך אויס־שטעלן אין רייען, אַרויסגענומען פון דער געדיכטעניש א טייל מענער און זיי ערגעץ אוועקגעפירט, איבערלאָזנדיק אין די הערצער פון די פאַרבליבענע א קעלט. קיינער האָט ניט געוווּסט, וווהין מע האָט די מענטשן צוגענומען. אָט האָט מען ווידער געבראַכט א נײַ בינטל ייִדן. די פרויען האָט מען אַלץ ניט צוגעלאָזן. דאָס וואַרטעניש אַליין האָט זיך שוין פאַרוואַנדלט אין א וויסטער פּײַניקונג.

פיל פון די מענער האָט די מילכאָמע געטראָפן אויסער דער היים און זיי האָבן ניט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט זייערע נאָענטע. ווער עס האָט געהאַט אין שטאָט א פרוי און ווער — קינ־דער. ס'איז יעדן אויסגעגאַנגען דאָס האַרץ, עמעצער זאָל קומען צו גיין, ברענגען א יעדיע פון דער היים און זיך דורכוואָרפן כאָטש מיט א וואָרט. די וואך האָט אָבער דערפון ניט געוואָלט וויסן. ווען די פרויען האָבן זיך אָנגעהויבן בעטן, מע זאָל זיי דורכלאָזן מיטן עסן, האָבן די דײַטשן גענומען שרײַען, דראָען מיט די ביקסן. און אין די הערצער פון די מענער, וואָס האָבן דאָס אַלץ צוגעזען, איז אופגעקומען א פײַער.

צוזאַמען מיטן גאַנצן צערודערטן האַמוין האָט זיך איבערן לאַגער אומגעטראָגן הין און צוריק א יונגערמאַן אין ברילן פון האָרנביין, וועלכן מע האָט נאַרוואָס פון ערגעץ געבראַכט צו פירן מיט א נײַער פּאַרטיע ייִדן. טייקעף, ווי נאָר מע האָט אים אַרײַנגעשטופּט הינטערן שטריק, האָט ער זיך אוועקגעלאָזט איבערן לאַגער, געוואָלט זיך אַרומקוקן, וווהין איז ער עס אַרײַנגעפאַלן.

ווײַט איז ער, עמעס, ניט אוועק. די ענגשאַפט איז געווען אַזאַ, אז קוים האָט ער געגעבן א טראָט, אַזוי גלײַך האָט אים פאַרדרייט אין זיך דער קאָפּ פון מענטשן, וועלכע האָבן געפּלייצט, ווי א וואַסער, וואָס איז אַרויס פון די ברעגן.

ער איז אָבער, קאָנטיק, געווען ווײַט ניט קיין קליינער אקשן, דער יונגערמאַן. גוטע עטלעכע רעגעס האָט ער געפּרוווּט זיך ראַנגלען מיטן שטראָם, וואָס האָט אים געטראָגן, און איז דאָ און דאָרט אף א קורצער ווײַלע אַרויסגעשוווּמען פון צווישן די מענטשן, ווי איינער, וואָס טרינקט זיך. גויווער זײַן דעם פּלייצנדיקן יאַם איז אים אָבער ניט געלונגען. און ער איז באַלד באַנײַס פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער געדיכטעניש, ווי א זעמדעלע צווישן זײַן גלײַכן.

ווי פריִער, האָט זיך דער האַמוין אומגעשאַרט פון אָרט אף אָרט. ווי פריִער, איז געווען דושנע און הייס. און, ווי פריִער, האָט מען אַלץ אַרויסגעקוקט אפן הימל, טאָמער וועט זיך אַמאָל אָנכמאַרען און עס וועט אוועקגיין א רעגן, מיטברענגענדיק מיט זיך א טראָפּן פרישקײַט.

די פּאַטרולן אף די וואך־פונקטן, וואָס אף די בערגלעך אַרום, איז שוין לאַנגווײַליק געוואָרן צו זיצן באַ זייער געווער. און קעדיי זיך פאַרווײַלן, האָבן זיי געפּרוווּט דאָס קלייזײַען, שיסנדיק אַמאָל איבער די קעפּ פון די מענטשן און אַמאָל — אין די מענטשן גופע. און יעדעס מאָל, ווען דער

אוילעם איז א פאל געטאָן צו דער ערד אויס מוירע פארן טויט, האָבן די דײַטשן געלאכט, זיך אזש געהאלטן בא די בײַכער.

נאָר אָט האָט דער יונגערמאן אין די ברילן זיך ווידער באוויזן אף דער העלער שײַן. ער איז אומגעגאנגען אָן א היטל, דאָס רעקל — אפן אָרעם, דער קאָלנער פון דעם אויסגעגייטן אוקראַיִנישן העמד צעשפיליעט, און זיך געווישט דעם שטערן מיט א מידער באוועגונג פון דער האנט, ווי איינער, וואס האָט דורכגעמאכט ווער ווייסט וואָס פאר א מעהאלעך. א שווארצער און א ביסל א צופיל פארוואָקסענער פאר א מענטשן, וואָס האָט זיך ניט געגאָלט בלויז געציילטע טעג, א פארפאליעטער פון דער היץ עפשער מער פון אנדערע, איז ער אומגעגאנגען און שטיל באטראכט יעדערן, ווי ער וואָלט דאָ עמעצן געזוכט. זײַן טונקל־בלויער אָנצוג, דאָס אויסגעגייטע העמדל און די געלע טופליעס זײַנען געווען שטארק פארשטויבט. עס האָט געדוכט, אז דער שטויב פון אלע וועגן, וואָס ער האָט דורכגעמאכט אין מעשעך פון די לעצטע טעג, ביזוואנען ער האָט זיך געפאקט אין לאגער, ליגט אים נאָך ביז איצט אף דער היפשער נאָז און אין די טיפלעכע קנייטשן לעבן מויל און ארום די אויגן, און דאָס האָט נאָך עלטער געמאכט זײַן דאר מיד פּאָנעם.

באם ערשטן בליק האָט דער יונגערמאן געמאכט אן אײַנדרוק פון א מענטשן, וואָס בעטעווע איז ער דאפקע זייער א רויִקער, א שטילער, אפילע עפשער א קאלטבלוטיקער. ניט מער, וואָס צו אָפּט שוין, יעדעס מאָל, ווען דער שטראָם האָט אים באנײַס גענומען טראָגן אין אן אנדער זײַט, האָט ער מיט נערוועזע, בלאסע פינגער פון בײדע הענט מיטאמאָל זיך געווישט די ברילן, ניט אראָפּנעמענדיק זיי פון דער נאָז, גלײַך די גלעזער, וואָס האָבן אויסגעזען צווייענדיקע און דרײַענדיקע, וואָלטן פארצויגן געוואָרן מיט א הײַטל. און פון דעם איז געווען צו זען, אז זײַן רויִ־קײַט איז בלויז אן אָנשטעל.

ער איז אומגעגאנגען, האָט זיך פלײַסיק צוגעהערט דערצו, וואָס מע רעדט, אליין זיך באמיט, ווי ווײַט מעגלעך, ניט פארפירן מיט קיינעם קיין שום איבעריקע געשפרעכן. ער האָט די גאנצע צײַט ניט אופגעהערט ביטערלעך און שטיל צושמייכלען צו זיך, ווי איינער זאָגט: אײַ, ברודער טײַערער, ביסטו ארײַנגעפאלן!.. ליגסט, זעט מען, פײַן אין טינטער.

אומגייענדיק אזוי, האָט ער זיך טיילמאָל אָפּגעשטעלט און מיט אויגן, וואָס האָבן, דוכט זיך, געוואָלט אלץ אײַנשלינגען און פארגעדענקען אף אייביק, באטראכט דאָס געווימל פון מענטשן, וואָס האָט געגרוישט און זיך געשארט ארום אים. די פּנעמער זײַנען בא אלעמען געווען בלאסע, אויסגעכוישעכטע, פארוואקסענע. און כאָטש אָנגעטאָן איז מען געווען גאנץ פארשיידן, איז דאָך עפּעס אלגעמיינס שוין געווען צו זען אפילע אין זייער הילעך, אין די בעגאָדים, וואָס זײַנען גיך קויטיק און צעקנייטשט געוואָרן פונעם באנאכטיקן וואלגערן זיך אף דער ערד. אן אויסטערליש אויסזען האָט אלעמען צוגעגעבן דאָס, וואָס, קעדיי באשיצן זיך פון דער זון, האָבן פיל צוגעדעקט די קעפּ — ווער מיט נאָזטיכלעך, ווער מיט דער פּאָלע פונעם רעקל, ווער מיט א שטיקל זאק, א הײַפל גראָז אָדער בלעטער, — מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געמאכט אונטער דער האנט.

דער יונגערמאן האָט מיט ווײטעק זיך צוגעקוקט צו דעם פארענדערטן אויסזען פון די מענטשן, — יעדערער פון זיי האָט געוויס מיט עטלעכע טעג צוריק געהאט זײַן היים און זײַן באַ־שעפטיקונג. ער האָט זיך געוואָלט דערמאָנען, וויִאזוי איז עס געשען, וואָס ער, אָשער מארגוליס, א מענטש מיט א רײַכער לעבנס־דערפארונג, איז אין אזא מין צײַט אוועקגעפאָרן אין ראיאָן. די פרוי זײַנע און דאָס קינד האָבן זיך געבעטן בא אים, ער זאָל זיך אָפּהאלטן און אין ערגעץ דאָס מאָל ניט פאָרן, ווײַל אלע ריידן, אז א מילכאָמע קאָן אָט־אָט אויסברעכן.

דאָס איבעריקע אָבער, וואָס איז געשען מיט אים שפּעטער, וויִאזוי ער איז געלאָפן אף מיזרעך, וויִאזוי מע האָט אים ארום סלאָנים פארנומען אין א לאגער און ער איז פון דאָרט אנטלאָפן און האָט זיך ווידער געלאָזט גיין צום פראָנט, — דאָס אלץ איז געווען אײַנגעהילט אין א נעפּל פון פײַער און רויך. אין קאָפּ איז געווען א מישמאש. ס׳איז אומעגלעך געווען אָפּצוטיילן טאָג פון נאכט. און וואָס מער מארגוליס האָט געטראכט, אלץ שווערער איז אים געוואָרן צו דערמאָנען זיך, וויפל טעג איז ער געווען אין וועג, ביז ער האָט זיך ניט געפאקט אהער.

פאר די אויגן איז אים געשטאנען דער שווארצער רויך פון ברענענדיקע מאשינעס, צעבאָמ־בירטע וואָקזאלן, דער טראקט, א פארפּרוזשניעטער מיט מענטשן, וואָס זײַנען געלאָפן צופוס, געטראָגן זיך אף פורן און אף אווטאָמאָבילן, אף וועלאָסיפּעדן און מאָטאָציקלען, געפלויגן, געיאָגטע פון אומגליק און פּאכעד, און זיך צעשאָטן איבערן פעלד פון בײדע זײַטן וועג יעדעס מאָל, ווען עס זײַנען אָנגעפלויגן עראָפּלאנען און גענומען ווארפן באָמבעס אָדער באשיסן דעם טראקט פון קוילנווארפערס.

פונעם זינלאָזן אומדרייען זיך, פונעם רײַבן זיך אין רוקנס און עלנבויגנס, ווי אויך פון די שווערע מאכשאָוועסן, האָט מארגוליס זיך דערפילט מיד. ער האָט זיך צוגעשלאָגן צום שטריק, ווו די לופט איז געווען א האָר פרײַער, די ענגשאפט — ניט אזוי גרויס, און איז געבליבן שטיין.

ער האָט געהאָפֿט, אַז דאָ אין לאַגער וועט ער געפֿינען עמעצן פֿון באַקאַנטע. ליידער, איז זײַן טירכע געווען אומזיסט. און מאַרגוליס האָט שווער און פֿאַרביטערט אַ זיפֿץ געטאָן.

פֿון הונגערן אַזויפֿיל טעג האָט דאָס האַרץ גענאָגט. אין מויל איז געווען ביטער. ער האָט, ווי אַלע, אומגעדולדיק געוואַרט אויף די פֿרויען. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז עפּשער וועט זיך אים אײַנגעבן צו דערוויסן זיך בײַ זיי עפּעס נײַס, דערגיין לעכאָלעהאָפּאַכעס, וווּהין נעמט מען עס צו פֿונדאַנען די מענטשן און פֿונוואַנען שטאַמען די קלאַנגען, אַז מע פֿירט זיי בלויז אַרויס ניט ווײַט הינטערן לאַגער און דאָרט דערשיסט מען זיי.

ער האָט קיין איין מינוט ניט פֿאַרגעסן, אַז ער דאַרף עפּעס באַשליסן, אַז ער טאָר זיך דאָ פֿאַר קיין פֿאַל צופֿיל ניט פֿאַרזאַמען. ער מוז אַנטלויפֿן און זיך לאָזן אַפּסנײַ צום פֿראָנט. נאָר פֿון שטיין לאַנג אָן באַוועגונג אויף דער היץ, ענג צונויפֿגעדריקט פֿון אַלע זײַטן מיט לײַבער, וואָס האָבן אים בעמיילע, קעגן זײַן אייגענעם ווילן, פֿאַמעלעך געטראָגן מיטן שטראָם, איז אים באַפֿאַלן אַן אָנמאַכט. ער האָט אַליין ניט געפֿילט, וויאַזוי ער האָט ביסלעכווײַז געגומען דרעמלען.

אין דעם קורצן, מאַטערנדיקן דרעמל, וואָס האָט געדויערט עפּשער ניט מער ווי אַ רגע, האָט ער באַוויזן צו זײַן אין דער היים און אויסהערן בערויגעזע טײַנעס פֿון זײַן פֿרוי, אויף וועלכע ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפֿערן. נאָכדעם האָט אים פֿאַרשמעקט אַ שאַרפֿער רייעך פֿון פֿאַליטור און סטאָליאַרישן קליי, און דאָס האָט דערוועקט אין אים זיכרוינעס פֿון דער קינדהײַט. ער האָט זיך דערזען ליגן אינעם קליינעם, אָרעמען שטיבל מיט פֿענצטער פֿאַרקאָוועטע פֿון פֿראָסט און אַרויסקוקן פֿון בעט אויפֿן טאַטן, וויאַזוי ער שטייט באַם וואַרשטאַט מיטן הובל אין האַנט און אַרבעט, אַרבעט און הוסט. די זיכרוינעס וואָלטן אים זיכער ניט אַזוי גיך פֿריי געלאָזן, ווען עמעץ גיט אים ניט אַ טאָרקע מיט אַן עלנבויגן אין זײַט און וועקט אים ניט אויף. עס האָט געדעכט צו אים עפּעס אַ ווילד־פֿאַרוואַקסענער פּאַרשוין מיט אַ ברייטער נאָז און טיף־אײַנגעגראָבענע אויגן, אין קליידער, פֿאַרליאַפּעטע פֿון פֿאַרב און קליי. דערבײַ איז געשטאַנען אַ הויכער, סטוטולער מאַן פֿון אַ יאָר עטלעכע און פֿופֿציק, אויב ניט מער, מיט בלאַנקענדיק ווײַסע אַרײַנגעשטעלטע ציין און גראָוולעכע האָר אויפֿן קאָפּ און האָט שטיל פֿון עפּעס אונטערגעשמייכלט.

אַשערן האָט זיך זייער געוואָלט שלאָפֿן. עס זײַנען אים איצט ניט ניכע געווען קיינע רייד. ער האָט בלויז געוואָלט, מע זאָל אים לאָזן כאַפּן אַ דרעמל. יענער אָבער האָט אים געשטערט:

— וויפֿל, אַבעטעך, איז דער שיר צו מאַטערן די ווײַבער? וואָס מוטשעט מען זיי?

מאַרגוליס האָט זיך אַ קנייטש געגעבן: וואָס וויל פֿון אים דער בען־אָדאָם? ער אַליין האָט דאָ ניט קיינעם, פֿון קיינעם דערוואַרט ער גאָרניט. עס ווילט זיך אים אַזוי שלאָפֿן, ער האַלט אַזש ניט אויס. דאָס מויל ווערט אים שיר ניט צעריסן געגעצנדיק. די אויגן זײַנען ווי פֿאַרשאָטן מיט זאַמד. נאָך אַ רגע, און די ערד האָט אַ שווים געגעבן פֿון אונטער זײַנע פֿיס. אַ וואַרעמע כוואַליע הייבט אים לײַכט אונטער און טראָגט אוועק אין אַנדערע אוילעמעס, ער טוט אַזש אַ זיפֿץ פֿון פֿאַרלײַכטערונג. ערגעץ טיף אין זיך געדענקט ער נאָך, אַז ער דאַרף דאָ עפּעס זייער נייטיקס טאָן, אַז ער מוז זײַן געהיט און ווי ווײַט מעגלעך מיט קיינעם ניט פֿאַרפֿירן קיין איבעריקע רייד. נאָר עס גיט אים עמעצער באַנײַס אַ וועק אויף. ער עפֿנט די אויגן און קוקט זיך אַרום. ס׳איז דער הויכער, סטוטולער ייִד מיט די ווײַסע אַרײַנגעשטעלטע ציין. ער ווײַזט אָן מיטן קאָפּ אויפֿן קורצן, פֿאַרליאַפּעטן מענטשל און פֿרעגט באַ מאַרגוליסן:

— איר ווייסט ניט, וואָס ברענט ער, וואָס קאָכט ער, ווי אַ קעסל? וואָס אַרט עס אים מער, ווי אַלעמען? — און אַליין דרייט ער זיך אויס גאַנץ געלאַסן און פֿאַרקוקט זיך אַהינצו, ווו עס שטייען די פֿרויען און ווו עס בליצט עפּעס קעסיידער אין דער כמימע, ווי עס וואָלט דאָרטן צווישן זיי געלעגן עמעצן אין קאָפּ זיך צו שפּילן מיט אַ שפּיגל.

דאָס קורצע, פֿאַרליאַפּעטע ייִדל האָט זיך דערפֿילט באַאוולט. זײַן שטויביק־גראָוו בערדל, וואָס האָט אים ברייט אַרומגענומען דאָס פּאָנעם און איז גערויטן געוואַקסן, ווו נאָר עס האָט זיך געלאָזט, — אויף דער ברייטער נאָז, אין די אויערן, אויפֿן טונקעלן האַלדז, — איז געוואָרן האַרט און ער אַליין שטעכעדיק, שטעכעדיק און רויטלעך.

— איר הערט נאָר... ער לאַכט נאָך פֿון מיר, דער גוטער שוואָגער מײַנער, גערשן... — האָט ער זיך אָנגערופֿן צום אַנדערן. — גערשן, ווער־ווער, נאָר דו האָסט דאָך געמוזט פֿאַרשמירן דאָס מויל און שווײַגן... איבער וועמען זײַנען מיר געבליבן דאָ, האַ? ניט איבער דיר? „דײַטשן זײַנען אַ קולטורנע פֿאָלק...“ וועמעס ווערטער זײַנען עס געווען, פֿרעג איך דיך, האַ? ניט דײַנע? זאָג! לייקן כאָטש ניט!..

— איך זאָג איצטער אויך, אַז זיי וועלן אונדז גאָרניט טאָן. מע וועט האַלטן, האַלטן און אַרויסלאָזן.

דאָס פֿאַרליאַפּעטע ייִדל האָט ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן אַזוינע מינע רייד.

— איך הערט נאָר... ער נעמט זיך אָן פאַר די גאַזלאָנים. א זאַשטשיטניק איז ער זייערער געוואָרן...

אוןווידער ווענדט זיך דאָס יידל צו מאַרגוליסן. עס שלאָגט פון אים א היץ. עס פילט זיך, אַז דאָס האַרץ ווערט באַם מענטשן צעשפּאַרט פאַר ווייטעק און פאַרדראָס. זאָל אים דער יונגערמאַן מוחל זײַן און דערקלערן... ער זאָל אים נאָר זאָגן דעם ריינעם עמעס... פאַר אים האָט ער ניט וואָס מוירע צו האָבן... וועט מען דאָס שוין אַזוי־אָ דאַרפֿן אָנבייגן דעם קאָפּ? און ווו זײַנען אונדזערע טאַנקען, ווו אונדזערע אַעראָפּלאַנען?

מאַרגוליס האָט שולדיקלעך עטוואָס אָנגעבויגן דעם קאָפּ. אין דער באַוועגונג, מיט וועלכער ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן פון דער נאָז און לאַנגזאַם, ווי באַ א שווערן יישעוו־האַדאַס, גענומען זיי ווישן מיט דער פאָלע פונעם רעקל, צוגעטראָגן נאָענט צום מויל, באַהויכט יעדעס גלעזל באַזונדער און אַרײַנגעקוקט אין זיי, האָט זיך געפילט א געצוימטקײַט פון א מענטשן, וואָס האָט בעדייע צו זאָגן: „שיט, שיט... כ׳האָב געזונטע פּלייצעס... זאָל אײַך ניט אַרן, וואָס איך זע אויס ווײַט ניט קיין גוואַר. שולדיק. איך זאָג עס אָפן. אין א סאַך זאַכן זײַנען מיר אַליין שולדיק״.

אָן די ברילן איז מאַרגוליסעס געזיכט געוואָרן נאָך מאָגערער, נאָך אויסגעצערטער. מע האָט דערזען, ווי טיף עס זײַנען אים די אויגן אײַנגעפאַלן, ווי רויט זיי זײַנען.

נאָך ניט אָנגעטאָן צוריק די ברילן, האָט ער אופגעהויבן די אויגן און לאַנגזאַם באַטראַכט דעם יידן. וואָס זאָל ער אים ענטפערן? עפּשער דערציילן, וויאַזוי מע האָט זיי באַשאָסן פון טאַנקען לעבן סלאָנים און ס׳אַרא כאַרפּע ס׳איז אים געווען, ווען, א דורכגענעצטער אָף דורך און דורך באַם אַריבערשווימען א טײַכל, איז ער צוזאַמען מיט א גרופּע רויטאַרמייער אַרײַן אין א דערבײַיִק דערפל, בעטן עפּעס עסן. פויערטעס האָבן זיי געגעבן ברויט מיט זויערמילך. פריש און געשמאַק איז געווען דאָס קילע געטראַנק, באַטאַמט איז געווען יעדער ביסן. און דאָך איז דאָס עסן אין האַלדז ניט געקראָכן, בייס זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די שטומע בליקן פון די פּראָסטע דאָרפישע ווײַבער, אין וועלכע ס׳איז געווען איין טײַנע: „וויאַזוי איז עס געשען?״ די זעלבע פראַגע האָט ער איצט דערזען באַ דעם יידן אין די אויגן.

ער האָט אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, טרייסטן. נאָר שוין פון אָנהייב אָן האָט ער יענעם מיט עפּעס ניט צוגעטראָפן.

— וואָס איז דען? — האָט זיך דאָס יידל אָף אים אָנגעשטעלט, ווען אָשער האָט זיך געוואָלט באַ אים דערוויסן, צי איז ער אַן אָרטגעבירטיקער אָדער מע האָט אים אויך פון ערגעץ אַהער געבראַכט צו פירן. — און אַז איך בין א היגער, איז וואָס? און אַז יעדערער קען דאָ יאָסל דעם פאַרבער, ווערט מיר פון דעם גרינגער?

— גרינגער ווערט ניט, — האָט מאַרגוליס געענטפערט, — דאָך איז א ביסל פריילעכער, ווען מען איז לעבן דער היים.

די ווערטער האָבן ווי צוגעגאָסן בוימל צום פײַער.

— פריילעכער... — האָט יענער אויסגעשריִען. — וואָס קומט מיר אַרויס דערפון, אַז איך בין לעבן דער היים, ווען די היים איז שוין קיין היים ניט.

און דעם מענטשן פילן זיך אָן די אויגן מיט טרערן, זײַן בליק ווערט פאַרשוואָנקט אַזוי, אַז ער זעט פאַר זיך גאָרניט.

א גרויסער צאַר האָט א ווייע געטאָן אָף מאַרגוליסן פונעם וויינענדיקן יידן. ער האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר דאָ האָט זיך צווישן זיי אַרײַנגעדרייט עפּעס א גליטשיק, פאַרדעכטיק פאַרשווינדל מיט באַקנבערד און מיט א ווײַס זײַדן שאַלעכל אָפן האַלדז. ער איז אומגעגאַנגען צווישן דעם אוילעם און מיטן קאָפּ, אויסגעצויגן פאָרויס ווי א שלענגל, עפּעס געניטשעטערט און געזוכט. און מאַרגוליס האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון ריידן. ווען דאָס פאַרשווינדל איז פאַרשוונדן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך א געפיל פון אומזיכערקײַט אַזוי, אַז עס איז אויסגעקומען אפילו אָן א פאַרוואָס זיך אַרומקוקן, איז ווידעראַמאָל געוואָרן א שטופּעניש. און קוים האָט מאַרגוליס א טראַט געגעבן אין א זײַט, אַזוי גלײַך האָט ער פאַרלוירן פונעם אויג סײַ יאָסל דעם פאַרבער, סײַ זײַן שוואָגער, און זאָגן עפּעס איז שוין געווען פאַרשפּאָרט.

3

דער שטראָם האָט אים אונטערגעכאַפּט און אוועקגעטראָגן מיט א בייזער קראַפט. ער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין דער סאַמע געדיכטעניש פון מענטשן, וואָס האָט געראַשט און געווירבלט, ווי א פאַרפּלייצעניש. ער האָט אים האַסטיק א דריי געגעבן אַרום זיך, ווי א שיפל אָן א רודער, וואָס כאַפּט זיך אַרײַן אין א קעסלגרוב, איינמאָל און נאָכאַמאָל, און אַרויסגעוואָרפן, ווי א שפּענדל, אָף א צווייט אָרט, ווײַט פון די מענטשן, מיט וועלכע ער איז פריִער געשטאַנען.

א גענזונטער יונג אין א לעדערנער אָפּגעבליאַקעוועטער קורטקע, אָפּן קורץ געשוירענעם קאָפּ האָר — א ווײַס נאָזטיכל מיט קניפּלעך בא אלע פיר זײַטן, איז געשווומען פאַרבײַ אים אויך א צוויפּגעדריקטער פון אלע זײַטן, אזוי אז ער אליין האָט פאַרשפּאַרט גיין, עס האָט אים שוין געטראָגן בעמיילע.

מארגוליסן האָט א זעץ געגעבן אין קאָפּ: א באַקאַנטער, ער האָט אים ערגעץ־ווו געזען. און ער האָט זיך טייקעף געלאָזן נאָך אים. נאָר אָפּשטעלן דעם באָכער איז אים ניט געלונגען. אָט, דוכט זיך, האָט ער אים אָנגענומען פאַרן אקסל, האָט זיך דער אוילעם א וואָרף געטאָן אין אן אנדער זײַט, און יענער האָט ניט געסטײַעט.

מארגוליסן האָט ארומגעכאַפּט א פּאַרדראָס. ער מוז דעם באָכער געפינען. און עפּשער — האָט ער זיך א וואקל געטאָן — איז אזוי בעסער, עפּשער איז גלײַכער, אז קיינער זאָל אים ניט קענען. נאָר דאָ האָט זיך דער שטראָם מענטשן א דריי־אויס געגעבן און אומדערוואַרט פאַר אים אליין האָט ער זיך ווידער געטראָפן מיטן יונג פּאָנעם־על־פּאָנעם.

— ווארט צו, כאַווער, — האָט אָשער געזאָגט, און זיי האָבן זיך איינער דעם אנדערן אָנגעקוקט. — אין מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד זײַט איר קיינמאָל ניט געוועזן?

אינעם באָכערס קאַרע אויגן האָט זיך עפּעס קוים באַמערקבאַר א בײַט געגעבן, א סימען, אז ער האָט מארגוליסן אויך דערקענט. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט וויסנדיק.

— ניין, ניט געוועזן.

מארגוליס האָט א שמוך געטאָן מיט דער נאָז, ווי א מענטש, וואָס ווייסט, אז יענער לײַגט א ביסל, נאָר ער קאָן עס ניט דערווײַזן. ער האָט זייער געליטן דערפון, וואָס ער האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען: ווו האָט ער אים געזען? ענדלעך האָט ער באַשלאָסן: „ניט איז ניט. עפּשער האָב איך א טאָעס געהאַט"... און זיי זײַנען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, יעדערער אין אן אנדער זײַט. מארגוליס האָט דאָך באַמערקט, אז, אַוועקגייענדיק, האָט דער באָכער זיך עטלעכע מאָל אויסגעדרייט און אים נאָכגעקוקט. און געבליבן איז ער בא זײַנס, אז ער קען דעם מענטשן, פּונקט ווי יענער קען אים, אז ער האָט זיך מיט אים ערגעץ געטראָפן, נאָר ווו — דאָס האָט ער זיך ניט געקאָנט דערמאָנען. און אזוי טאַקע האָט ער אים פאַרגעדענקט, דעם באָכער, ווי יענער שווימט צווישן דער מאַסע א געזונטער, ווי א דעמב, אין דער אָפּגעבליאַקעוועטער לעדערנער קורטקע מיט דעם ווײַסן נאָזטיכעלע אָפּן קאָפּ.

דער שטראָם האָט ווידער געבראַכט מארגוליסן צום שטריק. ער האָט זיך געגרן פאַר אים אָנגעכאַפּט און איז געבליבן שטיין. באַם וועג, ווו די פרויען זײַנען געשטאַנען, איז געוואָרן א טומל. מארגוליס האָט אין דער ערשטער רעגע ניט געקאָנט פאַרשטיין, פונוואַנען דער דאָזיקער ראַש קומט. בא אים, מיט זײַן שוואַכער ריִע, איז אויסגעקומען, ווי א קאָסער שלאַקסרעגן וואָלט דורכגעשניטן די ווײַט און גענומען זיך דערנעענטערן צום לאַגער. ערשט שפּעטער האָט ער דער־זען, אז דאָס האָבן די פרויען זיך דורכגעריסן און א לאָז געטאָן זיך צו די מענער. זיי האָבן גענומען קריכן אונטערן שטריק, שרײַען, רופן:

— וועלוול, וועלוול, ווו ביסטו?

— פּיניע, אַרלאַנד!

— טאַטע, טאַטע!

דער ראַש איז געוואַקסן. מענטשן האָבן אף א רעגע פאַרגעסן, ווו זיי געפינען זיך. די פּענע־מער האָבן געלויכטן. ס'האָט זיך פון אלעמען אף א ווײַלע אָפּגעטאָן די מוירע. און ליכטיקער איז גאָר געוואָרן דער ארום, אויסגעלײַטערטער און פרישער.

עמעצער פון די מאַנצבלען האָט אויסגעשריִען:

— קיין אײַנהאָרע, זעט נאָר, זעט. אן ארמיי א גאַנצענע. — און פול מיט פרייד איז געווען זײַן שטימע, ער האָט זיך צעלאַכט.

ווער עס האָט זיך צעלייגט מיטן עסן אף דער ערד אינמיטן וועג, ווער, באַזונדערס יונגע פּאָרלעך, עס האָט זיך געזעצט אין א זײַט, א ביסל דערווײַטערט פון אלעמען. עס האָבן זיך געשאַפן גרופּעס און גרופּקעלעך פון באַקאַנטע און אייגענע.

איינער א יונגערמאַן האָט עסנדיק געפרעגט בא זײַן כאַווער:

— הענעך, דײַנע איז נאָך ניט געקומען?

דער צווייטער האָט עפּעס געענטפערט. איבערן טומל האָט ער אָבער ניט דערהערט וואָס, און האָט זיך ווידער צעשריִען אף א קאָל מיט א פול מויל, קעדיי דער כאַווער זײַנער, וואָס איז גע־שטאַנען באַם שטריק און האָט ארויסגעקוקט די אויגן אף זײַן ווײַבל, זאָל אים דערהערן:

— נאַפּלעוואַט, הענעך! דו פאַל בא זיך ניט אראָפּ. זי וועט קומען. און, וואָאַבשטשע, די וועלט איז נאָך ניט פאַרפאַלן. דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר?

— וואָס ווייַנסטו, נאַרעלע? — האָט געטײַנעט א דריטער צו זײַן ווײַב, וואָס האָט אָן אופהער

געווישט די טרערן. — דו הערסט דאָך, אַז די רויטע אַרמיי איז שוין אָט, אָט... זיי וועלן אונדז האַלטן? נו, איז וואָס? וואָס וועלן זיי מיט אונדז טאָן, אין קרויט פֿאַרזאַלצן? מאַלע וואָס מע זאָגט. איך זע ניט, אַז מע זאָל גלאַט נעמען און שיסן מענטשן.

און ווידער זײַנען געגאַנגען פּרויען, איינע נאָך דער אַנדערער. טייל מיט קינדער נאָך זיך, אַנדערע — מיט אייפּעלעך אויף די הענט. עס זײַנען דורכגעגאַנגען געזונטע אַרבעטס־מיידלעך, איינע פֿון זיי האָט פֿאַרבײַגייענדיק אומגערן אַ שטויס געגעבן מאַרגוליסן אַזוי, אַז ער איז שיִער ניט אומגעפֿאַלן. מיט אַ שמייכל אין די גרויסע אויגן איז זי דורך פֿאַרבײַ, ווי איינער זאָגט: „ליימע־נער גוילעם, זעסט דען ניט, אַז מע גייט"...

מאַרגוליס האָט זיך דערפֿילט איבעריק און האָט זיך ווידער אַוועקגעלאָזט איבערן לאַגער. אים איז אַנטקעגן אָנגעקומען אַ פּרוי מיט אַ קוישל אין דער האַנט. געגאַנגען איז זי עטוואָס אָפּ־געזונדערט פֿון אַלעמען און האָט עמעצן געזוכט מיט די אויגן. דאָס געזיכט איז בײַ איר געווען אײַנגעהילט אין אַ ראַנזשעווער שאַל.

די פּרוי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ העל ליַיוונטן קלייד אָן אַרבל און אין סאַנדאַלעטן אויף די באָרוועסע פֿיס. ווען זי האָט זיך דערנעענטערט, האָט אויף מאַרגוליסן אַ ווייע געטאָן אַ שאַרפֿער רייעך פֿון רעפֿועס. אומגערן האָט ער פֿאַרהאַלטן אויף איר זײַן בליק לענגער, ווי אויף אַנדערע. אין דער רעגע האָט זי אונטערגעהויבן די שאַל איבערן שטערן און עס האָט אַ לײַכט געטאָן אויף אים אַ לויטער פּאָנעם מיט גרויסע אויגן, אַרומגערינגלטע מיט צאַרטער, מאַטער געלבלעכקײַט. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט און זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגע־גאַנגען אין פֿאַרשיידענע זײַטן.

מאַרגוליס האָט זיך פֿאַרהאַלטן לעבן אַ געזונטן, האָריקן ייִדן מיט אַן אויסזען פֿון אַ באַלע־גאָלע אָדער אַ קאַצעוו. ער איז געזעסן אויף אַ העמד, מיט אַ טאָפּ אינעם שויס און האָט געריבן אויף ביידע באַקן. זײַן יונג און דאַר ווײַבל האָט אים ניט געלאָזט ריידן קיין וואָרט.

— עסן! עס! — האָט זי אים אונטערגעטריבן. — די קינדער זײַנען, קיין אײַנהאָרע, געזונט און פֿון הונגער, כּאַלילע, שטאַרבן מיר נאָך ניט. דו נעם זיך נאָר ניט צום האַרצן. אַ ביסל מעל האָב איך און פּאַטעקע האָבן די קינדער אָנגעשלעפּט פֿון זאַוואָד, באַקן מיר לאַטקעס און שוין. דו זאָרג זיך ניט.

צו אַן אַנדערן האָט דאָס ווײַב געבראַכט צו טראָגן אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר דרײַ־פֿיר. און די פֿרייד באַם פֿאָטער, בייס ער האָט דערזען דאָס קינד, איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אַזש אײַנ־גאַנצן פֿאַרגעסן אינעם עסן. ער האָט געהאַלטן אַרומגענומען מיט ביידע הענט דאָס ברעקל און עס געקושט. דאָס מיידעלע האָט זיך צוגעטוליעט מיט איר גאַנצן גופֿל צום פֿאָטערס ברוסט און געגלעט אים און געהאַלובעט. דער פֿאָטער האָט עס ניט אויסגעהאַלטן: ער האָט פֿאַרגראָבן דאָס פּאָנעם אין די פֿאַלדן פֿון איר פֿאַרביק קליידעלע און שטיל זיך צעוויינט.

— טאַטע, וואָס וויינסטו? — האָט דאָס קינד ניט געוואָלט פֿאַרלײַדן. — מע דאַרף ניט וויינען...

אַרום האָט געררישט אײַנגעהאַלטן־שטיל, ווי בייס מע לייגט צו צום אויער אַ מויערקעפּל. צום טומל איז מען גיך געוווינט געוואָרן און מע האָט שוין פֿאַרנומען דאָס גערודער פֿון פֿאַרבײַפֿליִענדיקע עראָפּלאַנען און דאָס הודען פֿון מאַשינעס, וואָס האָבן זיך באַוועגט מיטן טראַקט.

אייניקע האָבן אויסגענוצט די מינוט, קעדיי זיך אַרויסגאַנווענען פֿונעם לאַגער. מאַרגוליס האָט געזען, וויאַזוי פּרויען האָבן אַרומגעשטעלט איינעם אַ באָכער, און יענער האָט הינטער זייערע פּליִיצעס זיך גענומען איבערטאָן אין ווײַבערשע קליידער. עמעץ האָט זיך געגאַלט אָפּדערגיך מיט אַ בישטיקע געבראַכטן גאָלמעסער. אַנדערע האָבן זיך אויסגעטאָן, קעדיי אַרופֿציִען אויף זיך אַ פּריש פּאָרל גרעט.

— אַרום באָריסאָוו קומען פּאָר פֿאַרביטערטע שלאַכטן, — האָט מיט היספּײַלעס דערציילט אַ יונג ווײַבעלע. — אַלע מינסקער שפּיטאָלן זײַנען שוין פֿול מיט פֿאַרוווּנדעטע. ס'איז שוין ניטאָ גאָר, וווהין זיי צו לייגן, די פּאַשיסטן.

אַ יונגערמאַן האָט פֿאַר פֿרייד געכאַפּט אויף די הענט דאָס ווײַבל, וואָס האָט דערציילט די נײַעס, און האָט זיך מיט איר אָנגעהויבן אַרומדרייען. זי האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זײַנע אָרעמס. „מעשוגענער, לאָז אָפּ! ווײַסט דאָך מיך דערשטיקן!" און איז אַוועקגעגאַנגען, דערציילנדיק דאָס זעלבע יעדערן, וואָס האָט זיך איר געמאַכט אין וועג. דער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן טאַנצן, אויס־קלאַפּן מיט די פֿיס אַ טשעטשאָטקע.

אָנגעיאָגט דאָס ווײַבל, וואָס האָט דערציילט די גוטע נײַעס, האָט מאַרגוליס געפּרוווט דערגיין געניי, וואָס ווייסט זי טאַקע אינדערעמעסן. יענע האָט אים אָנגעקוקט פֿאַרווונדערט און צע־לאַכט זיך:

— מענטש איינער! כ'זאָג דאָך אײַך, אַז זײ װעלן באַלד ברעכן די קעפּ, — און איז אַװעק װײַטער אַ טריומפירנדיקע און אַ גליקלעכע.

מאַרגוליס איז געװען שטאַרק הונגעריק. װאָלט ער כאָטש ניט געזען, װיאַזוי מע עסט. עס איז אים פול געװאָרן דאָס מויל מיט שפּײַעכץ און אונטערן לעפעלע האָט אָנגעהױבן אַלץ מער צו ציִען. ער האָט געגנומען זוכן אַן אָרט, װוּ זיך אַװעקצוזעצן, קאַלזמאַן מע האָט נאָך געמעגט זיצן. אַרױסגעקומען צום ברעג טײַכל, װוּ עס איז געשטאַנען אַ דײַטשישער פּאַטרול און דעריבער איז דאָ געװען װינציקער מענטשן, האָט ער זיך אַװעקגעזעצט.

פאַרבײַ איז דורכגעגאַנגען די פרוי אין דעם העלן לײַװנטענעם קלײד, װאָס ער האָט זי פריִער שױן געהאַט באַגעגנט. די אָראַנזשעװע שאַל האָט זי איצט געטראָגן אױף די אַקסל. דאָס עסן אין איר קױשל איז געװען ניט גערירט. זי האָט נאָך אַלץ עמעצן געזוכט.

ס'איז געװען אַ פרוי פון אַ יאָר זעקס—זיבן און צװאַנציק מיט אַ גלאַט־פּאַרקעמטן שװאַרצן קאָפּ האָר, די צעפּ אױסגעלײגט איבער די אױערן. זי איז געװען שטאַרק צעטראָגן. איר קלאָר גע־זיכט איז געװען פאַרפאַליעט פון היץ. זי איז דורכגעגאַנגען, האָט װידער אױף אים אַ קוק געטאָן און האָט ניט געסטײַעט. ערשט שפּעטער, װען ער האָט זי שױן פאַרלאָרן פונעם אױג, איז זי אױף אַ װײַלע אַרױסגעשװוּמען פונדערװײַטן, צװישן דעם האַמױן, װאָס האָט זיך געפונען אױפן באַרג־אַרױף. ער האָט געזען, װי זי האָט זיך אָנגעבױגן צו דער ערד און אױסגעשאָטן דעם זאַמד פון אַ סאַנדאַליעט.

מאַרגוליס האָט מיטאַמאָל דערפילט אַ מוירעדיקע שװאַכקײַט, װאָס האָט געמאַכט ציטערן זײַנע הענט און פיס. ס'איז גאָר קײן כידעש ניט געװען. אין מעשעך פון די לעצטע עטלעכע מעס־לעס זינט ער איז געלאָפן פון סלאָנימער לאַגער איז ער נאָך ניט געשלאָפן און קימאַט גאָרנישט ניט געגעסן. דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרײט. ער האָט אופגעעפנט דאָס מויל און גענומען שלינ־גען די לופט, װי אַ פיש, װאָס מע װאַרפט אַרױס אױף דער טריקעניש. ער האָט זיך אױסגעצױגן אױף דער ערד אין דער גאַנצער לענג, זיך אײַנגעגראָבן מיטן פּנים אין דעם זאַמד, געזוכט אַ ביסעלע פרישקײַט. נאָר דאָ האָט אַ װײע געטאָן אױף אים פונעם טײַכל מיט אַ זיסן, װאָרעם־בלאָטיקן רײעך פון װאַסער־גראָזן. עס האָט אים גענומען נודיען. ער האָט זיך דערפילט שטאַרק שלעכט.

אין דער קורצער װײַלע, װאָס ער איז נאָך געװען באַם זינען, האָט מאַרגוליס באַװיזן צו דער־זען עטלעכע בעריאָזעס, װאָס זײַנען געשטאַנען אױף יענער זײַט טײַכל, אױף אַ װײַטן בערגל פון דער פאַרשטאָט. עס האָט זיך אים אױסגעדוכט, אַז ער הערט אַפילע, װי די קראָען שרײַען דאָרטן, זיך אַרומדרײענדיק איבער די בײמער. נאָכדעם איז אים פינצטער געװאָרן אין די אױגן און אַלץ איז פאַרשװוּנדן: אי דער לאַגער מיט די מענטשן, אי די געלבלעך־פאַרצױגענע זון, אי די בעריאָזעס אױף יענער זײַט טײַכל.

עס האָט אים אופגעװעקט אַ קאָל. עמעץ איז געשטאַנען איבער אים און געטרײסלט פאַרן אַקסל. מע האָט אים עפּעס אַרײַנגעגאָסן צװישן די פאַרקלעמטע צײן. ער האָט געטרונקען זשעדנע, ניט געקאָנט אָנטרינקען זיך. נאָר װאָס מע רעדט צו אים, האָט ער ניט פאַרנומען. די אױערן זײַנען אים געװען פאַרלײגט, װי מיט װאַטע.

— װאָס איז מיט אײַך? — האָט זיך דערטראָגן צו אים װי פונדערװײַטן.

— כ'װײס ניט... ס'איז מיר עפּעס ניט־גוט געװאָרן. טרינקען...

דאָס קריגל, פון װעלכן ער האָט געטרונקען, איז געװען לײדיק. דאָס באָכערל, װאָס האָט אים אָפּגעמינטערט, האָט זיך געלאָזט צום טײַכל אָנשעפּן אַ ביסל װאַסער. ער האָט שנעל אָנגענומען װאַסער און איז אַרױף אױפן ברעג. דאָס האָט דערזען דער פּאַטרול. ער האָט מיטן שטיװל דערלאַנגט דעם יינגל אַ זעץ אין בױך אַרײַן און אַרײַנגעשלײַדערט אים אינעם װאַסער. דאָס קריגל איז אַרױסגעפלױגן פון זײַנע הענט און האָט זיך צעבראָכן אױף שטיקלעך.

דאָס באָכערל האָט געװאָלט אַרױסשפּרינגען צוריק אױפן ברעג. דער היטלעריסט האָט ניט געלאָזן. און אַ קורצע װײַלע איז צװישן זײ פאָרגעקומען אַ מין ביטערע שפּיל. אײנער האָט זיך געמיט אַרױס פונעם װאַסער, און דער צװײטער האָט אים אַרײַנגעװאָרפן צוריק.

ענדלעך איז דעם באָכער דאָך געלונגען אַרױסצושפּרינגען אױפן ברעג. ער האָט זיך געלאָזט לױפן. דער עסעסאָװעץ — נאָך אים, געכאַפּט און אָנגעהױבן באַנײַס שלאָגן. מאַרגוליס האָט מיט גרױס מי זיך אופגעשטעלט אַנטקעגן דעם דײַטש:

— לאָז אָפּ! דאָס האָב איך אים געשיקט נאָך װאַסער. איך בין שולדיק.

דער דײַטש האָט אופגעהערט צו שלאָגן דאָס יינגל און האָט זיך אױסגעדרײט צו מאַרגוליסן. זײ האָבן זיך אײנע די אַנדערע אָנגעקוקט: מאַרגוליס — אַ בלאַסער, אַ פאַרװאַקסענער, אַ שענערן לײגט מען אין קײװער אַרײַן; דער דײַטש מיטן גומי־שטעקן אין האַנט, אַ בײזער און מעװולװועלער

פון דעם יִדנס פּרעכהײַט. ער איז אָפּגעטראָטן עטלעכע שפּאַן אַף הינטן און האָט לאַנגזאַם אַראָפּגענומען פון זיך דעם אווטאָמאַט.

ווי אַ מענטש, וואָס נעמט אַף זיך אַרויף אַן אומגעהייערע לאַסט, האָט מאַרגוליס שווער אַ טראַט געגעבן אַף צוריק, זיך אויסגעדרייט און איז אַוועקגעגאַנגען. ניט ווײַט פון אים איז געשטאַנען די פרוי אין דעם לײַוונטענעם קלייד מיטן קוישל אין האַנט; זי האָט כמורנע געקוקט אַפן היטלעריסט. דראָענדיק מיט דער ביקס, האָט ער געשריִען, מע זאָל זיך צעגיין פונעם בערג.

— שוין זשע וועט אַמאָל אויך זייער בלוט ניט אָפּגעצאַפּט ווערן, ווי זיי צאַפּן איצט אונדזערס? — האָט שטיל, ווי פאַר זיך, געפרעגט די פרוי.

אַרויף־באַרג, וווּ עס האָט זיך פאַרזאַמלט דער גרעסטער טייל מענטשן, איז ווידער טומלדיק געוואָרן. פון דאָרטן האָט מען שוין גענומען טרײַבן די פרויען.

— גייט אַהיים, — האָט מאַרגוליס זיך אָנגערופן צו דער פרוי, — וואָרעם דער גאַזלען קאָן נאָך צו אײַך אויסלאָזן זײַן קאַס.

— כ׳האָב געבראַכט עסן מײַנעם אַ שוואָגער. נאָך נעכטן, זאָגט מען, האָט מען אים דאָ געזען. נאָר הײַנט געפין איך אים שוין ניט. טאָ נעמט און עסט.

די פרוי האָט זיך שנעל אַראָפּגעלאָזן אַף איין קני, אײַליק צעעפנט דאָס קוישל, אַרויסגענומען ברויט. זי האָט געוואָלט אויך דערלאַנגען וואָס־ניט־איז פון געקעכטס. נאָר ס׳איז שוין געווען שפּעט. דער דײַטש האָט זי אַוועקגעטריבן.

מאַרגוליס האָט צו איר אויסגעשטרעקט דאָס איבערגעלאָזטע קוישל מיטן עסן. נאָר זי האָט בלויז אַ מאַך געטאָן צו אים פונדערווײַטן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „גרעסערס האָבן מיר אין אונדזער לעבן פאַרלאָרן“ און איז פאַרשוווּנדן.

און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטופּעניש. און ווידער איז געוואָרן אַ געהענעם. אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסנײַ.

## קאַפּיטל צוויי

### 1

סימע אווערבוך, וואָס האָט אינעם לאַגער איר שוואָגער ניט געפונען און איבערגעלאָזן דאָס עסן מאַרגוליסן, איז מיט אַלע אַנדערע פרויען אַוועק אַהיים.

זי איז געגאַנגען גיך און, אַ צעהיצטע פונעם גאַנג, געפילט, ווי אין איר ברענט אַ בייז פײַער. זי האָט זיך אַליין געוווּנדערט: וואָס, אַשטייגער, טרײַבט עס זי אַזוי? וואָס יאָגט זי, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט ערגעץ צו פאַרשפּעטיקן? וואָס, מישטיינסגעזאָגט, קאָן זי שוין פאַרשפּעטיקן? אָנזאָגן דער מאַמען די „שיינע“ בסורע, אַז פראַים איז אין לאַגער ניטאָ? אַז מע האָט אים שוין ערגעץ אַוועקגעטריבן, אויב ער לעבט נאָך בכלל? און דאָך האָט זי אַלץ געיאָגט ווײַטער און ווײַטער. און וואָס נעענטער ס׳איז געוואָרן די כאַרעווע שטאָט, וואָס קענטלעכער די רוּינען, וועלכע האָבן אַראָפּגעקוקט פון אַ ווײַטן אַראָפּ־באַרג מיט פאַרויכערטע ווענט און לעכער אָנשטאָט פענצטער און טירן, אַלץ האַסטיקער און געשווינדער איז געוואָרן איר גאַנג, צאַרנדיקער — זי אַליין. דער לאַגער מיט די פאַרוואַקסענע און אויסגעכווישעכטע מענער איז איר ניט אַרויס פונעם זינען. איר ווייטעק און צאַר איז אַלץ געשטיגן, פאַרפלייצט איר דאָס האַרץ.

אין דער פאַראַקשנטקײַט, מיט וועלכער זי האָט אַפּסנײַ אײַנגעדעקט דאָס פּאָנעם מיט דער שאַל, אַז מע זאָל עס ניט זען, אין איר האַסטיקן, דריבנעם גאַנג פון אַ פרוי, וואָס טראָגט אַ צו שמאָל קלייד, אין יעדער באַוועגונג אירער האָט זיך געפילט אַ שטרענגע און ניט אויסגענוצטע קראַפט, וואָס ווען מע ווענדט זי נאָר אָן ווי עס קער צו זײַן, איז זי בעקויעך איבערצוקערן בערג.

דערווײַל אָבער איז סימע געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז זי האָט ניט געטראַכט וועגן „איבערקערן בערג“. עס האָט איר אויסגעזען נאַריש די ווילדע זשעדנעקײַט אירע נאָך בילדונג, די אַסקעטישע גרייטקײַט אָפּצוזאָגן זיך פון אַלץ, אויב דאָס האָט ניט קיין שײַכעס צום לערנען.

אירע כאַווערטעס האָבן כאַסענע געהאַט, פיל פון זיי — קינדער געבוירן, אַפילו איר ייִנגערע שוועסטער עסטער איז איר אויך פאַרלאָפן דעם וועג. און זי... זי האָט צײַט. זי וועט נאָך באַווײַזן. עס שטייט איר נאָך פאַר אַזאַ גרויס לעבן. זי דאַרף פריִער ענדיקן אַף דאָקטער און נאָכדעם וועט מען זען.

איז זי שוין אַ דאָקטער. נאָר וואָס פאַר אַ זין האָט עס איצט? ווער דאַרף זי דען האָבן מיט אירע קענטעניש?

צוגיין אין לאַגער און אופזוכן דאָרט פראַימען האָט די מאַמע זי געבעטן. ניט פאָלגן די מוטער איז דאָך ניט שײַעך, כאָטש סימע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וויאַזוי קומט גאָר פראַים

אינעם ציווילן לאגער, בייס ער איז א מיליטערישער און האָט אָנהייב מילכאָמע זיך געפונען אין דער ארמיי ערגעץ לעבן באראנאָוויטש. עסטער איז אויך ניטאָ. זי איז אוועק פון שטאָט, ווען ארום האָט אלץ געברענט, און ביז איצט האָט מען ניט געוווּסט, ווו זי איז אהינגעקומען.

באם אריַינגאנג אין שטאָט, ווו די האלב־פארשאָטענע רעלסן פונעם טראמוויַי האָבן געמאכט א קריַיז, זיַינען אומגעגאנגען פאטרולן אין שטאָלענע קאסקעס, מיט אויטאָמאטן אף דער ברוסט, און אָנגעוויזן, וויאזוי אריַינצופאָרן אין שטאָט דורך דעם לאבירינט פון כאָרעווע גאסן. דערזען די פרויען גיין פונעם לאגער, האָבן די סאָלדאטן געגומען זיי אראָפטריַיבן פון די טראָטוארן, זיי זאָלן גיין מיטן ברוק, וויאזוי ייִדן דארפן גיין. סימע האָט ניט פארהאלטן דעם טראָט. ס׳איז בלויז אין איר נאָך אלץ מער אָנגעצויגן געוואָרן...

עס האָט זיי אָנגעיאָגט א וואלקע מיט פורן. גוט אופגעלייגט און בארוט, ווי פויערים, וואָס קערן זיך אום אהיים נאָך א טאָג ארבעט אין פעלד, זיַינען אף די פורן, געשפאנטע אין זאטע פערד, מיט קורץ־געשווירענע ווידלען און בערשטלעך בא די טלאָען, געפאָרן זעלנער, האלטנדיק ס׳געווער אפן שויס. שאָקלענדיק מיט די קעפּ, זיַינען פאמעלעך געגאנגען די פערד. מעיושעוודיק און געמיטלעך האָבן גערעדט צווישן זיך די דיַיטשן. זיי האָבן וויַיט ניט אויסגעזען ווי מענטשן, וועלכע דער גוירל האָט פארוואָרפן אין דער פרעמד און עס דארף דויערן א ציַיט, ביז מע וועט זיך צופאסן צום ארום און צו די איַינוווינער. די סאָלדאטן זיַינען געווען ווי בא זיך אין דער היים, בא א געוווינטער ארבעט. די דאָזיקע רויקיַיט זייערע איז געווען אומדערטרעגלעך. ס׳האָט ארויס־גערופן א הארצקלעמעניש בלויז דער געדאנק וועגן דעם, אף וואָס אזוינע־אָ זיַינען פייִק אין זייער באלעבאטישער און קאלטער באטראכטקיַיט. פאר סימעס אויגן האָט ווידער אופגעלעבט דער מענער־לאגער, און זי האָט אופגעציטערט: שוין זשע קאָן מען דאָס אלץ צוזען און שוויַיגן? שוין זשע איז פארלאָרן געוואָרן די מאָס פון גוטס און שלעכטס?

סימע האָט נאָך מער פארשנעלערט דעם טראָט. — אהיים! ניט וויַיט פון דעם הייוון־זאוואָד, אונטער די שטארק צעצוויַיגטע ווערבעס באם בריקל, איז געלעגן א כאָפּטע פאשיסטן. אופגעלייגט און צופרידן דערמיט, וואָס זיי גייט „אימער גוט“, זיַינען זיי געלעגן האלב־נאקעטע אף אן אונטער־געשפרייטער פלאשטש־פאלאטקע מיט די זאטע ביַיכער ארוף, גענומען צו ביסלעך שנאפּס און זיך פארוויַילט, — געשאָסן פון די פיסטאָלעטן אין די שויבן פון די אנטקעגנדיקע היַיזער, געזונגען, זיך געריסן אף די הענלדזער. דערזען סימען, איז זיי געפעלן געוואָרן איר שלאנקע פיגור, איר וויַיבלעך, קורץ געגנגעלע. זיי האָבן זי אָנגעהויבן רופן זיך אויך גיין לייגן מיט זיי אף דער זון. פעסט איַינגעהילט אין דער שאַל, אָנגעצויגן שטיַיף און לאנגזאם, איז סימע פארביַיגעגאנגען, ווי מע גייט מיט א שמאָל בריקל איבער אן אָפּגרונט.

ענדלעך איז זי צוגעקומען צו א שכיינישן דורכגאנגס־הויף, וואָס האָט געפירט צו זייער געסל.

זי האָט זייער געוואָלט, אז קיינער זאָל זי ניט זען און ניט פרעגן, פונוואנען זי קומט. בא די שכיינים, די רודאָוויטשעס, איז גראָד די באלעבאָסטע פעניע געווען אין גאָרטן. רודאָוויטש אליין האָט אויך ארויסגעקוקט פון פענצטער. סימע איז ניט אימשטאנד געווען צו ענטפערן אף קיין שום פראגעס, דעריבער האָט זי זיך דורכגעשליַיכט פארביַי זייער שטוב און זיך אריַינגע־כאַפּט צו זיך אין הויף.

## 2

אין שטוב איז געווען שטיל, ווי נאָך א לעוויַיע. בא דער קארגער שיַין, וואָס האָט אריַינגע־לויכטן דורך א שפּעלטיקל פון ניט גוט צוגעמאכטע לאָדן, האָט סימע אויסגעטאָן די סאנדאליעטן, און זיי זיַינען מיט א קלאַפּ, איינער נאָכן אנדערן, אראָפּגעפאלן אפן דיל; וואָקשטעלן זיי אף אן אָרט האָט איר קיין קויעך ניט געקלעקט, ניט געווען קיין קויעך און קיין ווילן א ריר טאָן מיט אן אייווער... אינעם צווייטן צימער האָט זיך צעסקריפּעט א בעט. דורך דער האלב־צוגעמאכטער טיר האָט זיך דערהערט:

— טאָכטער, דאָס ביסטו?

סימע האָט ניט געענטפערט. שאָפּלדיק־מיד איז זי געזעסן אפן וויַיכן, נידעריקן דיוואַן, דעם קאָפּ אָנגעלענט אף א האנט, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אפן ברעג טיש.

זקייניש שארנדיק מיט די פיס, קעדיי אָנצוטאַפּן אין דער טונקלעניש די פאנטאָפל אונטערן בעט, האָט זיך די אלטע אופגעהויבן און איז ארויס פונעם אלקער. זי האָט א שטופּ געטאָן א האלבע לאָד, אין צימער איז געוואָרן ליכטיקער.

— נו, האָסט געזען פראַימען? וואָס מאכט ער?

סימע האָט אונטערגעהויבן די אַקסל, זיך עטוואָס אויסגעגלײַכט און מיט אַ מידער באַוועגונג פון דער האַנט אַנגעהויבן אויסטאָן פון זיך די שאַל. די שאַל האָט זיך געצויגן און געצויגן. דער עק אירער איז נאָך אַלץ געלעגן אויף איר אַקסל...

— הערסט ניט, וואָס איך רייד צו דיר? וואָס שווײַגסטו?

— פראָים איז אין לאַגער ניטאָ.

— וואָס הייסט ניטאָ? מענטשן האָבן דאָך אים דאָרטן געזען. — די אַלטע האָט זיך צעוויינט.

— ער איז ניטאָ. עסטערקע איז אויף דער צײַט, זי איז אַוועקגעגאַנגען און פאַרפאַלן געוואָרן. פון איסערס מישפּאָכע הערט מען אויך גאָרניט. ווי מע וואָלט מיט עפּעס דערלאַנגט איבער די קעפּ. צעשליידערט און צעוואָרפן זײַנען אַלע געוואָרן, ניט אופצוזוכן גאָר קיינעם... ריבוינעשעלוילעם, ליבער גאָט, פאַרוואָס שטראָפסטו אונדז אַזוי? מיט וואָס האָבן מיר זיך אַזוי פאַרזינדיקט?

סימע האָט אָפּגיך צוריק אָנגעטאָן די סאַנדאַליעטן. זי האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן דער מוטערס געיאָמער. עס האָט געדוכט, אַז זי וועט זיך באַלד אָנכאַפּן מיטביידע הענט פאַרן קאָפּ און אַ ווילד געשריי וועט פאַרהילכן די שטוב. ניט ווייסנדיק, ווו זיך אַהינצוטאָן, האָט זי זיך ווי אַ בלינדע ארומגעדרייט איבער די צימערן. ס'איז דושנע געווען. זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו עטעמען. וואָלט זיך כאָטש שוין דורכגעריסן אַ רעגן און אָפּגעפרישט אַ ביסל די לופט...

אין שטוב איז געווען, ווי אויפן הארצן, אָנגעוואָרפן און אָנגעשליידערט, און סימע איז שטיין געבליבן. טאַטעלעך מײַנע! ווי ענג ס'איז געוואָרן דאָס לעבן, זי קאָן זיך גאָר קיין אָרט ניט געפינען. די בעטן זײַנען ניט פאַרבעט. אין אַלע ווינקעלעך וואַלגערט זיך שוכוואַרג און קיילים. אַ וועלט מיט קיילים. פריער האָט מען זיי גאָר קיינמאָל ניט געזען, און איצט האָבן זיי אָנגעהויבן לעבן אַ זעלבשטענדיק העפקער־לעבן, פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס, קומען אַנטקעגן דאָרט, ווו מע קאָן זיי אַמווייניקסטן דערוואַרטן. וויפל וועלאָסיפּעדן איז בא זיי געווען? דוכט זיך, איינער. און רעדער און טיילן — אַ וועלט. איין ראָד אויף דער שאַפע, אַ צווייטע — אונטערן טיש. קלאַמערן, פּאַמפּעס, ספּיצעס וואַלגערן זיך, ווו נאָר מע גיט זיך אַ קער...

זי האָט געפּרוווט עטוואָס צוראַמען, ניט געקאָנט פאַרלײַדן דעם כורבן אין שטוב, ווו אַלעמאָל איז געווען אַזוי ציכטיק און ריין. נאָר די הענט האָבן זיך ניט געהויבן, און אַלץ איז איר געוואָרן דערווידער. סאַפּקאָלסאָף האָט זי אַ שלײַדער געטאָן פון זיך איין שמאַטע, אַ צווייטע און האָט זיך באַנײַס אַוועקגעזעצט. זי האָט אַרײַנגענומען דעם קאָפּ אין ביידע הענט און איז געבליבן פאַר־שטאַרט.

די אַלטע האָט אַלץ געוויינט.

— הער אויף, מאַמע, — האָט סימע געבעטן. — דו טראַכסט נאָר וועגן דײַן אומגליק און ווילסט ניט וויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט... — און נאָך שטילער, מיט אַן אָנגעבראָכענער שטימע געפרעגט: — ס'איז קיינער ניט געווען? קיינער האָט מיך ניט געזוכט?

— קיינער, דוכט זיך, ניט... מישקע איז נאָר געווען. ער איז אַרײַנגעלאָפן, ווי אַ ווינט, האָט זיך דורכגעדרייט און איז ווידער פאַרשוווּנדן.

— און איך האָב געײַלט, בין געלאָפן. עס דוכט זיך מיר אַלץ אויס, אַז עמעץ וואַרט אויף מיר, אַז עמעץ דאַרף מיך נייטיק האָבן.

סימע האָט שווער אָפּגעעטעמט:

— און וווהין איז מישקע אַוועק? ווו פליט ער אום? וואָס זיצט ער ניט אײַן אין שטוב?

— ווער ווייסט אים. לויפט אום דורכן טאָג מיט קאַלקען... האָסט זיך געדאַרפט מיט אים דורכריידן. זאָל ער אופהערן צו שלעפּן אַלץ אין שטוב.

— וואָס שלעפּט ער?

— דאָ האָט ער געבראַכט אַרבעס. דאָ — אַ שקאַרמיץ מיט לאָקשן. ווו נעמט ער עס אַלץ? איך דאַרף ניט קיין פרעמדס...

— ווער בעט אים...

— איך זאָג אים: „מישקע, הער אויף!" פאַלגט ער מיך דען? „און עסן, — זאָגט ער, — דאַרפסטו ניט? ביסט אַ מאַלעך? וועסט גיין אין קראָם און קויפן? אַז סײַוויסײַ וועט מען עס צעשלעפּן. ניט איך, איז אַן אַנדערער. אַלץ גלײַכער, איידער דאָס זאָל אָנקומען די פאַשיסטן"...

— זאָלן זיי זיך וואַרגן דערמיט...

— אָט דאָס זאָג איך דאָך אים אויך, פאַלגט ער מיך דען? אָט אָ, הערסט? ער האָט שוין ווידער, מיסטאַמע, עפּעס געבראַכט... עס האָט אונדז נאָך געפעלט מישקע. איך וועל שטאַרבן פון אים...

פון פירהויז האָט זיך דערטראָגן אַ קלאַפּערײַ. סימע האָט געוואַרט, אַז עס זאָל זיך עפענען די טיר און מישקע זאָל אַרײַנקומען. זי וואָלט צו אים אויסגעלאָזן אַלץ, וואָס איז איר איצט געווען אויפן הארצן. נאָר קיינער האָט זיך ניט באַוויזן. אַנשטאָט דעם האָט זיך דערהערט, ווי עמעץ

עס האָבן סומנע, קוים־קוים גערוישט די סאָסנעס און אָנגעווייעט טרויער. דאָס שטילע געפּליסטער האָט דערמאָנט אָן דעם, אַז אין ערגעץ איז נאָך פֿאַראַן אַ גרויסע וועלט, וווּ עס זײַנען ניטאָ קיין פֿאַשיסטן, וווּ מענטשן לעבן פֿראַנק־און־פֿרײַ און קיינער האָט קיין אַנונג ניט דערפֿון, וואָס מע שטייט דאָ אויס.

דערהערט, אַז הינטער אים האָט זיך געעפֿנט די טיר, האָט זיך דאָס באָכערל אומגעקוקט און ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

יוליאַ סערגייעוונאַ האָט אים אַ רעכטע ווײַלע גאָרנישט ניט געזאָגט. ביידע האָבן שווײַגנדיק געהערט, וויאַזוי מע רײַסט אויף דעם נישער פֿון ווענט, וואָס דראָען אײַנצופֿאַלן. אויף דעם העלן פּאַס פֿון הימל, וווּ די קאָנטורן פֿון דער מעלוכע־אָפּערע האָבן אויסגעזען, ווי דער סילועט פֿון אַן אוראַלטער, מעכטיקער פֿעסטונג, האָט זיך אַ קנוילנדיקער שוואַרצער רויך געוויקלט אין דער הייך און ס׳האָט גענומען רעגענען מיט אַש און מיט שטיינער, ווי בײַ אַ ווולקאַן־אויסברוך. אַ ברעקל ציגל איז אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן גאַנעקל, וווּ דאָס באָכערל איז געזעסן. ער האָט עס מיט קאַט אונטער־געכאַפּט און פֿאַרוואָרפֿן אין די קוסטעס.

ענדלעך האָט זיך יוליאַ סערגייעוונאַ אַראָפּגעלאָזן אויף דעם זעלבן טרעפּל, וווּ דאָס באָכערל איז געזעסן.

— זיץ ניט אַזוי! איך בעט דיך... ווי שעמסטו זיך ניט? אַז דו ביסט אַזוי טרויעריק, טאָ וואָס זשע, פֿרעגט זיך, זאָלן מיר שוין טאָן, מיר, ווײַבער?

— האָסט געזען, — האָט דאָס באָכערל געפֿרעגט, — וואָס מע מאַכט פֿון מענטשן? — און נאָך אַ ווײַלע שווײַגן האָט ער פֿאַרגעזעצט. — אָט זיץ איך און טראַכט... גיב מיר צו פֿאַרשטיין, וואָס קומט דאָ פֿאָר? נעכטן האָט מען פֿאַרבײַגעטריבן געפֿאַנגענע רויטאַרמייער. אונטער די קלעפּ פֿאַלט מען, אָפּגייענדיק מיט בלוט, און די איבעריקע גייען ווײַטער... וויפֿל וועט מען נאָך אַזוי גיין?

— וואָס קאָן איך דיר זאָגן, זון מײַנער... כ׳וואָלט געוויס וועלן, דו זאָלסט עס ניט זען. עפּשער וועט זיך מיר אײַנגעבן דיך מיט ליוסיען אוועקשיקן אין דאָרף.

— און דאָרט איז וואָס? זײַנען דען אין דאָרף קיין פֿאַשיסטן ניטאָ?..

— גלייב מיר, איך בין עלטער פֿון דיר. ס׳וועט זיי פֿאַר אַלץ באַצאָלט ווערן...

— באַצאָלט ווערן! — האָט מיט אַן אומדערוואַרטער בייזקײַט אויסגערופֿן דאָס באָכערל. — ווער וועט צאָלן?.. אין דאָרף ווילסטו אונדז אוועקשיקן... גוט צוגעטראַכט. ליוסיען קאָנסטו אוועקשיקן, אָבער ניט מיך...

די מוטער האָט אים דערשראָקן אָנגעקוקט. זי האָט דערזען פֿאַר זיך אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

## 2

איינע נאָך דער אַנדערער האָבן דורכגעטראַסקעט עטלעכע מאַשינעס מיט ליידיקע פֿעסער, וועלכע זײַנען געפֿאָרן צום ביר־זאַוואָד. פֿון זייער גערודער האָבן געציטערט די שויבן. ווידער האָט מען ערגעץ ניט ווײַט אויפֿגעריסן עפּעס, נאָר יוליאַ סערגייעוונאַ האָט קימאַט גאָרנישט ניט באַמערקט, אַזוי פֿאַרטיפֿט איז זי געווען אין אירע מאַכשאָוועס. אויסגעהאָדעוועט האָט זי די קינדער אָן אַ פֿאָטער. קיין זאַך איז איר ניט שווער געווען. זי האָט צומאָל געשלעפּט אויף זיך מער, ווי זי האָט געקאָנט פֿאַרטראָגן. וואָס האָט זי ניט געטאָן, אַז זיי זאָלן זיך ניט פֿילן, ווי יעסוימים, עס זאָל אויף זיי קיין נעבעך ניט זײַן, אַז קיינער זאָל אויף זיי ניט דאַרפֿן האָבן ראַכמאָנעס?.. זי האָט אַפֿילע ניט געוואָלט צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז זי וואָלט געקאָנט זיי ברענגען אַ שטיפֿטאַטן אין שטוב, כאָטש לעבן אַליין איז איר צומאָל אַזוי שווער געווען... און איצט האָט זי עפּעס אַזוי מוירע געהאַט. זי האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי מע היט זיי אויס.

ווען יוליאַ סערגייעוונאַ איז אַרײַן אין שטוב, אַן אויפֿגערודערטע פֿונעם שמועס מיטן זון, האָט זי ליוסיען געטראָפֿן נאָך אַלץ ליגנדיק אין בעט, און דער פֿאַרדראָס, וואָס זי האָט געהאַט אויף איר, האָט זיך געשטאַרקט.

— איך האָב, דוכט זיך, וויפֿל מאָל שוין געבעטן, אַז אויב דו שלאָפֿסט ניט, זאָלסטו ניט ליגן אין בעט. ווייסט דאָך, אַז איך פֿאַרלײַד עס ניט.

— שוין, מאַמע. איך שטיי אויף...

— אַ געוווינשאַפֿט איז בײַ דיר געוואָרן צוצוזאָגן און טאָן זיך דײַנס...

יוליאַ סערגייעוונאַ האָט מיט פֿאַרדראָס דערמאָנט זיך, מיט וואָס פֿאַר אַ גרינגשעצונג אַנאַטאָלי האָט דערמאָנט דער שוועסטערס נאָמען. זי אַליין איז אויך ניט זייער צופֿרידן געווען מיט דער טאָכטער: אַ מיידל פֿון נײַנצן יאָר, און וויל ניט פֿאַרשטיין, אין וואָס פֿאַר אַ צײַט מע לעבט.

יוליאַ סערגייעוונאַ האָט זיך געמיט צו באַרויִקן, ניט פאַנאַנדערצובלאָזן דאָס, וואָס האָט זי אויפגערעגט און צערייצט. נאָר ווי אַפּצולאָכעס האָט ליוסיע זיך אוועקגעזעצט אין בעט, פויל אָנגעהויבן גענעצן און ציִען זיך מיט די הענט איבערן קאָפּ, אַ נאַקעטן פוס אַרויסגעשטעקט פון אונטער דער קאָלדרע. „אומפאַרשעמטע״ — האָט זיך שטיל אַרויסגעריסן בײַ יוליאַ סערגייעוונאַ, ווען באַם מיידל איז אַראָפּגעפאַלן דאָס העמד פונעם אַקסל און עס האָבן זיך אַנטפּלעקט אירע יונגע, שטײַפע, קליינע בריסט. שיין איז זי, קיין אײַנהאָרע, ווי זיבן זונען. ס'אַראַ קערפּער זי האָט... אַ קאָפּיע פון פאָטער אירן סײַ מיט דעם געשטאַלט, סײַ מיט דער זאָרגלאָזיקײַט. ער האָט אויך אָפּט ניט געוווסט וווּ אײַן און וווּ אויס... מע זאָגט, אַז די דײַטשן כאַפּן מיידלעך און שיקן אוועק קיין דײַטשלאַנד. און ווען מע זאָל שוין אַפילו ניט כאַפּן, איז אויך ניט גוט. אומעטום איז פול מיט פאַשיסטן, מע קאָן איבער זיי אַ גאַס ניט דורכגיין. זיי קוקן אויף פרויען פרעך און גיריק. אויסער זיי זײַנען דאָ אויך פּאָליצײַען — ניט קיין קלענערע הינט פון זיי. דערזעען זיי אַ שיין פּנעמל, כאַפּט זיי אַלעמען די כאָליערע. מע קלעפּט אַרום דעם, ווי פליגן אַרום צוקער. דער מוֹיעך דרייט זיך איר, איבערטראַכטנדיק, וואָס מע טוט...

אין אײַלעניש אָפּגעגעסן מיט די קינדער פרישטיק, איז זי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

אין גאַס זײַנען געשטאַנען רעדלעך מענטשן און האָבן עפּעס געלייענט אויף די פּאַרקנס. בײַ יוליאַ סערגייעוונען האָט דאָס האַרץ אַ טיאָכקע געטאָן: מיסטאַמע, שוין ווידער עפּעס אַ גזירע... ווען זי איז צוגעגאַנגען, קעדיי איבערלייענען דעם נײַעם באַפעל, האָט זיך לעבן פּאַרקן אָפּגעשטעלט איינע פון די פורן מיט ליידיקע פעסער און ס'איז אויך צוגעקומען דער פורמאַן אין אַ קורצער, האַרטער ברעזענטענער ספּעצאָווקע, באַלעגאָליש־ברייטלעך פאָכענדיק מיט די הענט. יוליאַ סערגייעוונאַ האָט דערקענט דעם מענטשן: דאָס איז געווען דער פאָטער פון איינעם אַ טויב־שטומען ייִנגעלע, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געלעגן בײַ איר אין שפּיטאָל מיט סקאַרלאַטין. דער פורמאַן האָט ערגעץ געאַרבעט אין אַ קיך בײַ דער אײַזנבאַן און פלעגט קומען צו פאָרן אין שפּיטאָל געווירע ווערן, וואָס מאַכט זײַן קינד.

איצט איז דער פורמאַן געווען קאָנטיק עטוואָס בעגילופן. די ווייכע, פאַרשמאָלצענע קעפּקע איז בײַ אים געווען פאַררוקט אויפן קאַרק. ער האָט אויסגעזען גאַנץ האָפערדיק בײַ זיך.

— וואָס, שוין ווידער עפּעס אַ נײַס? — האָט ער הייזעריקלעך געפרעגט, אַ טיצע געבנדיק מיט דעם בײַטש־שטעקל אין דער מעלדונג. — עס שיטן זיך בײַ זיי די נײַס, האַ, האָ, ווי ציגענע באָבקעס... אַ כאָליערע זיי אין די זײַטן אַרײַן.

— ס'איז יענער מין נײַס. פון אַזוינע נײַס קאָן מען גיך ווערן ווײַס... — האָט אים אָפּגעענטפערט אין זעלבן טאָן, האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט, אויך אַזאַ לעץ, ווי ער, וואָס האָט געאַרבעט ניט ווײַט אין אַ שוסטער־וואַרשטאַט און איז אַרויס פון דאָרטן אויף אַ ווײַלע אינעם פאַרטעך.

— וואָס זשע שרײַבן זיי דאָ? לייענט עמעצער, אַז מע זאָל הערן אַ וואָרט, — האָט דער פורמאַן געבעטן, — איך האָב מיר מײַנע ברילן אין דער היים פאַרגעסן.

— וועגן אַ באַזונדערן ראַיאָן פאַר די ייִדן שרײַבט מען דאָ. ביז אַווגוסט כוידעש דאַרפן זיך אַלע ייִדן אַריבערקלײַבן אויף נעמיגע. אַ געטאָ וועט דאָרט געשאַפן ווערן פונזייערטוועגן...

— וואַרט, וואַרט, — האָט דער פורמאַן פאַרהאַלטן דאָס מיידל, וואָס האָט עס אים געגעבן צו דערקלערן. — ס'איז דיר ניט קיין יויך־בולבע, וואָס דו שלינגסט אַזוי. וווהין, זאָגסטו, דאַרף מען זיך אַריבערקלײַבן? ס'אַ מין ווילדע זאַך. נעמען און אויסטראַכטן אַזוינס. אַ פאָהיבעל נאָר אויף זיי...

— אַריבערקלײַבן זיך אין געטאָ... ס'הייסט, אין אַזאַ ספּעציִעלן, אָפּגעצוימטן ראַיאָן, פונוואַנען מע וועט אָן אַ דערלויבעניש קיינעם ניט אַרויסלאָזן.

דער פורמאַן האָט זיך בעריש איבערגעשטעלט פון פוס אויף פוס און עס האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן דער קוראַזש. דאָס מויל איז אים געבליבן אָפן. ער האָט פאַרשמאַכט אַ לעק געטאָן מיט דער צונג די אונטערשטע פליישיקע ליפּ, וואָס האָט זיך אים ערטערווײַז געשיילט און געהאַט אַ יונגע, בלוי־ראָזע הויט, ווי פון אָפּבריִען זיך מיט צו שטאַרקן עסיק. אין דער ברעזענטענער האַרטער, ווי בלעך, ספּעצאָווקע, מיט די ברעזענטענע הענטשקעס הינטערן רימען האָט ער אויסגעזען לעפּיש און מעגושעמדיק.

נאָך ניט לאַנג צוריק האָט ער געהאַט צו טאָן מיט די פעסער ערגעץ אין אָן אײַז־קעלער און האָט אָנגענומען טירסע אויפן רויטן טשוב. אין טירסע איז אויך געווען זײַן היטל, וואָס האָט זיך אים געהאַלטן אויפן קאַרק מיט ניסים. עס האָט געשמעקט פון אים מיט אייל און מיט דעם געזאַלצענעם און געזונטן רייעך פון ראַגאָזשעס, אין וועלכע מע פּאַקט אײַן טאַראַנקעס.

— אַלע, זאָגסטו, דאַרפן זיך אַהין אַריבערקלײַבן? — האָט ער איבערגעפרעגט. — ווי איז אָבער, אַז עמעצער האָט אַ ייִדיש ווײַב? קינדער מיט איר?

— אלציינס...

— אלציינס?..

ס׳איז אים דאָס היטל אַראָפּגעפּאַלן פונעם קאָפּ. ער האָט זיך אָנגעבויגן עס אופהייבן. עטלעכע מינוט איז ער דערנאָך געשטאַנען א שוויַיגנדיקער און פאַרטראַכטער, זיך געוויגט פּאַמעלעך הין און צוריק און ניט געוווּסט, צי גלייבן אין דעם, וואָס מע זאָגט, צי א שפּיַי געבן אף אלץ, ווי אף א זאַך, וואָס איז ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, און זיך לאָזן צום ביר־זאַוואָד אויסטרינקען א קופּל ביר.

שטום, מיט א שווערן בליק האָט דער פורמאַן באַטראַכט אַלעמען, ווי ער וואָלט געזוכט, ווער עס קאָן דאָ אים באַשטעטיקן, צי עס איז טאַקע אַזוי, ווי ער הערט, צי ניין.

עטוואָס אין א זיַיט פון אַלעמען איז געשטאַנען אַנדריי רודאָוויטש מיט דער פאַרשמאַלצענער וואַטאָווקע אף די מידע אַקסל און דעם שוואַרץ־געפאַרבטן געציַיג־קעסטל פון א מאַשיניסט אין דער האַנט. אפן קאָפּ — דאָס וואַרעמע ווינטערדיקע היטל מיט די אף הינטן פאַרבונדענע קלאַפּן, וואָס ער פלעגט טראָגן אין וועג סיַי ווינטער, סיַי זומער: עס איז שוין געווען ווי אויסגעשמאַלצן פון איין שטיק גרוי־טונקעלן טשוהון צוזאַמען מיט זיַין קאָפּ, מיט זיַין פּאָנעם און מיט זיַין צעקנייטשטן האַלדז. ער האָט זיך גראָד אומגעקערט פון איינעם א מאַרשרוט, אונטערוועגנס אהיים האָט ער זיך אויך פאַרהאַלטן דאָ אף א רעגע. ס׳האָט געמאַכט דעם איַינדרוק, אז ער איז ניט אַזוי אויסן געווען זיך צו דערוויסן, וואָס מע שריַיבט אין די מעלדונגען, ווי הערן, וואָס ריידן מענטשן, וויאַזוי נעמען זיי אוף די ניַיע גזיירעס. דעם פורמאַנס בליק האָט זיך באַגעגנט מיט זיַינעם. דער אויסדרוק פון רודאָוויטשעס אויגן האָט אים באַשטעטיקט, אז עס איז, ליידער, אַלץ אַן עמעס, וואָס מע זאָגט.

אַריבערגעפירט דאַן זיַין בליק צו יוליא סערגייעווגא — צו דער פרוי אין דעם ליַיכטן, געלן רעגן־מאַנטל, וועלכע האָט אים אויסגעזען צו זיַין קענטלעך, האָט ער אויך אין אירע אויגן דערזען טרויער און צעטראַגנקיַיט. ער האָט זיך אָנגעכמורעט. פאַר קאָס א קריץ געטאָן מיט די ציין:

— נו, און דערנאָך? דערנאָך וואָס?

— דערנאָך? דערנאָך וועט מען זיי דאַרטן פאַרשפּאַרן, ווי אין טורמע, און ניט צולאָזן צו זיי ניט קיין עסן און ניט קיין טרינקען, כאָטש שטאַרב.

דעם פורמאַן האָט זיך עס עפּעס ניט געלייגט אפן סייכל. עס איז אים אַלץ אויסגעקומען צו אומגעלומפּערט און ווילד. עס האָט זיך אים געדוכט, אז מע טריַיבט פון אים לעצאָנעס. האָט ער געפּרוווט א שמייכל טאָן, העפקערדיק א מאַך געבנדיק מיט דער האַנט:

— גיי שוין, גיי. קאָנסט עס גיין דערציילן דער באָבען דיַינער, ניט מיר... וויבאַלד עס איז אַזוי, ווי דו זאָגסט, איז וועלכער נאַר וועט זיך רוקן אהין? — עס איז אים געווען קנאַפּ, וואָס ער אַליין איז, לויט זיַין מיינונג, געגאַנגען מיט א דערעך, האָט ער זיך נאָך געווענדט צו א צווייטן, עפּעס א יונגנמאַנטשיק אין א קאַפּעליוש, מיט אַן אופגעשטעלט קעלנערל און אים א קיצל געטאָן מיטן גראָבן פינגער דעם בויך. — ניט עמעס זאָג איך, האַ?

דער יונגערמאַנטשיק האָט אים גאָרנישט ניט געענטפערט. ער איז געשטאַנען, ווי א פּאַסיווער באַאָבאַכטער פון דעם אַלעמען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. געזאָגט האָט דאָס מיידל:

— וועסט בעמיילע גיין, אז מע וועט הייסן. פאַלגסטו ניט, וועט מען דיך שיסן...

דער פורמאַן האָט שווער, ווי א הליבע, זיך ווידער א וויג געטאָן פון זיַיט אין זיַיט, אונטערגעהויבן די הויזן, א דריי געטאָן דערביַי מיט די אַקסלען, ווי פאַרן וואַרפן זיך שלאָגן:

— אַזוי גאָר?! און מיַין בראָגיען וועל איך אהינצו ניט לאָזן... זי וועט ניט גיין, און האָדיע! וואָס וועט מען אונדז טאָן? זאָל מען נאָר פּרוּוון קומען נאָך איר, וועל איך די העלדזער איבערהריזען. א בראָך זיי אינעם לעבער...

אַליין ניט ווּיסנדיק, צוליב וואָס ער טוט עס, האָט דער פורמאַן אַרויסגעשלעפּט פון הינטערן רימען די ברעזענטענע העגטשקעס און זיי אָנגעטאָן, פעסט אָנגערוקט פריִער אף איין האַנט און נאָכדעם אף דער צווייטער, אַריַינגענומען דאָס ביַיטש־שטעקל אין דער האַנט און זיך געלאָזט גיין צו דער פור מיט א שווערן אַנטשלאָסענעם טראָט.

ניט דערגאַנגען אָבער צום פערד־און־וואָגן, האָט ער זיך אומגעקערט. ווי א בער, מיט ברייט צענומענע עלנבויגנס, צעשפּאַרט דעם אוילעם און א זאָג געטאָן:

— אַנו, לאָזט מיך אָקאַרשט...

אַלע האָבן באַלד דערפילט, אז דער מענטש וויל דאָ טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס מע טאָר ניט, און מע האָט זיך גענומען צעגיין ווער־ווּהין. אַנדריי רודאָוויטש האָט אים נאָך באַוויזן א ווונק געבן: „טשעפּע ניט. כאַפּט זיי דער בראָך מיט זייערע שריַיבעכצן. זעסט דען ניט, אז דיַיטשן גייען?״ ס׳איז אָבער שוין געווען צו שפּעט. יענער האָט קיינעם ניט געפאָלגט. ער האָט די מעלדונג אַראָפּגעריסן.

ער האָט נאָך אָבער ניט באַוויזן דערגיין צוריק צו דער פור, ווי דאָס פּאַרשווינדל אינעם קאַפּעליושל האָט אים געהייסן בלײַבן שטיין. דער פורמאַן האָט אַרײַנגענומען די לייצעס אין די הענט, אָנגעטריבן דאָס פערד, גרייט אַרופצוכאַפּן זיך אויפן וואָגן. נאָר דאָס פאַרשווינדל האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און געפּרוווט פאַרהאַלטן. ווען דער פורמאַן האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך, האָט זיך באַ יענעם אין די הענט באַוויזן אַ פּיסטאָלעטל. דער פורמאַן, איצט שוין אינגאַנצן אַ ניכטערער, האָט אים אַרויסגעקלאַפּט פון די הענט דאָס שטיקל געווער, זיך אַרופגעכאַפּט אויף דער פור, און געלאָזט זיך פאָרויס.

צוהילף דעם שמעקער זײַנען געקומען דײַטשן. עס איז געוואָרן אַ געיעג נאָכן פורמאַן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסערײַ.

פאַמעלעך האָט זיך גענומען אָפּטראָגן אויך אַנדריי רודאָוויטש. ער איז געגאַנגען און זיך צוגעהערט, ווי עס טראַסקעט די פור, ווי עס הילכט די שיסערײַ פון ביקסן.

דאָס געיעג נאָכן פורמאַן האָט אַזוי אויפגערעגט רודאָוויטשן, אַז עס האָבן אים געציטערט די באַקנביינער, ווי אין פיבער, אויפן דאָרן אויסגעשמירטן מיט בוימל און מאַזוט פּנים איז אויפגעשוואָלן געוואָרן מוסקול נאָך מוסקול. ס'איז אים שווער אָנגעקומען צו האַלטן זיך אין די הענט.

4

רודאָוויטש האָט זיך געלאָזט גיין מיט זײַטיקע גאַסן, קעדיי וואָס ווייניקער צו באַגעגענען זיך מיט דײַטשן. דאָך, יעדער שפּאַן, וואָס ער האָט געמאַכט, יעדע זאַך, וואָס ער האָט געזען, האָט אים סײַוויסײַ דערמאָנט אָן זיי. אָט איז ער אַרויס צום סקווער, וווּ מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אַ דײַטשישער מיליטערישער טייל און אַלץ דאָ פאַרפּאַסקודיעט, דעם פּלויט, — אומגעוואָרפן, די ביימער — אַרומגעפּליקט. אָט האָט ער דערזען דעם פּלומפּ, וואָס זיי האָבן צעבראָכן, — דאָס וואַסער האָט איצט אָן אויפהער געפּלייצט און פאַרגאָסן אַ שטיק פון דער גאַס אַזוי, אַז מע האָט ניט געקאָנט דורכגיין. און די פײַנטשאַפט צו די, וואָס זײַנען שולדיק געווען אין דעם חורבן אַרום, איז אין אים אַלץ מער און מער געשטיגן און ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל אומגעקערט אים צו די ראַיוינעס וועגן דעם פורמאַן, צו דעם געדאַנק וועגן דעם, ווי טײַער קאָן יענער באַצאָלן פאַר דער נאַרישקײַט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן.

ניין, ער, אַנדריי, וועט ניט האַנדלען אַזוי אומבאַטראַכט, ער וועט זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון כּעס, ווי אָט דער פורמאַן...

וויפל מאָל פאַרגלוסט זיך אים, ווען ער פירט אַ צוג מיט דײַטשן און אים אָנטקעגן טראָגט זיך דאָס היימלאַנד זײַנס אַ צעפּאַסקוועטס, אין בלוט פון קאָרבאָנעס, אין העלישן פײַער פון סרייפעס, מיט קוואָרים אויף אַלע וועגן און אומוועגן, — וויפל מאָל פאַרגלוסט זיך אים, ווען ס'האַרץ ווערט אים צעשפּאַרט פאַר ווייטעק און צאַרן, אויפרײַסן צו אַלדי רוכעס דעם קעסל פונעם לאָקאָמאָטיוו, אָדער אינעם פולן גאַנג זיך אַרײַנשנײַדן אין אַ צוג, וואָס שטייט אים אין וועג, אומקומען אַליין און אומברענגען אַלץ, וואָס ער פירט. נאָר אַפילע אַזוינס טוט מען דען אויף אייגענע אַכרײַעס? עס דאַרף דאָך זײַן אַ קאַמף פון מיליאָנען, אַניט וועט עס דען האָבן אַ באַטרעף?

ווייסט דען ווער, וויאַזוי יעדעס מאָל צאַפּט זיך אים, דעם מאַשיניסט רודאָוויטש, אויף דאָס בלוט, בייס ער דאַרף זיך אָנהייבן קלײַבן אין וועג אַרײַן? און וואָס ער לעבט איבער, ווען ער דאַרף זיך נאָכדעם אומקערן צוריק אַהיים? און פונדעסטוועגן, וואָס מער ער ברענט אין זיך, אַלץ רויִקער מיט ער זיך אין דער היים, ער גראַבט זיך אינעם גאָרטן, ער האַקט האָלץ, שלעפּט וואַסער, קלוימערשט אויסער דער אַרבעט אַרום שטוב און אַרום דער באַלעבאַטישקייט גייט אים גאָר קלאַל קיין זאַך ניט אָן. ער איז שטיל, וואָס שטילער קאָן ניט זײַן, ווי אַ שטיל וואַסער. נאָר ער קוקט זיך צו צו די מענטשן, מיט וועלכע ער אַרבעט. ער זוכט. און אים דוכט זיך, אַז ער איז געפאַלן אויף אַ שפּור. ער האָט געפונען.

רודאָוויטש קוקט זיך אַרום, ווי אַ מענטש, וואָס האָט מוירע, אַז מע זאָל פון אים ניט דערגיין עפּעס אַ סאָד.

אַנומלטן האָט ער צופעליק געהאַט אַ באַגעגעניש אויף דער ליניע מיטן שעף פון דעפּאָ, מיט מאַלצעוון, זײַנעם אַן אַלטן גוטנברודער, מיט וועמען ער האָט אָפּגעאַרבעט צוזאַמען צענדליקער יאָרן.

זיי האָבן קימאַט וועגן קיין זאַך ניט גערעדט צווישן זיך. צו וואָס ריידן? זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען אויפן ווונק. אָט די קורצע באַגעגעניש האָט רודאָוויטשן זייער דערפרייט.

ער האָט זיך ערשט געהאַט אומגעקערט פון א מאַרשרוט. צוגעפאָרן מיטן הייסן פעכקעדיקן לאָקאָמאָטיוו צו דער דעפאָ און אַראָפּ פונעם טרעפל, איז ער זיך געשטאַנען, ווי שטענדיק, ווען ער קערט זיך אום פון וועג, א פינצטערער און בייזער און האָט געווישט די הענט מיט א הויפן פאַקליע. פון דעפאָ איז אַרויס מאַלצעוו.

געווען איז עס אָוונט־צו. שאָטן און ליכט האָבן זיך איבערגעמישט אַזוי, אַז עס איז שווער געווען צו דערגיין, ווו עס הייבט זיך אָן דער אָוונט און ווו עס ענדיקט זיך דער טאָג. ערגעץ נאָענט, הינטער דער דעפאָ, האָבן געפּויקט אָן אופהער פנעוומאַטישע האַמערס, און פונעם דריבנע קלאַפּן האָבן געציטערט די ערד, די ווענט פון דעפאָ, די שויבן. דורך די הויכע, פאַרויכערטע פענצטער פון דעפאָ האָט קעסיידער געבליצט; א שווייס־אַפּאַראַט האָט בלוילעך־העל באַלויכטן מיט בלענדנדיקע פלאַמען סײַ די רויטע ציגלנע ווענט, סײַ די האַלב־צעבראָכענע וואַגאָנעס, וואָס זײַנען געשטאַנען דערבײַ און געוואַרט אויף רעמאָנט.

— נו, וואָס? — האָט מאַלצעוו געפרעגט, זיך פאַרהאַלטנדיק לעבן רודאָוויטשן אויף א רעגע.

— גאָרנישט, — האָט ער אומגערן א מאַך געטאָן, ווי איינער, וועמען דאָס לעבן האָט שוין אַזוי דערעסן, אַז אים איז שוין קיין זאַך ניט ניכע.

— מע אַרבעט, הייסט עס?

— מע אַרבעט מיט די זײַטן.

עס איז פאַרבײַגעגאַנגען א לאָקאָמאָטיוו און האָט זיי ביידן אײַנגעהילט אין קנוילן דאַמף. און אין דער מינוט, ווען דער מילך־ווײַסער וואָלקן האָט זיי פאַרשטעלט איינער פון דעם אַנדערן, האָט ער דערפילט בײַ זיך אויפן אַקסל מאַלצעווס האַנט, דערהערט, ווי יענער האָט אים צוטרוילעך א זאָג געגעבן:

— אַרבעט, אַרבעט, ברודערקע. אַזוי דאַרף מען.

ווען דער דאַמף האָט זיך צעזייט, איז שוין מאַלצעוו לעבן אים ניט געווען. א קליינוווקסיקער און געלאַסענער, האָט ער ווידער ערגעץ געשפּאַנט מיט דער ליניע אין זײַן טונקעלן רעגן־מאַנטל, מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן, ווי ער וואָלט רודאָוויטשן גאָרנישט ניט געהאַט געזאָגט. איבער זײַן קאָפּ האָט געלויכטן א שורע נאָרוואָס אָנגעצונדענע עלעקטרישע לאָמפּן. עס האָט זיי געוויגט דער ווינט. זייער באַוועגלעכע און אומזיכערע שײַן האָט אים אָט אַרויסגעכאַפּט פון דער צוגעפאַלענער טונקלעניש, אָט ווידער געלאָזט פאַרלאָרן גיין אין דער פינצטערניש פונעם אָוונט. פון דער באַגעגעניש איז בײַ רודאָוויטשן געבליבן אן אײַנדרוק, אַז מאַלצעוו האָט אים עפּעס ניט דערזאָגט און אַז ער מוז אומבאַדינגט ווידעראַמאָל מיט אים זיך טרעפן.

איצט, נאָך דער געשיכטע מיטן פורמאַן, האָט זיך אין אים דער ווילן צו זען זיך אויג אויף אויג מיט מאַלצעוון נאָך מער פאַרשטאַרקט. ער האָט אַלץ געטראַכט וועגן דעם, וויאַזוי מע פירט עס אויס. און מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז ער, א מידער פון גיין צופוס פון דער סטאַנציע, — פון איין עק שטאָט אין דעם אַנדערן, — אַרײַנגעקומען צו זיך אין שטוב.

מיד און צעבראָכן פון דעם מעסלעס צײַט זײַן אויף די פיס, האָט ער געבענקט נאָך א מינוט רו, ווי עס קאָן נאָר בענקען א מענטש, ווען די אַרבעט, וואָס ער טוט, איז אים שטאַרק ניט צום האַרצן. קוים איז ער אָבער אַריבערגעטראָטן די שוועל און האָט דערזען, ווי גאַליע, די טאָכטער זײַנע, א מיידל פון א יאָר צוואַנציק, וואָשט דעם דיל, שטאַרק פלײַסיק און געטרײַ, האָט זיך אין אים אופגעהויבן אן ערגערניש און ער האָט זיך אָנגעכמורעט.

ער האָט שווײַגנדיק אוועקגעשטעלט זײַן קעסטל אויפן באַשטימטן אָרט און אָנגעהויבן אַראָפּציִען פון זיך די באַדעקטע מיט פעטע פלעקן און אויסגעשמירטע אין מאַזוט וואַטאָווקע.

— און ווו איז די מאַמע? — האָט ער געפרעגט שטיל, נאָר נאָך זײַן קאָל האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז ער איז עפּעס אופגערייצט.

— זי וועט באַלד אַרײַן.

ער האָט אָנגעגאָסן וואַסער אין האַנטפאַס, געוואָלט נעמען דעם האַנטעך, נאָר ניט געפונען אים אויף זײַן אָרט. די ערגערניש, וואָס האָט געזויגן באַם האַרצן, איז אַלץ געשטיגן.

ער איז באַפאַלן די טאָכטער:

— וואָס האָסטו מיטאַמאָל גענומען פּוצן די שטוב? ס׳איז עפּעס א יאָמטעוו בײַ דיר?

שטייענדיק אָנגעבויגן מיט דער שמאַטע אין דער האַנט, האָט ס׳מיידל אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים און מיטן אָרעם פאַרשאַרט די האָר, וואָס זײַנען איר אַראָפּגעפאַלן איבער די אויגן.

— זע נאָר, — האָט זי געזאָגט, — מע טאָר גאָרניט צוראַמען א ביסל. ס׳איז דאָך שוין א ביזויען פאַר מענטשן.

— ס׳וועט ניט געפעלן דײַנע קאַוואַלערן, מעגן זיי ניט גיין. — און ער האָט שטיל צוגעגעבן, ווי פאַר זיך. — לאָמיר כאָטש אין שטוב ניט דאַרפן זיך פאַרשטעלן. ס׳ליגט מיר ניט אין קאָפּ די ריינקײַט דײַנע...

גאליע האָט געשוויגן. פון טאָמיד אָן האָט זי געוווסט, אַז ווען דער פֿאָטער איז אין קאַס, איז דאָס בעסטע גאָרניט ענטפֿערן אים. האָט זי אויך איצט אָנגעווענדט דאָס אויסגעפּרוּווטע מיטל און ווידער שטיל זיך גענומען טאָן אירס.

בייז און אומגעדולדיק האָט דער פֿאָטער געקלאַפּט מיטן צינגל פֿון האַנטפּאַס, דערנאָך גענומען זיך אויסווישן. שטייענדיק האַלב אויסגעטאָן אין דער אָפֿענער טיר פֿון דער קיך, האָט ער געפֿרעגט:

— און וווּ איז קאַליע? אין שול דאַרף מען ניט גיין, וואַקסט עס ווי אין וואַלד.

— ער לויפֿט ערגעץ אום מיט מישקען.

— וווּ?

— ווער ווייסט אים?

— און וואָס ווייסטו יאָ?

דאָס מיידל האָט פֿאַמעלעך באַטראַכט דעם פֿאָטער:

— נו, פּאַפּינקע, עפּעס אַ מין מאָדנער דו ביסט היַינט. ס'איז דיר, מיסטאָמע, אַנגעזאָליעט אויפֿן האַרצן, ווילסטו עס צו מיר אויסלאָזן.

— און דיר איז ניט אָנגעזאָליעט אויפֿן האַרצן? ס'איז דיר גוט? דיַין טאַטע אַרבעט פֿאַר די הינט, פֿירט זיי געווער צום פֿראָנט...

די גאַנצע ציַיט איז ער שוין געווען צערודערט און בייז. ווען די מוטער איז געקומען, קאַליע האָט זיך אָפּגעזוכט און מע האָט זיך געזעצט עסן וואַרמעס, איז שוין אויך קיין רו ניט געווען. מע האָט געזען, אַז דעם מענטשן גייט ניט איַין דאָס לעבן און קיינער האָט ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורייד.

## קאַפּיטל פֿינף

### I

אין דער נאַכט פֿונעם בייזן שלאַקסרעגן, ווען אַ קליינעם טייל פֿון די ייִדן האָט זיך איַינגעגעבן צו ראַטעווען, איז פֿונעם לאַגער אויך אַנטלאָפֿן אַשער מאַרגוליס מיטן באָכערל, דעם רעמעסלעניק, וועלכער האָט איבער אים אַריַינגעכאַפּט קלעפּ פֿונעם דיַיטש; מאַרגוליס האָט זיך פֿון דאַן אָן צוגעבונדן צו אים, ווי צו אַ ליַיבלעך ייִנגער ברודערל; צוזאַמען האָבן זיי געגעסן דאָס, וואָס די אומבאַקאַנטע פֿרוי האָט איבערגעלאָזן, צוזאַמען געהונגערט, ווען עס איז ניט געווען וואָס צו עסן, און צוזאַמען באַשלאָסן זיך לאָזן צום פֿראָנט, ווי נאָר עס וועט זיַין אַ מעגלעכקיַיט דערצו.

ס'איז געווען אַ שטאַרק פֿינצטערע נאַכט. דער רעגן האָט פֿאַרגאָסן די אויגן און מע האָט גאָרניט געזען פֿאַר זיך. באַזונדערס שווער איז געווען מאַרגוליסן, וועלכער האָט אָן ברילן געטאַפּט, ווי אַ בלינדער, דעם וועג אין דער פֿינצטער, האָט יעדעס מאָל אָן עפּעס אַנדערס זיך פֿאַרטשעפּעט, שיִער ניט געפֿאַלן. ווען דערביַי זאָל ניט געווען זיַין דאָס ייִנגל, וואָס האָט אים ערטערוויַיז פֿאַשעט געפֿירט פֿאַר דער האַנט, וואָלט אים געווען גאָר ביטער.

מינוטנוויַיז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די ערד שטעלט זיך דיבאָם און זיי וועלן אונטער דעם געהילך פֿון דונערן באַגראָבן ווערן צווישן אירע הליבעס. יעדעס מאָל, ווען אַ בליץ פֿלעגט באַלויכטן אַלץ אַרום, די פֿעלדער, די פֿינענדיקע ריטשקעס אונטער די פֿיס, פֿלעגן זיי זיך ביידע צוזעצן צו דער ערד אויס מוירע, מע זאָל זיי ניט דערזען. עס האָט זיך זיי געדוכט, אַז אייביק וועלן זיי שוין אַזוי זיך אויסגליטשן און פֿאַלן, און אייביק וועט שוין אַזוי גיסן, דונערן און בליצן.

ווען פֿאַר זייערע אויגן איז אויסגעוואַקסן אַ טויער פֿון עפּעס אַ הויף, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זיַיט פֿונעם וועג, איז עס זיי אויסגעקומען, ווי דער סכאַר פֿאַר אַלע זייערע ביז איצטערדיקע אָפּקומענישן. געהיט, ניט אופֿצוּוועקן, כאַלילע, קיין הונט, האָבן זיי זיך אַריַינגעכאַפּט אַהין.

זיי זיַינען געווען נאַס, דורכגעווייקט, קיין טרוקענער פֿאָדעם איז אויף זיי ניט געווען. און כאָטש אין דרויסן איז ניט געווען קאַלט, האָט מיט זיי געטרייסלט.

דערזען אַ שטאַל, האָבן זיי זיך אַריַינגעשטעלט אינווייניק. אויבן, אויף די דראַבינעס, איז געלעגן פֿריש היי. אַרופֿקלעטערן אין דער הייך האָט קיין קויעך ניט געקלעקט. איינער דעם אַנדערן האָט געמוזט אונטערהעלפֿן. ענדלעך, האָבן זיי זיך פֿאַרקליבן אין דער הייך, זיך איַינגעגעניורעט אינעם היי. דאָס געפֿיל, אַז זיי זיַינען פֿאָטער געוואָרן פֿונעם לאַגער, אַז זיי וועלן זיך קאָנען לאָזן גיין צום פֿראָנט, — דאָס דאָזיקע געפֿיל האָט דערמונטערט און נייַע קויכעס צוגעגעבן. שלאָפֿן, שלאָפֿן האָבן זיי איצט געמוזט, כאָטש אַ קורצן דרעמל כאַפּן, קעדיי צו האָבן קויכעס גיין וויַיטער.

אליק איז באלד אײַנגעשלאָפֿן, און מארגוליסן איז אויסגעקומען, ווי שווער עס איז אים ניט געוועזן דאָס צו טאָן, עטלעכע מאָל אים אופֿוועקן, אז ער זאָל אזוי ניט שנאָרכן. ער אליין איז לאַנג ניט אנשלאָפֿן געוואָרן. א היפּשע צײַט איז ער נאָך געלעגן מיט אָפֿענע אויגן און דער פֿינצטערניש, זיך צוגעהערט, ווי דער רעגן גייט אוועק אלץ שטילער און שטילער און פּויקט דריבנע אינעם דאַך, ווי אונטן, אין דער שטאַל, קרעכצן און זיפֿצן פֿון שלאָף די כאַזיירים, — און ער האָט געטראַכט וועגן דעם, צי זײַנען כאָטש אין דאַרף ניטאָ קיין דײַטשן. ווער קאָנען זײַן די באַלעבאַטים פֿון דעם הויף, וווּ זיי געפֿינען זיך, און וואָס, אשטייגער, וואָלטן זיי געטאָן, ווען זיי דערוויסן זיך, אז אין שטאַל בײַ זיי באַהאַלטן זיך אויס ייִדן?

ווען ער האָט זיך אופֿגעכאַפּט, איז געווען טאָג, אין שטאַל האָבן געכריוקעט די כאַזיירים. מע האָט געהערט, ווי אין הויף רופֿט עמעץ צונויף די הינער. אים איז געווען אומגעהייער שווער זיך אָנצושטויסן, וווּ ער געפֿינט זיך. אזוי סויסער זײַנען געווען די אַלע היימישע, פֿרידלעכע קלאַנגען, וואָס ער האָט געהערט, דער הארבער ווירקלעכקײַט. א נאָענטע שיסערײַ פֿון ביקסן האָט אים אומגעקערט צו דער בייזער וואָר. ער האָט א ציטער געגעבן און געוואָרפֿן א בליק אויף אליקן. יענער האָט גאָרנישט ניט געהערט. ער האָט זיך אזוי אײַנגעמאַסטעט אינעם היי, אז מע האָט נאָר ארויסגעזען דעם קאָפּ און די שמאָלע אַקסל. דער קאָלנער פֿון דעם טונקעלן קאָרטענעם העמדל מיט שפּורן פֿון צייכנס, וואָס ער האָט אויף דעם געטראָגן, בייס ער איז געגאַנגען אין דער פּאַכשול, איז געווען צעשפּיליעט. עס האָט ארויסגעקוקט א דארער, מאָגערער האַלדז, ווי בײַ א הענדל. ס'איז געווען א שאָד אים צו וועקן. און מארגוליס האָט ארויסגעקוקט אינעם כמורנעם דרויסן.

עס האָט אלץ געמראַקעט א רעגנדל. אפֿן רוף פֿון דער באַלעבאָסטע זײַנען איבערן הויף געלאָפֿן די הינער. זיי זײַנען אויך געווען פּיטש נאַס. אינעם נעפּל פֿונעם זיפּנדיקן רעגנדל, ווי אין מילך, האָט זיך אוועקגעצויגן א ריי טעלעגראַף־סלופּעס, אויף וועלכע עס זײַנען געזעסן קראָען. ס'האָט זיך געזען א פּלאַץ, א פּאַרוואַלגערטער מיט אַלטע, צעבראָכענע אויטאָמאָבילן און טראַק־טאָרן, מיט בענזין־ציסטערנעס. איבער דעכער און דעכלעך האָט ארויסגעקוקט א שפּיץ פֿון א ווײַט קלויסטערל.

א נאָענטער פֿײַף פֿון לאָקאָמאָטיוון האָט מארגוליסן איבעראַשט ניט ווייניקער, ווי די שיסערײַ, וואָס האָט זיך באַנײַס אמאָל איבערגעכאַזערט. ער האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וווּ זיי געפֿינען זיך. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אז ס'איז גאָר נאָענט צו עפּעס א גרויסער אײַזנבאַן־סטאַנציע. און ס'האָט אים א טיאָכקע געטאָן דאָס האַרץ: שוין זשע האָבן זיי זיך געדרייט די גאַנצע נאַכט ארום דער שטאָט?

מארגוליס האָט אופֿגעוועקט דאָס באָכערל:

— אליק, קאָנסט ניט זאָגן, וווּ מיר געפֿינען זיך? מע שיסט דאָ ערגעץ גאָר נאָענט.

אליק האָט געשמאַק געגענעצט, ס'האָט זיך אים געוואָלט שלאָפֿן. מארגוליס האָט ניט געלאָזט.

— לאָמיר זיך אָפּטראָגן פֿונדאַנען, קאַלזמאַן ס'איז נאָך ניט שפּעט.

זיי האָבן גענומען אראָפּקריכן פֿון די דראַבינעס.

ארויסגיין פֿון שטאַל האָבן זיי אָבער שוין ניט באַוויזן. עס האָט זיי דערזען דער באַלעבאָס, וועלכער איז אריין מיט עסן פֿאַר די כאַזיירים. קיין באַזונדערס גרויסן רוישעם האָבן די צוויי פֿרעמדע מענטשן אויף אים ניט געמאַכט. ער האָט זיך בלויז אָנגעכמורעט א ביסל און דאָס פּאָנעם זײַנס איז געוואָרן נאָך מער פֿאַרזאָרגט. ער האָט קורץ געפֿרעגט:

— פֿונעם לאַגער אנטלאָפֿן?

לייקענען האָט ניט געהאַט קיין זין.

דער באַלעבאָס האָט זיך אָפּגערופֿן:

— איר הערט די שיסערײַ? דאָס רעכנט מען זיך אויף אזוי מיט אײַערע דערפֿאַר, וואָס איר זײַט אנטלאָפֿן.

מארגוליס מיט אליקן האָבן זיך איבערגעקוקט און גאָרנישט ניט געענטפֿערט.

די כאַזיירים, וועלכע האָבן דערשמעקט דאָס עסן, האָבן זיך א וואָרף געטאָן מיט א געפֿילדער דעם באַלעבאָס אנטקעגן. שרײַענדיק אויף זיי און אָפּטרײַבנדיק פֿון זיך, האָט ער זיך א ביסל פֿאַר־האַלטן באַם ארײַנגיסן דאָס עסן אין קאָרעטע. נאָר אָט האָט ער זיך אומגעקערט און געפֿרעגט די אנטלאָפֿענע:

— וואָס זשע טראַכט איר ווײַטער צו טאָן? לאַנג זיצן אין שטאַל איז דאָך אויך קיין טאַלק ניט. פֿאַקט מען אײַך דאָ, וועט זײַן אז אָך און ווי צו אײַך און צו מיר אויך.

— מיר וועלן באַלד אוועק...

— וווּהין?

— צום פֿראָנט...

דער באַלעבאָס איז אוועק אין שטוב און האָט זיי געבראַכט איבערצובײַסן. די גאַנצע צײַט, וואָס זיי האָבן געגעסן, איז ער געזעסן אַף די ברעטער און גערעדט מיט זיי. ער האָט אויסגעפרעגט, צי זיי זײַנען היגע, אָדער ניין. דערהערט, אַז בײַ איינעם איז די מישפּאָכע איבערגעבליבן אין ביאַליסטאָק און באַם אַנדערן זײַנען סטאַם אַלע נעלעם געוואָרן, האָט ער זיי פאַרגעלייגט ווידער אַרופקלעטערן אַף די דראַבינעס און דורכליגן דעם טאָג אינעם היי.

— איך ווייס ניט, — האָט ער געזאָגט, — צי וועט זיך אײַך אײַנגעבן דערקלײַבן צו אונדזערע. נאָר ווילט איר פּרוּוון, דאַרף מען גיין נאָר באַנאַכט. באַטאָג וועט איר ניט דורכגיין. ליגט שטיל. מע זאָל זיך כאָטש ניט דערוויסן, אַז איר באַהאַלט זיך דאָ אויס.

דערכאַפּגעוו האָט ער דערציילט, אַז עטלעכע כאַווײרים זײַנען, אַרבעטער פון עמטעס, זײַ־נען די טעג אויך אוועק אַף מיזרעך. עפּשער וועט זיך זיי אײַנגעבן דורכרײַסן זיך.

פאַרנאַכט, איידער זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג, האָט ער זיי אַרײַנגערופן אין שטוב. מע האָט זיי ווידעראַמאָל אָנגעקאָרמעט. פֿײַער האָט מען מוירע געהאַט אָנצוצינדן, האָבן זיי געגעסן אין דער פינצטער. באַדינט האָט זיי די באַלעבאָסטע. כאָטש איר איז אין שטוב געווען אַן אַלטיטשקע. זי איז געזעסן אַ פאַרומערטע אַפן ברעג בעט און געשוויגן. די קינדער האָט מען ניט געזען און ניט געהערט.

באַוויזן די אַנטלאָפענע דעם וועג, האָט דער באַלעבאָס אומגעקערט זיך אַהיים.

מאַרגוליס מיט אַליקן זײַנען פאַרשוווּנדן אין דער נאַכט.

2

אין אַ טאָג צען—עלף אַרום נאָך דעם, ווי מאַרגוליס מיט אַליקן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַף מיזרעך, אין אַ שפּעטער שאָ, ווען ס'איז שוין פאַרבאָטן געווען צו גיין אין גאַס, האָט זיך דורך קאָמאַראָווקע אַרײַנגעשלײַכט אין שטאָט אַ מענטש, וואָס האָט זיך פאַר מידקײַט קוים געהאַלטן אַף די פיס. אויסמײַדנדיק די ערטער, ווו מע האָט געזען אומגיין פּאַטרולן, האַלטנדיק זיך אין שאָטנס פון די כורוועס, ווו מע האָט געקאָנט אין אַ נויט־פאַל זיך אויסבאַהאַלטן, האָט דער מענטש פּאַמעלעך און געהיט זיך דערקליבן צום טײַך, לעבן דער עלעקטראָסטאַנציע. די בריק איז אָבער געווען אופגעריסן, זיך אַריבערכאַפּן אַף דער צווייטער זײַט איז דעריבער געווען אומעגלעך. איז דער יונגערמאַן אַ רעגע שטיין געבליבן אין פאַרלעגנהײַט. ס'איז אָבער ניט געווען קיין צײַט צו שטיין און טראַכטן, האָט ער זיך ווידער געלאָזט גיין און איז סאָפּקאָלסאָף אַריבער דעם טײַך אין אַן אַנדער אָרט, מיט אַ בריק, וואָס איז געבליבן גאַנץ, און איז אַרויס צו דער קאָמוניסטישער גאַס.

ס'איז געווען מאַרגוליס.

ווו איז ער געווען אין מעשעך פון די אַלע טעג? ווו האָט ער איבערגעלאָזט דאָס באָכעריל, וואָס איז מיט אים געגאַנגען? ס'איז איצט ניט געווען, ווער עס זאָל אים פרעגן. איינס איז געווען קלאָר, אַז ניט פאַר גרויס נאַכעס האָט ער זיך אומגעקערט. וועגן דעם האָט איידעס געזאָגט סײַ זײַן פּאָנעם, סײַ זײַן גאַנצער הילעך. די באַקן — אײַנגעפאַלן, די בעגאָדים פון וואַלגערן זיך אַף דער ערד — צעקנייטשט און אויסגעשמירט, די שיך צעריסן. עס האָט זיך געפילט, אַז דער מענטש איז אויסגעשעפּט ביז לעצט און טאָמער וועט ער ניט געפינען די שטוב, וואָס ער זוכט, וועט ער אומפאַלן.

אַרום און אַרום איז אַלץ געווען אַזוי רויִנירט, אַז מע האָט דאָס אָרט ניט געקאָנט דער־קענען, — ניט קיין הויפן, ניט קיין גאַסן. עס האָבן בלויז געשטאַרצט אַרומגעסמאַליעטע און אײַנגעפאַלענע ווענט, קוימענס און אַ שיר, בערג ציגל און שטיינער.

ווען ער האָט פונדעסטוועגן געפונען דאָס שטיבל, וואָס ער האָט געזוכט, איז אים אַליין געווען אַ כידעש, וויאַזוי האָט זיך פון דעם גאַנצן גרויסן שטאַרק פאַרבויטן הויף, ווו עס האָבן געוווינט די וואָלפסאָנס, פאַרהיט גראַד זייער כורוועלע, אַן אויסגעקרימט און לאָם הילצערן שטיבל, האַלב אַרײַנגעוואַקסן אין דער ערד, מיט אַ פאַרלאַטעטן דאַך, אַף וועלכן ס'זײַנען געווען אָנגעלייגט ציגל, דער ווינט זאָל ניט אָפּרײַסן דאָס בלעך. עפּעס אָנגעבראָכנס האָט אַ ווייע געטאָן אַף אים פונעם פאַרלאָזטן שטיבל, אָוולדיקס פונעם גרינעם באַרג מיטן נידעריקן, אָנגעבויגענעם פּלויטל, וואָס האָט געהאַלטן באַם אײַנפאַלן. אַ מאַרעשכוירע איז געלעגן אַף די צעבראָכענע און אָפּגעפליקטע ביימער אַף יענער זײַט פלויט. אין די טיפע שאָטנס פונעם זון־פאַרגאַנג האָט זיך צווישן זייערע שטאַמען געזען אַ האַלב־אײַנגעפאַלן, ווײַס מויערל.

לאַנגע יאָרן האָט ער זיך מיט וואָלפסאָנען ניט געזען. אין יענעם אָוונט, ווען וואָלפסאָן האָט אים צופעליק באַגעגנט אין גאַס און אים, זײַנעם אַ בען־איר, פאַרבעטן צו זיך, און אויך די איבער־ריקע עטלעכע מאָל, וואָס ער איז בײַ אים געווען, האָט דאָרט, אינעם סעדל, ווו עס האָט זיך געפונען עפּעס אַ רעסטאָראַנדל אָדער אַ קלוב מיט אַן אָפענעם זומערדיקן טאַנץ־פּלאַץ, אַן אופהער

געשפּילט מוזיק, און סײַ דאָס סעדל, סײַ דאָס מויערל זײַנען געווען העל באַלויכטן מיט פֿאַרשיידן־פֿאַרביקע עלעקטרישע לעמפּלעך. מע האָט דעמלט געטרונקען טיי באַם אָפֿענעם פֿענצטער, און וועלכן עס האָט אַרײַנגעקוקט דער גרינער אַרויף־באַרג, אַ באַלויכטענער פֿון דער שײַן, וואָס איז געפֿאַלן פֿון שטוב, און אין די מינוטן, ווען דער אָרקעסטער האָט געשפּילט שטילער, האָט מען געהערט דאָס לאַכן פֿון פֿרויען און דאָס וויכע, ריטמישע שאַרן פֿון פֿיס אויפֿן טאַנץ־פּלאַץ.

איצט איז דאָרט געווען שטיל און וויסט, ווי אויף אַ בעסוילעם.

מאַרגוליס האָט אַ ריס געטאָן די טיר פֿונעם פּירהויז. פֿאַרשפּאַרט... טרעטנדיק איבער שטיקלעך גלאָז, האָט ער זיך דערקליבן צו דער וואַנט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום באַרג. די שויבן זײַנען געווען אויסגעזעצט, ער האָט אַ צי געטאָן אַ ראַם און גיכער דערפֿילט, איידער דערהערט, אַז אין שטוב רירט זיך עפּעס. ער איז געבליבן שטיין אָן אָנגעשפּיצטער און שטיל אַ פֿרעג געטאָן:

— ווער איז דאָ? האָט קיין מוירע ניט.

ס'האָט אים געענטפֿערט אַ שטיל, הינטיש געבייזער. דאָס האָט אים דערפֿרייט. דאָרטן, ווו ס'איז דאָ אַ הונט, קאָנען זײַן אויך מענטשן. און ער האָט אַרײַנגעקוקט אינווייניק. נאָר אינעם שטיבל איז געווען טונקל און פֿײַכט און ער האָט גאָרנישט ניט דערזען אויסער דעם, אַז סײַ אויפֿן בעט, סײַ אויפֿן טיש ליגן אָנגעוואַלגערט געפֿעס און קליידער.

ער האָט שוין געוואָלט אַרײַנקריכן אינעווייניק. נאָר קוים האָט ער אַריבערגעשטעלט אַ פֿוס אויף יענער זײַט, איז דאָס הינטישע געברום געשטיגן, און ער האָט דערזען, ווי פֿון אונטערן בעט קוקט אויף אים אַרויס אַ צעשטשירעטע מאָרדע. ער האָט אַ כאַפּ געגעבן דעם פֿוס צוריק, האָט זיך אָן עפּעס פֿאַרטשעפּעט און עס אומגעוואָרפֿן. דער הונט האָט זיך צעבילט מיט אַ קורצער און אָפּגעהאַקטער בילערײַ.

אַז אַ הונט איז דאָ, דאַרפֿן זײַן אויך מענטשן, — האָט מאַרגוליס ווידער אַ טראַכט געטאָן און האָט באַשלאָסן צוּוואַרטן, עפּשער איז דאָ פֿאַרט עמעצער פֿאַראַן, כּוץ דעם הונט. מעגלעך, אַז מען איז אוועק ערגעץ אויף אַ ווײַלע און מע וועט זיך באַלד אומקערן.

עס איז געוואָרן טונקעלער. אין דער הייך, אויפֿן באַרג, האָבן געראַוישט די ביימער. ערגעץ דערבײַ האָט זיך אָפּגעריסן אַ שטיק וואַנט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשיטן ציגל. אַרײַנגעקוקט אין שטוב, האָט מאַרגוליס געוואָלט אַרויסנאַרן דעם הונט, געפּרוּווט רופֿן אים, פֿײַפֿן צו אים. אומזיסט. דאָס האָט אַוועקגען האָט, עמעס, אופֿגעהערט, עס האָט זיך אָבער געפֿילט, אַז די בייזע כּײַע ליגט פֿאַרטײַעט אונטערן בעט און שפּירט נאָך זײַן יעדן ריר.

אָן אויסגעשעפּטער, אַ מידער, איז מאַרגוליס געבליבן שטיין, אָנגעשפּאַרט אינעם בײַשטידל פֿונעם פֿענצטער. אַ רעגע איז ער אַזוי געשטאַנען מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. נאָר אָט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, פֿונקט ווי ער וואָלט דאָ עפּעס געזוכט. אויף דער ערד, ניט ווײַט פֿון אים, האָט זיך געוואַלגערט אַן אײַזערנער פֿרענט. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אים אופֿגעהויבן, איז אַרײַנגעקראָכן אין שטוב און גענומען טרײַבן דעם הונט. יענער האָט זיך פֿאַרשלאָגן אונטערן בעט און ניט געוואָלט אַרויסגיין. מאַרגוליס האָט אים דאָך אַרויסגעטריבן אינעם פּירהויז און פֿאַרשפּאַרט די טיר. געבליבן איינער אַליין אין ביידע צימערן, האָט זיך אָשער אוועקגעזעצט אויפֿן בעט און זיך אַרומגעקוקט.

אַלץ איז דאָ געווען איבערגעלאָזן אויף הפֿקר — קליידער, וועש, געפֿעס. קיין גאַנאָווים זײַנען ניטאָ. קיינער דאַרף עס ניט. ווו זײַנען זיי דאָס איצט, די וואָלפֿסאָנס, — ער מיט זײַן קלוגיטשקן בליק, מיטן קוים־קוים איראָנישן שמייכל, גלײַך ער ווייסט עפּעס אַזוינס, וואָס אויסער אים ווייסט קיינער ניט, און זי, די פֿולע פּראָסטלעכע ראַהאַטשאָווער ייִדענע? אַ זון אַ לייטענאַנט האָט באַ זיי געדאַרפֿט ערגעץ זײַן אויף דער גרענעץ, לעבן בריסק, אַ טאָכטער — זיך געלערנט דאָ הי, אויפֿן יורידישן פֿאַקולטעט. ווו זײַנען זיי איצט אַליין און ווו — זייערע קינדער? קיינער איז ניטאָ, אויסער דעם הונט, וואָס קאָן דאָ אַזוי ליגן אין שטוב, ביז ער וועט ניט פּייגערן.

מאַרגוליס האָט זיך אופֿגעהויבן פֿונעם אָרט, זיך געלאָזט גיין איבער דער שטוב. אינעם קיך־טישל האָט ער געפֿונען סקאָרינקעס פֿון ברויט, אַ ביסל הינערשע שמאַלץ אין אַ גלאָז, איבערגעדעקט מיט אַ פּאַפּיר, און שטייענדיק זשעדנע עס אופֿגעגעסן. דערמיט האָט ער נאָר צערייצט דעם הונגער. דאָס האַלבע שאַכטל מיט זיסלעכער גערשטענער קאַווע האָט אויך ניט געלינדערט דעם הונגער. און ער האָט גענומען קײַען רויע אַרבעס.

וואָרפֿנדיק הויפֿנווײַז אַרבעס אין מויל, האָט ער זיך אויסגעטאָן און אָנגעצויגן אויף זיך פֿריש וועש. געפֿונען נאָך גאָר אַ גוטע פּאָר שיך אויף זײַן מאָס, האָט ער זײַנע טופֿליעס פֿאַרוואָרפֿן אונטערן טיש און די שיך אוועקגעשטעלט גרייט לעבן בעט, זיך אוועקגעלייגט, אײַנגעדעקט זיך מיט דער קאָלדרע. אין שטוב איז געווען קיל און פֿײַכט.

באַנאַכט האָט עפּעס אָנגעהויבן טומלען. זיך אופגעהויבן צו דערוויסן, וואָס דאָס באַטײַט, האָט ער אין פּירהויז דערהערט עמעצן זיך ארומדרייען. ווער האָט דאָרט געקאָנט ארומגיין, אויב ניט דער הונט? האָט ער זיך ווידער אוועקגעלייגט. עס האָט זיך אים אָבער באַלד אויסגעוויזן, אַז עמעצער גייט אום אפן בוידעם. נאָר ער איז שוין געווען אזוי מיד, אַז די געדאַנקען סײַ וועגן דעם הונט, סײַ וועגן די טריט אפן בוידעם זײַנען צום פאַרנעפּלטן מויעך ניט דערגאַנגען — און ער איז באַלד ווידער אײַנגעשלאָפן.

ער האָט קיין אָנונג ניט געהאַט, וויפל ער איז אזוי געשלאָפן — א נאַכט, צי א נאַכט מיט א טאָג. ער האָט פאַרלוירן דעם באַגריף פון צײַט. בלויז געפילט האָט ער, אז אים טוען ווי אַלע אייוורים, ווי מע וואָלט אים צעמאַזיקט.

3

ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט געשײַנט די זון. אינעם העלן פאַס ליכט, וואָס איז געלעגן אפן גרינעם באַרג־אַרוף, האָבן זיך געמינעט די טויזיקע גראָזן. ס'איז געווען קילבלעך און שטיל. עפּעס דערמונטערנדיקס איז געווען אינעם פרימאָרגן. מאַרגוליס האָט זיך געפילט אָפּגערוט און פריש. עס האָט זיך אים געוואָלט נאָך א ביסל פאַרציִען דאָס פאַרגעניגן פון ליגן אָט אזוי אין בעט, און ער איז א לענגערע ווײַלע געלעגן, מיט אַלע כושים זיך אָפּגעבנדיק דער מינוט פון רו.

דער טאָג האָט דאָך געפּאָדערט זײַנס. און קוים האָט ער נאָר אויסגעצויגן די האַנט צו די קליידער, זײַנען אים באַפאַלן אָן א צאָל פּײַנלעכע געדאַנקען. ער האָט זיך דערמאָנט, ווו ער געפינט זיך, פונוואַנען ער איז געקומען, און ער האָט זיך שיִר ניט געכאַפּט פאַרן קאָפּ: וואָס האָט ער געטאָן? ווהין האָט ער זיך אומגעקערט? איז ער דען ניט געגליכן צו יענעם פויגל, וואָס פליט אַליין אַרײַן אין נעץ? וואָלט ער כאָטש געוווסט, אַז אַליק האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט, וואָלט ער פאַרמאָגט דאָ עמעצן, מיט וועמען א וואָרט אויסצוריידן...

ער האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן דאָס באַכערל. יעדע מינוט האָט ער זיך אין אים ווידער דער־מאָנט און זיך באַשולדיקט אין דעם, וואָס עס איז פאַרלאָפן. עפּשער, ווען זיי זאָלן געווען זײַן פאַרזיכטיקער, ווען ער זאָל געווען אָפּהאַלטן אַליקן און ניט לאָזן אים גיין אין דאָרף, אײדער זיי האָבן זיך ניט דערוווּסט, צי זײַנען דאָרטן ניטאָ קיין דײַטשן, וואָלט קיין זאַך ניט געשען. אָט האָט ער אים געזען ליגן אינעם היי, בייס זיי זײַנען געלאָפן פונעם לאַגער, און אָט — גייט ער מיט אים. ער דערמאָנט זיך, ווי דאָס יינגל פּירט אים פאַר דער האַנט אינעם שלאַקסרעגן, און מינוטנ־ווײַז איז אים שווער זיך פאַנאַנדערצוקלײַבן, ווער האָט עס אים דעמלט געפּירט, ווי א בלינדן, איך דער שטאָק־פינצטערניש: אַליק, דאָס פרעמדע באַכערל, דער רעמעסלעניק, צי עפּשער גאָר זײַן וועלוועלע. דערפון איז זײַן פאַרלוסט נאָך שווערער געוואָרן. און א שטילע בענקשאַפט האָט אָנ־געריירט זײַן האַרץ. ער האָט דערפילט, אַז ביז ער וועט זיך ניט דערוויסן, צי איז אַליק אויך ניט אַמאָל דאָ, וועט ער זיך ניט באַרויקן. ער האָט געמוזט, ווי שווער דאָס זאָל ניט זײַן, זיך דערקלײַבן צו אָט דעם אַבעליעוון, דעם קאָרעוו אַליקס, און פרעגן אים, וואָס ווייסט ער וועגן זײַן שוועסטער־קינד. און מאַרגוליס האָט באַשטימט נאָך הײַנט עס טאָקע טאָן.

ער האָט דערהערט, אַז עמעצער דרייט זיך אַרום לעבן שטוב. ווען ער האָט פאַרנומען א קעלכל פון א קינד, וואָס האָט גערופן דעם הונט, איז ער אף א ווײַלע געבליבן זיצן א פאַרשטאַר־טער אפן בּרעג בעט. דערנאָך האָט ער שטילערהייט, אף די שפּיצפינגער, זיך א שאַר געטאָן צו דער וואַנט און האָט זיך פאַרטײַעט ניט ווײַט פונעם פענצטער.

ס'איז געווען א יידיש מיידעלע פון א יאָר אכט—נײַן. באַלויכטן פון דער זון, איז זי געשטאַנען באַם פענצטער אין א פאַרביק ציצן סאַראַפאַנדל, געוואָרפן שטיקלעך ברויט דעם הונט און גערופן:

— נאַ, נאַ, דזשולבאַרס! האָב קיין מוירע ניט. דאָס בין איך.

דער הונט האָט זיך אָבער ניט אָפּגערופן, אָנן אפן מיידעלעס פּנעמל האָט זיך באַוויזן א שאָטן.

— א ווילדער ביסטו! — האָט זי געזאָגט מיט פאַרוווּרף, שיִר ניט דורך טרערן. — ווילסט ניט אַרויסגיין, דאַרף מען ניט... מיינסט; אז איך וועל זיך באַ דיר בעטן. — און דאָ איז איר קאָל געוואָרן שטילער, זי האָט א זיפץ געטאָן. — דו ווייסט ניט, אַז איך בין געקומען זיך געזעגענען מיט דיר? דאָ טאָרן מיר מער ניט וווינען. אַלע יידן דאַרפן זיך אַריבערקלײַבן אף נעמיגע...

צי ווײַל אָשער האָט זיך א ריר געטאָן און זי האָט עס דערהערט, צי זי האָט אַליין דערפילט עפּעס, — נאָר זי האָט א ציטער געגעבן און זיך אַרומגעקוקט. עס איז אָבער געווען שטיל. האָט זי אָפּסנײַ אָנגעהויבן אויסריידן דאָס ביטערע האַרץ פאַר איר פרײַנט:

— ס'איז דיר גוט! ביסט אַרונטערגעקראָכן ערגעץ אונטערן בעט און פּאַפּסט זיך גאַנצנע

טעג. ווען מע וואָלט דיך אָבער, ווי אונדז, צווינגען זיך אריבערקלײַבן און וואָלסט ניט וויסן, וואָס דאָרט וועט זײַן, וואָלסטו מיסטאמע אזוי רויִק ניט שלאָפן.

ס'איז מארגוליסן שווער געווען צו הערן, ווי דאָס קינד קלאָגט זיך. זי האָט אָבער דערציילט אזוינע זאכן, וועלכע ער האָט נאָך ניט געוווּסט, און אים האָט זיך זייער געוואָלט נאָך עפּעס בא איר דערגיין. ער איז געבליבן ווארטן, וואָס וועט ווײַטער זײַן. ער האָט מוירע געהאט, אז טאָמער דערזעט זי אים, וועט זי זיך דערשרעקן און גאָר אנטלויפן.

נאָר אָט האָט דאָס מיידעלע א מאך געטאָן פאר פארדראָס מיט דער האנט און געגומען אוועקגיין. „ווי דו ווילסט זיך, — האָט זי צולעצט א זאָג געטאָן, — איך קאָן דאָ מער ניט שטיין. די מאמע וועט מיך זוכן". האָט שוין אָשער קיין ברייִרע ניט געהאט, געמוזט ארויס פון זײַן באַהעלטעניש און זי א רוף געטאָן.

פאר שרעק איז דאָס מיידעלע אָפּגעשפרונגען פון פענצטער. זי האָט אָבער באלד דערזען, אז ס'איז ניטאָ פאר וועמען מוירע צו האָבן, און זיך פאמעלעך אומגעקערט צוריק. ס'איז איר געווען טשיקאווע צו דערוויסן זיך, ווער איז דער אומבאקאנטער.

— מיידעלע, — האָט זיך מארגוליס ווייך און שטיל אָנגערופן צו איר, — דאָס, וואָס דו האָסט נאָרוואָס דערציילט, איז אן עמעס אָדער דו האָסט עס אויסגעטראכט?

ניט אראָפּנעמענדיק דעם בליק פון אים, האָט זי געזאָגט:

— וואָס טויג מיר לײַגן? ווילט איר ניט גלייבן, דארף מען ניט. ס'איז מיר אלציינס.

— מיר איז אָבער ניט אלציינס. זאָגסט, אז אלע ייִדן דארפן זיך ארויסקלײַבן פונדאנען. נו, און אומגיין איבער דער שטאָט לאָזט מען כאָטש, צי מע דארף האָבן עפּעס א צעטל?

— ניין. מע דארף גאָרניט האָבן. און ווי קומט איר אהער? — האָט זי געפרעגט. — ווּ איז דזשולבארס? וויאזוי האָט ער אײַך ארײַנגעלאָזן אין שטוב?

— דײַן דזשולבארס וועט זײַן גאנץ. איך האָב אים ארויסגעטריבן אין פירהויז.

— פארוואָס? ס'איז דאָך ניט אײַער שטוב. ווען וואָלפסאָן איז דאָ, וואָלט ער אײַך גיך געגעבן דעם וועג פונדאנען.

— נו, מיילע... — האָט מארגוליס גוטמוטיק א מאך געטאָן. — מיט וואָלפסאָנען וואָלט איך שוין, מיסטאמע, דורכגעקומען. ער איז גאָר ניט אזא שלעכטער, ווי דו שטעלסט אים פאָר.

— אזוי זאָגט איר! ער זשאלעוועט דאָך יענעם א טרונק וואסער. איך וויים גאָרניט, וויאזוי האָט ער, דער קארגוטש, אלץ געוואָרפן און איז אוועק.

מארגוליסן איז ניט געפעלן געוואָרן, ווי דאָס מיידעלע רעדט. אליין איז עס קליין, ווי א וואָרעם, און א צינגל האָט עס אף שרויפן. אלץ וויסט עס און אין אלץ קלײַבט זיך עס פאנאנדער. ער האָט איר שטיל אויסגערעדט, אז מע טאָר ניט אזוי, צו קליין איז זי נאָך, אז זי זאָל אלץ פארשטיין.

— מענטשן האָבן איבערגעלאָזן גרעסערע מאיאָנטקעס, ווי וואָלפסאָן, און זײַנען זיך צע־לאָפן, — האָט ער צוגעגעבן מיט הארץ. — אָט איז בא מיר געבליבן א ווײַב מיט א ייִנגעלע אין דײַנע יאָרן. ווי מיינסטו, איז מיר גוט?

— אונדזערער א שאָכן, — האָט געזאָגט דאָס מיידעלע, — איז אנטלאָפן און האָט איבער־געלאָזן צוויי קינדער. איצט האָט מײַן מאמע מיט זיי צו טאָן. די מאמע זאָגט, אז מע מוז עפענען א קינדערהיים, אניט וועלן א סאך קינדער אויסשטארבן פון הונגער. זי איז שוין געגאנגען עטלעכע מאָל מיט נאָך ווײַבער ריידן וועגן דעם אין יודענראט, זאָגט מען אלץ צו: „מ'עט מאכן... מ'עט מאכן..."

בא אָשערן האָבן זיך א הייב געטאָן די ברעמען. ער איז ארויס דורכן פענצטער אין דרויסן, זיך צוגעזעצט לעבן דעם מיידעלע.

— ווארט נאָר, ווארט, מיידעלע, — האָט ער זי געבעטן. — ווּהין, זאָגסטו, איז דײַן מאמע געגאנגען?

— וואָס דען? איך וויים ניט? אין יודענראט... ווּהין אלע ייִדן גייען.

ס'איז פאר אים געווען א נײַס. אזעלכעס האָט ער געהערט דאָס ערשטע מאָל. די ווערטער האָבן געקלונגען מאָדנע ווילד און איראָניש — יודענראט. ס'איז אים עפּעס זייער ניט געפעלן געוואָרן. פאר דער קורצער צײַט, וואָס ער איז געווען אין וועג, האָט דאָס לעבן קאָנטיק אָנגענומען געוויסע פאָרמען. ס'איז ניטאָ וואָס צו זאָגן: אן אקוראט, פּינקטלעך פאָלק זײַנען די דײַטשן. וואָס איז שײַעך אָרדענונג, דארף מען זיך בא זיי לערנען. נאָר פונדעסטוועגן, האָט ער ניט פארשטאַנען, שוין זשע נייטיקן זיי זיך אין שאפן פאר די ייִדן עפּעס אן איליוזיע פון זעלבסטפארוואלטונג? וואָס ווילן זיי דאָ אופטאָן מיטן יודענראט?

אף די אלע פראגן האָט אים אָבער קיינער ניט געקאָנט געבן קיין ענטפער, און ער זיך אליין — אוואדע און אוואדע ניט. א פארטראכטער האָט ער נאָכגעקוקט דעם קינד, וואָס האָט

זיך דערוויַטערט, שפּרינגענדיק פון איין קופּע שטיינער אױף דער אַנדערער. דערנאָך איז ער אויך אַרויס פונעם הויף און זיך געלאָזט גיין מיט דער גאַס.

ווען אין אַ שטיקל צײַט אַרום איז ער צוגעגאַנגען צו אַבעליעווס שטיבל און דערזען, אַז ער האָט עס אָפּגעזוכט גיכער, ווי ער האָט אַליין דערוואַרט, האָט ער ערשט פאַרשטאַנען, מיט וואָס פאַר אַ קראַפט עס האָט אים געטראָגן איבער די גאַסן, ווײַל ער פילט זיך שולדיק, וואָס ער האָט אַליקן פאַרלאָרן.

ער האָט אַ שטופּ געטאָן די פאַרטקע, זי איז געווען פאַרשפּאַרט. אין הויף, וווּ עמעץ האָט פריִער געדעדט, איז מען אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט געפילט, אַז מע שטייט אױף יענער זײַט און מע הערט זיך צו, וואָס ער וועט ווײַטער טאָן. מאַרגוליס איז אומצופרידן געוואָרן, וואָס אים קומט אויס אַזויפיל שטיין אין דרויסן און ווענדן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבײַגייער.

ער האָט אָנגעקלאַפּט... געעפנט האָט מען אים ניט באַלד.

בייס ער האָט דערזען פאַר זיך דאָרען, באַמערקט די שרעק, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן, איז אים געוואָרן אַזוי אומהיימלעך, אַז ער האָט זיך שיר ניט געלאָזט צוריק, נאָר ער האָט זיך באַהערשט און גענומען זיך נאָכפרעגן אויף מיכלען.

— וואָס איז? וואָס דאַרפט איר אים? — דאָרען איז ער ניט געפעלן געוואָרן. מיכלס מוטער, וואָס איז געשטאַנען דערבײַ, האָט אויך אויף אים געקוקט מיט כשאַד.

— מיכל, — האָט דאָרע ניט גערן אַ רוף געטאָן. — מע פרעגט אויף דיר.

אינמיטן הויף, בײַ אַ האַנט־וועגעלע, אױף וועלכן עס איז געלעגן אַ באַרג מעבל, געפּעס און בעטגעוואַנט, איז געשטאַנען אַבעליעוו און עס אַלץ אײַנגעבונדן מיט שטריק. דערזען אַרײַנקומען אין הויף עפּעס אַן אומבאַקאַנטן, האָט ער, ניט וואַרפנדיק די אַרבעט, זיך אויף אים אומגעקוקט און אויפמערקזאַם באַטראַכט.

— אַנטשולדיקט, וואָס איך בין צו אײַך אַרײַן, — האָט מאַרגוליס אָנגעהויבן, פאַרשטייענדיק בײַ וואָס פאַר אַ מעלאָכע ער האָט געטראָפן די באַלעבאַטים. — איך זע, אַז איך בין געקומען ניט צו דער צײַט... כ'האָב אײַך נאָר געוואָלט פרעגן, צי ווייסט איר ניט, אַליק גרינבערג איז ערגעץ אין שטאָט, צי ניין?

מיכל האָט זיך געטאָן זײַנס. ער האָט בלויז טרוקן באַמערקט:

— פונוואַנען קענט איר אַליקן? און פאַרוואָס מיינט איר, אַז מיר דאַרפן וויסן, וווּ ער איז?

אים האָט געדוכט, אַז דער מענטש איז אַרײַן ניט צוליב דעם, וואָס ער זאָגט. ווער איז ער? וואָס דאַרף ער דאָ? — האָט מיכל זיך אַליין געפרעגט. — ער איז געקומען קלומערשט זיך נאָכפרעגן אויף אַליקן, נאָר ווער ווייסט, וואָס ער מיינט דערבײַ? איבער דער שטאָט גייען אום געמיינע פאַרשוינען און שלעפּן אַרויס קאָמוניסטן פון די הײַזער. צי איז אַמאָל דער־אָ אויך ניט קיין אונטערגעשיקטער?

אָשער האָט זיך אין ערעך פאַרגעשטעלט, וואָס עס טראַכט אַבעליעוו. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען ער זאָל זײַן אויף יענעמס אָרט, וואָלט ער אויך ניט געווען בעסער: צו גרויזאַם איז די צײַט, מע זאָל אָנטרויען אַ ווילד־פרעמדן מענטשן. עס האָט זיך אים זייער געוואָלט אָנעמען מיכלען פאַר דער האַנט און בעטן, ער זאָל וואַרפן אויף אַ מינוט די אַרבעט, אים אויסהערן און ניט קוקן מיט אויגן, אין וועלכע עס איז גאָרנישט ניט פאַראַן, כוץ כשאַד און אומצוטרוי. אַדאַנק אַליקן ווייסט ער דאָך וועגן אים מער, ווי ער אַליין שטעלט זיך פאָר. אָשער האָט אָבער געוווּסט, אַז דאָס וועט בלויז פאַרגרעסערן דעם אומצוטרוי. האָט ער געענטפערט ניט פריילעך:

— מיט אַליקן זײַנען מיר צוזאַמען געווען אין לאַגער. דאָס האָט ער מיר געגעבן אײַער אַדרעס. טאָמער גיט זיך אונדז אײַן אַנטלויפן פון דאָרטן.

— ניין. ניטאָ דאָ אַליק, — האָט מיכל אָפּגעהאַקט. אָנגענומען דאָס וועגעלע פאַר ביידע האַלאָבליעס, האָט ער עס אויסגעדרייט און צוגעפּירט צום טויער. עס איז אָבער געווען אַזוי אָנגעלאָדן, אַז דער הינטערשטער טייל האָט שטאַרק איבערגעוווויגן און עס איז שווער געווען אײַנצוהאַלטן דאָס גלײַכגעוויכט. מאַרגוליס האָט זיך אַ וואָרף געגעבן עס אונטערהאַלטן. מע האָט ווידער געמוזט צעבינדן די פּעק און עפּעס־וואָס איבערלאָזן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין טיפן שווײַגן. אָשער האָט געפילט, אַז אַלע וואַרטן, ער זאָל זיי פאַרלאָזן.

אָט האָט שוין דאָרע געעפנט דעם טויער. זיי האָבן זיך געלאָזט אַהין, וווהין אַלע ייִדן האָבן זיך געצויגן. אָשער האָט געוואָלט העלפן אונטערשטופּן דאָס וועגעלע, נאָר, דערזען, אַז מע וויל עס ניט לײַדן, איז ער אַוועק בײַ דער זײַט.

עס זײַנען געגאַנגען ייִדישע יונגעלײַט, עמעץ פון זיי האָט געפרעגט מיכלען, צי ער וועט קומען אויפן מיטינג. דערהערט אַבעליעווס ענטפער, אַז ער האָט צײַט, ער וועט נאָך קומען, האָט אָשער געפרעגט בײַ מיכלען, וווהין רופט מען עס אים.



דער וועג פון פּײַן

קינסטלער — יוסעף קוזקאָווסקי
(ריגע)

— אַלע ייִדן דאַרפֿן קומען צום יודענראַט. מע וועט דאָרטן דערציילן, ווי אַזוי מע וועט דאָ לעבן ווײַטער, — האָט מיכל געזאָגט און האָט זיך ווידער גענומען פֿאַרן וועגעלע.

— אַ, — האָט אומבאַשטימט אַ מאַך געטאָן אַשער. — איך וואָלט אײַך געוואָלט בעטן, טאָמער פֿאַלט אַרײַן צו אײַך פֿון ערגעץ אַליק, זאָגט אים, אַז אַף אים האָט זיך נאָכגעפֿרעגט אַשער מאַרגוליס. קיין שטענדיקן אַדרעס האָב איך ניט. ווו איך וועל וווינען, ווייס איך אויך ניט. זאָל ער מיך זוכן לעבן דעם יודענראַט. איך מיין, אַז דאָרטן וועלן מיר זיך קאָנען טרעפֿן. — און דער־מיט איז ער אַוועק.

די גאַנצע צײַט, ביז אַשער איז פֿאַרשוווּנדן פֿונעם אויג, האָט מיכל אים נאָכגעקוקט. ער האָט נאָך אַלץ ניט געוווּסט, צי זאָל ער גלייבן יענעם, אַז ער איז בלויז געקומען צו גיין זיך נאָכפֿרעגן אַף אַליקן, צי ניין. וואָס האָט ער נאָך געוואָלט פֿון אים? דאָס האָט ער ניט געקאָנט פֿאַרשטיין.

ער האָט ווידער אַ שלעפּ געגעבן נאָך זיך דאָס שווער געלאָדענע וועגעלע, וואָס די ווײַבער האָבן אונטערגעשטופּט, און איז אַוועק ווײַטער.

## 4

נאָך איידער מאַרגוליס איז צוגעקומען צו דער געבײַדע פֿונעם יודענראַט, האָט ער פֿון ווײַטן דערזען אַ גרויסן אוילעם און האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט געפֿונען, וואָס ער האָט גע־זוכט. אַלץ אַרום איז געווען פֿאַרפֿולט מיט מענטשן. מע האָט פֿאַרנומען דעם הויף. מען איז גע־שטאַנען אין גאַס. מע האָט אויך אָנגעשפּאַרט אַפֿן באַרג, ביז צו דעם רעגירונגס־הויז און צו דער רויטער קאַטוילישער קירך. פֿאַרבײַ זײַנען געפֿאָרן מאַשינעס. אַ קאָלאָנע דײַטשן האָט מאַרשירט, באַלאָדן מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצײַג, אָנגעהויבן פֿון פֿולגעפּאַקטע ראַנצעס און פֿאַרענדיקט מיט אײַזערנע לאָפּעטקעס, אָנגעבונדענע פֿון הינטן.

פֿאַר די מאַשינעס און פֿאַר די זעלנער האָט מען געמאַכט אַ וועג. נאָר אָט זײַנען די דײַטשן דורכגעגאַנגען, די מאַשינעס — פֿאַרבײַגעפֿאָרן, און ווידער האָט זיך דער האַמוין צונויפֿגעשלאָסן.

ניט אַלע ווילן שטיין און וואַרטן. איינציקע ווײַבער האָבן אָנגעהויבן שלעפּן זייערע מע־נער אַהיים.

— ברעכן זיי די קעפּ צוזאַמען מיט דעם יודענראַט!

אַנדערע אָבער בלײַבן. מע האָט זיי באַפֿוילן קומען צו גיין הערן, וואָס דער יודענראַט וועט זאָגן, שטייען זיי און וואַרטן, כאָטש דײַגעס איז דאָ אָן אַ שיר און מע ווייסט ניט, וווּהין צו וואַרפֿן זיך פֿריִער: דירעס נײַע דאַרף מען זוכן. עסן איז ניטאָ וואָס. דערצו רעדט מען נאָך, אַז מע וועט דאַרפֿן אַרײַנטראָגן קאָנטריבוציע מיט געלד. איז ווער האָט עס געלד?

צוביסלעכווײַז איז אויך די איבעריקע דערעסן געוואָרן צו שטיין. דאָס אומגעדולד האָט זיך פֿאַרשטאַרקט. מע האָט אָנגעהויבן אונטערמורמלען:

— וואָס האַלט מען אונדז דאָ? האַלטן זאָלן זיי זיך פאַר די בײַכער.
— געגנוג זײַנען מיר זיך שוין אָנגעשטאַנען אינעם לאַגער!..
— ווילט איר וואָס זאָגן, טאָ זאָגט... עלע ניט, טאָ ציט ניט די אַצאָמעס. הייסט זיך צעגיין...
די שטילע מורמלערײַ האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז אויפן גאַנעקל האָט זיך באַוויזן אַ פײַן־געקליידטער מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און פופציק. אַ בלאָסער, אָן אַ היטל. ער האָט זיך געהאַלטן מיט ביידע הענט פאַרן פאַרענטש און געוואַרט, אַז עס זאָל שטיל ווערן. לעבן אים איז געשטאַנען אַ דײַטשישער אָפיצער. הינטער זיי, אין דער טיר, וואָס האָט געפירט אין קאָרידאָר, — נאָך עטלעכע טויער פונעם יודענראַט. דער אָפיצער האָט געררויכערט אַ דיקן ציגאַר. ער איז זיך גע־שטאַנען אין דער פּאָזע פון אַ זײַטיקן מענטשן, וועמען עס גייט ווינציק אָן, וואָס דאָ קומט פאָר. אַלע האָבן אָבער געפילט, אַז ער פירט דאָ אָן מיטן גאַנצן רומל און וואָס דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט זאָל שוין ניט זאָגן, זײַנען עס זײַנע ווערטער.
מאַרגוליס האָט געפרעגט איינעם אַ ייִדן, צי ווייסט ער ניט, ווער איז דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט.
— דער רועך ווייסט דעם טאַטן זײַנעם, — האָט זיך יענער אָפּגערופן מיט קאַס. — מע זאָגט: עפּעס אַ זאַפּאַדניק...
ענדלעך איז געוואָרן שטיל. שטיל אין גאַס, שטיל באַם גאַנעקל, שטיל אויפן באַרג, וווּ מענטשן זײַנען געשטאַנען הויך און נאָך העכער.
— ברידער מײַנע, — האָט דער פאָרזיצער פונעם יודענראַט אָנגעהויבן מיט אַן אָנגעבראָ־כענער, ציטערנדיקער שטים און האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז, ווי עס וואָלט אים ענג געוואָרן דער קאָלנער. — ברידער מײַנע, — האָט ער ווידער אָנגעהויבן און אָפּסנײַ אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, עס האָט זיך געפילט, אַז עס פעלט אים אָטעם. — איך זע, איר דערוואַרט פון מיר... איר ווילט, איך זאָל אײַך זאָגן, וויאַזוי וועלן מיר לעבן ווײַטער. — און ער האָט שווער און הילפלאָז פאַר־נאַנדערגענומען די הענט, זיך אומגעקוקט אויפן דײַטש, ווי איינער זאָגט: „איר זעט דאָך אַליין מײַן פינצטער מאַזל, וואָס קאָן איך אײַך שוין זאָגן גוטס?" אין דער זעלבער רגע האָט ער אויפגעהויבן זײַן קאָל, אַ מאָדנעם קריי געגעבן, — ס'וועט זײַן גוט... ווי זשע אַנדערש! די דויטשע מאַכט וויל אונדז קיין שלעכטס ניט טאָן... עס פאָדערט זיך בלויז פון אײַך, אַז איר זאָלט געהאָרכזאַם טאָן אַלץ, וואָס מע הייסט... אַרבעטן ערלעך און געטרײַ...
דער דײַטש האָט בערויגעזלעך, ווי ער וואָלט ניט אינגאַנצן געווען קאָנטענט מיט דעם ייִדנס רייד, אַראָפּגעשאַרט מיט אַ פינגער דעם אַש פונעם ציגאַר און זיך עטלעכע מאָל פאַרצויגן. ער האָט עפּעס שטיל אַ מרוקע געטאָן צו דעם ייִדן. יענער האָט זיך טייקעף אָף אים אומגעקוקט און זיך אומזיכער איבערגעשטעלט פון פוס אויף פוס.
דער אוילעם איז געשטאַנען אַ שווײַגנדיקער. ווער עס האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ צו דער ערד אויס כאַרפּע און ווער עס האָט טרויעריק געקוקט אויף די אַנטקעגנדיקע האַלב־אָפּגעברענטע קאָרפּוסן פון דער שוך־פאַבריק. הויך איבער די הײַזער, אין דעם טונקעלן הימל, ווו עס האָט זיך אָנגערוקט אַ כמאַרע, האָבן זיך אומגעטראָגן ווײַסע טויבן און דערמאָנט אין דער קינדהײַט... די יוגנט האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַר די אויגן און דערוועקט זיכרוינעס וועגן דעם, וויאַזוי מען איז מיט דער גאַס אין שול געגאַנגען, מיט אַ געליבט מיידל דאָס ערשטע מאָל זיך באַגעגנט און געשווירן איינס דעם צווייטן טרײַ זײַן דאָס גאַנצע לעבן.
באַ דעם פאָרזיצער פונעם יודענראַט האָבן די ליפּן זיך מיטאַמאָל געמומען ברעכן, ווי באַם צעוויינען זיך. מע האָט געזען, אַז ער קאָן ניט ריידן, ער איז געצווונגען דערצו קעגן דעם אייגענעם ווילן און פאַרשטאַנד. ער האָט דערקלערט, אַז עס איז באַשטימט געוואָרן אָן אָרט פאַר אַ געטאָ, און געבעטן, אַז מע זאָל זיך וואָס גיכער אַריבערקלײַבן אַהין. וואָס איז שײַך אַרבעט, דאַרף מען יעדן פרימאָרגן קומען צו גיין צום יודענראַט, און פונדאַנען וועט מען שוין שיקן, ווּהין מע דאַרף. אויסער די אַלגעמיינע אַרבעטן וועלן אויך אָרגאַניזירט ווערן גופע אין געטאָ אַ ריי וואַרשטאַטן... אַזוי, אַז אַרבעט וועט סטײַען פאַר אַלעמען, און דער, וואָס וועט אַרבעטן, זאָגט מען צו, וועט שוין האָבן וואָס צו עסן...
עס האָבן זיך געלאָזט הערן אומצופרידענע שטילע און אומזיכערע קוילעס:
— די שיינע אייצעס, וואָס ער גיט אונדז...
— אין געטאָ שיקט ער אונדז. זאָל ער אַהין אַליין גיין. מיטן קאָפּ אין דער ערד... גיי נאָר אַרײַן אַהין מיט אַ פּוס...
— און עפּשער וויל איך גאָר גיין צום פראָנט...
— גיי, דערצייל עס דעם דײַטש. טיפּעש! פאַרמאַך דאָס מויל!
דעם אָפיצער האָט דאָס שוין אָנגעהויבן ניט צו געפעלן. ער האָט דעם פאָרזיצער פונעם יודענראַט אָפּגעשאַרט אָן אַ זײַט און פאַרנומען זײַן אָרט. עטלעכע רגעס האָט ער נאָך אויסגע־

וואָרט, זיך האַלטנדיק מיט א האַנט פאַרן רימען, אף וועלכן עס איז געהאַנגען דער פיסטאָלעט. ער האָט אלץ געוואָרט, ניט גע״ַלט, ניט געשריִען און זיך אפילע ניט געבייזערט. ער איז געווען זיכער, אז אלץ, וואָס ער דאַרף, וועט ער אויספירן. ניט ל״ַכט איז אָבער געווען, אז דער טויזנט־קעפּיקער אוילעם זאָל טייקעף א״ַנהאַלטן דעם אָטעם. און ער האָט געוואָרט, זיכער אין דער מאַכט, וואָס ער האָט איבער זיי...

נאָר איידער דער אָפיצער האָט באַוויזן עפּעס־וואָס צו זאָגן, האָט זיך פון גאַס דערטראָגן א ראַש. פון ערגעץ איז געקומען א קאָלאָנע מאַשינעס און ניט געקאָנט דורכגיין איבער דער פאַרפּרוזשניעטער גאַס. דער אָפיצער איז בייז געוואָרן, האָט שאַרף און הילכיק א ברום געגעבן און באַוויזן א פול מויל מיט געזונטע, לאַנגע פערדישע ציין.

די קאָלאָנע האָט ניט געקאָנט דורכפאָרן. פון איינער א פאָרנטיקער מאַשין איז ארויסגעשפרונגען א היטלעריסט און גענומען צעטר״ַבן דעם אוילעם, שלאָגנדיק מיטן גומי־שטעקן אף רעכטס און אף לינקס.

ווען עס דויערט נאָך א ביסל, וואָלטן די מאַשינעס פונדעסטוועגן דורכגעגאַנגען און עס וואָלט אפּסנ״ַ, מיסטאַמע, געוואָרן שטיל אזוי, אז מע וואָלט געקאָנט דערהערן, וואָס עס וויל זאָגן דער ד״ַטשישער אָפיצער. נאָר דאָ איז געשען עפּעס אומדערוואַרטס. א באָכער אין אַן אָפּגעבליאַקעוועטער קורטקע מיט א קורץ־געשוירענעם קאָפּ האָר, אָן א היטל, האָט זיך אר״ַנגעדרייט אין די הענט אר״ַן דעם ד״ַטש, וואָס האָט אלעמען געשלאָגן, און האָט בא אים ארויסגעריסן דעם שטעקן. מאַרגוליס האָט זיך אָנגעכמורעט. ער האָט דערקענט דעם באָכער. טאַקע אים האָט ער געטראָפן איינעם לאַגער און זיך ניט געקאָנט דערמאָנען, ווו ער האָט אים געזען. דער ערשטער געדאַנק איז געווען: צוליב וואָס טוט ער עס? צו וואָס ארויסוו״ַזן ווויליונגערישע שטיק דאָרטן, ווו מע דאַרף עס ניט? דערנאָך האָט אים אין דער טיפעניש פון ז״ַן זיקאָרן א לויכט אוף געטאָן, ווי א בליץ, און ער האָט זיך דערמאָנט: טיפע נאַכט... ער פאָרט ר״ַטנדיק פון א זאַסטאַווע, ווו ער האָט געמאַכט א פאָרטראָג וועגן דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, און עס באַגלייט אים אָט דער באָכער.

דער פאָדעם פון דערמאָנונגען האָט זיך איבערגעריסן. עס איז געשען דאָס, פאַר וואָס מאַרגוליס האָט אזוי מוירע געהאַט. דער היטלעריסט האָט געגעבן א געשריי, ארויסגעכאַפּט דעם פיסטאָלעט פונעם שיידל און זיך געלאָזט נאָכיאָגן דעם באָכער. יענער האָט שנעל גענומען אָפּציִען, מאַכנדיק זיך א וועג מיט די עלנבויגנס. ניט געקוקט, וווהין ער צילט, האָט דער ד״ַטש עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן און געטראָפן אין אַן אנדערן, וואָס איז נאָרוואָס צוגעקומען מיט א יונג פאָרפאָלק. יענער איז אומגעפאַלן, אָפּגייענדיק מיט בלוט.

ווען דאָס גערויש פון מאַשינעס, וואָס האָבן זיך גערירט פון אָרט, האָט זיך דערוו״ַטערט, האָט זיך צווישן דעם שטיל געוואָרענעם האַמוין מיטאַמאָל דערהערט א געוויין פון א פרוי, וואָס האָט געהאַלטן אין איין ט״ַנען: „פאַר וואָס? פאַר וואָס האַרגעט מען מענטשן?” פון צווישן דער געדיכטעניש פונעם אוילעם האָט זיך באַוויזן אַן אַלטע, ברייטלעך־צעפּאָרענע יִדענע מיט א מויל אָן ציינער. פאַנאַנדערשטופּנדיק אלעמען, וואָס ז״ַנען איר געשטאַנען אין וועג, איז זי צוגעגאַנגען צו דעם דערהאַרגעטן און מיט א געשריי „וויי איז צו מיר! דאָס איז דאָך דער דאָקטערנס גורעוויטשעס זון!” אים אונטערגעהויבן און גענומען אָפּשלעפּן אין א ז״ַט.

— וואָס שטייט איר? — האָט זי געגעבן א הילך צו די ארומיקע, ווען זי האָט דערזען, אז זי אליין וועט דאָ גאָרנישט ניט אופטאָן. — מע דאַרף דאָך אים צונעמען פונדאַנען! עפשער לעבט ער נאָך.

ס׳איז צוגעלאָפן דאָס פאָרל, מיט וועלכן דער באָכער איז געקומען צו גיין. נאָך עטלעכע מענטשן האָבן זיך א לאָז געגעבן צו הילף. ס׳איז שוין אָבער געווען אלץ פאַרשפּאָרט. דער יונגערמאַן איז געווען טויט, און ס׳איז מער גאָרנישט ניט געבליבן, ווי אופהייבן אים פון דער ערד און אוועקטראָגן אין איינעם פון די נאָענטע ה״ַזער, ווו עס האָט געוווינט ז״ַן מוטער...

אפן גאַנעקל איז שוין קיינער ניט געווען — ניט דער אָפיצער און ניט די פאָרשטייער פונעם יודענראַט. דער אוילעם האָט געזען, אז ס׳איז ניטאָ צו וועמען צו ריידן און צו וועמען צו שר״ַען, און גענומען זיך שטיל פאַנאַנדערגיין.

שיטערער און שיטערער איז געוואָרן דאָס געזעמל פון מענטשן. עס ז״ַנען דאָ געבליבן בלויז די, וואָס האָבן ניט געהאַט, וווהין צו א״ַלן מער, און געוואָרט, טאָמער וועט מען זיי נעמען אף אַרבעט, אָדער די, וועלכע האָבן זיך דאָ בעקיוון פאַרזאַמט, קעדיי זיך טרעפן מיט כאַוויירים, הערן עפּעס נ״ַס.

זיי האָבן זיך ארומגעדרייט ארום גאַנעקל, זיך געקליבן אין רעדלעך אָדער געזעסן אפן האַלבצעבראָכענעם פאַרקן, פון וועלכן מע האָט שוין דעם גרעסטן טייל ברעטער אָפּגעריסן און פאַרברענט אף אָפּצוקאָכן א טעפּל קאַרטאָפל. אויך מאַרגוליס האָט זיך דאָ צוגעזעצט. פון אלץ, וואָס ער האָט ביז איצט געפרוּווט טאָן, האָט זיך גאָרנישט ניט באַקומען... וויפל מאָל איז אים אין

מעשעך פון זײַן לעבן דער כאלעף געלעגן אפן האלדז, און שטענדיק, ווי שווער אים זאָל ניט געווען זײַן, האָט ער זיך ארויסגעדרייט. שוין זשע איז אים איצט באשערט אומקומען און ניט פרוון עפעס טאָן, זיך קעגנשטעלן דער ווילדער העפקיירעס? ניין... דאָס ניט.

פון דעם אָפענעם פענצטער פונעם יודענראט האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון א שרײַב־מאשינקע. איינע נאָך דער אנדערער זײַנען צוגעפאָרן עטלעכע מאשינעס נאָך ארבעטער. די, וואָס האָבן דאָ געווארט מיט טאָרבעלעך אף א זײַט און מיט קעסעלעך אין די הענט, האָבן גענומען קלעטערן אף די מאשינעס. מארגוליס האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

וואָס זאָל ער איצט טאָן? לאָזן זיך אף מײַרעוו, אהיים, איז געווען אזוי שווער, ווי דערקלײַבן זיך צום הימל. בלײַבן דאָ? האָט מען דאָך פאר אים אין די אויגן דערהארגעט א מענטשן פאר גאָר־נישט, און מאָרגן... מאָרגן, טאָמער וועט מען אים ניט הארגענען, וועט ער מוזן גיין אין געטאָ... ער, אָשער מארגוליס, דער קאָמוניסט, דער אונטערערדישער טוער, וואָס האָט א לעבן געקעמפט פאר די רעכט פונעם פרײַען און שטאָלצן מענטשן, זאָל זיך לאָזן געהאָרכזאם פירן צו דער שכיטע?

זײַן גאנץ וועזן האָט זיך קעגנגעשטעלט און געשריִען, ניט געוואָלט מאסקים זײַן דערמיט. שוין זשע צוליב דעם איז ער יאָרנלאנג אָפּגעזעסן אין דער פוילישער טפיסע, איז פארפאָלגט און גערוידעפט געוואָרן, קעדיי איצט אזוי אומזיניק אומקומען?

ע, ניין... און נאָכאמאָל ניין... ווער זאָגט עס, אז אלץ איז שוין פארפאלן? ווען אפילע קיין שום אויסוועג איז ניט פאראן, מוז דאָך נאָך ערגעץ־ווו פארבלײַבן א שפּעלטל. אזוי האָט ער אלע־מאָל געלערנט אנדערע, פארוואָס האָט ער עס איצט אליין פארגעסן? די לאגע איז, אָן שום סאָפעק, זייער אן ערנסטע. דערצו איז ער אין דער פרעמד און קען דאָ קיינעם ניט... אין דעם איז אָבער פאראן אויך א מײַלע: אז עס קען אים קיינער ניט, איז קלענער די געפאר, עמעץ זאָל אים אויס־געבן. פון דער מישפּאָכע האָבן אים די דײַטשן „באפרײַט" און פאר זיך אליין האָט ער קיינמאָל איבעריקס ניט געזאָרגט. ערשט איצט קאָן ער זיך שאפן מיט זיך, ווי ער וויל. ער קאָן גיין, וווּהין מע זאָל אים ניט שיקן, טאָן, וואָס מע זאָל פון אים ניט פאָדערן.

הײַנט איגדערפרי האָט ער נאָך געהאָפט אף אבעליעוון. ער האָט געהאט אין זײַנע הענט א דין פעדעמל, האָט זיך עס איבערגעריסן. דארף מען ווידער זוכן. ניט זיצן מיט צונויפגעע־לייגטע הענט...

אָשער האָט זיך אופגעהויבן פונעם אײַנגעוואלגערטן פארקן און זיך געלאָזט גיין.

ער איז שטארק הונגעריק געווען, און די פיס האָבן אים מעכאניש געבראכט צו פירן צום טײַך און צו די ווילד־פארוואקסענע גערטנער, ווו נאָך א סאך מענטשן, כוץ אים, האָבן געזוכט עפעס־וואָס צום עסן. ארויסגעריסן פון די פארלאָזענע בייטן עטלעכע מערן און ברוקוועלעך, האָט ער דערמיט געשטילט דעם הונגער...

שפּעטער האָבן פארבײַגייער, וואָס האָבן זיך געשלעפּט אין דער געטאָ ארײַן מיט פּעק און פּעקלעך, געזען, ווי אָשער איז צוגעקומען צום טײַך, זיך אויסגעטאָן און געבליבן אין איינע טרוסיקעס. ארײַן אינעם וואסער ניט ווײַט פונעם ברעג, האָט ער מיט האנאָע ארומגעוואשן מיט ביידע הענט די אײַנגעפאלענע האָריקע ברוסט און די פלייצע. א ביסל קאָמיש האָט אויסגעזען דאָס, וואָס אפילע באם וואשן זיך האָט ער ניט אראָפּגענומען פון דער נאָז די ברילן; ער האָט ארויסגעקוקט דורך זיי, ווי דורך שפּעלטעלעך, זשמורענדיק זיך פון דער העלער זון־שײַן.

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעצויגן מיטן פּאָנעם אראָפּ אפן גראָז און איז לאנג דאָ אזוי געלעגן. פארבײַ איז מען געגאנגען סײַ אין געטאָ און סײַ צוריק פון דאָרט. מארגוליס איז אלץ געלעגן, עס האָט זיך געפילט, אז דער מענטש קלײַבט קויכעס אף ווײַטער.

(סאָף קומט)

ארן ווערגעליס

# דער אָנהייב און דער סאָף

ערשטע ליד

## ביטער איז דער רויך

מע צינדט שוין אפן פעלד דאָס גראָז פון פאַראַיאָרן —
ביטער, ביטער איז דער רויך...
דאָס פעלד,
עס קאָן דען ווער ווייסנע־ציַיט
דאָס אלטע גראָז פארליַידן?
איז לאָמיר בא דעם שײַטער
זיך אוועקזעצן
און צוואַרפן א צוויַיגל אויך,

ווײַל מיר אליין
די נײַע גראָזן
וועלן שנייַדן.

ס'איז אונדזער פעלד
מיט שײַטערס קאַלערליי ארומגעשטעלט.
לעם סמאָלני,
אף פאפאנינס קריַע —

שײַטערס, שײַטערס...
אויך הינטער סטאלינגראד
קיין שײַטערס האָבן ניט געפעלט,
און אויך אין וואָרקוטא...
זיי האָבן סײַ דערוואַרעמט,
סײַ דערווײַטערט.

אף קומען איצט אהער,
וווּ ס'ברענט מיט רויך מיט ביטערן
דאָס פאַראַיאָריק גראָז,
אף קומען איצט אהער —
די שײַטערס מ'האָט באַדאַרפט
אין וואָרקוטא
פארלעשן.

אוי, פרעגט ניט, פרעגט ניט,
וויפל ס'האָט דער וועג אהער געקאָסט,

אוי, פרעגט בא יענע,
וועלכע זײַנען דורכגעגאנגען דאָרט
דעם וועג דעם לעצטן.
אין גרויסן גאנג
געוועזן דאָס לעבן איז צו אונדז
סײַ מילד,
סײַ שטרענג.

אין גרויסן גאנג
מיר האָבן אויסגעלערנט זיך
סײַ האסן
און סײַ ליבן.

די פרעכע לײַט,
וואָס האָבן שוין אין טאטע־מאמע ניט געדענקט,
רעכילעס האָבן אָף די זין פון פאָלק
געטריבן.

געגאַן מיר זײַנען איבער הארטע הרודעס פײַן, —
דעם ציל געזען מיר האָבן קלאָר.

אָף די פונדאמענטן פון יענע טעג
מיר האָבן שוין א סאך געבײַען פארטיק.

און ס׳טוט אונדז ווי,
וואָס צווישן די געבוירענע אין זיבעצעטן יאָר
ביט ווייניק פאלן שוין אצינדער
פון אינפארקטן.

יאָ אָפן פעלד
אָף אונדזערן
מע צינדט דאָס גראָז פון פאראיאָרן —
ביטער, ביטער איז דער רויך...

דאָס פעלד,
עס קאָן דען ווענע־צײַט
דאָס אלטע גראָז פארלײַדן?

איז לאָמיר בא דעם שײַטער
זיך אוועקזעצן
און צוּוואַרפן א צווײַגל אויך,

ווײַל מיר אליין
די נײַע גראָזן
וועלן שנײַדן.

צווייטע ליד

## אין אָנהייב

איבער דעם זיקאָרן
גיי, ווי אָף א בריק.
זעכציק יאָר פארגאנגען —
גיי זיי דורך צוריק.

דאָרט, אין סאמע אָנהייב,
פון דער צײַט געזאלבט —
סאָסאָ דזשוגאשווילי,
צוואנציק יאָר ערשט אלט.

וואָס איז דאָ צו ריידן?
וואָס איז דאָ ניט קלאָר? —
ס׳פלאָנטערן זיך שטראלן
אין די שווארצע האָר.

זעט, דער באָכער קאָכט זיך,
וויל דערגיין א טאָלק
אין די שווערע ליידן
פון דעם ארבעטס־פאָלק.

און ער איז אליין נאָך
ווי א ווײַס פאפיר.
ניט געשטעלט באם לעבן
נאָך קיין דענקמאָל זיך.

אָף דעם האלדז א שארפל,
ס׳העמדל — ניט געפרעסט.
גייט נאָך אָן לאמפאסן,
גלאנצט נאָך ניט מיט מעש.

פאר די יונגע אויגן
ס׳אלטע לעבן פליסט
אין דעם לאנד ראסייע,
אין דער שטאָט טיפליס.

דעם באשליק צעלאָזן,
ווי ער וואָלט געשטיפט,
גייט ער איבער געסלעך,
גייט קאָנספיראטיוו.

ס׳גייט דערווײַל ניט נאָך אים
קיין געהיימע וואך,
אף די קעגנער זײַנע
האָט ער ניט קיין מאכט.

קומט אליין צו מענטשן,
רופט זיי ניט ארויס,
איז זיי פרײַ׳ר ניט כווישעד,
שטראָפט זיי ניט פאָרויס.

יאָ, ער איז אליין נאָך
ווי א ווײַס פאפיר,
ניט געשטעלט באם לעבן
נאָך קיין דענקמאָל זיך.

מיטאמאָל — פארבלאָנדזשעט,
אָפגעשטעלט דעם טראָט:
דורך אוועלכע הויפן
גיין צו דעם זאוואָד?

סאָסאָ דזשוגאשווילי,
אויב דו ווייסט ניט, — פרעג,
ווײַל דו קאָנסט אוועקגיין
אף א קרומען וועג.

— — — — — — — — — —

אין זאוואָד עס זאמלען
ארבעטער א שטרײַק,
מיט די ניטגעוואוגטע
פירן זיי א שטרײַט.

יאָ, צו דעם, וואָס וויל ניט,
בייז איז סאָסאָס שטים.
יאָ, כאָטש יונג איז סאָסאָ —
סטאלין רעדט אין אים.

סאָסאָ דזשוגאשווילי!
ס׳קומט אזוי גאָר אויס:
טראכסט שוין פון דײַן גרויסקײַט,
כאָטש דו ביסט ניט גרויס.

אויב וועסט איצט ניט טרײַבן
פון דײַן הארץ דעם שלאָף,
וועט א ווינט א פרעמדער
אויסהוילן דײַן סאָף.

דריטע ליד

## דער וועג

אין מײַן פארמעגן,
אין מײַן זיקאָרן —
וועלדער און וועגן,
לאָנקעס און באָרן,
סטעפעס און טײַגעס,
הימלען, טראנשייען,
זארגן און דײַגעס,
פריידן און ווייען,
גליק און בייזוווּנדער
טײַכן און גריבער —
דאָ כ׳בין ארונטער,
דאָרטן אריבער.
הינטער דער פלייצע —
וויאָרסטן און יאָרן,
וועגן זיך קרייצן
אין מײַן זיקאָרן.

אלץ, וואָס געווען איז,
אלץ, וואָס פארגאנגען,
קאָן איך אצינד
פון זיקאָרן דערלאנגען:
ווינטן און רעגן,
וויוגעס און שנייען,
שווערע געשלעגן,
רײַכע טראָפייען.
ליבעס — אין הערצער,
ווארעמע שטערן,
יינגלשע שמערצן
גליקלעכע טרערן.
פלוצעם — א שוידער:
שמאָלע פאָנטאָנען,
כ׳שטיי מיטן טויט דאָרט
פאָנעם־על־פאָנעם.
סינע, רעציכע,
פײַנטשאפט און צאָרן —
טראָגט זיך א וויכער
אין מײַן זיקאָרן.
טראָגט זיך אנטקעגן,
שטארקער און גיכער,
טרײַשאפט און לעבן —
וויכער נאָך וויכער!
פרײַנט מײַנע גייען,
רייען נאָך רייען,
דורך די זאווייען
און דורך די ווייען.

האָט דען געקאָנט עס
סטאלין פארהאלטן?
האָט דען געקאָנט עס
סטאלין צעשפאלטן?

ס׳קוקן פארוווּנדערט
טײַכן און גריבער:
דאָ כ׳בין ארונטער,
דאָרטן אריבער.
הינטער דער פלייצע —
וויאָרסטן און יאָרן,


6—1558

ווענן זיך קרייצן
אין מײַן זיקאָרן.
אלץ, וואָס דעראָבערט,
קומט פון דעם שטרעבן:
פריִער — אָקטאָבער,
נאָכדעם — מײַן לעבן.
גאָרנישט פארבײַטן
כ׳וועל אין זיקאָרן —
ניט יענע ווײַטן,
ניט יענע יאָרן.
מיר — ניט געטריבן —
זײַנען געקומען
צו די טורקסיבן,
צו קאראקומען.
יאָ, ס׳איז מיר היימלעך
אף יענע וועגן:
פריִער — דאָס היימלאנד,
נאָכדעם — מײַן לעבן.
קיינער וועט צוימען,
און ניט בארויבן
ניט מײַנע טרוימען,
און ניט מײַן גלויבן.
פרײַנט מײַנע גייען,
רייען נאָך רייען,
דורך די זאַווייען
און דורך די ווייען.

האָט דען געקאָנט עס
סטאלין פאַרהאַלטן?
האָט דען געקאָנט עס
סטאלין צעשפאלטן?

פערטע ליד

## עלעגיע פון דעם צוויי־און־פופציקסטן יאָר

פערעץ מארקישעס אָנדענק

ער לעבט, ער לעבט.
איך היט פאר אים דאָס ברויט,
און דאָ און דאָרט נאָך מיר דער גרויסער צאר גייט.
פונוואנען וויס איך, אז ער איז שוין טויט?
מע האָט געזאָגט דען, אז ער איז דערהארגעט?

ארײַן דער מערדער איז צו אים אין שטוב
אינמיטן נאכט,
די הענט פארדרייט אף הינטן,
פון דער רו געלאָזט קיין סימען.
א פייגעלע ס׳פארבלוטיקט העמד זײַנס האָט צוריק געבראכט —
ניט אפדערעמעסן, נאָר אין מײַן שווערן דימיען.

זײַן ליד געלעגן איז צעטראָטן אפן דיל.
ווער קלאפט אין טיר? דאָס פייגעלע לאָזט דורך די רעוואָליוציע —
אָט די, וואָס האָט ניט נאָר אין קייסערס ווילדקײַטן געצילט,
נאָר אויך אין דעם, וואָס סטאלינס ווילדקײַט און זײַן לוסט איז.

— נעם, פייגעלע, די ליד, אונטער דעם פליגל זי באהאלט,
און פלי אוועק אין פאָלק, ווי אין א וואלד.

— — — — — — — — — — — — — — —

ער לעבט, ער לעבט.
איך היט פאר אים דאָס ברויט,
און דאָ און דאָרט נאָך מיר דער גרויסער צאר גייט.
פונוואנען וויס איך, אז ער איז שוין טויט?
מע האָט געזאָגט דען, אז ער איז דערהארגעט?

פינפטע ליד

## װעגן דעם באַרמינען, װאָס מע באַגראָבט אים צװײ מאָל

דער גויעל, דער גאָדל, דער נאָװי —
געװען, װי גראַניט, איז ער שטאַרק,
געװען שוין מיט גאָט איז ער נאָענט,
מעגושעמדיק שװער, װי אַ באַרג.

פון שטאָל און פון אײַזן, װי קײנער,
געמאַכט געװען װאָגיק און פעסט,
און איצט, מיטן אָרן אינײנעם,
ער װעגט, װי געװײנלעך אַ מעס.

מע טראָגט אים אַרויס פון דעם מאַרמאָר,
די פאָן האָט פאַרהײבן דעם קאָפּ.
עס קוקן דער סערפּ און דער האַמער
מיט גלײַכגילט מיט קאַלטן אַראָפּ.

— כאַװײרימלעך, כ׳האָב ניט פאַרשטאַנען...
זאָגט, ליבינקע, װאָס קומט דאָ פאָר?..
— מיר טראָגן אַרויס פונדאַנען
דאָס זיבן־און־דרײַסיקסטע יאָר...

— װאָס איז עס? — אַף ראַכװעסן פרײַע
מיט פריידן מע דריקט זיך די הענט...
— דאָס פאָלק האָט אַזאַ מין לעװײַע
אין לעבן נאָך קײנמאָל געזען.

— כאַװײרים, די שטוב, אַז איר רײניקט —
װאָס לאָזט איר דאָרט איבער? זאָגט קלאָר.
— מיר לאָזן דאָ איבער אַף אײביק
דאָס זיבעצעטע יאָר.

זעקסטע ליד

## לענין אַפן פאַרטײ־צוזאַמענפאָר

ניט אַזוי, װי אין מײַסעס פירט זיך,
ניט דאָס בילד זײַנס לעבט אוף אַף דער װאַנט, —
אין זאַל קומט אַרײַן דער פירער
מיט די מיטקעמפער האַנט־באַ־האַנט.

ער שפּאַנט מיט אַ מונטערן טראָט דאָ,
און די, װאָס גײען לעם אים,
פילן אַף זיך זײַן אָטעם
און הערן לעם זיך זײַן שטים.

און עמעצער זאָגט צו אַ כאַװער
מיט גלויבלעכן כידעש אין קאָל:
— װלאַדימיר איליטש קאַרטאַװעט...
איך הער אים דאָס ערשטע מאָל...

ס׳גייט לענין!
באַלויכטן, לופּטיק,
פאַרגאָסן מיט כװאָיִקן דופט —
די הויכע טריבונע רופט אים,
נאָר אײדער אַף איר אַרוף,
דעם אָטעם פון זאַל פאַרשעפּט ער
און האָט, דוכט זיך, אײן פאַרלאַנג:
זיך צוזעצן אַף די טרעפּלעך —
פאַרשרײַבן אַפּגיך אַ געדאַנק...

— — — — — — — — — —

עס װעט פון באַריכט ניט דרינגען,
אַז לענין איז דאָ געװען,
נאָר איך — אַ פּאָעט. אַ זינגער —
**איך האָב אים אין זאַל געזען.**

געזען אים מיט שילער גרײַזע,
מיט װעטעראַנען פון שלאַכט,
זײ האָבן דערלעבט דאָ בײַזײַן,
זײ האָבן אַהער געבראַכט
געהײמע פּאַראָלן פאַרטרויטע,
גערויש פון מאַיאָװוקעס פאַרטאָג,
דעם טרוים פון קעמפער געטויטע...

אָט הער איך װי לענין זאָגט:
— אין בראַטסק, באַ די הויכע שװעלן
אַ קװאַל פון עלעקטרע זאָל זײַן,
די ערטער פון קאַטאָרגע שװערער
פאַרפלײצט זאָלן װערן מיט שײַן...
ערשט נעכטן אַ ברעקעלע װעלט האָט
אַף פרעסניע מיט פרײַהײַט געפלאַמט.
הײַנט פרײַ איז די װעלט —
פון דער עלבאַ
ביז דעם כינעזישן יאַם!..

— — — — — — — — — —

און קײנער טראַכט ניט אין זאַל דאָ
װעגן דעם, אַז ניט װײַט, אַפן פּלאַץ,
ליגט לענין אין רו אין קאַלטער,
און אָפּגעשטעלט איז זײַן האַרץ.
ער שפּאַנט מיט אַ מונטערן טראָט דאָ,
און די, װאָס גײען לעם אים,
פילן אַף זיך זײַן אָטעם
און הערן לעם זיך זײַן שטים.

מייער כאראַץ

# צום קאָסמאָנאַווט

א קינד אפילע ווייסט: עס איז די ערד א קײַלעך,
נאָר קיינעם איז ביז דיר נאָך ניט געווען באשערט
צו קוקן פונדערווײַטנס, פון אזא מעהאלעך,
און ווי א גלאָבוס זען דעם קײַלעך פון דער ערד.

דאָך — ווען פון קאָסמאָס האָסט זיך אומגעקערט בעשאָלעם.
אהיים געקומען, מיט די אייגענע אין פריידן זיך צעקושט
און אף א טיש דערזען דעם גלאָבוס, ווי אין כאָלעם, —
האָסטו פארכידעשט זיך: ווי האָט מען עס געוווּסט?

אָט דאָס איז ער, דער אופטו פונעם מענטש דעם פּראָסטן,
וואָס האָט פון שטיקלעך פעלד צונויפגעקלעפּט די ערד,
וואָס האָט אף זעגלשיפן יאַמען אויסגעמאָסטן,
און איידער האָסט דערזען די וואָר, האָט ער זי אויסגעקלערט.

אָט דאָס איז ער, דער אופטו פון דעם דוירעסדיקן מענטשן,
פון מאלפע ביזן מאלעך, פון קריכן ביזן פלי.
מיט וועלכע נײַע בראָכעס דארף מען איצטער בענטשן
די אופטוען פון זײַן גערעכטער מי?

א קינד אפילע ווייסט: עס איז די ערד א קײַלעך,
נאָר קיינעם איז ביז דיר נאָך ניט געווען באשערט
צו קוקן פונדערווײַטנס, פון אזא מעהאלעך,
און ווי א גלאָבוס זען דעם קײַלעך פון דער ערד.

# איך דערצייל מײַנע קינדער

פון אן אלטער אָפּגעלעבטער וועלט,
פון געשיכטע־בלעטער, פון א בוך ארויס
איז א רײַטער אין זײַן גאנצער גרויס,
אנגעריטן און זיך פאַרגעשטעלט:

„איך בין דער און דער פון אמאָל, פון ווײַט,
א געשיקטער רײַטער אף א פערד, —
אנקוקן דאָס נײַעס פון דער ערד
און פארגלײַכן עס מיט אונדזער צײַט.

זען די נײַע פײַלן, וואָס איר שיסט,
זען די נײַע זײַלן, וואָס איר בויט,
זען די קערנער, וואָס איר עסט, דאָס ברויט,
און די ווײַנען, וועלכע איר געניסט“.

אָנגעטראָפן האָט ער אף א קינד,
וואָס איז היימגעגאנגען פון דער שול

ערגעץ אין א בארגיקן אאול,
ווו א טײַכל פון א בארג דאָרט רינט.
האָט דאָס קינד מיט אים אין טיפן טאָל
צוגעזעצט זיך און געזאָגט: הער אויס,
רײַטער אפן פערד אין דײַן גאנצער גרויס
רײַטער פון פארצײַטן, רײַטער פון אמאָל,
ווען עס איז נאָך לעניך ניט געווען,
פעלקער זײַנען נאָך געווען בלינד,
בא די הארן פון דער וועלט געדינט
און געליטן און קיין אויסוועג ניט געזען.

איצטער ווערט קיין פאלאַץ פאר קיין האר געבויט,
איצטער בויט דאָס גאנצע פאָלק פאר זיך,
און מע גייט אין קליידער און אין שיך,
און מע טיילט צווישן זיך דאָס ברויט.

איצטער רײַט מען ניט בא אונדז, ווי דו,
איצטער פליט מען און מע קוקט אראָפּ

אף דער ערד, ווי אף א שיינעם סאַד,
און מע פליט זיך צו א שטערן צו.
איצטער שיסט מען ניט מיט פײַלן אפן פײַנט,

איצטער שיקט מען גרוסן דער לעוואָנע ארוף,
און מע הייבט די פאָן פון שאָלעם אוף —
אלע פעלקער מוזן ווערן פרײַנט!

---

ס'האָט דער רײַטער, לויט די זיטן
פון אמאָל, זיך טיף געבוקט.
ס'איז דער רײַטער אָפּגעריטן,
ס'האָט דאָס קינד אים נאָכגעקוקט.

ר'איז אוועק מיט פײַל־און־בויגן,
און פארשוווּנדן אין איין־סאַף.
ס'האָט דאָס קינד זיך זײַנע אויגן
אויסגעריבן, ווי פון שלאָף,

און דערזען: זײַן בוך איז אָפן,
און ס'איז ליכטיק, ס'איז ניט נאכט,
איז ער, הייסט עס, ניט געשלאָפן,
נאָר פארלייענט זיך און פארטראכט.

ס'איז דער רײַטער דאָ געווען
און געשטאנען אָט אָ־דאָ,
כאָטש ס'איז קלאָר, אז פון זײַן וועזן
איז שוין לאנג קיין שפור ניטאָ.

וויפל דארף מען לייענען זײַטן,
וועלכן דורכמאכן נאָך וועג,
מע זאָל קומען צו די צײַטן —
ביז צו די אָקטיאבער־טעג?

און ער מישט די בלעטער איבער,
און ער שפרינגט אריבער צײַט,
און ער שמייכלט: לענין, ליבער,
דו ביסט אונדזער אייביקײַט!

# זעץ זיך אנידער...

זעץ זיך אנידער און רו זיך אָפּ
פון אלץ מיטאנאנדער,
און נעם די מאסע אראָפּ פון דײַן קאָפּ,
און זינג דײַנע לידער אנדערש.

פאראן אויך צאָרעס, פאראן אויך שלעק,
ס'איז אָבער די וועלט א גרינע,
און שווארצע קראָען — פון לעבן אוועק
אינייִנעם מיט דער סינע.

און שווארצע קראָען זײַנען אָפּ,
געווען און פארשוווּנדן,

איז נעם זשע פון זיך די מאסע אראָפּ
און בינד דיר אָפּ דײַנע ווונדן.

דו זעסט? זיי זײַנען אויסגעהיילט,
די הויט איז רויט און פארצויגן,
די גרוילן, וואָס דו האָסט אויסדערציילט,
זיי שטייען בא אונדז פאר די אויגן.

זעץ זיך אנידער און רו זיך אויס
פון אלע דײַנע זיכרוינעס,
און בוי צוזאמען מיט אונדז דאָס הויז
און בלײַב אין דעם און באוווין עס.

# א כאַלעם וויגט די שטאָט

א כאַלעם וויגט די שטאָט. ער וויגט די גאסן ברייטע, שמאָלע
און וויגט די לאָמפּן אײַן אף יעדער גאס באזונדער.
די וויגליד טראָגט אראָפּ די שטאָט אין יענע טאָלן,
ווו אלע פראָסטע זאכן ווערן ווונדער.

איך האָב געזען א פענצטער פײַן געשליפן,
וואָס קוקט אראָפּ אף שטיינערדיקע גאסן,
און איך האָב צווישן הײַזער, ווי פון טיפן,
ארופגעקוקט צו הימלדיקע פאסן.

כ'האָב ליב אף יעדער גאס דעם הימלפאס דעם שמאָלן,
דעם בלויען דאך, וואָס איבער אלע דעכער,
עס וואקסט די שטאָט אין ווונדערלעכע טאָלן
אריבער אלע בערג און העכער, העכער.

# מאָלדאווישער אָוונט

ציַיטיק שוין די שוואַרצע טרויבן,
גיסט דער אָוונט אָן די שויבן
פול מיט פֿיַיערוויַין מיט רויטן,
טאַנצט דער ווינט איבער די פּלויטן.
שוימט דער וויַין אַריבער, פֿולער,
ווערט ער זיסער, ווערט ער קילער,
ווער איך שיכּורער און שטילער.

רירן זיך אין האַרצן ווערטער,
בליַיבן צוריק אויף זייערע ערטער.
שטיל ווי טיַיערע ווילע קינדער,
טריַיבט דער פּאַסטעך שאָף און רינדער,
גיסט דער וויַין זיך, ווי פֿון עמער,
אויף די רוקנס פֿון די לעמער,
און ער שוימט אַלץ שענער, שענער.

הערן אויף די הינט צו בילן,
הייבט דער פּאַסטעך אָן צו שפּילן,
פּאַשען זיך אין גראָז געפּילן,
און מע ווייסט ניט, וואָס זיי ווילן.
נעם איך, פֿיל מיר אָן אַ בעכער
מיט דעם וויַין, וואָס פֿליסט אין טעכער,
און ער שוימט אַלץ העכער, העכער
איבערן ראַנד פֿון בעכער רונדן.
ס׳ווערט דער בעכער מיר פֿאַרשוווּנדן,
און איך זוך אומזיסט אים אונטן.
— — — — — — — — — — — —
די לעוואָנע איז אָנגעצונדן.

# אין סטעפּ

איך קוק אין אויסגעשפּרייטן סטעפּ
פֿאַרטאָג באַם שיַין פֿון האַלבער זון,
ווען ס׳ווערן בלאָנד די גראָווע קעפּ
פֿון וואָלקנס, און עס וואַקסן טרעפּ
אין סטעפּ, אין פֿלאַכן רונד אַרום.

די זון הייבט אויף איר פֿולן קאָפּ,
און ס׳פֿלאַמען אויף די צאַרטע טרעפּ,
און ס׳נידערן די טרעפּ אַראָפּ
פֿון זייער הייך, צוריק אַראָפּ,
און ציִען לענגער אויס דעם סטעפּ.

אַן אַקער־טראַקטאָר כאַפּט זיך אויף
און פֿאַרבט די פֿעלדער אָפּ אויף שוואַרץ,
און ס׳ליגט דער שוואַרצער פֿרישער גוף
צעשטרעקט, און ס׳אָטעמט אָפּ־און־אויף
זיַין ברייט צעכראַסטעט אָפּן האַרץ.

פֿון טראַקטאָר קריכט אַראָפּ אַ יונג
און קריכט אַרונטער צו אַ שרויף,
און שרויפֿט אים איַין, און ס׳טוט אַ קלונג,
און ס׳טוט אַ רויש, און ס׳טוט אַ זונג
אַזש ביז צו דעם קאָלכאָזנע הויף.

איך קוק אין אויסגעשפּרייטן סטעפּ
פֿאַרנאַכט, באַ שיַין פֿון האַלבער זון,
ווען ס׳ווערן רויט די בלאָנדע קעפּ
פֿון וואָלקנס, און עס וואַקסן טרעפּ
אין סטעפּ, אין שוואַרצן רונד אַרום.

# דער אַלטער ברונעם

דער אַלטער ברונעם רעדט צום יונגן בוים:
אין מיַינע טיפֿן כ׳האָב דיך אויסגעטרוימט.

ביסט אויפֿגעגאַנגען מיט דיַין גרינעם קאָפּ,
בעשאַס איך האָב געגראָבן זיך אַראָפּ.

דיַין וווּקס איז הויך, דיַין פּרוכט איז רונד און ריַיף,
און איך בין, ווי אַ שפּיגל, אויסגעשליַיפֿט.

און גאָרניט פֿעלט צו אונדזער בילד אין פֿעלד.
דער מענטש, וואָס האָט אונדז דאָ אַוועקגעשטעלט,
האָט אויגן — זאָל ער קוקן אויף זיַין וועלט.

פערעץ מארקיש

# טראָט פון דורות

## וויגדע

פונעם ערשטן טאָג אָן, זינט זי איז אריַינגעפאלן אין געטאָ, איז זי געוואָרן שוויַיגעדי־
קער און פארבאָרגענער אין זיך. זי האָט ניט געפרעגט בא קיינעם, זי האָט זיך
אינערגעץ ניט דערקונדיקט, בא וועלכע אומשטענדן איז אומגעקומען איר מוטער.
ווען דער פאָטער אירער האָט זיך אומגעקערט פון געסטאַפּאָ א צעשלאָגענער,
איַינגעשמירט אין בלוט, האָט זי אים אויך ניט געפרעגט וואָס און ווען. זי האָט געוויינט, אז קיינער
זאָל ניט זען. בא סלאָוועקן האָט זי אויך גאָרניט געפרעגט. און סלאָוועק אליין האָט איר אויך גאָר־
ניט דערציילט. זי האָט אויסגעמיטן מיט עמעצן וועגן עפּעס־וואָס צו ריידן.

דער ביזויען פון דעם, וואָס זי איז א געכאפּטע, א פאריאָגטע און געפינט זיך אין א גרויסער
אומגעלומפּערטער שטיַיג, וואָס רופט זיך געטאָ, און וואָס מע קאָן זי צו יעדער מינוט פארסטאַמ־
פּעווען מיט געווער, מיטווילדע כיַיִישע אויגן, מיט געשרייען, מיט א געיעג, — איז איר געווען
פּיַינלעכער, ווי דאָס אומקומען זעלבסט. זי האָט זיך געשעמט פאר דער דאָזיקער אומפארמיַיד־
לעכקיַיט, וואָס איז דאָ דאָס איינציקע געזעץ איבער איר. זי האָט זיך געשעמט, וואָס די בעהאָלט
האָט אף איר די אויבערהאַנט און קער זיך איר אָן מער, ווי דאָס לעבן. זי האָט זיך געשעמט
פאר דער אומנייטיקער ליבע, וואָס איר צעבראָכענער קלוגער פאָטער האָט נאָך אויסגעהיט צו
איר און צו די קינדער, וועלכע זיַינען ערגעץ צעוואָרפן אף דער וועלט. זי האָט זיך געשעמט פאר
איר כאסענע, וואָס האָט אף איר אָנגעהאנגען פארפליכטונגען צו סלאָוועקן און בא איר צוגענומען
די מעגלעכקיַיט צו זיַין אליין. זי האָט זיך געשעמט פאר איר האלב־ארישן אויסזען, וואָס האָט
איר געגעבן איליוזאָרישע פּריווילעגיעס פון קאָנען זיך אריבערכאַפּן איבער די טויערן פון געטאָ
נאָך א שטיקל ברויט און גיין איבער די גאסן, ווי א גאנעווטע איבער פרעמדע צימערן. זי האָט
זיך געשעמט פאר סלאָוועקס פאָטער, דעם אלטן ביבליאָטעקער, וואָס איז אָפּגעזעסן גאנצענע טעג
אין שטוב פון דעם האלב־כאָרעוון הויז און האָט ניט געהאט קיין אנדער האָפענונג, ווי בלויז די
האָפענונג אף דעם טויט. ס׳איז איר געווען א כארפּע פאר איר אייגן ליַיב, וואָס האָט צוגעדעקט
איר צעבראָכן און באשפּיגן הארץ, — דאָס הארץ, וואָס זי האָט פאר קיינעם אין דער וועלט ניט
געוואָלט אויסריידן, אפילע פאר דעם נאָענטסטן מענטשן...

נאָך אין די סאמע ערשטע טעג פון איר פארגראָבן זיך אין געטאָ האָט זי עפּשער צום ערשטן
מאָל אין לעבן גענומען זיך פארטראכטן אף דעם, אז זי איז א ייִדישקע, אז ס׳איז פאראן אזא
באגריף „ייִד“, אז ס׳איז פאראן אזא פארברעכן, וואָס הייסט „ייִד“, א פארברעכן, וואָס זי, וויגדע
און מיליאָנען אזעלכע, ווי זי, ווערן אין דעם באשולדיקט.

א שווערע פינצטערקיַיט האָט זיך געטוליעט צו אירע אויגן און זיך געזעצט אף איר מאָרך.
זי האָט גאָרנישט ניט געקאָנט באנעמען און גאָרנישט ניט געקאָנט זיך דערקלערן.

---

פראגמענטן פונעם ראָמאַן.

זי, ווּיגדע רײנגאָלד, ווערט באַשולדיקט פון די דײַטשיש־פאַשיסטישע הענקער אין דעם, וואָס זי איז געבוירן געוואָרן, און אין דעם, וואָס זי וויל ניט געהארגעט ווערן. און וואָס נאָך? קיין אנדער באַשולדיקונג קאָנען די מערדער קעגן איר ניט ארויסשטעלן. רעכט אַף אַזאַ באַשולדיקונג האָבן די דײַטשישע מערדער געקאָנט נעמען אויסשליסלעך בא דער ווילדער כײַע. און אַט די דאָזיקע רעכט האָבן די פאַשיסטן פאַרוואַנדלט אין אַ געזעץ און דאָס דאָזיקע געזעץ פאַרפאַנצערט מיט געווער, וואָס שטײַגט אריבער יעדע פאַרשטעלונג וועגן דער ווילדער כײַע. דעריבער האָבן זיי כּאַרעוו געמאַכט שטעט. דעריבער האָבן זיי אופגעפרעסן פוילן. דעריבער האָבן זיי דערהארגעט איר מאַמען. דעריבער האָבן זיי זי פאַרטריבן אין געטאָ, קעדיי אופרעסן בא איר די ווידערשטאַנדפייִקייט, איידער זיי וועלן זי דערהארגענען...

און וואָס נאָך ווערט זי, ווּיגדע רײנגאָלד, באַשולדיקט פון די נאַציסטישע מערדער? אין דעם, וואָס אירע אורעלטערן האָבן אויסגעשריִען צו דער וועלט: „לוי סירצעדץ!‟? צי עפּשער אין דעם, וואָס אירע זיידעס האָבן געוואָלט אָפּהאַלטן די רעציכע דורך אויסשטרעקן די גאָרגלען פאַרן מעסער? און עפּשער אין דעם, וואָס איר טאַטע, שײַע רײנגאָלד, האָט געטרוימט וועגן דער צײַט, ווען אַ שעפּעלע וועט רוען אין שויס פונעם לייב?.. צי אין דעם, וואָס איר ברודער און איר שוועסטער גייען ניט אײַן אַף דעם זיידנס מיטלען פון אָפּשאַפן רעציכע, נאָר זיי טוען עס מיט זייערע אייגענע מיטלען?..

און וואָס נאָך ווערט זי, ווּיגדע רײנגאָלד, באַשולדיקט? אין דעם, וואָס זי דענקט?.. עפּשער אין דעם, וואָס זי געדענקט?..

יעדן טאָג זײַנען פון גאַנץ קאַיאָר אָן פאַרטריבן געוואָרן אַף קאַטאָרגע טויזנטער געפאַנגענע פון געטאָ און זיך אומגעקערט צוריק באַנאַכט מיט מייסים. און אַלע באַנאַכט זײַנען די אָרעמע הײַזער פון דער געטאָ באַפאַלן געוואָרן פון די פאַשיסטישע וועלף, און אַף די גאַלעגערס זײַנען אויסגעקוילעט געוואָרן מאַמעס און קינדער אין די וויגן.

ווּיגדע האָט זיך געשעמט פאַר די שטיינער, וואָס אַף זיי האָט זי געטראָטן אין די פאַרבאָטענע באַנאַכטיקע שאָען, ווען זי פלעגט זיך ארויסכאַפּן פון איר באַהעלטעניש. ס'האָבן זיך איר אונטערגעהאַקט די פיס פון יעדן אויסזיכטלאָזן בליק אין דער בלוטיקער פינצטערניש, וועלכע ס'האָבן אָנגעאָטעמט די עסעסאָווצעס און די גאָליײטערס און די אַנדערע גאָרגלשנײַדערס. ס'האָט זיך בא איר געשפּאָלטן דער קאָפּ פון יעדער אָנמעכטיקער און באַליידיקטער מאַכשאָווע:

פאַרוואָס יאָגט מען זיך נאָך איר? פאַרוואָס וויל מען זי הארגענען? פאַרוואָס האָט מען געהארגעט איר מאַמען? וואָס הייסט — מע הארגעט יִידן? אַ מענטש קאָן געהארגעט ווערן פון אַן אומגליקס־צופאַל. אַ מענטש קאָן געהארגעט ווערן פון אַ דונער. אַ מענטש קאָן דערטרונקען ווערן. אַ מענטש קאָן שטאַרבן פון אַזאַ שלאַפקײַט, וואָס מע קאָן ניט אויסהיילן. אַ מענטש קאָן אומקומען פון אַ ווילדן כאַזער אין וואַלד. אָבער די מענטשהײַט קאָן דאָך ניט אומקומען פון אַ ווילדער כאַזער־סיסטעם אין דער וועלט.

זי פלעגט זיך אופכאַפּן אינמיטן דער נאַכט, זיך אופזעצן אַ צעפּאַטלטע, אין איין העמד און מיט די אויסגעווייטעקטע האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן קוקן אַף סלאַוועקס פּאָטער, דעם צונויפגעקאָרטשעטן פון קעלט און פון הונגער געוועזענעם ביבליאָטעקער לייווי סאַנדלער, און אַף איר שוואַרץ געוואָרענעם סלאַוועקן און טראַכטן: אָט אַזוי וועלן זיי, וואַרשײַנלעך, אויסזען דערהארגעטערהייט... ס'איז געווען שטיל. זי פלעגט זיך אָנבייגן און הערן, צי זיי אָטעמען: עפּשער זײַנען זיי שוין דערהארגעט?

זי האָט געקוקט אַפן אַלטן לייווי סאַנדלער, אַף דער גראָוער שטעכיקער באָרד, וואָס האָט אים פאַרדעקט אַף דרײַ פערטל דאָס פּנים ווי מיט אויסגעבליאַקעוועטער פּאַלאָווע. איר האָט זיך געדאַכט, אַז ער ליגט, דער געוועזענער ביבליאָטעקער לייווי סאַנדלער, אַ געבונדענער אַפן דיל פון אַ שעכטהויז און וואַרט, מע זאָל קומען און מע זאָל אים קוילען...

אַף אָט דעם אַלטן צעבראָכענעם יִידן איז איר געווען אַ גרעסערער ראַכמאָנעס, ווי אַף סלאַוועקן און אַף זיך.

סלאַוועק, האָט זי געטראַכט, וועט זיך ניט לאָזן. ער וועט זיך ראַנגלען. ער וועט בײַסן די הענט בא די מערדער. ער וועט זיך ניט אונטערגעבן, ביז ער וועט אָפּגיין מיט בלוט. זי — אויך. נאָר דער אַלטער לייווי וועט שטיין פאַר די מערדער, ווי ער פלעגט שטיין אין ביבליאָטעק פאַר אַ קליִענט מיט אַ פראַגע אין די ריינע קאָשערע אויגן: — וואָס פאַר אַ בוך פאַרלאַנגט איר? אַזוי וועט ער שטיין פאַר די מערדער, דער אומשולדיקער שטילער לייווי, און זיי אָפּגעבן דאָס לעבן, ווי אַ בוך, וואָס מע וועט אים שוין מער קיינמאָל ניט אומקערן... פונקט ווי צוליב זיי, צוליב די מערדערס, האָט ער עס געהאַלטן, דאָס לעבן זײַנס, מיט די צוויי און זעכציק יאָר טרויער און

צאר פאר קינדער און פאר אָרעמע, מיט זײַן באַזאָרגן גאַנצע פערציק יאָר די נאָוואָליפּיע מיט ביכער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווײַגדע האָט געוווסט, אז אים, לייווי דעם ביבליאָטעקער, אָט דעם אלטן געשוואָלענעם ייִדן וועלן די דײַטשישע מעכאבלים אוועקשלעפּן צום „אומשלאַג־פּלאַץ", ווי די היצליעס שלעפּן א הונט צו דעם מאלכהאמאָוועס־קעסטל, פון דאָרטן וועלן זיי אים אוועקשיקן אין א פאַריגלטן פראַכט־וואַגאָן אין א גאַז־אויוון און אים דערשטיקן מיט גאַז. דאָס איז זייער מעלוכישער רעזשים צו זקיינים. צו זקיינים און צו קינדער. אויסער דער ריי, אַזוי צו זאָגן...

דער טאַטע אירער, שײַע ריינגאָלד, האָט באַקומען א „שײַן" אין יודענראַט. פאַרוואָס, ווייסט ער אַליין ניט. גיכער פאַר אַלץ — פון ראַכמאָנעס. צו דער דאָזיקער „מעזוזע" האָט ער נאָך געבעטן בא מישע באַרלעווי, וואָס פלעגט זיך אַראָפּכאַפּן אין דער אונטערערדישער דרוקערײַ דורך לייווי סאַנדלערס געוועזענער ביבליאָטעק, ער זאָל אים ברענגען א ביסל פאַרב.

לעכאַטכילע האָט מישע ניט פאַרשטאַנען, וואָס דער אַלטער ריינגאָלד וויל פון אים. דאַן האָט ער אים איבערגעפרעגט:

— צו וואָס דאַרפט איר פאַרב, פּאַני ריינגאָלד?

שײַע ריינגאָלד האָט א שמייכל געטאָן:

— שרעקט זיך ניט, יונגערמאַן, איך קלײַב זיך ניט קאָנקורירן מיט אײַך אין דרוקערײַ־זאַכן...

— ניין? — האָט איבערגעפרעגט מישע.

— כאָלילע.

— אין וואָס דען קלײַבט איר זיך מיט מיר קאָנקורירן?

שײַע האָט אופגעהויבן די אויגן:

— עפשער וועל איך זיי אויך אָפּנאַרן... די היצליעס...

ער האָט א קרעכץ געטאָן:

— אַז קיין קינדער טאָרן ניט זײַן... און זקיינים... זקיינים, ווייסט איר אַליין, וואָס זיי טוען מיט די זקיינים... אין דער ערשטער ריי... איז וועט גאָט עס ניט פאַרעכענען שײַע ריינגאָלדן פאַר א זינד און די געטאָ וועט עס אים ניט פאַרעכענען פאַר א מעשוגאַאַס, אויב ער וועט די אַלטע גראָווע האָר זײַנע אויספאַרבן אין אַזאַ קאָליר, אַז זיי זאָלן ניט רייצן די בלוטדורשטע בא דער כײַע...

בא מישען האָבן פון ווײַטעק און כאַרפּע א צוק געטאָן די אַקסל, און שײַע האָט פאַרגעזעצט:

— איך האָב, דוכט זיך, א שײַן קעגן מאַלכהאַמאָוועס... נאָר איך פיל, אַז דער מאַלכהאַמאָ־וועס האָט שוין אָף מיר א קוויטל... און וואָס איז שטאַרקער — מײַן שטיקל פאַפּיר, צי זײַן מעסער — פאַרשטייט איר אַליין... איז לאָמיך זיך אים ניט וואַרפן אין די אויגן...

ער האָט א צעפּיר געטאָן מיט די הענט:

— כ'וועל זיך איבערפאַרבן די האָר. איך וועל זיך אָנטאָן א שטיקל קורצן ראָק פון די קינדער. איך וועל זיך מאַכן לעכערלעך. איך וועל טאָן אַלץ, און אַלץ וועט זײַן קאָשער, קעדיי ניט לאָזן אַרופוואַרפן אָף זיך דעם שלייף...

ווײַגדע האָט אים שוין דערזען נאָכדעם אָן איבערגעפאַרבטן. ס'איז איר געווען מאָדנע אָף אים צו קוקן. דער קאָפּ זײַנער האָט אויסגעזען, ווי אָפּגעפאַרבט האָלץ, ווי עפּעס פונעם אלטן צעבראָכענעם מעבל. די אויגן זײַנע האָבן אָף איר געקוקט ווי פון דעם אלטן קאָמאָד. און געזאָגט האָט ער צו איר מיט א געענדערט קאָל:

— קוק ניט אָף מיר, טאָכטער... דאָס האָב איך געטאָן ניט צוליב דעם, אַז דו זאָלסט אָף מיר קוקן, נאָר דער מאַלכהאַמאָוועס... עפשער וועט עס אים אָפּשטויסן. קוק ניט. פאַרשאַף מיר ניט קיין אגמעסנעפעש, קינד מײַנס...

ווײַגדע האָט געפילט, אַז זי ווערט דערשטיקט פון ביזויען און אָנמעכטיקײַט. זי האָט געפילט, אַז אָט דער ביזויען און אָט די אָנמעכטיקײַט דאַרפן געפינען אין איר אוועלכן־ניט־איז אויסדרוק. זי ווייסט נאָך אַליין ניט, וויאַזוי און אין וואָס... נאָר אויב ס'וועט ניט געשען, וועט זי אַפילע ניט האָבן די ווערט זיך אַליין איבערהעריזען דעם גאָרגל.

דעריבער, ווען טאַדעוש האָט דאָס ערשטע מאָל א קוק געטאָן אָף איר, איז זי געווען גרייט מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַז עפּעס זאָל געשען.

טאַדעוש האָט צוגעטראָגן זײַן בליק צו איר, ווי מע טראָגט צו א שטיק פײַער צו אָנגעגליטן אופרײַס־שטאָף.

אָט דאָ וועט זיך אָנהייבן איר לעבן, פון דער אונטערערד. פון אָט די מענטשן, וואָס שלאָפן ניט קיין טעג און קיין נעכט. פון אָט די אומוואַנדלער, וואָס זײַנען איינציײַטיק אי דאָ

אי אין פופצן אנדערע ערטער. זיי זײַנען אינגאנצן אנדערע מענטשן. זיי פרעגן ניט, צי זײַנען זיי אין עפּעס שולדיק, נאָר זיי מישפּעטן, מיט וואָס זיי קאָנען. זיי שטעלן זיך קעגן. זיי פאַרלירן צען און געווינען איינס. גוט, עפּשער וועט זי זײַן איינע פון די צען. אויב ניט, איז אויך גוט. וואָס האָט זי נאָך צו זיצן און וואַרטן? עפּשער וואַרטן, ווי לייווי סאַנדלער, דער ביבליאָטעקער? דער באַלאַנס פון איר מישפּאָכע איז אָף דער דלאָניע, איר אייגן לעבן האָט זיך געענדיקט...

האָט זי מיט אופרײַסנדיקן ציטער געוואַרט, וואָס טאַדעוש וועט איר זאָגן. און ער האָט צוגעטראָגן זײַן בליק צו איר, ווי מע טראָגט צו א שטיק פּײַער צו אָנגעגליטן אופרײַס־שטאָף.

— איר זײַט גרייט צו אַרבעטן, וויגדע?

— איך בין גרייט, — האָבן אופגעציטערט אירע אויגן, אירע גרויסע דערשראָקענע און נאָך קינדעריש־טרויעריקע אויגן.

זי האָט ניט געפרעגט — וואָס? זי האָט ניט געפרעגט — ווען? א דערשראָקענע און א דאַנקבאַרע האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ. ניט ווי ער וואָלט איר פאַרגעלייגט גיין אײַנשטעלן דאָס לעבן, נאָר ווי ער וואָלט מיט אזא אײַנגעהאַלטענעם פלאַקער זיך איר דערקלערט אין ליבע און זי קאָן מער ניט, ווי ציטערן מיט אירע דערשראָקענע און אײַנזאָפּנדיקע אויגן.

— איר וועט גיין אָף דער אַרישער זײַט, וויגדע, — האָט שוין טאַדעוש זי ניט געפרעגט, גאָר געגעבן איר א פאַראָרדענונג.

אין וויגדען האָט געשמייכלט דאָס האַרץ און די נעשאָמע. זי האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי צו ענטפערן. ס'איז באַ איר אויסגעקומען, אַז זי גייט ניט אָף געפאַר, נאָר אָף א כאַסענע... אָף דער כאַסענע, ווו די מערדער וועלן ווערן אופגעריסן. אָף דער כאַסענע פון כאַרעוו געוואָרענעם פּוילן.

וויגדע האָט דערפילט, אַז עפּעס איז געבליבן אָף איר פון טאַדעושעס שטים אַזוינס, וואָס מע קאָן עס אָנטאַפּן. עס האָט זי אַרומגעוויקלט מיט הייסער קרעפטיקײַט און איז אַדורכגעדרונגען אינווייניק אין איר. עפּעס איז זי אַליין פון דער שטים געוואָרן שטײַפער און קרעפטיקער. און ס'האָט זיך איר געדוכט, אַז ערגעץ טראָגט זיך דער אָפּקלאַנג פון דער דאָזיקער שטים נאָענט לעבן איר און אַרום איר, און ווו זי גיט זיך איצט ניט קיין קער, שטויסט זי זיך אָן אָף אָט דעם ווידערקאָל.

דער ווידערקאָל האָט פאַרגעזעצט זי רופן, באַוועגן און שטויסן צו איר דעם אָפּדאָסנײַ געבוירנוווערנדיקן גורל. זי האָט פאַרגעדענקט דעם שטרענגן און אַנטשיידענעם אויסדרוק פונעם געזיכט באַ דעם פעסט געבויטן מאַן. די שאַרפע צייכענונג פון זײַן פּראָפיל און די היץ פון זײַן דורכדרינגלעכן בליק איז נאָך אַלץ געווען אין דער לופט אַרום איר. ס'איז איר נאָך אַלץ געווען וואַרעם פון אים.

פאַר אירע אויגן האָט זיך געשטעלט סלאַוועק. ער פלעגט יעדן אינדערפרי אַרויסגעפירט ווערן אָף קאַטאָרזשנע אַרבעט — אַמאָל צו דער באַן, אַמאָל גלאַט אָף געפּײַניקט ווערן — און זיך אומקערן שפּעט אין דער נאַכט. זײַן געזיכט האָט זיך געענדערט. זי דערקענט אים צומאָל ניט... זײַנע אויגן זײַנען פאַרלאָשן פון דערשלאָגנקײַט און פּײַן. קיינמאָל איז מען ניט זיכער, צי וועט ער זיך אומקערן, ווען ער גייט אַוועק.

וויגדע האָט זיך דערמאָנט, ווי סלאַוועק האָט זי אַרויסבאַגלייט, ווען דער אַלטער וויטצעד איז געקומען נאָך איר.

— מאַך זיך גרייט, וויגדע, — האָט ער איר געזאָגט, — און גיב איבער טאַדעושן, ער זאָל זײַן פאָרזיכטיק... זאָג אים, אַז אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן דעפּענזיוושטשיקעס... איבערגע־טאָנענע אין דער דײַטשישער אוניפאָרם...

ער האָט איר געקוקט אין די אויגן מיט אַזאַ פאַרליבטקײַט, ווי ער וואָלט זיך געריסן אינגאַנצן אין זיי אַרײַן... איר האָט זיך געדוכט, אַז ער וויינט.

ניין. דער ווידערקאָל פון טאַדעושעס ווערטער, דער שטרענגער און אַנטשיידענער אויסדרוק פון זײַן געזיכט, די שאַרפע צייכענונג פון זײַן פּראָפיל, די זיכערקײַט פון זײַן טראָט און די היץ פון זײַנע אויגן, וואָס פאַרפאָלגט א צײַט לאַנג נאָך דעם, ווי ער גיט א קוק, — דאָס אַלץ קער זיך אָן מיט איר אָף אַזויפיל, אָף וויפל עס ליגט אָפּן הויפּט־טראַקט פון איר אַריבערוואַרפן זיך אָף דער אַרישער זײַט. און מער ניט.

איצט איז וויגדע, ווי א שטילע גאָטספּאַרכטיקע קאַטוילישע פרײַלן, געווען אָף קוואַרטיר באַ אַן אַלמאָנע פון א דערהאַרגעטן פראָפעסאָר. זי איז רעגולער געגאַנגען אין קירך און ס'האָט באַ קיינעם ניט אַרויסגערופן קיין צווייפל איר לאָיאַלע פאַרשטענדעניש פאַר דער אָקופּאַנטישער מאַכט.

פונעם דײַטשישן אַרסענאַל צו איר אומשולדיקער קוואַרטיר האָט געפירט א געהיימער וועג. דאָס אַרויסגעגאַנוועטע געווער איז לעכאַטכילע אָן דעם מינדסטן פאַרדאַכט געגאַנגען צו איר און נאָכדעם, מיט דער הילף פונעם אַלטן וויטצעד, — אין געטאָ.

דעריבער, ווען נאָסן האָט פאַרגעלייגט פאַרבינדן אַף דער ארישער זײַט ווינדעון מיטן אינזשעניער עטל וויטעלסקאיא, האָט טאדעוש דעם דאָזיקן פאָרשלאָג אָפּגעפרעגט:
— ווינדעון וועלן מיר דאַרפן אַף בילכערע זאַכן, אַף בילכערע...

# דער בלוטיקער יאָמקיפּער

ס׳איז געווען א טרויעריקער הארבסטיקער פרימאָרגן. א שטילער, ווי אַף א בעסוילעם. די הײַזער האָבן ערטערווײַז אויסגעזען, ווי אײַנגעוואַלגערטע גרויסע אומגעלומפּערטע מאַציייוועס, און ווײַל די זון האָט אַזוי מילד זיך פאַנאַנדערגעגאָסן איבער די גאַסן און געסלעך און קיינער האָט זיך מיט איר ניט געפרייט, און ווײַל קיין קינדער זײַנען אַף די גאַסן ניט געווען, און ווײַל כּוץ דעם פאַרכאַלעמטן געמורמל פונעם ביסעלע פּאַרוויאַנעטן גרינס אַף די איינזאמעביימער האָט זיך גאָרנישט ניט געהערט, — האָט מעטעק זיך אויסגעדאַכט, אַז ס׳איז טישעבאָוו, און טאדעושן — אַז ער איז אין געטאָ.

— לויט מײַנע אויסרעכענונגען, — האָט טאדעוש פּלוצעם זיך אָנגערופן צו מעטעקן, — דאַרף דער יודענראַט הײַנט ענטפערן אַף פאַן פראַשס פאָדערונג...

— וואָסער פאָדערונג?

— דעפּאָרטאַציע...

מעטעק האָט אינסטינקטיוו א וואָרף געטאָן די אויגן אין ביידע זײַטן, און א געצווימטע זאָרג האָט דורכגעשטראַמט דורך די קנייטשן פון זײַן פאַרברוינטן שטערן:

— הײַנט איז בא יידן יאָמקיפּער, טאדעוש...

— נו?

— נו... — האָט מעטעק צעצויגן דעם ענטפער, געגומען קוקן אין פאַרשיידענע זײַטן, — איז האָט ער הײַנט, פאַן פראַש, כּוץ אַלע אַנדערע זיבן זאַכן, זייער א געפערלעכן קאָנקורענט...

— וועמען?

— דעם יידישן גאָט.

מעטעק האָט ניט געאײַלט. ער האָט גערעדט לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט ערשט אַליין דורכגעטראַכט, וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן דעם:

— הײַנט וועלן יידן גיין אין שול, טאדעוש, און מער אין ערגעץ ניט. אַזוי דוכט זיך מיר.

ער האָט יעדע ווײַלע געכאַפּט א קוק, צי זיי גייען ריכטיק, און פאָרגעזעצט:

— זיי וועלן נאָך פּרוּוון מיט טרערן און געבעט... עפּשער וועלן זיי נאָך עפּעס פּועלן... זיי גלייבן נאָך אַלץ, אַז דער הימל וועט זיך פאַר זיי אָנעמען... אַז ס׳וועט געשען א נעס...

טאדעוש האָט א ווונק געטאָן מיט די אויגן, אַז מע דאַרף פאַרקערעווען ערגעץ אין א געסעלע, וואָס איז פאַרוואַלגערט מיט ציגלברוך און מיט שטיקער אײַנגעפאַלענע ווענט, און מעטעק האָט, שפּאַנענדיק נאָך טאדעושן, אים אַרײַנגעזאָגט קימאַט אין האַלדז־און־נאַקן:

— יידן, ווען זיי טוען זיך אָן אין די טאַלייסים, מיינען זיי, אַז זיי זײַנען אין פאַנצערס... און קיין קויל קאָן צו זיי ניט צושטיין... הײַנט וועלן זיי זײַן אין שול... זיי וועלן זיך דאָרט פּרוּוון ראַטעווען. און ס׳וועט זיי קיינער ניט קאָנען אײַנריידן, אַז מיט דעם וועלן זיי נאָר פאַרלײַכטערן פאַן פראַשן דעם יאַגד...

טאדעוש האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און פאַר זײַנע אויגן זײַנען דורכגעגאַנגען די יידן פון דער געטאָ, ווי געשפּענסטער מיט טאַלייסים... צעשלאָגענע און צעבלוטיקטע, ווי מע גייט קאַליסטרוי...

ווי מעטעק האָט פאָרויסגעזען, זײַנען טאַקע די יידן, באַזונדערס זקיינים און פרויען, אוועק אין שול און אין קאָנספּיראַטיווע שטיבלעך, וווּ ס׳האָבן זיך געזאַמלט אײַנוווינער פון א גאַס אָדער פון צוויי, און זיך איבערגעדעקט מיט די טאַלייסים די קעפּ, מיט דער האָפענונג, אַז דער אומגליק וועט זיי ניט דערזען.

דאָך זײַנען זיי געגאַנגען דאָס מאָל אין גאָטס הויז מיט א באַזונדער שווער געמיט. זייער אַלטע געבונדנקײַט מיט גאָט איז געווען א דורכגעפוילטע. עס האָט זי שוין מער גאָרניט געהאַלטן, כּוץ די געוווינהײַט און דער פּאַכעד, און דאָס, וואָס אַלנפאַלס איז דאָך די שול מיט זיבן גאַסן ווײַטער פונעם אומשלאַג־פּלאַץ... און פון דער אַנדערער זײַט, זײַן אין שול באַטײַט נאָך א טאָג לעבן. ס׳האָט אויך עפּעס א ווערט. און ווײַטער איז ווידעראַמאָל — ביטאָכן.

באַזונדערס שווער האָט זיך געלייגט אַף זייער געמיט די געשיכטע מיטן פּאָרזיצער פונעם יודענראַט. דאָס איז פאַר יעדן איינעם געווען א צייכן פון דעם, אַז אַף דער געטאָ רוקט זיך אָן דער סאָף... יעדער איינער האָט געוווּסט, וויאַזוי דער פּרוצעס האָט זיך ערעוו־יאָמקיפּער גע־

זעגנט מיט זײַנע בניי־באַיס, וואָס ער האָט געזאָגט די קינדער, און איבערהויפּט די צוואָע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן. און פון דער צוואָע, וואָס מע האָט געפונען אין אײַנגעקוועטשטע אין זײַן פּאַרגליווערטער האַנט, האָבן אַרויסגעשריַען צוויי ווערטער: — „ביזן לעצטן...“

פון שטוב איז ער אַרויסגעגאַנגען מיט די גאָלדענע כּפּייצים און מיט די לײַכטער, זײַענדיק פעסט באַם געדאַנק, אַז דאָס איז זײַן לעצטער גאַנג, וואָס ער האָט צו מאַכן אויף דער ערד. ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן פון געטאָ און געשאָקלט צו יעדער שטוב מיטן קאָפּ, ווי אַ שולדיקער דערפאַר, וואָס אין איינער האָט געפעלט אַ טאַטע און אין אַ צווייטער — אַ קינד און ערגעץ אַנדערש — אַ זאַקן. ער איז געגאַנגען און אים האָט זיך געדוכט, אַז עס באַגלייט אים פּאַן פּראַש און ווײַזט אים:

— אָט פון דער שטוב, הער אָבער־יודע, האָט איר נאָך ניט אַרײַנגעשריבן אין די צעטלען... אָט פון יענעם הויז האָט איר ניט צוגעשטעלט קיין אויסקונפטע, הער אָבער־יודע...

ער האָט אים געשמיסן דער שטורעמפיורער אין זײַן לעצטן גאַנג, און ער איז געגאַנגען און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט געוואָלט, עס זאָל זיך שוין ענדיקן וואָס גיכער דער וועג. ער זאָל שוין אויפהערן פילן אויף זיך דעם אָל פון זײַנע לעצטע מינוטן... נאָר אַנטקעגן איז אים געגאַנגען דאָס וויסטע פּאַריאַסעמטע יעסוימים־הויז... דאָס איבערגעקערטע פּאַרקנדל מיט די צע־טראָטענע געוויקסן, וועלכע די קינדער האָבן באַוויזן פאַרפלאַנצן אויף דער וועלט...

פון ביידע זײַטן האָבן אויף אים געקוקט אָוולדיקע הײַזער, וואָס זײַנען געזעסן נידעריק בא דער ערד, ווי מע זיצט שיווע... זיי האָבן אים נאָכגעקוקט, ווען ער האָט זיך דערווײַטערט פון זיי; זיי האָבן אים נאָכגעקוקט, ווי אַ מין אויף דער ערד זיצנדיקע פּאַרגלײַווערטע לעווײַע... און ער האָט זיך געשעמט אויפהייבן דעם קאָפּ, אַ קוק טאָן אויף זיי צום לעצטן מאָל...

און קוקנדיק אַזוי אַראָפּ, איז אים געקומען אויפן געדאַנק דער פּרימאַרגן, ווען מע וועט אים, אָן אײַנגעוויקלטן אין פּאַפּיר, אַרויסטראָגן פון יודענראַט און אים אוועקלייגן אין דרויסן לעבן דעם טויער, די כּעוורע „כּעסעד־שעל־עמעס“ זאָל אים אוועקפירן אויפן בעסוילעם און באַגראָבן. און גלײַך איז אים באַפאַלן אַ סאָפעק: עס וועט פּונקט זײַן יאָמקיפּער אינדערפרי. דער „כּעסעד־שעל־עמעס“ וועט יאָמקיפּער אינדערפרי איבער די גאַסן ניט אַרומגיין און מיט אַזעלכע מיצוועס זיך ניט פאַרנעמען. דאָס איז רייִשיס, האָט ער געדרייט מיטן קאָפּ. שייניס, האָט פּאַן פּראַש פּאַ־נאַנדערגעשיקט די צעטלען, אַז יאָמקיפּער אינדערפרי זאָלן די ייִדן זיך צושטעלן צום אומשלאַג־פּלאַץ. און שלישיס, ווען עס זאָל אפילו גאַרניט זײַן, איז נאָך אַ סאָפעק, צי די כּעוורע „כּעסעד־שעל־עמעס“ וועט זיך וועלן צורירן צו אים...

ער איז אַרײַנגעקומען אין יודענראַט. ס'איז דאָרטן קיינער ניט געווען. די זון האָט דורך די פענצטער ניט אַרײַנגעקוקט. אין די ליידיקע צימערן האָט זיך געשפּרייט אַ טונקלקייט. ער האָט פאַנאַנדערגעעפנט דעם שראַנק. אויף די פּאָלקעס זײַנען געלעגן איינס אויפן אַנדערן צעטלען. צעטלען מיט נעמען פון געקוילעטע און פאַרברענטע ייִדן. עס האָט זיך געדוכט, אַז פון די צעטלען שרײַען אַרויס די נעמען אין דער טונקלקייט פונעם יודענראַט און פונדאַנען — אויף דער גאַס, און דער טויטער שאָרך צעגייט זיך ווײַט איבער דער געטאָ, איבער די פאַרמויערטע ווענט און איבער דעם שטעכדראָט — ווײַט אין דער וועלט אַרײַן... און ער, דער פּרעזעס, שטייט איצט לעבן אָט די צעטלען ערעוו־יאָמקיפּער און בעט בא זיי מעכילע.

ער וואָלט זיך צעוויינט, נאָר ס'קומט אים ניט די טרייסט, וואָס לייגט זיך אויפן האַרצן פון טרערן... ער בעט מעכילע בא די צעטלען מיט נעמען פון מייסים... ער דערוועגט זיך ניט צוגיין נאָענט צום שראַנק, ווי ער וואָלט זיך ניט דערוועגט צוגיין נאָענט צו אָן אָרנקוידעש. ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען בעטן מעכילע בא די פּאַריאַסעמטע שטיבער, בא די אײַנגעוואָלגערטע און פּאַר־טרויערטע, וואָס זיצן שיווע אויף דער ערד, — ער וואָלט אַרויסגעלאָפן בעטן מעכילע אויך בא זיי... אָבער די דאָזיקע טרייסט קומט אים אויך ניט.

ער האָט אוועקגעלייגט אויפן טיש דאָס לעצטע ביסל צירונג פון זײַן הויזגעזינד און די לײַכ־טער, וואָס אויף זיי האָט זײַן זמירע געבענטשט ליכט, פאַנאַנדערגעשפּרייט די צוואָע, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און זיך גרייט געמאַכט צו זאָגן ווידוי. ער האָט אַראָפּגענומען פון שראַנק דעם סידער, אים אויפגעעפנט און גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ:

— ריבוינעשעלוילעם.

נאָר פּלוצעם האָט זיך אים אַ דאַכט אויס געגעבן, אַז די צעטלען הייבן זיך אויף פון די פּאָלקעס, וואָס אין שראַנק, מיט אַ בעסוילעמדיקן ראַש... זיי רינגלען אים אַרום און פאַרמאַכן אים דעם סידער:

— זײַ זיך מיסוואַדע פאַר פּאַן פּראַשן, פאָרזיצער. הײַנט האָסטו בויגעד געווען אין אים, ניט אינעם ריבוינעשעלוילעם.

א פינצטערניש האָט זיך באַזעצט אין זײַנע אויגן. ער האָט ניט באמערקט, ווי עס איז צוגעפאלן די נאכט. אין שול און אין די שטיבלעך פון געטאָ האָט זיך שוין א ריס געטאָן דאָס געוויין פון „קאָל־נידרע". דאָס צימער פונעם יודענראט האָט זיך געפילט מיט שאָטנס. און ער — צווישן די שאָטנס און די אופגעשטאַנענע צעטלען, און פאָן פראָש איז אהער אויך געקומען:

— ריכטיק, — האָט ער זיך גענומען ווארגן מיטן לעצטן ביסל אָטעם, — גאָטס נאָמען האָב איך ניט וואָס צו דערמאָנען... אָבער פארפאסטן אף יאָמקיפער...

ער האָט אוועקגעלייגט דעם סידער און גענומען די צאוואָע אין די הענט:

— זאָל דאָס זײַן מײַן ווידע...

ער האָט גענומען לייענען פאר זיך:

— ערעוו־יאָמקיפער. זאָל מיר געצאָלט ווערן פאר מײַנע מײַסים מיט דער העכסטער מאָס פון דין. איך בין אף זיך אלץ מעקאבל...

ער האָט ארויסבאקומען אין א שטיקל פאפיר ציאַן־קאלי, עס צוגעטראָגן צום מויל און זיך געווענדט צום אָפענעם שראנק מיט די צעטלען:

— לאָזט מיך מעקאבל זײַן דעם יאָמקיפערדיקן טאָנעס אף אייביק.

און ער האָט אויסגעטרונקען דעם סאם.

און יאָמקיפער אינדערפרי זײַנען ייִדן געגאנגען געהיימערהייט אין שול און אין די באַהאלטענע שטיבלעך — זיך באשיצן מיט די טאליסים אין דער אָנוועזנהײַט פון גאָט, ווי מעטעק האָט ארויסגעזאָגט זײַן האשאָרע פאר טאדעושן... ער האָט נאָר ניט געוווּסט, אז באלד נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די דײַטשישע בלאָקאדע...

דער טויער פון געטאָ האָט זיך צעשפארט, ווי אן אופגעריסענער שליוז, און דורך אים האָבן א פלייץ געטאָן אף די שטילע יאָמקיפערדיקע גאסן די מערדער פון דער „פארניכטונגס־קאָמאנדע". אין איין אויגנבליק זײַנען שוין די ייִדישע שטיבלעך געווען דורכגעלעכערט אף דורך און דורך. אופגעריסענע טירן און אויסגעזעצטע פענצטער. אף די שוועלן האָבן זיך שוין געוואלגערט דערשטאָכענע זקיינים און קראנקע, וואָס האָבן ניט געהאט, ווו זיך צו באהאלטן, און זיך ניט געקאָנט רירן פון שטוב. בלוט האָט א שטראָם געטאָן אפן גאס פון איין טיר אנטקעגן דער אנדערער. און אין די באָטעמעדראָשים איז געגאנגען דאָס יאָמקיפערדיקע געוויין פון די ייִדן אײַנגעוויקלטע אין טאליסים, ווי אין טאכריכים. און מיטאמאָל האָבן זיך די באָטעמעדראָשים א וואקל געטאָן, ווי פון אן אונטערערדישן שטויס, ווי זיי וואָלטן זיך אָפגעריסן פון דער ערד און געשלײַדערט געוואָרן ערגעץ אין דער אָפגרונט־פוסטקײַט. דאָס געוויין איז פארביטן געוואָרן אף א יעלאָלע, די טפילעס — אף א וויי־געשריי. די אָרעמע שטיבלעך מיט די דאוונענדיקע ייִדן האָבן זיך גענומען טראָגן אין דעם שטורעם פון די באפאלענע עס־עס, אין דעם באנדיטישן געפײַף און אין דעם שיקערן געלעכטער אונטערן אקאָמפאנעמענט פון אווטאָמאטישע שיסערײַען, וואָס זײַנען גלײַך געגעבן געוואָרן לויט א קאָמאנדע.

— אכטונג!

די מיספאלעלים זײַנען געפאלן איינע אף די אנדערע, זיך געוואָרפן אף דער ערד, זיך געפרוווט פארשטעלן מיט די שטענדערס און געשריִען אין דער טויבער שטויביקער ערד ארײַן, וואָס איז געווען פארדעקט מיט א ביסל היי, ווי מיט א ביסל אויסגעקראָכענע האָר. נאָר זייערע קוילעס זײַנען אָפגעשפרונגען צוריק און דערטרונקען געוואָרן אינעם בלוטיקן דעבאָש, אינעם שטאָלענעם גרילץ פונעם אווטאָמאטישן געווער. דער הימל איז שוין פון זיי געווען פארשטעלט. קיין הימל איז שוין ביכלאל ניט געווען אין געטאָ. א קויטיקע, א נאקעטע, אן אומפארשעמטע גרויקײַט האָט געשפארט פון דער הייך, נאָר קיינער פון די געכאפטע און געשלאָגענע און געפירטע האָט ניט געוואָלט אופהייבן צו איר די אויגן. און אזוי זײַנען זיי, די ביקסן צוגעשטעלטע צו די מײַלער, ארויסגעריסן געוואָרן פון זייערע לעצטע באהעלטענישן און געטריבן געוואָרן צום אומשלאג־פלאץ. אינמיטן וועג האָבן אנדערע באנדעס אונטערגעוואָרפן צו דעם הויפט־שטראָם נײַע מענגעס, געטריבענע פון אנדערע ערטער, און איבער דער געטאָ האָט זיך אויסגעצויגן יאָמקיפער אינדערפרי א לאנגער טרויעריקער צוג פון עטלעכע צענדליק טויזנט מענטשן — אף שכיטע. מע האָט זיי פריִער אויסגעשטעלט אין רייען, זיי זאָלן גיין לויט דעם דײַטשישן מיליטערישן אוסטאוו און אָפגעבן קאָוועד דעם מאלכהאמאָוועס. זיי האָבן ניט געוווּסט, וווהין מע טרײַבט זיי. ארומגערינגלט פון אלע זײַטן דורך די שווארצע עסעסישע פארדארבער, זײַנען זיי יעדע ווײַלע אופגעטרייסלט געוואָרן פון אן אומדערווארטן שאָס סאמע לעבן די אויערן, סאמע לעבן די שלייפן און סאמע לעבן די מײַלער. דורך די הויכע פענצטער פון די הײַזער, וואָס פארבײַ זיי איז אדורכגעטריבן געוואָרן דער געיאָגטער האמוין, האָבן די מערדער יעדע ווײַלע אראָפּגעשלײַדערט א קינד אפן ברוק און מיטן קנאק פונעם צעזעצטן און צעשפריצטן שארבנדל האָט מען די פארורטיילטע

געגעבן צו פארשטיין, וווהין זיי גייען. און אף צו באשטעטיקן דעם וועג האָבן די הענקער אראָפּ־געשליידערט פון א הויכן שטאָק דורכן פענצטער אויף די מוטער פונעם קינד. און דער האמוין איז געגאנגען, זיך ניט אָפּגעשטעלט... אָפּענע רערן־מיילער פון אווטאָמאטן האָבן קאָמאנדעוועט און געוויזן די ריכטונג.

ביסלעכווייז זיינען אף דעם דאָזיקן יאָמקיפּער־ספּעקטאקל זיך צונויפגעפאָרן די סאמע פּאר־נעמסטע און פּראָמינענטסטע צושויער פון דער גובערנאטאָרשאפט. פאַרויס האָט געריטן די געשטאָ־פּאָליציי אף ריקשעס און געמאכט אָרדענונג, די גויאָגטע אף שכיטע זאָלן ניט ארויס כאָלילע פון דער ריי. זיי האָבן זיך באמיט גאָרגלען וואָס העכער, אז די עס־עס זאָלן זען, ווי געטריי און ווי איבערגעגעבן זיי סטארען זיך פארן רייך.

דורך די הויפּט־גאסן פון דער כאָרעווער ווארשע האָבן זיך צוגעגליטשט צום אומשלאג־פּלאץ אף גלאנציק־אָפּגעפּאָלירטע אווטאָמאָבילן דער דייטשישער קאָמענדאנט און דער שטעל־פארטרעטער פונעם גיירוש־קאָמיסאר. זיי זיינען צוגעפאָרן האסטיק און מיט אופגעלייגטקייט אין די באוועגונגען אָפּגעשטעלט די מאשינעס, ווי זיי וואָלטן צוגעפאָרן ניט צו קיין שכיטע־פּלאץ, נאָר צו א טעאטער, וווּ זיי האָבן זייערע אן אייגענע מעלוכע־לאָזשע.

די דאָזיקע צוויי הויכגעשטעלטע פּערזאָנען האָבן באקוקט דאָס „געכאפּ" פון יאָמקיפּער אינדערפרי אין די יידישע באָטעמעדראָשים און זיך געגומען בייזערן אף דער פּאָליציי, גלאט אזוי, אָן א פארוואָס, אונטערשטרייכנדיק דערמיט זייער אלגעוועלטיקייט און מע זאָל קיין איין רעגע ניט פארגעסן, אז זיי זיינען דאָ.

און די געטריבענע טויזנטקעפּיקע מאסע האָט זיך באוועגט אף איין אָרט. עס האָט זיך גע־דוכט, אז זי גייט נאָך אלץ. אז זי קאָן זיך ניט אָפּשטעלן. עס האָט זיך געדוכט, אז זי גייט ערגעץ ווערטיקאל. אָט קומען צו נאָך. א סאך. דערשטוינטע. אין היגערפלעט. זיי פילן ניט קיין באָדן אונטער די פיס. זיי זעען ניט קיין הימל איבער זיך. די אויגן זיינען בא אלעמען פארשטאָפּט מיט שווינדלדיקן נעפּל און מיט בלוט. זיי זעען גאָרניט. אלץ האָט זיך אומגעקערט צוריק אין טויהו־וואָוויהודיקן צושטאנד און זיי ווירבלען זיך ארום אים. זיי פאלן ערגעץ טיף. אין אן אָפּגרונט. שוין אזוי לאנג, אז ס'האָט זיי אראָפּגעוואָרפן, שוין אזוי לאנג, אז זיי פאלן, און קאָנען ניט דער־גרייכן דעם גרונט און זיך צעקלאפּן און זיך אויסמישן מיט אָט דעם וואָיענדיקן און וואנזיניקן טויהו־וואָוויהו.

נאָר דער ספּעקטאקל האָט זיך נאָך אלץ ניט אָנגעהויבן. די ערעוו־מיסעניקעס האָבן זיך גע־טוליעט איינער צו דעם אנדערן, אָפּשטויסנדיק פון זיך די שרעק מיט די הענט. אף וועמען ווארט מען? אָט זיינען זיי. די, וואָס דארפן פאָטאָגראפירן און פארייביקן דייטשלאנדס מעמשאָלע, דייטש־לאנדס גדולע, דייטשלאנדס רום.

און מיטאמאָל האָט זיך דער גאנצער אומשלאג־פּלאץ אופגעטרייסלט, ווי ס'וואָלט אים א שטויס געטאָן פון אונטער דער ערד. די צענדליקער טויזנטער פארורטיילטע, וואָס האָבן זיך די גאנצע צייט געפונען אין היגערפלעט פון טויט, האָבן זיך פלוצעם אופגעפליגלט מיט די טאליי־סים. איבערגעפלאָכטענע און אָניאָגנדיקע איינע אף די אנדערע, ווי כוואליעס אין א שטורעם, האָבן זיי, רייסנדיק זיך פון זיך אליין, געגומען שפּארן אין דער הייך מיט א פארטויבנדיק ווייַ־געשריי, און איבער אָט דעם פלוצעמדיקן אופברויז האָט שלוימעלע גערער געגעבן א שפּרונג ארויס:

— יידן, פארוואָס האָבן מיר איבערגעריסן די טפילעס? ס'איז דאָך יאָמקיפּער אף דער וועלט, דער יאָם־האַדין. וואָס הערן מיר די קוילערס? וואָס הערן מיר די טאליאָנים? יידן!

און זיין קאָל האָט זיך א קייקל געטאָן איבער דעם גאנצן אומשלאג־פּלאץ:

— האמע־ע־ע־לעך.

דער שטעלפארטרעטער פונעם גיירוש־קאָמיסאר האָט אָנגעצונדן דעם אויסגעלאָשענעם ציי־גאר און א ווונק געטאָן צום קאָמענדאנט, און דער קאָמענדאנט צום אינספּעקטאָר, און דער אינ־ספּעקטאָר צו דער פּאָליציי, און פון א שארפער סווישטשענדיקער אווטאָמאטן־סעקציע האָט שלוי־מעלע גערער זיך אויגנבליקלעך א קאטשע געטאָן און איז אומגעפאלן קוירים, אויסשפּייענדיק מיט בלוט די לעצטע ווערטער פון דער טפילע אף דער יאָמקיפּערדיקער ערד.

נאָר יידן האָבן עס ניט באמערקט. דאָס פייער פונעם אווטאָמאט איז דורך, ווי א בליץ, און ווי לויט א צייכן פונעם הימל האָבן די פאריאָגטע געגומען איבערציִען איבער די קעפּ די צע־פליגלטע טאליסים.

אין איין רעגע איז ווייס געוואָרן דער אומשלאג־פּלאץ, ווי א שניי וואָלט אויסגעפאלן אינמיטן יאָמקיפּער, און עטלעכע טויזנט קוילעס, אָנגעפילטע מיט ווייטעק און מיט צאָרן, מיט אויסגע־טאָנענקייט פון דער וועלט און מיט פאראכטונג צו די הענקער, האָבן זיך א לאָז געטאָן צום הימל:

— ונתנה תוקף קדושת היום...[1]

און דער גיירוש־קאָמיסאר האָט אויסגעשטעלט א פּאָר קעלבערנע אויגן אפן קאָמענדאנט, און דער קאָמענדאנט אפן אינספּעקטאָר, און דער אינספּעקטאָר אף די עס־עס, און באלד האָבן א שטעפּ געטאָן קוילנווארפערס און אווטאָמאטן, און באלד איז דער שניי, וואָס איז אויסגעפאלן יאָמקיפּער באטאָג, געוואָרן אויס שניי, נאָר א רויטע מאסע. און באלד זײַנען די טאלייסים פאר־כלינעט געוואָרן מיט בלוט, און באלד האָט זיך דער באשאָסענער אוילעם א וואלגער געטאָן אף דער ערד, מיטשלעפּנדיק מיט זיך די פּאָליציי און די עס־עס. ערגעץ אף אן אנדער עק פונעם אומשלאג־פּלאץ האָט נאָך אלץ, ווי א וואָיענדיקער יאם־צושלאָג, זיך געבראָכן דער „הא־מע־ע־לעך". און די האלב־צעטראָטענע און דערשאָסענע, וואָס האָבן זיך שוין געוואלגערט, אײַנגעהרי־זעטע אין דער הארבסטיקער ערד, און אין די אנטבלויזטע און צעבלוטיקטע עס־עס־לײַט, און אין דער פּאָליציי, זײַנען אָפּגעגאנגען מיט די לעצטע קרעכצן און האָבן אויסגעשפּיגן מיט בלוט די נעשאָמעס איניינעם מיט די טפילעדיקע ווידערקאָלן...

# דער אורטייל

אין דער אונטערערד זײַנען געווען פארזאמלט אלע. דאָרט האָט מען אויך איצט גערעדט ווייניק. מער מיט די אויגן. מער — אפן ווונק. דאָס מענטשלעכע קאָל, ווי שטיל ס'איז איצט ניט געווען, האָט ארויסגעבראכט יעדן איינציקן פון זיך. דאָס מענטשלעכע קאָל האָט איצט געשלאָגן, ניט געקלונגען.

א הוסט טאָן האָט זיך קיינער ניט דערלויבט אין אָט דער געפּרעסטער שטילקײַט. עס האָט זיך געדוכט, אז זיי שטייען דאָ שוין זייער לאנג און רירן זיך ניט פון אָרט, — פון יענער רעגע אָן, זינט די לאסטוואָגנס מיט די קינדער האָבן זיך ארויסגעריסן פון דער שטאָט. ס'האָט זיך גע־דוכט, אז זיי הערן דעם גרילץ פון די רעדער, וואָס פארטויבט דאָס געוויין פון די קינדער. אָט דאָס הערן זיי — אונטערערדישע, געפּעגטעטע, אומבאוואָפנטע, נאָר ניט אָפּגעטעמפּטע אין זייער האָפענונג אף נעקאָמע.



[1] — אונעסאנע טויקעף קדושאס האיום — א יאָמקיפּערדיקע טפילע.

דערשלאָגענע און באַרוישטע, מיט איבערגעבערנטע הערצער, נאָר מיט ניט פאַרלאָשענעם צאָרן, זײַנען זיי געשטאַנען ביז איבערן האַלדז אין וויי און אין פּײַן. פון זייערע אויגן איז ניט אָפּגעטראָטן דאָס שרעקלעכע בילד פון די קינדער, די געיאָגטע צום אומשלאַג־פּלאַץ צוזאַמען מיט דעם אַלטן לערער יאַקוב גאָלדשמיט, וואָס יעדער פּוילישער שטיין האָט געקענט אונטערן נאָמען יאַנוש קאָרטשאַק. פון זייערע אויגן האָט געזעצט די נאַכט. ווי מיט אײַזערנע רייפן האָט יעדער איינער איבערגעבונדן דעם ווייטאָג, מע זאָל פון אים ניט ווערן אופגעריסן. מיט פאַרפּרעסטע ציין און מיט אָנגעצויגענע אָדערן איז זי געשטאַנען, די אונטערערדישע מעסיבע, אַרום אַ טיש. דאָס האָט מען זיך אָהער צונויפגעקליבן אַרויסטראָגן אַן אורטייל דעם הענקער פון ייִדישע קינדער אין געטאָ פאַן פּראָשן.

— שרײַב, טאַדעוש, — האָט אַלעקסאַנדער געזאָגט מיט אַ כריפּענדיקער שטים, קוקנדיק מיט די שמאָלע אויגן אויף אַלע פאַרזאַמלטע.

טאַדעוש האָט זיך אוועקגעזעצט באַם טיש, אוועקגעלייגט פאַר זיך אַ שטיק פּאַפּיר און אויך אַ קוק געטאָן אויף אַלע כאַווירים ריכטער פון דער אונטערערד.

— איך בעט זיך אופשטעלן, — האָט אַלעקסאַנדער זיך געווענדט צו אַלע בײַוווּזנדיקע.

אַלע זײַנען געשטאַנען פון פאַרפריִער. טאַדעוש האָט זיך אויך אופגעשטעלט, און אַלעקסאַנדער האָט געמאָלדן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פײַערלעכקײַט:

— אין נאָמען פונעם אונטערערדישן טריבונאַל פון די געטאָ־אופשטענדלער ווערט דער געסטאַפּאָ־הונט פאַן פּראָש פאַרמישפּעט צום טויט דורך שיסן.

טאַדעוש האָט אָנגעשריבן דעם אורטייל, אים איבערגעגעבן אַלעקסאַנדערן, ער זאָל דער ערשטער כאַסמענען. נאָכדעם האָט ער זיך אַליין אונטערגעשריבן. דערנאָך איז דער אורטייל געגאַנגען פון האַנט צו האַנט. יעדער איינער האָט אוועקגעלייגט זײַן כסימע, ווי דאָס לעבן. ווען דער אורטייל איז געכאַסמעט געוואָרן, זײַנען זיך אַלע שטיל פאַנאַנדערגעגאַנגען...

• • •

אין דער אונטערערד פון געטאָ איז אין יענעם טאָג געקומען שײַע ריינגאָלדס זון מעטעק.

פון אַ פראַנצויזישן קאָנצלאַגער, דורך אַ האַלבער וועלט, האָט ער זיך דורכגעריסן, דער גאַסט, און איז געקומען אין געטאָ. ער איז געקומען מיט אַ גרייטן פּלאַן, אַ דורכגעטראַכטן נאָך אין וועג. די דערפאַרונג פון זײַנע צוויי יאָר אין דער ייִדישער ראָטע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע און פון זײַן אונטערערדישער אַרבעט אינעם פראַנצויזישן קאָנצלאַגער איז אים איצט געקומען צו הילף.

— ווידערשטאַנד, — האָט געקלאַפּט זײַן האַרץ, — ווידערשטאַנד. אַרומוואַקסן מיט מענטשן. און וואָס מער.

ער האָט געוווּסט, אַז אין געטאָ קאָן זיך אָנהייבן דער אינווייניקסטער פּאַרטייען־שטרײַט. וועגן דעם האָט ער גלײַך געוואָרנט אַלעקסאַנדערן און טאַדעושן, ווי נאָר זיי האָבן זיך געטראָפן.

— איין גרויסע שלאַכט־אָרגאַניזאַציע דאַרף מען איצט האָבן. קיין פאַרשיידענע פּאַרטייען זײַנען איצט ניטאָ. ס׳איז פאַראַן איין פּאַרטיי. אָט די, וואָס שלאָגן זיך מיטן פאַשיזם.

ער האָט זיך געריסן זען מיט זײַן פאָטער, מיטן אַלטן שײַע ריינגאָלד, און מיט ראָכלס פאָטער, דעם פּראָפעסאָר זאַרכי; ס׳האָט זיך אים געוואָלט אַ קוק טאָן אויף יאַקובן. ער האָט געציילט די רעגעס. און דאָך האָט ער קענען זײַן ווילן פריִער אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג. אַ פּראָוויזאָרישע. שטייענדיק.

— מיט זעקס לידערס, — האָט ער אַרויסגעוואָרפן די האַנט צו די בײַוווּזנדיקע, — וועט איר קיין ווידערשטאַנד ניט אַרויסווײַזן. דאָס פאָלק דאַרף זיך ווידערשטעלן. דאָס פאָלק דאַרף זיך שלאָגן. אַזוי ווי עס שלאָגן זיך די פּאַרטיזאַנער אין די ווײַסרוסישע וועלדער, די פּאַרטיזאַנער אין די בריאַנסקער וועלדער.

די כאַווירים האָבן אים געהערט אופמערקזאַם, ווי אַ מענטשן, וואָס איז נאָרוואָס געקומען פונעם לאַנד, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט קלאַסישע שלאַכטן, פון סאָוועטן־לאַנד. אַלעקסאַנדער האָט געקנייטשט דעם שטערן און געלאָזט דורכגיין מעטעקס ווערטער דורך זײַן יעדן קנייטש. טאַדעוש האָט געקוקט אין דער ווײַט, הערנדיק מעטעקן, ווי ער וואָלט געהערט אַ מיליטערישע קאָמאַנדע פון יענער זײַט גרענעץ. נאָסן האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין דינוועכעזשבן. ער האָט פּאַשעט געטרונקען יעדעס וואָרט און געוואָרט, ס׳זאָל רעאַליזירט ווערן. און מעטעק האָט נאָך אַ קליינער פּאַוזע פאַרגעזעצט:

— וועלכע פּאַרטייען זײַנען דאָ פאַראַן אין געטאָ?

— אלע, — האָט שמייכלענדיק געענטפערט אַלעקסאַנדער, — פּונקט, ווי פאַר דער מילכאָמע.

— אָבער די פירנדיקע ראָליע, — האָט זיך אַרײַנגעמישט טאַדעוש, — האָבן מיר, די קאָמוניסטן.

— דאַרף מען די דאָזיקע פירנדיקע ראָליע אויסנוצן ניט שמאָל, נאָר אין דער גאַנצער מעג־לעכער ברייטקײַט, — האָט מעטעק אונטערגעכאַפּט טאַדעושן. — פאַרייניקן זיך. שאַפן אַן איינ־הײַט־פראָנט...

די אונטערערדלער האָבן זיך איבערגעקוקט און באַגײַטיקנדיק געפינטלט איינער צום אַנדערן מיט די אויגן.

— ווײַטער, — האָט פאַרגעזעצט מעטעק, — מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַ־וועגונג זײַנען מיר פאַרבונדן?

— מיט דער „גוואַרדיאַ ליודאָוואַ“, — האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ טאַדעוש, — פונעם ערשטן טאָג אָן.

— אָט די דאָזיקע פאַרבינדונג, — האָט מעטעק אַ צופרידענער גענומען ריידן שטילער, — דאַרף מען פאַרשטאַרקן און זי האַלטן פאַר דעם רוקנביין פון אונדזער קאַמף. איבערגיסן דאָס בלוט פון איינעם אינעם אַנדערן. איין בלוט־צירקולאַציע. און אָט אַזוי — קרײַזנווײַז — די אינ־וויניקסטע פאַרברייטערונג פון די קויכעס אין דער געטאָ גיסט זיך אַרײַן אין דער דרויסנדיקער פאַרברייטערונג מיט דער דעמאָקראַטישער פאָלקס־באַוועגונג פון פּוילן. און צוזאַמען שפּאַרן מיר זיך אָן אין דעם הויפּט־קויעך, וואָס שלאָגט זיך מיטן פאַשיזם, — אין דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. דעמלט זײַנען מיר אַ ווירקלעכער באַשטאַנדטייל פונעם אַנטיפאַשיסטישן קאַמף, ניט אַ פאַרור־טיילטע איידע, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן אין געטאָ אויף אומגעבראַכט ווערן, ווי דאָס האָבן פאַרפּלאַנירט היטלער און הימלער און די איבעריקע הינט.

אַלעקסאַנדער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און דערמיט אויסגעדריקט די פולשטענדיקע צו־שטימונג צו מעטעקס ספּאָנטאַנע געדאַנקען.

טאַדעוש האָט אויך געהאַלטן מעטעקס פּראָגראַם פאַר זייער אַ דורכגעטראַכטער, און די גאַנצע צײַט, ווען יענער האָט גערעדט, האָט ער מיטן געדאַנק צוגעשטימט און האַנאָע געהאַט פון דער קלאָרקײַט, וואָס דער דאָזיקער געפּרוווטער באַכער האָט מיט זיך געטראָגן.

דער אָרעאָל פון זײַן אַנטיילנעמען אין די שפּאַנישע שלאַכטן, פון זײַן אַפּקומען אין די פראַנ־צויזישע קאָנצלאַגערס און פון זײַן אַראָפּלאָזן זיך אַהער אַף אַ פּאַראַשוט האָט אין די אויגן פון אַלע כאַווײרים צוגעגעבן וואָג און אווטאָריטעט זײַן פּערזאָן. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אַרויסגענומען אים פון קאָנצלאַגער, אויסגעביטן אים האָט רוסלאַנד. און דער דאָזיקער פאַקט האָט געמאַכט אַזוי לײַבלעך־אייגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, פּונקט דער סאָוועטנפאַרבאַנד וואָלט אויסגעביטן יעדן איינעם פון זיי. טאַדעוש האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז ס׳גייט ניט אין ד׳ער פּערזאָן פון מעטעקן, נאָר אין דעם אַנטיפאַשיסטישן קעמפער. און אַז פאַר יעדן איינעם האָט רוסלאַנד געשטרעקט די הענט. און דאָס, וואָס דער גוירל איז געפאַלן אַף אים, אַף מעטעקן, האָט באַוויזן די כאַווײרים זען אין זײַנע רייד אַ שטיק פון דעם עמעס, וואָס ס׳האָט אַדורכגעטראָגן אין קריג דער סאָוועטנפאַרבאַנד. טאַדעושן האָט זיך ניט געוואָלט אַמפּערן מיט מעטעקן אפילע דאַן, ווען אים האָט זיך געדוכט, אַז עפּעס פון זײַנע רייד לאָזט זיך באַשטרײַטן. ער האָט אים נאָר געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען וואָלט מען באַדאַרפט איצט אָנעמען, אַז ס׳זאָל עפעקטיווער זײַן דער קאַמף?

מעטעק האָט צעפירט מיט די הענט:

— מיר וועלן דאָ קיין נײַס ניט אַנטדעקן. ווי אומעטום. מיר האָבן זיך באַ וועמען צו לערנען. אַ צענטער. פאַרייניקן אין אים אַלע קויכעס. אָרגאַניזירן מיטגליד־קעמערלעך, ווו נאָר ס׳איז מעגלעך. צווישן די, וואָס ווערן יעדן טאָג געטריבן אַף קאַטאָרזשנע אַרבעט, — אַ קעמערל. זיי וועלן אונדז צוניצקומען דאָרט, ווו זיי אַרבעטן, — אויסער דער געטאָ. אין די פאַבריקן, ווו די געטאָ־שקלאַפן אַרבעטן אַף די דײַטשן, — אַ קעמערל. אין די אָרטעלן אינווייניק אין געטאָ, אַף די באַן־סטאַנציעס און אין די דײַטשישע זאַוואָדן, ווו נאָר ס׳איז דאָ אַ יידישער קאַטאָרזשניק. אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיט פּאָליאַקן, מיט פּוילישע קאַטאָרזשניקעס. פּאַרטיזאַנטיק. אויסטיילן קאַמפּס־דרוזשינעס. אַזויאַרום ווערן מיר די געטאָ־אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע. איך לייג פאָר אָנרופן אונדזער אָרגאַניזאַציע, אויב ס׳זײַנען ניטאָ קיין אַנדערע פאָרשלאָגן, — „ספּאַרטאַק“.

די אונטערערדלער האָבן זיך איבערגעקוקט, אַ ווײַלע געטראַכט און מאַסקים געווען. יעדער איינער האָט איבערגעכאַזערט דאָס וואָרט „ספּאַרטאַק“, ווי מע וואָלט עס געפּרוּווט אָפּן גומען, און נאָכדעם, שוין אינגאַנצן צופרידענע, זיך דערפילט אַפילע אַ ביסל שטײַפער פון דעם, וואָס די אָרגאַניזאַציע וועט טראָגן דעם נאָמען „ספּאַרטאַק“.

מעטעק האָט זיך ניט פאַרהאַלטן לאַנג אַף קיין איינצלהייטן. ער איז גלייך איבערגעגאַנגען צו דעם וויכטיקסטן, וואָס אים האָט זיך געדוכט, אַז ס׳איז דרינגענד. און אַזוי, ביינע־לעביינע, האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי אַ זאַך, וועגן וועלכער מ׳האָט שוין לאַנג גערעדט און וואָס איז יעדן איינעם קלאָר:

— מע דאַרף דרינגענד צוטרעטן צו מיליטערישע איבונגען מיט די מיטגלידער, וואָס וועלן צוקומען.

ער האָט געוווּסט, אַז אַלע, וואָס געפינען זיך דאָ אין דער אונטערערד, האָבן אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן פאַר וואַרשע, האָט ער זיי געוואָלט פאַרשאַפן דעם נאַכעס און זיי דערמאָנען:

— מיט די מיליטערישע איבונגען וועלן מיר אָנפירן אַלע, יעדערער פון אונדז... דאָ זיינען דאָך אַלע שלאַכטלייט. איר האָט דאָך זיך געשלאָגן פאַר וואַרשע, ווי מיר פאַר מאַדריד... כאָטש מיר זיינען דאָרטן געווען וואָלאָנטיאָרן קימאַט פון דער גאַנצער וועלט און איר זייט דאָ געווען אַ הייפל מאַרטירער... איז אָט, וועלן מיר דאַרפן געפינען צייט אַף דורכפירן מיליטערישע איבונגען מיט די נייע מיטגלידער, וואָס וועלן זיך אַריינגיסן צו אונדז.

אַלעקסאַנדער האָט געשמייכלט צו טאַדעוּשן, און דער שמייכל האָט באַטייט:

— זאָג אים דו, טאַדעוּש, וואָס מיר האָבן פאַר דער צייט אָפּגעטאָן. וויפל מענטשן פון געטאָ מיר האָבן אויסגעלערנט האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט.

נאָר טאַדעוּש האָט ניט אויפגעכאַפּט אַלעקסאַנדערס שמייכל. ער איז געזעסן ווי אַף אַ לעקציע. כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז אַ סאַך פון דעם, וואָס מעטעק זאָגט, איז שוין פאַר זיי אַלעמען טאָגטעגלעכער שטייגער. נאָר אים האָט אימפּאָנירט די מעטאָדישקייט פון מעטעקס רייד, די אָרגאַ־ניזירטקייט פון זיין געדאַנק. און ווען מעטעק האָט געענדיקט, האָט ער אים אויך אַ פרעג געטאָן, אַזוי ווי מע פרעגט אַ לעקטאָר:

— און וואָס טראַכסטו וועגן אינדיווידועלע אַקטן פון נעקאָמע?

מעטעק האָט אַ הייב אויף געטאָן דעם קאָפּ:

— אין די באַדינגונגען פון געטאָ, אויב מע קאָן אָפּראַמען אַ הונט, ס׳זאָל זיין ווייניקער מיט איינעם, דאַרף מען עס טאָן... אָבער פאָרזיכטיק. ס׳זאָל אונדז ניט אויסגעבן און ניט אָנווייזן אונ־דזער אַדרעס.

טאַדעוּש האָט געכאַפּט אַ קוק אַף אַלעקסאַנדערן. אַלעקסאַנדער האָט פאַרשטאַנען, וואָס טאַדעוּשעס קוק באַטייט. האָט ער זיך אויפגעהויבן, אויסגעקנייטשט דעם שטערן, און דער בליק פון זיינע שמאָלע אויגן האָט אַ גיי געטאָן, ווי פון אַ קאַנוס, און זיך אַריינגעשטאָכן אין מעטעקן:

— איצט איז שפּעט אויסקלייבן. איצט וועלן מיר מוזן שלאָגן די הינט איינציקווייז און ווי נאָר ס׳וועט זיך לאָזן, זיי זאָלן דעם אויסגעשפּירטן אַדרעס ניט דערגיין. און דעם אַדרעס אונדזערן האָבן די הינט, צום באַדויערן, אויסגעשפּירט... מיר האָבן זיך טיילווייז איבערבאַזירט. קיין אַנדער וועג האָבן מיר ניט. איצט איז דאָס ניט קיין טעאָרעטישע פראַגע, מעטעק. מיר ווילן פּאַשעט, זאָלסט זיין אינפאָרמירט. דיין אָנקום אַהער פאַלט צונויף מיט דעם ערשטן שאָס, וואָס די אונטער־ערד גייט טאָן קעגן די הענקער. לויט אונדזער אויפגאַבע האָט וויגדע מיט אַן עקסטרע שאַליעך פון דער אַרישער זייט אונדז צו וויסן געטאָן וועגן איינעם אַ פּוילישן פאַרעטער און וועגן אַ הונט פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי. זיי האָבן אונדז אויסגעשפּירט און קלייבן זיך אונדז פאַרכאַפּן ראַפּטאָם און אין אַ גרעסערער צאָל. וויגדע האָט אָנגעשמעקט נאָך אַ פאַמיליע פון אַ דייטש, קורט שטופּפע. דאָס שנירעלע ציט זיך צו פּאַן פּראַשן. און פון אונטן איז דער פּוילישער שפּיאָן קאַבידלאָ און דער שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי. מיר קלייבן זיך זיי היינט באַנאַכט אָפּראַמען. זיי קומען אַהערצו קימאַט יעדן אָוונט פאַרברענגען אין באַר און גראָבן אַרום אונדז די גרוב... זיי ווייסן ניט, אַז מיר האָבן זיי אויך אויסגעשפּירט.

נאָך דעם איז מען איבערגעגאַנגען צו דער הויפּט־פראַגע, וואָס איז געשטאַנען פאַר דער גאַנצער אונטערערד. די דאָזיקע פראַגע איז געווען באַצייכנט מיט איין וואָרט:

— פּאַן פּראַש.

וועגן דעם האָט באַקומען אַ וואָרט אַלעקסאַנדער.

אַלעקסאַנדער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטביידע הענט אין טיש, אַרויסגעוואָרפן דעם קאָפּ עטוואָס פאָרויס און אַ הוסט געטאָן:

— אייגנטלעך, דאַרף די אונטערערד איצט בלויז באַשטעטיקן די קאַנדידאַטור, וואָס איז אַרויסגערוקט אַף אויספילן דעם אורטייל איבער פּאַן פּראַשן.

כאָטש אַלע האָבן פאַרפריער געוווּסט, אַף וועמען די דאָזיקע אויפגאַבע וועט אַרופגעלייגט, האָט דאָך יעדערער געוואַרט מיט פאַרבאַהאַלטענער ציטערניש, וויאַזוי דער נאָמען וועט דורכ־קלינגען אַף דער דאָזיקער געהיימער זיצונג, ווען די אויפגאַבע דאַרף ווערן רעאַל, און דער נאָמען, וואָס דאַרף די דאָזיקע אויפגאַבע אויספילן, — לעגענדע.

— ווי איר ווייסט, — האָט אַלעקסאַנדער לאַנגזאַם גערעדט און געקוקט אַף יעדן איינעם פון די, וואָס נעמען אָנטייל אין דער באַראַטונג, — האָבן מיר די דאָזיקע קאַנדידאַטור לאַנג אַדורכגעטראַכט...

ער האָט אַראָפּגעשלונגען דעם אָטעם און ווידער אופגעהויבן דעם קאָפּ צו אַלע בײַוועזנדיקע, זוכנדיק באַשטעטיקונג אין זייערע אויגן, און פאַרגעזעצט:

— אַדורכגעטראַכט גרינטלעך: אַלץ, וואָס איז פאַר, און אַלץ, וואָס איז קעגן, און דאָך געקומען צום באַשלוס, אַז הײַנט קאָן זיך פּרוּוון אויספּילן די דאָזיקע אופגאַבע נאָר איין מענטש...

ער האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט און דערפילט, אַז זײַן וואָרט האָט זיך פאַרשטאָכן אין טאַדעושעס בליק, ווי אַ שפּיז. דאָס קאָל איז בײַ אים געוואָרן אַ ביסל געזעצט. און מיט אַזאַ מידער הייזעריקלעכקײַט, וואָס קומט פון ניט שלאָפן אַ סאַך נעכט, האָט ער פאָרגעזעצט:

— און דער מענטש, ווי איר אַלע ווייסט, איז ווײַגדע...

איצט איז געבליבן בלויז אָפּצושטימען. אַלע האָבן אופגעהויבן די הענט און אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

זיי האָבן לאַנג געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און לאַנג געהאַלטן אופגעהויבן די הענט אין אַזאַ פײַערלעכער פאַרגליווערטקײַט און דערשטוינטקײַט, ביז אַלעקסאַנדער אַליין האָט מיט אַן אופגעהויבענער האַנט און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך ניט דערמאָנט אַ זאָג טאָן:

— איר קאָנט אַראָפּלאָזן די הענט, כאַווײרים...

פון דער דאָזיקער מינוט אָן איז ווײַגדע אין אַלעמענס אויגן געוואָרן אָפּגעשיידט פון פאַר־שיידענע קלייניקײַטן און וואָכעדיקן טומל... פונדאַנען אָן האָט יעדער איינער זי געזען אַן אופ־גייענדיקע ערגעץ אין דער צוקונפט, ווי אַ לעגענדע... און אָט דאָ, אין דער אונטערערד, ווערט זי געבוירן, די לעגענדע, אַף לעבן אייביק. אָט דאָ, צווישן די כורוועס און ברוכשטיקער פון אַ כאָרעווער וועלט, ווערט שוין געבוירן אַ צווייטע, וואָס קיינער וועט ניט אימשטאַנד זײַן זי אומ־ברענגען. אָט דאָ איז דאָס וויגעלע. פונדאַנען וועלן זיך פאַנאַנדערגיין לידער וועגן איר. זיי וועלן זי באַגלייטן אין די דורות.

— ווײַגדע...

לידער און געזאַנגען וועגן דעם, וויאַזוי אַ פאָלק האָט צווישן כורוועס און ברוכשטיקער געקעמפט מיט ליידיקע הענט קעגן דעם שרעקלעכסטן קאַט און בלוטיקסטן הענקער פון דער וועלט. וויאַזוי דער גײַסט פון פאָלק האָט זיך ניט געלייגט אונטער דער האַק. וויאַזוי דער שטאָלץ האָט געשטיגן העכער פונעם ווייטעק. וויאַזוי דאָס לעבן האָט דאָך גוּווער געווען דעם טויט.

די זיצונג האָט זיך געענדיקט...

# אויג אַף אויג

ווײַגדע איז געזעסן בײַ זיך אין צימער און מאַזקיר־נעשאָמעס געווען איר פאָטער שײַע ריינ־גאָלד, איר מוטער דווירע, וואָס איז אומגעקומען אַ סאַך פריִער, און איר עלטערן ברודער יאַקוב. סלאַוועקן האָט זי געזען, ווי ער גייט אַוועק אין די וואָלקנס, אין דער הייך, דורכן פענצטער בײַ פאָן פראָשן... דירעקט נאָכן פאַרהער.

זי האָט שוין געוווּסט אַ סאַך איינצלהײַטן פון דער לעצטער יאָמקיפּערדיקער בלאָקאַדע. נאָר זי האָט זיי געטריבן פונעם זיקאָרן. זי האָט זיי ניט געוואָלט זען. זי האָט זיי ניט אָנגענומען. דער ביזויען האָט זיך אין האַרצן אופגעהויבן העכער פונעם ווייטעק.

אין אָט דער אומבאַגרײַפלעכער בלוטיקער בעהאָלע פון יאָמקיפּער, ווו צענדליקער טויזנטער מענטשן זײַנען דורכגעגאַנגען זייער לעצטן וועג איבער די גאַסן פון דער געטאָ, האָבן צו איר אַף אַ מאָדנעם אויפן געשווינדלט איר טאַטנס איבערגעפאַרבטע האָר אַפן קאָפּ.

— ער האָט זיך געראַנגלט, דער אָרעמער פאָטער... דער קלוגער שײַע ריינגאָלד... ער האָט זיי געוואָלט אָפּנאַרן... און האָט זיך נאָר מעווײַעש געווען... אויסגעשמירט מיט פאַרב זײַן אַלטן גראָוון קאָפּ... ווי אַ קלאָון... און אַזוי האָט מען אים אַוועקגעטריבן צום אומשלאַג־פּלאַץ...

ער איז אין שול ניט געווען. צי ווײַל ער האָט נאָך ניט באַוויזן קומען אין שול, צי ווײַל ער האָט שוין ניט געוואָלט גיין אין שול... אים האָבן די עסעסאָווצעס אַרויסגעשלעפּט פון שטוב. דער פאָטער איז געגאַנגען שטיל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אָנגערוקט די הוט נידעריק איבערן שטערן. ער האָט זיי, ווײַזט אויס, ניט געוואָלט זען, די קוילערס. ער איז געגאַנגען שטיל. און אַזוי שטיל זיך אַרײַנגעגאָסן אין דעם גרויסן טויזנטקעפּיקן האַמוין...

מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך שוין מער ניט געקאָנט האַלטן אַף די אַקסל, איז ווײַגדע צוגעגאַנגען צו איר בעט. געשטאַנען אַ ביסל — אינגאַנצן אַן אויסגעליידיקטע, גע־

קוקט אף איר פארבעטן געלעגער, געקוקט אף דער וואנט, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט אזא גאָלדענער ווארעמקייט פון א יונגהארבסטיקן מיטן־טאָג.

---

זי האָט זיך אָנגעבויגן, ארונטערגערוקט די האנט אונטערן מאטראץ און ארויסבאַקומען פון דאָרט פארוויקלט אין א שאַלעכל א רעוואָלווער. זי האָט אים אָפּגעדעקט און גענומען אים באַטראכטן, ווי זי וואָלט אים געזען צום ערשטן מאָל. זי האָט א דריי געטאָן דעם באַראבאַן, ארײַנגעקוקט אין דער רער און א פארטראכטע געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איר איז איצט באַשערט די ווארעמקייט פונדאַנען... סײַ צום בלײַען... סײַ צום וועלקן...

זי האָט ניט אופגעהערט צו קוקן אף דעם רעוואָלווער און עפּעס גענומען זיך אליין ארײַנזאָגן אין סאַמע הארצן ארײַן:

„ס׳איז קימאַט סימבאָליש, וואָס מיט דעם דאָזיקן רעוואָלווער וועט זי גיין אויספירן דעם אורטייל איבער פאָן פראָשן... מיטן פײַער פון אָט דעם געווער וועט זי פּרווון אָפּשטעלן דאָס לעבן פון דעם הענקער...“

זי האָט איבערגעציילט די קוילן אינעם באַראבאַן.

„ער האָט אלץ באַוואָרנט“, — האָט זי מיט שטומער דאַנקבאַרקייט געקוקט ערגעץ ווײַט, און פאר אירע אויגן האָט זיך א שטעל אוף געטאָן דער וואלד, וווהין זי האָט דורכגעפירט די מיידלעך. אָט זעט זי שוין ווי פון צווישן דיביימער, פּאַנאַנדערשפּאַרנדיק די געדיכטע צווײַגן אין א זײַט, שפּאַנט א מיטליאָריקער מאַן מיט א גוטזעליק אָפן פּאָנעם. מ׳האָט אים צו וויסן געטאָן, אז פון געטאָ איז געקומען א פארטיע ארויסגעפירטע מיידלעך... גראַטעוועטע... פון אונטער דער נאָז באַם דײַטש...

— דאָס זײַט איר? — האָט ער געפרעגט מיט ווארעמקייט אין דער שטים, — איר, וואָס האָט געבראַכט די מענטשן אין וואלד? לאָמיר זײַן באַקאַנט. — ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט:

— ניעזלאָבין.

— דאָס בין איך, — האָט וויגדע אים געענטפערט און אים באַטראכט פון קאָפּ ביז די פיס.

אָפן פּאָן פּונעם רובאַשאָווער וואלד, וואָס זײַנע ביימער־בלעטער האָבן ערטערווײַז געוועלקט, האָט די גרינע גימנאַסטיאָרקע זײַנע אויסגעזען אויך ווי א לעבעדיק שטיק לײַב פונעם וואלד. ניעזלאָבין האָט זיך באַוועגט איבערן וואלד, ווי א פעסטער צווײַגיקער בוים, און וויגדע האָט פאר איין מינוט זײַן מיט אים צוזאמען זיך דערפילט עפּעס מאָדנע באַשיצט. ווי א קאַרעוו, ווי זייער א נאָענטער קאַרעוו, וואָס זאָל זי האָבן אָפּגעזוכט אין וואלד, האָט אף איר געקוקט ניעזלאָבין, און דורך איר האָט ער געזען דעם גאנצן אָפּגרונט פון לייד און פּײַן אין דער געטאָ.

דער צויבער, וואָס וויגדע האָט פּאַנאַנדערגעשפּרייט מיט איר אומיטלבאַרקייט און מיט איר מיידלשער פראכט, האָט פון ניעזלאָבינען אף קיין רעגע ניט פארשטעלט דאָס אויסגעצערטע און אָפּגעבלוטיקטע פּאָנעם פון דער געטאָ. מיט א באַזונדערער רוסישער שעמעוודיקייט האָט ניעזלאָבין אזוי נאָר פון דער זײַט געקוקט אף וויגדען און גלײַך מיט אַן אופגעהויבענעם קאָפּ, ווי דאָרט אין דער הייך וואָלט ער געזען דאָס, וואָס אינטערעסירט אים, האָט ער בא איר אויסגעפרעגט צום אלעמערשטן — וואָס הערט זיך אין געטאָ מיט געווער?

— איך פרעג אײַך ניט וועגן אנדערע זאכן, כאַווערטע, דערפאר, ווײַל וועגן די אנדערע זאכן ווייס איך... און וועגן זיי, וועגן די דאָזיקע אנדערע זאכן, איז א פארשוועכונג צו ריידן גלאַט אין דער וועלט ארײַן. וועגן זיי לאָזט זיך ניט ריידן... איך ווייס אלץ... וואָס די פאַשיסטן האָבן אָפּגעטאָן און וואָס זיי טוען ווײַטער אָפּ... מיר האָבן דאָ, אין וואלד, יעדיעס ניט נאָר פון אײַך, נאָר פון דער גאנצער אומגעגנט.

וויגדע האָט אים געהערט מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געטראכט:

— ווען זי זאָל ניט זען, אז עס שטייט פאר איר אָט דער הויכער קרעפטיקער רוס ניעזלאָבין, וואָלט זי געמיינט, אז דאָס איז טאַדעוש אָדער אלעקסאַנדער... פּונקט ווי אָט דער קרעפטיקער הויכער רוס זאָל זיך ניט געפינען די גאַנצע צײַט אין וואלד, נאָר ווי ער וואָלט אויך געווען אין געטאָ... און איז נאָרוואָס געקומען פון דאָרט... פון דער סאַמע אונטערערד...

וויגדע האָט אים זייער ווייניק געקאָנט דערציילן וועגן דער לאַגע מיט געווער אין געטאָ. און דאָס, וואָס זי האָט אים געקאָנט זאָגן וועגן אירע פּערזענלעכע אופטוען אין דער הינזיכט, — האָט זי געהאלטן פאר נישטיק.

זי האָט געוווסט, אז אין דער אונטערערד איז פאראַן א גרופּע אינזשעניערן, וואָס איז באַשעפטיקט אויסשליסלעך מיט פּראָדוצירן גראַנאַטעס. זי האָט אויך געוווסט וועגן דעם, אז די אונטערערד האנדלט אײַן געווער בא די דײַטשישע מאַראָדיאָרן און איטאַליענישע דעזערטירן, —

אָבער וואָס פאַר אַ באַדײַטונג האָט עס געהאַט פאַר דער אונטערערד, וואָס האָט געדאַרפט באַוואָפּענען די געטאָ צו אַן אָפענעם ווידערשטאַנד?

דאָך האָט וויגדע אים געזאָגט:

— מע קויפט צוביסלעך צו... ווי עס לאָזט זיך... און בײַ וועמען נאָר מע קאָן...

— דאָך?

וויגדע האָט אופגעהויבן די אויגן:

— אַמאָל בײַ אַ דײַטש... אַמאָל בײַ אַן איטאַליענישן דעזערטיר...

זי האָט געזוכט אין קאָפּ בײַ זיך, — נאָך עפּעס דערמאָנען זיך, — וויאַזוי די אונטערערד פאַרשאַפט זיך געווער, און אַ זאָג געטאָן ניעזלאָבינען:

— עס קאָסט נאָר זייער טײַער.

ניעזלאָבין האָט זיך צוגעקוקט צו וויגדען, צו איר יעדער באַוועגונג. ער האָט אין איר געפילט אַן אײַנגעהאַלטנקײַט און געפּענטעטקײַט. זי האָט זיך יעדע ווײַלע אומגעקוקט אין די זײַטן, — צי שטערט זי דאָ ניט עמעצן מיט איר געשפּרעך... צי פאַרנעמט זי ניט בײַ עמעצן קיין פּלאַץ...

ניעזלאָבין האָט געזען אין איר האַלטן זיך אַ לאַנגאָניקע צוגעוווינטקײַט צו קלעם און געענגטקײַט. די אופגאַבן, וואָס זי פירט לעצטנס אויס אַף דער אַרישער זײַט, האָבן אָט די געענגטקײַט נאָך מער פאַרשטאַרקט. אָבער, האָט ניעזלאָבין געטראַכט, דאָס איז ניט מער, ווי זעלבסטצוימונג. לאָזט איר פרײַ די הענט, נעמט פון אַזאַ, ווי זי, אַראָפּ די געצווונגענע פּענטעס און קייטן, וועט זי זיך אַ ריס טאָן אין דער הייך, אַז דער קאָפּ וועט זיך פאַרדרייען קוקנדיק אַף איר.

אַ יאַם פון מיטלײַד, דורכגעוועבט מיט העכסטער אכטונג און פאַרערונג פאַר אָט דער צוואַנציקיאָריקער באַשעפעניש, האָט אַ שטראָם געטאָן בײַ ניעזלאָבינען אין האַרצן.

„אָט אַזעלכע מיידלעך וועלן זיך שלאָגן אַזוי, אַז זיי וועלן זיך ניט האָבן מיט וואָס צו שעמען פאַר די בעסטע סאָלדאַטן", — האָט אַ טראַכט געטאָן ניעזלאָבין און זיך דערמאָנט אין זאָיאַ קאָסמאָדעמיאַנסקאַיאַ.

ער האָט אַף אַ ווײַלע זיך פאַרגעשטעלט, ווי אַזאַ מיידל, ווי אָט די, וואָס שטייט פאַר אים, וואָלט זיך געהאַלטן אַף אַ פאַרהער... ווען ס'זאָל געשען אַ דורכפאַל... פון אירע געזיכטצוגן האָט אַרויסגעשפּאַרט אַ קינדערישע ניט-נאָכגעבעוודיקײַט, געקויפלט אַף שטאָלץ פון באַוווסטזײַן, אַ יענער גראַד אויסגאַנגלאָזיקײַט, וואָס ווערט אָפט דאָס מוטערלײַב פון העלדנטאַטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז געווען נאָך האַלבן טאָג. די וואַרעמקײַט איז געווען אַ פרישע. די זון — שפּאַרעוודיק, ווי ניט צו אַלץ וואָלט זי זיך געוואָלט צורירן. אָט פאַרהאַלט זי זיך אַף די שפּיצן פון די לעבעדיק געבליבענע ביימער אין דעם דאָזיקן טייל שטאָט, אָט גיט זי זיך אַ צעלייג אַף אַ פענצטער פון אַ הויכן ניט-באַוווינטן עטאַזש, און אָט גיט זי אומדערוואַרט אַ וועק וויגדען מיט אַ שטילן וואַרעמען אָטעם גלײַך אין פּאָנעם...

וויגדע האָט געוואָלט, אַז אַלץ, וואָס באַוועגט זיך, דער האַרבסטיקער בלעטער-שאָרך און דאָס לײַכטע ווינט-געמורמל, די הודרײַ פון די טעלעגראַף-דראָטן, — אַלץ זאָל איצט אַרײַנזינגען איר אין האַרצן און אין דער נעשאָמע און אין די אָדערן די באַשטימונג פונעם אונטערערדישן שטאַב, און אַלץ, וואָס באַוועגט זיך אין דער נאַטור, זאָל דעם אורטייל איבערלייענען, איידער זי גייט אַרײַן צו פאָן פּראַשן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט איז דער פּלאַץ. זי האָט אים דורכגעשניטן. אָט איז די גאַס. אָט איז דאָס הויז. זי איז צוגעגאַנגען. אַ פּאַרויטלטע, אַ שעמעוודיקע, מיט האַלב-אַראָפּגעלאָזטע אויגן זיך געווענדט צו דער וואַך:

— איך דאַרף צום הער שעף...

די וועכטער האָבן אַף איר געוואָרפן אַ בליק פון דער זײַט און זיך איבערגעקוקט איינער מיטן אַנדערן, צופינטלענדיק מיט די אויגן, ווי זיי וואָלטן באַגיטיקט דעם געשמאַק פון זייער שעף. איינער האָט נאָך פונדעסטוועגן איבערגעכאַזערט דאָס וואָרט „צום הער שעף?" מיט אַזאַ אינטאָנאַציע, ווי ער וואָלט מיט דעם געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער איז זיך מעשײַער, אין וואָס עס גייט, אַז ער איז ניט קיין פערד און מע דאַרף אים קיין פינגער אין מויל אַרײַן ניט לייגן:

— צום הער שעף? ביטע, פּאַניענקאַ. גיין גלײַך, דערנאָך — לינקס. אָפן פערטן שטאָק. צום עק קאָרידאָר. פון דאָרט אַריבערגיין אין צווייטן קאָרפּוס. ביטע.

ניט אופגעהויבן די אויגן און אויסהיטנדיק די גאנצע מאָס'שעמעוודיקייט, איז ווינדע, באגלייט פון די ווערכטערס וויליונגערישע בליקן, פארשוווּנדן אין ערשטן קאָרידאָר. פון איין קאָרידאָר אין צווייטן איז זי שוין געגאנגען, ווי א מעדיום, גלייך. דערנאָך — לינקס. אפן פערטן שטאָק. אריבערגעגאנגען צום צווייטן קאָרפּוס. אינערגעץ האָט זיך ווינדע ניט פארהאלטן. זי איז געגאנגען ניט געוואקלט, פעסט, ווי עמעצער וואָלט זי געפירט פאר דער האנט. יאָ, יאָ, — זי פילט, דוכט זיך, טאדעושעס האנט. ער פירט זי. זי וואָלט אויך מיט פארמאכטע אויגן צוגעגאנגען צו דער טיר און אָנגעקלאפּט און דערהערט פון דאָרט דעם פלעגמאטישן, נאָר הערשעריש־צעצויגענעם און זיכערן:

— יא... ביטע.

ווינדע איז אריינגעגאנגען. זי האָט באוויזן זען, ווי פאַן פראָש האָט זיך א צי געטאָן אף צוריק, ווי עס וואָלט פאר אים געווען אומדערוואַרט אזא אומגעריכטער זיג איבער די פוילישע פרויען. אליין געקומען זיך איבערגעבן אף דעם יושער און אף דער לייטזעליקייט פון די הערשער. נאָך מער אומגעריכט און אָנגענעם איז דאָס פאר אים געווען דערפאר, ווייל די פוילישע פרויען אין זייער גרעסטן טייל האָבן אויסגעמיטן דעם פארקער מיט די הויכגעשטעלטע לייט פון דער מאכט. זיי האָבן א צייט לאנג געטראָגן טרויער אף די ארבל. פאַן פראָש האָט דאָס געוווּסט, ער האָט דאָס אין אָנהייב באקעמפט זייער גראָב און ברוטאל. נאָכדעם איז קעמפן קעגן דעם געוואָרן אומעגלעך. דעריבער האָט ער דעם דאָזיקן אומגעריכטן באזוך צו אים פון אזא פוילישער בילד־שיינהייט אויסגעטייטשט ווי א רעזולטאט פון א גוט־דורכגעטראכטער און קלוגשאפטלעכער קאפּיטוליאציע אויך אין דעם דאָזיקן סעקטאָר פונעם פוילישן פאָלק. ער האָט זיך אפילע, קעגן זיין געוווינהייט, אופגעהויבן פונעם אָרט, וואָס בא זיין שרייבטיש, — אן עלעגאנטער, א הויכער, און ניט געפונען גלייך דאָס פאסיקע וואָרט, וואָס זאָל אים גלייך אוועקשטעלן אפן פאסיקן אָרט אין די אויגן פון דער דאָזיקער פוילישער שיינהייט.

און ווינדע איז געבליבן שטיין אינמיטן צימער. כוץ דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ, האָט אף איר געקוקט איין גלעזערן אויג פון דער בערן־טשוטשעלעס אופגעסטארטשעטן קאָפּ, וואָס האָט באהערשט דעם גלאנציקן פּארקעט. זי האָט געהאט צו ווייניק צייט אף באנעמען אין דער גאנצער גרייס די גוואלדיקייט פון דער דאָזיקער רעגע. זי האָט געהאט צו ווייניק רו אף עפּעס וואָס ווי געהעריק צו באטראכטן. אין דעם דאָזיקן גערוימען צימער איז זי געשטאנען, ווי באם סאמע ראנד פון אָפּגרונט, און זיך שוין געוויגט איבער אים, נאָר מיט אן אומפארשטענדלעכער אינערלעכער אָנגעשטרענגטקייט זיך אָפּגעהאלטן פון א פאל טאָן, ביז זי וועט ניט אויסמעסטן די ריכטיקע דיסטאנץ צווישן זיך און אָט דעם הויכן עלעגאנטן קאט אזוי, אז איידער איר וועט אויסקומען א שפּרונג טאָן אין אָפּגרונט, זאָל ער שוין האלטן אינמיטן פאלן אין אים. פון אָט דער אָנגעשטרענג־טער שטילקייט אין די ערשטע רעגעס האָט איר געזשומעט אין די אויערן, פונקט ווי זי וואָלט זיך אונטערגעטוקט איבער דעם קאָפּ אין וואסער. אָט זעט זי זיך שוין ווידער באם ראנד... אָן אריבערגעבויגענע. פארוואָס פאלט זי ניט אראָפּ? וויאזוי האלט זי זיך אף די פיס? זאָל זי בלייבן שטיין אָט דאָ, אינמיטן צימער? זאָל זי מאכן א טראָט ווייטער? זי וואָלט זיך באדארפט אָנשפּארן אין עפּעס, קעדיי דערפילן דעם קויעך פון דער האנט. עפשער זאָל זי צוגיין צום שרייבטיש? ניין, צום שרייבטיש איז צו נאָענט. ער וועט דערזען, ווי זי עפּנט דעם רידיקיול און נעמט ארויס דעם רעוואָלווער. זי הערט, דוכט זיך, אין אָט דער זשומענדיקער שטילקייט טאדעושעס קאָל. ס'איז ניט נאָר קיין קאָל. ס'איז א האנט. זי כאפּט זיך אָן פאר איר. און פאַן פראָש צעשמייכלט זיך פון אָט דעם אומגעריכטן זיג. ער קוקט מיט באוווּנדערונג אף אָט דער שטאלטנער וווּנדערלעכער באשעפעניש. איר קאָנטיקע צעטומלטקייט פארשרייבט ער גלייך אף דער קאָנטע פון זיין אומבאזיגבארקייט, איר טמימעס — אפן כעזשבן פון זיין מענערישן גליק. מיט אנציקונג האָט ער באטראכט איר פריש, ווי פון אינעווייניק דורכגעלויכט פּאָנעם. ער קאָן זיך ניט אָנקוקן אין די בלאָנדע פּרעכטיקע צעפּ, וואָס זיינען מיט אזויפיל קאוואָנע פארפלאָכטן. ער באמיט זיך כאפּן א קוק אין די נאַיווע קינדערישע אויגן. דאָס אלץ — איז זיינס, ווי ווארשע, ווי פוילן, ווי די געטאָ, ווי די גאסן, ווי זיין אייגענער כיישעק... און אָט האָט ער שוין געפונען דאָס פאסיקע וואָרט, וואָס מיט דעם זאָל ער גלייך געווינען דאָס הארץ פון דער פוילישער שיינהייט און זיך זעלבסט גלייך אוועקשטעלן אף דעם געהעריקן אָרט בא איר אין די אויגן, — אָט איז עס:

— איז, הייסט עס, אין דעם לאנד אויך פאראן א פּרעכטיקע לאָרעליי?

פאַן פראָש איז געווען גוואלדיק צופרידן מיט זיין אייגענעם איינפאל, מיט אזא געלונגענעם פארגלייך. ער איז געווען גוואלדיק שטאָלץ, וואָס ער האָט געקאָנט ארויסנעמען פון זיינע נאציאָנאלע דייטשישע קולטור־ארסענאלן אזא געשטאלט און עס דערלאנגען אלס אן אויסדרוק פון דאנקבארקייט דער פוילישער שיינהייט. ער איז געווען זיכער, אז מיט דער דאָזיקער רעמיניסצענץ האָט ער די פוילישע שיינהייט ענדגילטיק באזיגט און אונטערטעניק זי געמאכט צו

זיך אף שטענדיק. ס׳איז אים נאָר געבליבן זיגעריש האלטן פאנאנדערגעשפרייט די הענט, גוטמוטיק פירן די אויגן איבער זײַן „טראָפיי“ און ווארטן אף דעם, וויִאזוי די פוילישע שיינהײַט וועט אים ענטפערן אף אָט דער אנערקענונג. צי וועט זי געפינען אין זיך גענוג פארשטענדעניש און אײדלקײַט אף אָפּשאצן זײַן גרויסמוט, וואָס ער האָט ארויסגעוויזן צו איר? צי וועט זי אימשטאנד זײַן אים ענטפערן אף אן אנטשפרעכנדיקער הייך, אז ס׳זאָל שטימען מיט דעם גראד אײַנפאל און דורכגעטריבנקײַט, וואָס ער האָט ארויסגעוויזן אלס דער שעף פון געסטאפּאָ און אלס קאוואלער, אלס פרויען־שעצער און עסטעט? ער האָט געווארט. א לײַכטער ביטל־שמייכל האָט געבלאָנדזשעט פון זײַנע עטוואָס פארגאָסענע אויגן צו זײַן זוילעלוועסויוועדיק מויל. ער איז געשטאנען פאנאנדערגעשפרייט די הויכע פיס אין די גלאנציקע בולפענע כאָליוועס. ער האָט זיך א ביסעלע געוויגט פון ווילטיק, און פון דעם גוטס און פון דעם בליק, וואָס קומט אליין אין שטוב און טרעפט און פארבלאָנדזשעט ניט.

וויגדע האָט אים געזען ניט נאָר אין זײַן איצטיקער פּאָזע פון א זיגער איבער איר, א שטייענדיקן מיט זיגעריש פאנאנדערגעשפרייטע פיס און מיט א ציניש שמייכעלע פון פּאָרגעפּיל... זי האָט אים אויך געזען אײַנגערעמלט אין דער גרויסער ראם פון דער לאָזשע אין צירק, פארדראפירט מיט רויטן פליוש. זי האָט אים אויך געזען ארײַנפאָרן אין א פרעכטיקן לימוזין אין געטאָ בעשאס אן אקציע צום אומשלאג־פלאץ. זי האָט אים געזען, ווי ער פירט דורך דעם לעצטן פארהער איבער סלאוועקן. זי האָט אים געזען, ווי צעיושעט און אופגעבראכט ער פּאָדערט די לעצטע ייִדן פון דער געטאָ, — אלע ניואנסן און שאטירונגען פון דער רײַכער פראקטיק און טעטיקײַט, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אף אָט דעם אומבאזיגבארן עלעגאנטן קאַט, האָט וויגדע אין דער דאָזיקער קורצער רעגע געזען אין אים, ווען ער שטייט אף דעם סאמע שפּיץ פון זײַן גדולה און גליק און וויגט זיך אזוי זיכער איבער זײַנע ניצכוינעס, וואָס וואלגערן זיך בא זײַנע פיס, און מיט א ציניש שמייכעלע ווארט ער בלויז אף אן ענטפער פון דער לעצטער פוילישער קאַפּיטוליאציע. און וויגדע, א פארוויטלטע און א שעמעוודיקע פון אזא אומדערווארטן פארגלײַך, האָט אופגעעפנט דעם רידיקיול צו באהאלטן קלוימערשט די אויגן און אף אן אויגנבליק דערזען דעם וואלד און דעם כאווער ניעזלאָבין, דעם הויכן קרעפטיקן קאָמיסאר. ער האָט איצט, אין דער דאָזיקער שרעקלעכער רעגע, איר ווידעראמאָל געגעבן דעם רעוואָלווער, קוקנדיק ערגעץ אין אן אנדער זײַט. ער האָט, דוכט זיך, אָנגעבויגן א צווײַגל און אָפּגעריסן פון דעם א בלעטל.

זי האָט ארויסגענומען פון רידיקיול דאָס טיכעלע, א דין באטיסטן מיידלש טיכעלע און א וויש געטאָן די אייבערשטע ליפּ.

„ס׳איז אויכעט זײַנס, אָט דאָס קליינע טיכעלע, דאָס מיידלשע טיכעלע“, — האָט צו זיך אליין א שמייכל געטאָן פאָן פראָש און איז געווען נאָך מער צופרידן פון דעם, וואָס די פוילישע שיינהײַט באהאלט זיך הינטער דעם, א באזיגטע, און האָט ניט מיט וואָס אנטשפרעכנדיק אים צו ענטפערן אף זײַן הויכן עספּרי.

נאָר ער האָט איר פארצײַט, דער שיינהײַט... „בא א פרוי נעמט מען נאָר דאָס, וואָס זי האָט. און די שענסטע פרוי קאָן מער ניט געבן ווי דאָס, וואָס זי פארמאָגט“, — האָט ער שוין זיך אליין אונטערגעוואָרפן אזעלכע גענגלעכע אפּאָריזמען, וואָס האָבן זיך בא אים געוואלגערט אין קאָפּ אויבן־אויף.

און וויגדע האָט ארײַנגעלייגט דאָס באטיסטענע טיכעלע צוריק אין רידיקיול. פון אָנבייגן זיך איבער אים האָט איין צאָפּ זיך אריבערגעגליטשט פון די אקסל אף דער ברוסט, אָנרירנדיק דעם רידיקיול. וויגדע האָט אים גלײַך אריבערגעוואָרפן צוריק. און דער פארהיפּנאָטיזירטער שטורעמפיורער, דער שעף פון געסטאפּאָ, וואָס האָט געהאלטן אָט דאָ אין קאבינעט די גאנצע פוילישע קרוינשטאָט מיט די גויראָלעס פון אלע אירע אײַנוווינער, מיט זייער לעבן און טויט, מיט זייער האָב און גוטס, האָט, וויגנדיק זיך אף די הויכע פּעסט־באשטיוולטע און זיגערישע פיס, געשפּירט, וויִאזוי דער גאָלדענער פרישער מיידלשער צאָפּ, וואָס איז שוין אויך מער זײַנער, איידער אָט דעם נאַיוון פוילישן מיידלס, קויקלט זיך אריבער צוריק אף דער פלייצע, און זיך ניט אײַנגעהאלטן פון נאָכאמאָל אויסשמייכלען זײַן באגײַסטערונג און זײַן באוווּנדערונג דורך דעם אזוי סאקראמענטאל געפונענעם וואָרט:

— יאָ... יאָ... קאָנטיק, אז אין דעם לאנד איז אויך פאראן א פרעכטיקע לאָרעליי...

— ניט קיין פרעכטיקע לאָרעליי, נאָר א... ביבלישע יעהודיס, — האָט וויגדע אים א שטאָך ארײַן געטאָן אירע אויגן.

פאָן פראָש האָט זיך א כאָפּ געטאָן, ווי עס וואָלט אים עפּעס דורכגעשטאָכן דעם רוקנביין, און דאָך מיט געמאכטן קוראזש זיך פאנאנדערגעלאכט:

— וואָס?

ס׳האָט זיך דערהערט א פארטויבנדיקער קנאַל.



אינעם צעעפנטן לאכנדיקן מויל פונעם געסטאפאָ־שעף האָט וויגדע אויסגעשאָסן.

מיט אַן עקלהאפט צעעפנטן לאכנדיקן מויל איז אָט דער עלעגאנטער אומבאזיגבארער קאַט אומגעפאלן אף זײַן שרײַבטיש, וואָס לעבן אים איז ער די גאנצע צײַט געשטאנען, וויגנדיק זיך פון פאַרגעפיל און זיגערישן ווילטיק. פונעם שרײַבטיש האָט זײַן איבערגעקרימט געזיכט, רײַסנדיק זיך צו וויגדען און קאָנענדיק זי דערלאנגען בלויז מיט די איבערגעקערטע אויגן, זיך אָנגערירט אין דעם אופגעסטארטשעטן קאָפּ פון דער בערן־טשוטשעלע, וואָס האָט געווארעמט דעם גלאנציק־אָנגעריבענעם פארקעט, און נאָך געפרווט א פויזע טאָן אף אלע פיר צו דער פרעכטיקער לאָרעליי, וועלכע איז איין אויגנבליק געשטאנען אליין א דערשיטערטע פונעם פאַר־געקומענעם. אָבער מער ווי דער כריפּ זײַנער האָט צו איר ניט דערגרייכט, און דער טעמפּער קלאפּ פון זײַן אראָפּגעפאלענעם קאָפּ האָט אופגעוועקט די דערשיטערטע באַזוכערן און איר אומגעקערט דאָס רעאלע געפיל פון געפאַר.

וויגדע איז ארויס פונעם קאבינעט. דער רויך פונעם שאָס האָט זיך לאנגזאם געשפרייט איבער דעם צימער און זיך נאָך לאנגזאמער אופגעהויבן צום באלקן. דער שעף פון געסטאפּאָ האָט גענידערט, פאנאנדערוואָרפנדיק די אָפּגייענדיקע טויטע אייוורים אפן דיל.

דורך די פענצטער האָבן ארײַנגעקוקט וואָלקנס.

וויגדע איז ארויס פונעם צימער פונקט אזוי שטיל, ווי זי איז אין אים ארײַן. די וואך האָט ווידער זיך איבערגעוואָרפן מיט וויליונגערישע דורכגעטריבענע בליקן און צוגעסמאָקעט מיט די ליפּן.

אפן שאָס האָבן זיי קיין אכט ניט געלייגט. א שאָס־קנאל אין דער געבײַדע פון געסטאפּאָ איז א געװנגלעכע זאך, איינע פון די סאמע געוויינלעכסטע.

וויגדע איז געגאנגען מיט דער זעלבער אָנגעשטרענגטקײַט איבערן ראנד פון אָפּגרונט, יעדע ווײַלע אריבערבייגנדיק זיך איבער אים. אָבער אַן אומפארשטענדלעכער אינערלעכער קויעך האָט זי אָפּגעהאלטן פון א פאל טאָן.

באם וואָקזאל איז געווען רויִק...

# דער אופשטאנד אין געטאָ

ביסלעכווײַז האָט די געטאָ פארלאָרן דאָס אויסזען פון א ווין־ראיאָן: צונויפגעדריקטע הויפן, פאריאָסעמטע עטאזשן, צעגראָמירטע דירעס, דערשטיקטע גאסן. דער ברוק — דורכגעווייקט מיט מענטשלעך בלוט.

פון טאָג צו טאָג האָט די געטאָ געצאַנקט. אַפילע דער טעמפּ פון פּײַן און פון ליידן האָט זיך געענדערט. ער האָט געניִדערט אַראָפּ, ווי די גאַנצע לעבנס-טעמפּעראַטור פון דער געטאָ. אויסערלעך האָט די געטאָ אויסגעזען, ווי איין ריזיקער שטראָף-לאַגער, וווּ מענטשן זײַנען דערפירט צו דעם לעצטן גראַד אויסגעשעפּטקײַט און גלײַכגילט.

די קאַטאָרזשניקעס פון דער אוווידאַס-פערעך-קאַטעגאָריע זײַנען מער ניט אַרויסגעפירט געוואָרן אַף דער אַרישער זײַט. נאָך דעם שאַס אין פּאַן פּראַשן און נאָך דעם ציקל סריפּעס, וואָס האָט פאַרוואַנדלט אין אַש די רעפּרעזענטאַבלסטע אַנשטאַלטן פון דער גובערנאַטאָרשאַפט, האָט מען די קאַטאָרזשניקעס פאַרבאָטן אָפּקומען זייער קאַטאָרגע אין די דײַטשישע פירמעס אַף דער אַרישער זײַט. דער אַרישער טייל שטאָט איז געווען פאַרבאַריקאַדירט אַפילע פאַר די אַרבעטער און ספּעציאַליסטן פון די סאַמע העכסטע קוואַליפיקאַציעס אַזוי, אַז קיין איין ייִד זאָל זיך אַהין ניט דורכרײַסן. די גובערנאַטאָרשאַפט האָט אַריבערגעפירט אירע אַדמיניסטראַציעס אין געטאָ, איבערגענומען יעדע אונטערנעמונג פון געטאָ אין די אייגענע הענט. די לעצטע טראָפּנס כּיִעס, וואָס זײַנען נאָך געבליבן אין די געטאָ-אײַנוווינער, האָבן די נאַציסטן גענומען אַרויסקאַטשען אָפּן אָרט, ניט אַרויספירנדיק די ייִדן אינערגעץ ניט מיכוץ דער געטאָ.

איצט איז די געטאָ אויסערלעך געווען אין דער בכינע פון גסיסע. אַלץ, וואָס איז געבליבן לעבנספייִק, איז אַראָפּ אין דער אונטערערד. מיט די לעצטע קויכעס האָבן די געטאָ-מאַרטירער גאַנצע נעכט געגראָבן קאַטאַקאָמבעס און אונטערערדישע פאָרטיפיקאַציעס, וואָס האָבן דערגרייכט דעם אַרישן טייל פון דער שטאָט.

— מיר וועלן מיט אונדזערן אָן אייגענעם וועג אַרײַנדרינגען אין דעם אַרישן טייל שטאָט, — האָט אַלעקסאַנדער געוויזן זײַנע שלאַכט-פּרײַנט דעם פּלאַן פונעם אופשטאַנד, — דורך דער אונטערערד. דערבײַ, — האָט ער, קנייטשנדיק דעם שטערן, צוגעגעבן, — דעמלט, ווען מיר וועלן עס האַלטן פאַר נייטיק און פאַר צוועקמעסיק פאַר אונדז. ניט ווען זיי וועלן אונדז אַהינצו פירן...

און די אַרבעט איז געגאַנגען מיט פלײַס. אַף קיינעם האָט ניט געטאָרט זײַן קיין סימען פון אויסגעמאַטערטקײַט — עס זאָלן דאָס ניט באַמערקן די דײַטשישע באַלעבאַטים. דער מינדסטער פאַרדאַכט אין עפּעס אַ מאכלע האָט באַטײַט — טויט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַף די אָפּגעבלוטיקטע גאַסן פון געטאָ האָבן די דײַטשן זיך גענומען גרייטן צו אַ נײַער ליקווידיר-אַקציע. דאָס אויסערלעכע אויסזען פון דער געטאָ האָט זיי צוגעגעבן קוראַזש. זיי זײַנען געווען איבערצײַגט, אַז די לעצט פאַרבליבענע ייִדן זײַנען פולשטענדיק אויסגעשעפּט — אי דורך דער קאַטאָרזשנער אַרבעט, אי דורך הונגער, אי דורך די עפּידעמיעס, וואָס זײַנען קינסטלעך צווישן זיי פאַרשפּרייט געוואָרן דורך די דײַטשישע וויסנשאַפט-לײַט, אַז זיי זײַנען מאָראַליש אינגאַנצן נידערגעשלאָגן, פיזיש דערדריקט, און קיין סאַך מי וועט דעם דײַטשישן געוועער ניט קאָסטן אַף דערלאַנגען די ייִדן פון געטאָ דעם לעצטן און ענדגילטיקן קלאַפּ, די געסטאַפּאָ זאָל, ענדלעך, קאָנען מעלדן דירעקט אין היטלערס הויפּט-קוואַרטיר, אַז וואַרשע איז ייִדן-ריין.

דאָס האָט באַדאַרפט זײַן דער ענטפער אַף דעם שאַס אין פּאַן פּראַשן, אַף די בערגלעך אַש, וואָס האָבן געטשאַדעט דאָרט, וווּ ס'האָבן זיך געגרייסט מיט דער גובערנאַטאָרישער גײַווע פאַרשיידענע אַנשטאַלטן פון דער אָקופּאַנטישער פאַרניכטונגס-סיסטעם...

די געטאָ איז קינסטלעך פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן. די לעצט פאַרבליבענע ייִדן זײַנען צעשלאָגן געוואָרן אַף באַזונדערע בלאָקן. יעדער בלאָק האָט געקראָגן דעם דײַטשישן נאָמען „שאַפּ". און יעדער שאַפּ האָט באַקומען אָן אינערלעכע איזאָלירטקײַט פון דעם אַנדערן שאַפּ. פּאָול פריקע האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט דעם מיליטערישן פּלאַן פון דעם לעצטן קלאַפּ איבער דער געטאָ, ווי אַ גאַנץ זעלבשטענדיקע שלאַכט-קאַמפּאַניע. ער האָט נאָר ניט דיסקאָנטירט, וואָס עס טוט זיך אין דער אונטערערד. וועגן דער אונטערערד האָט ער בלויז געוווּסט, וויפל אויסגעהאַרגעטע ייִדן פון וואַרשע און פון די אַרומיקע שטעטלעך ליגן אין איר. דאָס האָט ער געוווּסט. דאָס האָט ער באַקומען בעיערושע פון זײַן דערשאָסענעם פרײַנט פּאַן פּראַש, און די יערושע האָט ער געהאַלטן באַם פאַרשרײַבן אַף זײַן אייגענער קאָנטע פאַר דעם פיורער. ער וועט אים פריִער אָדער שפּעטער צושטעלן זײַנע העלדנטאַטן און פאַרדינסטן פאַר דעם דריטן רײַך און וועט זיך ניט שעמען מישטאַדל זײַן וועגן אַן אַנטשפּרעכיקער באַלוינונג. אָבער צו דעם וועט ניט קומען, ווײַל דער פיורער וועט אים אַליין ווי געהעריק אָפּשאַצן.

דאָס רײַך האָט געפאָדערט — ליקווידאַציע, די לעצטע אַקציע. דער פראָנט איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן נעענטער צו דער גובערנאַטאָרשאַפט. ס'האָט אין דער גובערנאַטאָרשאַפט ניט געטאָרט בלײַבן קיין איין ייִד. פריקען האָט מען געאײַלט פון בערלין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין יענער נאכט האָבן פּאָליציי־אָפּטיילונגען אַרומגערינגלט דעם יידן־ראַיאָן.

אָבער די אונטערערדלער זײַנען שוין א צײַט לאַנג געווען גרייט צו באַגעגענען דעם נײַעם פּאַראַט, וואָס פּאָול פּריקע האָט פּאַרקאַכט.

קיין איין נאכט זײַנען די אַרבעטער ניט געווען דאָרט, ווו די עסעסאָווצעס האָבן זיי געקאָנט טרעפן. אַלע אונטערערדישע שלאַכטלײַט זײַנען געווען אַף זייערע באַצירקן. ווער ס׳איז געווען פאַרשטעקט אין בונקערס, ווער — אין מאַלינעס. די וווינונגען און די וואַרשטאַטן, וואָס אַף זיי האָבן אויסגערעכנט די פאַבריקאַנטן און די געסטאַפּאָ, זײַנען געווען ליידיק. די אומשלאַג־פּלאַצער — פּוסט.

נאָך האַלבער נאכט האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין געטאָ די יידן־פאַרניכטלער מיט מאַשין־געווער, אָנגעפירט פונעם עסעס־גענעראַל בּאַראָן פאָן קאַלמעדי. אַלע גאַסן זײַנען געווען באַלאַגערט. עסעס־אָפיצערן זײַנען געגאַנגען פון בלאָק צו בלאָק, פון שאַפּ צו שאַפּ און קיינעם דאָרט ניט געטראָפן. אייניקע, וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם פוקסן־מאַנעווער פון א פאַבריקאַנט און געגלייבט, אַז די, וואָס אַרבעטן, וועלן זײַן געראַטעוועט און געשוינט, האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן סאַמע בא די וואַרשטאַטן. די מאַשינעס זײַנען באַשפּריצט געוואָרן מיט זייער בלוט.

קיינמאָל זײַנען נאָך די עסעסאָווצעס ניט געווען אַזוי זיכער אין לײַכטן דערפאָלג, ווי אין יענער נאכט. אַלץ איז געווען צוגעגרייט און באַוואָרנט.

בּאַראָן פאָן קאַלמעדי האָט געציילט די ערשטע טראָפּייען אָן איבעריקן ענטוזיאַזם. ער האָט אויסגערעכנט פאַרסטאַמפּעווען די פאַרורטיילטע אין די שאַפּן, און פון דאָרטן וועלן זיי שוין ניט האָבן קיין אַנדער וועג, ווי אַף די אומשלאַג־פּלעצער. נאָר ווי אַליאַרמירט דורך א געהיימען סיגנאַל, האָבן אַלע באַצײַטנס פאַרלאָזט די וווינונגען און וואַרשטאַטן. בּאַראָן פאָן קאַלמעדי האָט זיך נאָר צערייצט דעם אַפּעטיט מיט דעם בלוט פון די עטלעכע דערשאָסענע אַרבעטער, וואָס זײַנען געבליבן אין די וואַרשטאַטן און זיך קעגנגעשטעלט די עסעסאָווצעס.

אַרײַנגעגאַנגען זײַנען די עסעסאָווצעס דאָס מאָל אין געטאָ ווי אַף א פּאַראַד. ס׳זאָל בא די דערשלאָגענע אײַנוווינער ניט אַרויסרופן קיין פאַרדאַכט. זיי זײַנען אַרײַנגעגאַנגען מיט מוזיק. די אָנגעבלאָזענע פּיסקעס פון די מוזיקאַנטן האָבן געגלאַנצט, פאַריסענע אין דער הייך אײנײנעם מיט זייערע מעשענע בלאָז־אינסטרומענטן. זיי האָבן זיך אַליין אונטערגעקלאַפּט מיט די פיס צום טאַקט. זיי האָבן געוווּסט, אַף וואָס פאַר א פּאַראַד זיי גייען. אָט באַלד וועלן זיי דאַרפן פאַרטויבן דאָס געוויין פון זקיינים און דאָס געשריי פון קינדער. זיי זײַנען דערפאַרן. זיי ווייסן, וויאַזוי מע מאַכט עס. נאָר איצט האָבן זייערע אָנגעבלאָזענע פּיסקעס זיך געבערגלט ביז צום פּלאַצן, אָנפילנדיק מיט ווילדער קאַקאָפאָניע דעם וויסטן אָוולדיקן רוים פון דער געטאָ. קיין שום קוילעס האָבן זיך מיט זיי ניט פאַרמאָסטן. ניט קיין געוויין און ניט קיין געשריי. זיי האָבן געבלאָזן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, און ס׳איז זיך ערגעץ פאַנאַנדערגעגאַנגען און אַזוי זיך אויסגעהויכט אין דער טרויעריקער וויסטקײַט פון דער געטאָ. קיינעם האָבן זיי ניט אופגעוועקט. צו קיינעם האָבן זיי ניט דערגרייכט.

און בּאַראָן פאָן קאַלמעדי איז אומגעפאָרן אין זײַן מאַשין איבער דער אויסגעליידיקטער געטאָ, ווי אַן אויסגעפוצטער גרויסער שטשור, וואָס האָט זיך באַנאַכט אַרויסגעכאַפּט פון זײַן נאָרע אַפן רייעך פון בלוט און ער זעט עס ניט... ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ אין פאַרשיידענע זײַטן, פאַנאַנדערגעוואָרפן די פאַרניכטלער־גרופּן אומעטום, ווו ס׳האָט זיך געדאַכט אַן אָטעם פון לעבן, און די עסעסישע קלעזמער האָבן מאַרשירט איבער די ליידיקע גאַסן פון דער געטאָ, ווי פּורים־שפּילער, זיך געריסן די קישקעס, געבלאָזן די באַקן און געטאָן די זאַך אָרנטלעך, בישליימעס, ניט גענאַרט, אויסגעפילט די גאַנצע פּראָגראַם, וואָס זיי האָבן אָנגעמערקט פאַר אַזא יאָמטעוו, — זיי האָבן געדרייט מיט די מעשענע טרויבן און מיט די קעפּ און מיט די באַקן און אַלע ווײַלע א לעק געטאָן די אופגעשוואָלענע ליפּן און דעם שוויים, וואָס האָט געראַנען פון אונטער די דאַשעקעס צו די מײַלער. זיי האָבן מאַרשירט און ניט פאַרגעסן ציילן דעם טאַקט און ניט פאַרגעסן קוקן אין דער הייך, ווי זיי וואָלטן געוואָרט, מע זאָל זיי אַראָפּוואַרפן פון די אייבערשטע עטאַזשן האָמענטאַשן מיט נעדאָוועס.

בּאַראָן פאָן קאַלמעדי האָט זיך געערגערט. יעדע קאָמאַנדע, וואָס ער האָט געגעבן זײַנע גאָרגלשנײַדערס, האָט ער אַרויסגעכריפּעט מיט אַזא צעיושעטקײַט, ווי ער וואָלט איבערגעכאַזערט דעם פיורערס ווערטער — דירעקט פון בערלין. און זײַן יעדע קאָמאַנדע האָט באַטײַט:

— פון דעם פאַרפלוכטן רעזערוואַט ניט אַרויסגיין, ביז ער וועט ניט קאָנען ראַפּאָרטירן בערלין, אַז מיט די יודען איז געענדיקט.

אין די טויערן פון געטאָ האָבן זיך באַוויזן נײַע פאַרניכטלער־גרופּעס, וואָס לויטן אויסגעאַרבעטן פּלאַן האָבן זיי באַדאַרפט קומען בײַטן די ערשטע, ווען לויט זייער כעזשבן וועט שוין

א היפשע ארבעט פון דער ליקווידאַציע זײַן אָפּגעטאָן. זײַנען זיי געשטאַנען, ווי א רעזערוו, און געוואַרט, ביז מע וועט זיי לאָזן אין „געשעפט". און די קלעזמער האָבן געשפּילט.

באַראָן פאָן קאַלמעדי האָט שוין אליין אויך דערפילט די לעפּישקייט פון זײַן קלעזמער־קאָמאַנדע, גלײַך ווי בלויז צוליב דעם איז ער אַרײַן מיט זײַנע פאַרניכטלער־גרופּעס אין געטאָ, אַף אָפּשפּילן איר א דאַבראַניטש. ס'האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אז עמעצער פון זײַנע טיילן דאַרף זיך נאָך באַלד אַרײַנשטעלן אין געטאָ א ביסל קאַליאַדעווען אויך... די מוזיק האָט אים אליין שוין אויך געגומען פאַרטויבן. ער וואָלט זי צו אַלדי טײַוולען אָפּגעשטעלט, נאָר דאָס וואָלט אויך גלײַכצײַטיק אָפּגעשטעלט דעם שלאַכט־גײַסט פון זײַנע גאָרגלשנײַדער. דער באַנאַכטיקער אָנפאַל וואָלט זיך אויסגעדעמפּט און געוויס פאַרלאָרן פון זײַן עפעקט. דאָך האָט ער באַשלאָסן — געבן א באַפעל צו די מוזיקאַנטן, זיי זאָלן פאַרלויפיק מאַכן אַן איבערײַס, ביז ער וועט זיי וועגן דער פאַרזעצונג אליין מעלדן. נאָר גראָד דעמלט איז א פאַרסאָפּעטער צוגעלאָפן צו אים איינער פון זײַנע אָרדינאַרן און אים איבערגעגעבן:

— דער שופּאָ־טייל אונטער דער אָנפירונג פונעם גרופּענפיורער האָט דורכגעבראָכן אַן אונטערערדישן בונקער און זיך אַרײַנגעריסן אינווייניק.

— מוזיק, — האָט ווי אַף א פּאַראַד אויסגעריטשעט פאָן קאַלמעדי. — אַרײַנפירן די רעזערוו־גרופּן.

— צום באַפעל, הער גענעראַל, — האָט דער אָרדינאַר אויסגעקלאַפּט מיט די אָפּצאַסן און איז פאַרשוווּנדן.

קאַלמעדי האָט באַפוילן דעם שאָפער, ער זאָל פאַרקערעווען צום בונקער. דער באַראָן וויל זײַן נעענטער צו זײַנע סאָלדאַטן.

זײַן מאַשין האָט א שפּריץ געטאָן פון ביידע פּאַרעס איבער דער געטאָ מיט מילכיקער שײַן און זיך געלאָזט אין דער פינצטערניש.

אין דעם אונטערערדישן בונקער, וווּהין די עסעסאָווצעס האָבן זיך אַרײַנגעריסן, האָט מען זיך צו א צוזאַמענשטויס געגרייט. די אונטערערדישע שלאַכטלײַט האָבן ניט געשטערט די עסעסאָווצעס אַראָפּנידערן דורך די געדרייטע טרעפּ וואָס טיפער אין דעם פאַרקאָנספּירירטן אָרט. און די עסעסאָווצעס זײַנען געגאַנגען זיכער. עפּשער האָבן זיי געהערט די מוזיק, וואָס האָט זיי באַגלייט אַף דער דאָזיקער שכיטע.

מיט די אויטאָמאַטן פאָרויס, צוגעבנדיק זיך קוראַזש, האָט זיך זיי געגלוסט אונטערזינגען צו דער מוזיק, וואָס האָט זיי באַגלייט אין דער נידער. און מיטאַמאָל האָט דער פאָרויסגייענדיקער, דער גרופּענפיורער, א געשריי געטאָן, ווי ער וואָלט מיטן געשריי באַדאַרפט דורכשפּאַלטן דעם גאַנצן שיכט ערד, וואָס איז, ווי א פינצטערער קופּאָל, געהאַנגען איבער זײַן עסעס־גרופּע.

אין דער ערשטער רעגע האָט די עסעס־גרופּע עפּשער געמיינט, אז דאָס איז בלויז אזא הילכיקע קאָמאַנדע פון זייער גרופּענפיורער, אז ס'איז א הילכיקע פאַראָרדענונג: — אָנהייבן! נאָר טייקעף נאָך דעם געשריי האָבן זיך דערהערט קרעכצן. די עסעסאָווצעס האָבן לויט די קרעכצן געגומען זוכן דעם שרײַענדיקן גרופּענפיורער אין דער פינצטער. קליינינקע טאַשן־לאַמטערנדלעך האָבן א ווונק געטאָן איינער צו דעם אנדערן. אונטער דער קנאַפּער שײַן פון די טאַשן־לאַמטערנדלעך האָבן די שופּאָ־ריטער דערזען זייער גרופּענפיורער מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי ער וואָלט געבעטן הילף. דאָס פּאָנעם איז בא אים געווען פאַרברענט. ער האָט געסקאַווטשעט און געזוכט אין דער פינצטערניש זײַן ריַע, זײַן פיורערשאַפט, זײַן מאַכט, זײַן זיגערישע פרייליכקײַט. ער האָט ענדלעך געזוכט די האַנט, וואָס האָט עס דאָ, אין דער אונטערערד, בא אים אַלץ צוגענומען.

נאָר די האַנט איז איצט געווען אויסגעשטרעקט מיט א רעוואָלווער און געוואַרט אַף דעם צוריקגאַנג פון די עסעסאָווצעס. דאָס איז געווען טאַסיעס האַנט. די זעלבע האַנט, וואָס האָט מיט א געפּערלטן קסאַוו אָנגעפילט די פּאַספּאָרט־בלאַנקען פאַר די כאַווירים אין דער אונטערערדישער דרוקערײַ, די זעלבע האַנט, וואָס האָט אַף א שיפרירט לאָשן, פון איר אליין אויסגעטראַכט, צו וויסן געטאָן דער וועלט, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ, און וואָס האָט ערשט נעכטן אָנגעשריבן איר לויפיקע קאָרעספּאָנדענץ.

די זעלבע האַנט.

און איצט האָט זי מיט א פלאַש וויטריאָל אויסגעגאָסן איר האַרץ אַפן פּאָנעם פונעם גרופּענפיורער, וואָס האָט זיך אזוי זיגעריש אַרײַנגעריסן אין דעם אונטערערדישן בונקער און געפירט זײַנע גאָרגלשנײַדערס אַף א בלוטיקער הוליאַטשטשינע אין דער באַגלייטונג פונעם באַראָן פאָן קאַלמעדיס מוזיק.

דעם דאָזיקן פײַערדיקן קסאַוו מיט דער פלאַש וויטריאָל האָט טאַסיע געשריבן ניט שיפרירט, נאָר אַף אַן אַלצוטריטלעכער שפּראַך, דיקטירט פון דעם אונטערערדישן שטאַב, פון דער גאַנצער

געטאָ און פון צענדליקער טויזנטער פאַרפּײַניקטע. זי האָט דאָס געשריבן אַזוי, ווי אַ דאָרשטיקער טרינקט פון אַ קוואַל נאָך אַ צוויייאָריקן טאָנעס. איר פּאָנעם איז געווען באַגײַסטערט. די אויגן האָבן געברענט. און די ביינער זײַנען בא איר געווען שיקער פון דעם עקלהאַפטן מיִעסן כאַזערישן געוואַי, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער אייביקער פינצטערניש אַרײַן פון דעם גרופּענפיורער, ווען זי האָט פאַרשטערט די בלוטיקע הוליאַשטשינע מיט קאַלמעדיס מוזיק.

און ווען די עסעסאָווצעס האָבן זיך געלאָזט צו זייער גרופּענפיורער, האָט זיי דעם וועג פאַר־שטעלט פון ביידע זײַטן אין איבערפלעכט פון זיך דורכקרייצנדיקע קוילן. און דעמלט האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַ גרופּע אונטערערדלער מיט אַלעקסאַנדערן בעראָש און אָף גיך אופגעשטעלט אַ באַריקאַדע אָף דער גאַסן־קרייצונג. אונטן, אין דער אונטערערד, איז געגאַנגען אַ געשלעג מיט דער עסעס־גרופּע. אַנגעפירט מיט דעם געשלעג האָט מעטעק. טאַסיען האָט מען אָפּגעטראָגן אַ פאַר־וווּנדעטע. פון אויבן איז אופגעשטעלט געוואָרן די באַריקאַדע.

אַלעקסאַנדער האָט אופגעמונטערט די אופשטענדלער:

— אָט אַזוי האָבן מיר אופגעשטעלט באַריקאַדעס אין נײַן און דרײַסיקסטן יאָר, ווען די רעגירונג איז געלאָפן און מיר האָבן פאַרגעזעצט די שלאַכט מיט די דײַטשן. אָט אַזוי האָבן מיר אופגעשטעלט באַריקאַדעס אין די צײַטן פון רידז־סמיגלאַ, ווען רײַטער־פּאָליציי האָט געשאָסן אין פרידלעכע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס. אָט אַזוי האָבן רוסישע אַרבעטער אופגעשטעלט באַריקאַ־דעס אין פּעטראָגראַד, ווען די באָלשעוויקעס האָבן גענומען די מאַכט. און אָט אַזוי האָט מען מי־סטאָמע אויך אופגעשטעלט באַריקאַדעס אין מאָסקווע, ווען די דײַטשן האָבן זיך געריסן צו דער שטאָט. און דער סאָף... דער סאָף איז געווען דער אָנהייב.

די מוזיק האָט געשפּילט. דער באַראָן פאָן קאַלמעדי האָט אונטערגעהאַלטן די זיגערישע הוליאַשטשינע פון די עסעסאָווצעס מיט גרויסאַרטיקע רולאַדן פון מיליטערישע מאַרשן. און די אונטערגעקומענע רעזערוון אָף צו בײַטן די, וואָס האָבן זיך געשלאָגן אונטער דער ערד, זײַנען דורך די אופשטענדלער באַגעגנט געוואָרן מיט פײַער בא דער באַריקאַדע. איינצײַטיק האָבן זיך אַזעלכע שלאַכטן פאַרבונדן אין פאַרשיידענע ראַיאָנען פון געטאָ. דער נאָוואָליפּיע האָט געענטפערט די פראַנציסקאַנער, ווי אַ ווידערקאָל האָט זיך דערהערט אַ שיסערײַ אָף מוראַנאָוו און אַמ־שטאַרקסטן האָט זיך צעפלאַקערט די שלאַכט אָף זאַמענהאָף־גאַס.

ווען צו פאַרבײַטן אין דער אונטערערד האָבן די רעזערוו־גרופּעס שוין ניט געהאַט. מיט דעם ערשטן דײַטשישן בלוט האָט זיך געקילט די אונטערערד. און אויבן איז געגאַנגען אַ באַרי־קאַדן־שלאַכט. און די מוזיק האָט געשפּילט. צעשלאָגענע עסעסאָווצעס זײַנען געלאָפן צוריק, זוכנ־דיק דעם אַרויסגאַנג פון דער געטאָ. און די איבעריקע רעזערוון זײַנען שוין מער אין קיין שלאַכט יענע נאַכט ניט אַרײַנגעטראָטן. זיי האָבן זיך באַנוגנט מיט אָבלאַוועס איבער די ווייניק־באַשיצטע ראַיאָנען פון דער געטאָ. זיי האָבן דאָרטן אונטער דער זעלבער זיגעריש־אַנגרײַפערישער מוזיק אַרויסגעטריבן פון די הײַזער זקיינים און קראַנקע און אונטער מוזיק זיי געשלעפּט צו די אומ־שלאַג־פּלעצער.

פאַר דעם באַראָן קאַלמעדי איז דאָס אויך געווען אַ זיג. נאָך דעם, ווי זײַנע גאָרגלשנײַדערס האָבן אין דער דאָזיקער נאַכט פאַרלאָרן קנאַפּע פערציק עסעסאָווצעס, און נאָך דעם, ווי ס'איז אָפּ־געשלאָגן געוואָרן בא זיי דאָס גאַנצע געווער, איז דער פאַרטריבענער טייל יידן נאָך דער אָבלאַווע אויך געווען אַ טריומף.

אָף נאָוואָליפּיע איז די שלאַכט פאַרגעזעצט געוואָרן.

אַ גרופּע עסעסאָווצעס, באַוואָפנטע מיט אווטאָמאַטן און מיט האַנט־גראַנאַטעס, האָט זיך דורכגעריסן צו אַ באַהעלטעניש, וווּ ס'האָבן זיך געפונען פרויען און קינדער, און איז גלײַך אַרומ־געריגגלט געוואָרן פון די יידישע אופשטענדלער אָף נאָוואָליפּיע. די שלאַכט איז געווען אַ צווייענ־דיקע: אי אָף פאַרניכטן די עסעסאָווצעס, אי אָף באַשיצן די, וואָס האָבן זיך געפונען אין בונקער. די עסעסאָווצעס האָבן שוין געהאַט אַרויסגעשלעפּט פונעם בונקער פאַרכאַלעשטע פרויען און קינדער. און דאָ האָט אַלעקסאַנדער מיט ביידע פלאַנגען פון זײַן גרופּע אופשטענדלער פאַרשלאָסן די עסעסאָווצעס אין אַ קרײַז און אונטער דעם פײַער גענומען אַרויסרײַסן די קינדער מיט די פרויען. אָן געווער האָבן אייניקע אופשטענדלער זיך געוואָרפן אָף די עסעסאָווצעס און זיי אַנטוואָפנט.

די פרויען מיט די קינדער, וואָס די אופשטענדלער האָבן אַרויסגעראַטעוועט, זײַנען אינמיטן שלאַכט אוועקגעפירט געוואָרן אין אַ באַהעלטעניש. צו דעם אָרט פון דער שלאַכט האָבן גענומען אונטערקומען נײַע גרופּן דײַטשישע סאָלדאַטן. אָף די הענט האָבן זיי געטראָגן לײַכטע קוילנ־וואַרפערס, אָף די בײַכער האָבן געסטאַרטשעט אווטאָמאַטן און פון די גורטן זײַנען אַראָפּגעהאַנגען גראַנאַטעס. די אופשטענדלער איז אויסגעקומען אָפּטרעטן. אָבער — וווּהין? די באַריקאַדע איז געווען דער איינציקער אָביעקט, וואָס הינטער אים האָבן די אופשטענדלער זיך געקאָנט באַשיצן.

אָפּטרעטן האָט באַטײַט — פירן דעם סוינע נאָך זיך, אין די באַהעלטענישן, ווו עס ליגן די קראַנקע, ווו עס געפינען זיך די געראַטעוועטע פרויען און קינדער.

צו דעם אָרט, ווו די איבערוואָג — סײַ אין געווער, סײַ אין מענטשן — האָבן געהאַט די עסעסאָווצעס, האָט זיך דערנענטערט דעם באַראָן פאָן קאַלמעדיס לימוזין. דער באַראָן האָט איבערגעטראָגן זײַן קאָמאַנדע־פּונקט צו דעם פראָנט דעמלט, ווען דער קלײנינקער בונקער איז געווען באַלייגט פון עסעסאָווצעס און קיין געפאַר האָט דעם דאָזיקן מוזיק־גענעראַל שוין ניט געדראָט. ער האָט זיך געריסן א קוק טאָן מיט זײַנע אייגענע אויגן דאָס שלאַכטפעלד אין געטאָ. ער האָט זיך געריכט דערזען אויסגעהאַרגעטע הונדערטער אופשטענדלער, אויסגעמישטע מיט די קערפּערס פון די דערשאָסענע קינדער און פרויען, וואָס די עסעסאָווצעס האָבן אַרויסגעשלעפּט פון די באַהעלטענישן, — ער האָט זיך דאָס אַלץ געריכט זען מיט זײַנע אייגענע אויגן און פאַרנאָטירן עס בא זיך צום ראַפּאָרט, וואָס ער האָט זיך געקליבן אָפּשיקן קיין בערלין, — ער איז שוין געגאַנגען מיט דער זיכערקײַט פון נאָך א געלונגען געענדיקטער שלאַכט, ווו דאָס פעלד איז טויט און, כוץ באַאַכטן דעם סוינעס הרוגים, איז גאָר ניטאָ וואָס צו טאָן און היטן איז זיך אויך ניטאָ צו וואָס.

נאָר אַרויסגײַענדיק פון דער מאַשין, האָט ער דערזען זיך וואַלגערן קאַסקעס. טויט־פאַרוווּנדעטע עסעסאָווצעס האָבן קרעכצנדיק געפּויזעט איבערן ברוק. אייניקע זײַנען געלעגן נאָזנדיקע, ווי זיי וואָלטן געשוווּמען. די מוזיק האָט געשפּילט, אָפּשטעלן זי איז ניט געווען קיין מעגלעכקײַט. אָפּשטעלן זי האָט געהייסן אַרויסרופן צווייפל אינעם זיג. ער איז געגאַנגען איבער דער גאַס, דער אָפּגעשאָטענער מיט הרוגים. פון דער ווײַט האָט זיך שוין גענומען אויסבילדן די קאָנטור פון דער באַריקאַדע, און דעמלט האָט אַלעקסאַנדער אָפּגעגעבן א קאָמאַנדע זײַן גרופּע אופשטענדלער, וואָס אונטער זייער שוץ האָט מען אַרויסגעפירט די פאַרוווּנדעטע און ניט צוגעלאָזט די עסעסאָווצעס צו דעם בונקער, — פײַער, איבער די פאַשיסטישע הינט!

און מיט די לעצטע קוילן, וואָס יעדערער פון די אופשטענדלער האָט נאָך פאַרמאָגט בא זיך, האָבן זיי באַנײַט די שלאַכט.

דער באַראָן פאָן קאַלמעדי האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, ווו ער איז.

ווער האָט עס געעפנט א פײַער? שיקט זיך, אַז די אויסגעהאַרגעטע שלעפּער פון דער געטאָ באַשיסן טויטערהייט אים, דעם באַראָן קאַלמעדי? ער האָט אָנגעהויבן זוכן א באַהעלטעניש. ער האָט זיך אויסגעבויגן אינדרײַען און אויסגעבויגענער גענומען לויפן צוריק צו דער מאַשין. נאָר דעם וועג צו דער מאַשין האָט אים פאַרשטעלט אַן אופגעריסענע גראַנאַטע, וואָס איז געשלײַדערט געוואָרן אין אים פון די אופשטענדלער. ער האָט זיך א לאָז געטאָן אין דער קעגנדיקער ריכטונג, שוין מיט די הענט אַף דער ערד. אין איין אויגנבליק האָט ער זיך אינגאַנצן פאַרפּלאָנטערט, ווי אַן אַרויסגעיאָגטע חיה, וואָס האָט פאַרלוירן די נאָרע. ער האָט פון שרעק ניט געזען, ווו זײַנען זײַנע און ווו איז דער סוינע. ניט אַנדערש, ווי מע האָט אים באַוווּסטזיניק פאַרנאַרט אַהער, אַף אָט דעם קלוימערשט פאַרקערפּערטן טרוים פונעם פיורער, — אַז ער, דער באַראָן פאָן קאַלמעדי, זאָל אונטערשרײַבן דאָס לעצטע זײַטל פון דער געטאָ און אופעפענען א נײַ זײַטל פון דער יידן־ריינער שטאָט וואַרשע. גראַנאַטעס האָבן זיך געריסן אַרום אים, לויפן איז ניט געווען וווּהין, די קליינע צאָל אופשטענדלער, וואָס איז געווען אין שלאַכט, האָט זיך פאַנאַנדערגעוואָרפן איבער די הויפן, אין די נישעס, אין די געוועלבן פון די דעכער און אַזויאַרום געבילדעט א קרײַז, וואָס אין אים האָבן זיי געהאַלטן די גאַנצע טיטשקע עסעסאָווצעס. די דײַטשן האָבן ניט געזען, פונוואַנען ס׳פאַרפאַלגט זיי דאָס פײַער. נאָר יעדער אויסגעשאָסענער פּאַטראָן איז געווען אַדרעסירט פּינקטלעך. און אַף יעדן אויסגעשאָסענעם מיצאַד די אופשטענדלער פּאַטראָן זײַנען אויסגעבראַכט געוואָרן הונדערטער דײַטשישע קוילן אין דער פּוסטקײַט. און דער באַראָן פאָן קאַלמעדי האָט זיך שוין ניט פאַנאַנדערגעקליבן — פון וועלכער זײַט גייט אַזאַ אינטענסיוו פײַער.

מיט דער דאָזיקער שלאַכט האָט אָנגעפירט אַלעקסאַנדער. ער אַליין האָט זיך די גאַנצע צײַט געפונען אין א געוועלב פון צוויי ווינקלאַרטיק אײַנגעבראָכענע ווענט, וואָס האָבן אויסגעבילדעט א ווינקל־נעסט, און פון דאָרטן געפירט זײַן פײַער. אים האָט מען ניט אַרויסגעזען. און ווען ס׳האָט זיך אים א וואָרף געטאָן אין די אויגן דער הויכגעשטעלטער גאַסט אין דער דאָזיקער שלאַכט, ווי ער וואָרפט זיך פון זײַט אין זײַט, — האָט ער, כוץ סינע, אויך דערפילט עקל צו אָט דעם גרויסן אָנגעפּרעסענעם שטשור, דעם אויסגעפּוצטן אין פאַרשיידענע פאַזומענטן, וואָס איז וואַרשײַנלעך געקומען אַף דער לעצטער הוליאַשטשינע פון דער געטאָ. דאָס האָט ער מיט זיך מיטגעפירט די דײַטשישע קלעזמער, ס׳זאָל אים זײַן פריילעכער צו געניסן פונעם בלוט, פונעם לעצטן בלוט, וואָס האָט נאָך געפלאָסן אין דער געטאָ. זיי שפּילן, די קלעזמער. זיי מאַכן אים פריילעך, דעם באַראָן. זיי זעען גאָר ניט, ס׳אַרא מאָדנעם טאַנץ ער טאַנצט, — אַף אַלע פיר, דער באַראָן, ווי א דאָווראַכער. ער קריכט אַרום מער טויט, ווי לעבעדיק... ס׳גייט אים ניט אײַן די מוזיק. אַף

ווידערשטאנד האָט ער ניט אויסגערעכנט. ניט אַף צו ברעכן אַ ווידערשטאנד איז ער געקומען אַהער, אין געטאָ. ער איז, ווארשײַנלעך, געקומען אונטערכאַסמענען מיט זײַנע הויכגעבירטיקע שטיוול דעם זיג. דעם זיג, וואָס דאָס דײַטשישע דריטע רײַך האָט אָפּגעהאַלטן איבער די אויסגע־בלוטיקטע און אויסגעצערטע ייִדן פֿון דער געטאָ. זי שפּילט, די מוזיק. און די עסעסאָווצעס רײַסן זיך צום בונקער. זיי דאַרפֿן דאָך מיט עפּעס וואָס באַצאָלן פֿאַר דער פֿײַערונג, וואָס דער באַראָן האָט פֿאַר זיי אײַנגעאָרדנט. זאָלן זיי כאָטש אַרויסשלעפּן פֿון דאָרטן די זקנים. זאָל זײַן — די פֿרויען. זאָל זײַן — קליינע קינדער. אָבער — מעזומען. זיי ווילן די דאָזיקע טראָפֿייען אונטער־טראָגן דעם באַראָן. דער באַראָן וועט האָבן וואָס אַראָפּצושרײַבן פֿונעם רעזערוואַט. די מוזיק שפּילט דאָך.

און אַלעקסאַנדער האָט אַף אַ ווײַלע פֿאַרגעסן, אַז ער פֿירט אָן מיט דער שלאַכט. אַף אַ ווײַלע האָט ער פֿאַרלוירן דעם רעשוס איבער זײַנע געפֿילן. דער גענעראַל, דער באַראָן פֿאָן קאַלמעדי מיט דער מוזיק אין געטאָ, מיט דעם בלוט איבער די גאַסן, מיט די געשלעפּטע קינדער פֿונעם בונקער, — דאָס אַלץ איניינעם האָט אים אַ ריס אַרויס געטאָן פֿון זײַן פֿאַרפֿעסטיקונג. עס זײַנען, דוכט זיך, די אײַנגעבראָכענע צוויי ווענט זיך אַליין פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. און איבער דעם גאַנצן צוזאַמענוואַלגער פֿון די עסעסאָווצעס און די אופֿשטענדלער האָט אַלעקסאַנדער געזען איצט דעם הויכן דעניק פֿונעם גענעראַל, דעם אָנפֿירער פֿון דער אַקציע, דעם אַקציאָנער פֿון דעם בלוט, וואָס גיסט זיך אין געטאָ, דעם צוקינפּטיקן אייגנטימער פֿונעם בראָך און דעם אָרעמען האָב־און־גוטס, וואָס טליִעט נאָך אין די כאָרעווע־געוואָרענע הײַזער פֿון דער געטאָ, און דעם יורעש פֿון די ייִדישע אונטערנעמונגען, דעם, וואָס האָט געשלאָגן יאַדאַכאַס מיט דעם מאַלכהאַמאָוועס, — אים און מער קיינעם ניט האָט געזען אַלעקסאַנדער, און ער איז אַרויס פֿון זײַן פֿאַרפֿעסטיקונג.

פֿאַר זײַנע אויגן איז דורכגעלאָפֿן באַרלעווי מיט אַן אווטאָמאַט, אופֿגעהויבן אין דער הייך, מיט אַ דײַטשישן אווטאָמאַט פֿון אַ דערהאַרגעטן עסעסאָווער. מיט דעם דאָזיקן טראָפֿיינעם אווטאָ־מאַט, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן באַם עסעסאָווער און אים צורעכט געמאַכט אַפֿן אָרט, האָט באַר־לעווי סאַליוטירט זײַן קאָמאַנדיר אינמיטן דער שלאַכט.

נאָר אַלעקסאַנדער האָט גאָרנישט ניט געזען אין יענעם אויגנבליק, כוץ דעם מאַלכהאַמאָוועס־דיקן פֿאָנאָמאַר אין די גענעראַלסקע פּאָגאָנעס מיט די פֿאַשיסטישע באַפּוצעכצן. ניט אָפּווײַכנדיק אַף קיין איין גראַדוס — ניט לינקס, ניט רעכטס, — האָט ער מיט די אויגן אײַנגעשלונגען דאָס געפֿעכט, ניט לייגנדיק קיין אַכט אַף דער געפֿאַר. ער איז אַרויס ווי פֿון זיך אַליין און ערגעץ גע־שטיגן. זײַן צילבערעט איז געווען דער הויכער דעניק פֿונעם גענעראַל, די גאָלדענע פֿאָזומענטן פֿונעם באַראָן, דער עקלהאַפֿטער טאַנץ אַף אַלע פֿיר פֿונעם דײַטשישן אַקציאָנער אונטער דער מוזיק פֿון די צעיושעטע בלאָזערס. ער האָט ניט באַמערקט, וואָס עס טוט זיך רעכטס און וואָס עס קומט פֿאַר לינקס. ער האָט ניט אַרויסגעלאָזט פֿון אויג דעם גענעראַלסקן דעניק. אָט האָט ער זיך באַוויזן, אָט איז ער פֿאַרשוווּנדן. אַלעקסאַנדער האָט זיך געיאָגט נאָך אים אי מיט די אויגן, אי מיטן אָטעם, אי מיטן אווטאָמאַט. קוילן זײַנען געפֿלויגן פֿאַרבײַ אים. זיי האָבן אים ניט אָפּגעשטעלט. פּונקט ווי דאָס פֿײַער פֿון די קוילן וואָלט געגעבן אַ ניידער, אַז זיי וועלן אים ניט שעדיקן, ביז ער וועט ניט האָבן אָפּגעטאָן זײַן באַרוף. איבערגעקרייצט, זײַנען זיי דורכגעפֿלויגן, די קוילן, און פֿאַרבײַגעפֿלויגן, און נאָר אונטערגעשטרײַכט זײַן היפּש פּאָנעם מיט די שמאָלע, נאָענט איינס צום אַנדערן אוועקגעשטעלטע אויגן. אַלעקסאַנדער האָט אַליין ניט געקאָנט באַשטימען, צי ס׳האָט גע־דויערט אַ רעגע, צי אַ גאַנץ לעבן, נאָר אַלץ איז דורכגעגאַנגען פֿאַר אים אין אָט דעם אויגנבליק, ווען ער האָט זיך מיט די קויכעס פֿון דער גאַנצער געטאָ, מיט איר גערעכטיקײַט און מיט איר אומשולד, מיט איר פּײַן און מיט איר טרויער, מיט איר טויט און מיט איר אומשטערבלעכקײַט, באַדאַרפֿט פֿאַראַנקערן אַף דעם גענעראַל מיט דער רער פֿונעם אווטאָמאַט. און — אָט איז זי, די גליקלעכע רעגע, אָט האָט זי אַ בליץ געטאָן מיט אַ שטיק פֿײַער, וואָס האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, אָט האָט זי אַ דונער געטאָן מיט אַ ציקלדיקן הילך און מיט אַן אָפּהילך. דער גענעראַל, דער באַראָן פֿאָן קאַלמעדי האָט דעם לעצטן קריך געטאָן אַף דער ערד. צום לעצטן מאָל אויסגעטאַנצט דײַטשלאַנדס זיג איבער דער געטאָ אונטער די צעיושעטע בלאָז־מאַרשן פֿון זײַנע קאָמעדיאַנטן. אַ גאַנצע אווטאָמאַט־סעריע איז דורכגעגאַנגען דורך אים, ווי דורך אַ פֿאַרמאַכטן קאַסטן מיט אָנגעראַבעוועטע קישקעס, מיט אָנגעראַבעוועטן בלוט, מיט אָנגעראַבעוועטע לעבער און לונגען. זי איז דורכגעגאַנגען, די סעריע, אַף דורך און דורך און איז אַרויס דורך דעם רוקן, ניט פֿאַרהאַלטנדיק זיך אין דעם גענעראַלסקן אָנגעפּלאָדנטן פֿעטן לײַב. די עסעסאָווצעס האָבן אים, אַן איבערגעקרימטן, מיט פֿאַרגלאָזטע אויגן, אופֿגעהויבן און אָפּגעטראָגן צו דער מאַשין. די מוזיק האָט געשפּילט. די בלאָזערס האָבן ניט אָפּגעריסן די ליפּן פֿון די מעשענע קלעזמער־פּיסק־לעך. זיי איז ביט אָנגעגאַנגען — אַ פּאַראַד, צי אַ לעווײַע. דעם באַראָן פֿאָן קאַלמעדי איז עס שוין אויך ניט אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך געלאָזט שלעפּן פֿון די עסעסאָווצעס. די הענט זײַנען אים נאָכ־

געהאנגען. דער גענעראלסקער בויך איז געווען איבערגעדעקט מיט זײַן גרויליקער פעלערינע, וואָס אין איר איז ער געקומען אף דעם לעצטן אקט פון דער געטאָ־טראַגעדיע. און אלעקסאנדער האָט ניט באַוויזן צו איבערצײַגן זיך אין דעם, וואָס איז פאָרגעקומען, ער האָט ניט באַוויזן זיך אַנטרינקען מיטן הילך פונעם אויטאָמאַט, ווי צוויי קוילן פוןביידע זײַטן האָבן אָפּגעשטעלט זײַן האַרץ. ער איז אַ פאַל געטאָן אף דער אויסגעבלוטיקטער געטאָ־ערד. ער האָט זי טויטערהייט אַרומגענומען און זיך צוגעטוליעט צו איר. ס'האָט קיינער ניט געהערט פון אים קיין קרעכץ. ער האָט ניט באַוויזן קיין וואָרט אַרויסברענגען. זײַן היפש פּאָנעם האָט אויסגעזען אַ ביסל פאַרוווּנ־דערט, ווי עס וואָלט נאָך אַלץ עמעצן געזוכט. ס'איז ניט געקומען אף אלעקסאנדערס פּאָנעם קיין רו נאָך דעם, ווי זײַן האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. טויטערהייט האָט ער געקוקט איבער דעם דורכגעשאָסענעם און אומגעוואַלגערטן גענעראַל — ווײַטער, צו דער אַרישער זײַט, און ווײַטער — צו דער הענקער־נעסט. און אזוינעם, אַ פאַרוווּנדערטן מיט ניט געקומענער רו אף דעם אומבאַ־וועגלעכן פּאָנעם, האָבן נאַסן מיט נאָך אַ פּאָר כאַוויירים אַראָפּגעטראָגן אלעקסאנדערן אין בונקער און פון דאָרטן — אין דער דרוקערײַ, אים צוגעדעקט מיט דער פאָן, און די קאָמאַנדע האָט סטיכייִש איבערגענומען אף זיך באַרלעווי.

יעדער אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער שלאַכט האָט זיך דערפילט פאַר דער גאַנצער צײַט פון געטאָ־געפענקעניש ווי אַ פרײַער מענטש, ווי אַ סאָלדאַט, ווי אַ קעמפער מיט אַן אופגעהויבע־נעם קאָפּ. איבער דער געטאָ האָט זיך באַוויזן הימל. אופשטענדלער האָבן געקוקט אַן פּאַכעד אין דער הייך. זיי זײַנען געגאַנגען איבער די גאַסן זיכער. זיי האָבן דערפילט דעם טאַם ניט בלויז פון דערהאַרגעט ווערן, נאָר אויך פון שלאַכט, פון שלאָגן זיך, פון הארגענען. זיי האָבן אַ טרונק געטאָן דאָס נעקאָמע־געטראַנק. זיי האָבן דערפילט דעם טאַם ניט בלויז פון פאַלן, נאָר אויך פון אומוואַלגערן. און ס'האָט זיי אופגעהויבן, אויסגעגלײַכט און באַפליגלט. גוורע האָט אַ שפּאַר גע־טאָן פון זייערע ביינער. גוורע, געבווירענע אין ווידערשטאַנד. מיט שטאָלץ פון קעמפער פאַר דער אייגענער ווירדע האָבן זיי געציילט די דײַטשישע הארוגים, וואָס זײַנען געלעגן צעוואַלגערט איבער די גאַסן פון געטאָ.



פראַגמענט פונעם געטאָ־דענקמאָל אין וואַרשע.

דאַוויד ספארד (פאָלקס־פוילן)



# לאַנד מײַנס, פּוילן

לאַנד מײַנס, פּוילן,
אַזוי איז שוין געווען באַשערט,
אַז אױף דײַן שײנער ערד
זאָל מײַן שטאַם
אופגיין ווי אַ קאָרבן־אוילע
אין פײַער און אין פלאַם
פון ראַצכישע מיזבייכעס.
אַז די ווינטן דײַנע זאָלן זיך צעקלאָגן
מיט אַלע מײַנע דוירעסדיקע אײכעס
און מײַן געביין צעטראָגן
איבער אַלע דײַנע פעלדער,
איבער אַלע דײַנע וועלדער.
לאַנד מײַנס, פּוילן,
אַזוי איז שוין געווען באַשערט,
כ׳זאָל פאַרקנאַסט זײַן צו דײַן ערד
מיט אַ בונד פון בלוט.

אַ פאַרזיגלטער מיט גרוילן,
אַ געהייליקטער מיט מוט —
אױף אַלע קומענדיקע צײַטן.

און זאָל ניט פּרוּוון קײנער מער
מעסטן מיר די ווײַטן —
יעדער שטערן דײַנער איז מײַן טרער,
יעדער ווינט — מײַן לעצטער רוף
און יעדעס פּיצל ערד — מײַן גוף.

# פון יענע רעגע

פון יענער רעגע,
ווען דאָס ייִנגסטע קינד
פון מײַן אַלטן פאָלק
האָט די בייזע וועלט געזעגנט
און, פון יעדן ווינט
געטריבן און פאַרפאָלגט,
אין פײַערן געגאַן פאַרלוירן, —
כ׳הייב אָן די טעג פון מײַן געבוירן.
מיט דעם צוזאַמען
כ׳האָב געזויגן די פאַרקוילטע ברוסט
פון אונדזער מאַמען,
און דעם טאַטנס גוטע אויגן,
די פאַרברענטע,
אופגעהאַנגען אױף די שטערן,
זיי זאָלן אױף דער ערד געשענדטער
קײנמאָל ניט פאַרגעסן ווערן.
מיט דעם אײניינעם
כ׳בין אין שול געגאַנגען,
די שײנע ייִנגלשע געזאַנגען
אויסגעזונגען צווישן כאַרעוודיקע
שטיבער
און שפּעטער אױף לעוואָנעדיקע וועגן
מיט פאַרליבטע זיך באַגעגנט —
אַרויסגעקומענע פון שוואַרצע גריבער.
איצטער וועלן מיר אינצווייען
אויסגעפינען צווישן אַלע
די סאַמע שענסטע קאַלע
און צו דער כאַסענע זיך גרייטן:
אַלע שוסטערלעך און שנײַדערלעך —
יונג און גרײַז —
פון דעם אַש אַרויס פאַרבעטן,
אופצוניייען אַ כופּע־קלייד אַ ווײַס
פון די שטיקנדיקע רויכן
און רויטע שיכעלעך פון פלאַמען
אױף אָפּצאַסן הויכע —
דער גאַנצער וועלט זיך צו באַווײַזן.
די גלאָקבעקס און די הויזינגערס
און אַלע זייערס גלײַכן,
וועלכע טראָגן נאָך אױף זייער פּאָנעם
דעם אַלטן ייִכעסדיקן קאַין־צייכן, —
זיי אַנטקעגן
וועלן אַלע פון די קאַלעך־אויוונס קומען
מיט די אויסגעברענטע וועגן,
מיט די טײַכן בלוט צו שווימען
און פונדאָסנײַ די שײַטערס אַלע
אין רויטע פײַערווערק צעצינדן, —
זיי זאָלן נאָכאַמאָל
דאָ אַלץ דערזען און דערהערן
און בײַ דעם מיצווע־טאַנץ מיט דער טויטער קאַלע
אין די זעלבע פלאַמען
אײַנגעשלונגען ווערן
און אױף אײביק שוין פאַרשווינדן.

## קאלמען סעגאל (פֿאָלקס-פּוילן)



# אפּסנײַ

ס׳טרעפט אמאָל, אז נאָך א לאנגער וואָגלעניש
שטײַגסט ארויס פון צוג אף דער זעלבער סטאַנציע,
פון וועלכער אָנגעהויבן האָסט דײַן וועג;

דערקענסט איעדעס געסל, יעדעס הויז,
יעדן ברונעם, יעדן בוים
און אלץ, נאָך וואָס דו האָסט געבענקט;

ווי א געשפּענסט, דו שארסט זיך דורך די גאסן,
און ס׳קוקן דײַנע אויגן דורך די מענטשן ווי דורך גלאָז,
און מענטשן גייען אין א זײַט פון דיר
און סוידען זיך: ווער איז דער פרעמדער?

און, ווײַטער גייענדיק, דערזעסט א קינד,
וואָס שפּילט זיך אין א פענצטער
און ציט צו דיר די הענטלעך אויס, —

באמערקסט ערשט איצט דעם פרילינג און די זון,
און זוכסט עמעצן ארום זיך,
און טראכסט פון דעם, וואָס איז פארפאלן,
און זוכסט א טרייסט אין צווײַגעלעך,
וואָס שפּראָצן פון דער ערד ארויס
ארום דעם אלטן אָפּגעהאקטן שטאם
אפּסנײַ...

# היים-ערד

דעם אויער לייג איך צו צום גרינעם סאמעט פון מײַן היים-ערד,
איך פיל איר ווארעמקײַט, איר אָטעם און איר ציטער.
אין שוייס און בלוט געטיוולט זײַנען אלע אירע שטיינער
און אלע ביימער אויסגעפּרוווט אין ווינט און אין געוויטער.

בא בערגלעך וואלדיקע, אף פעלדער דרימלען קוואָרים,
פארוואקסענע מיט ווילדע שווערע גראָזן,
עס האָט זיי ניט פארווייעט קיין שום שטורעם,
עס האָט זיי קיין שום ווינט פון הארצן ניט פארבלאָזן.

כ׳פארנייג זיך, זיידעס, פאר די קוואָרים אײַערע און אשן,
פאר אײַער לעבן, וואָס געווען איז אזוי אָרעם,
כ׳באגריס דעם טוי, וואָס האָט די פוסטריט אײַערע געוואשן,
כ׳באגריס די קאלינע, וואָס וואקסט אף אײַערע קוואָרים.

כ׳פארנייג זיך פאר דער שוועל פון אָט דער כאטע,
כ׳גיב קאָוועד אָפּ דעם דיל פון ליים, די ווענט די קרומע:
דאָרט האָט דערזען די וועלט מײַן טאטע,
דאָרט האָט געצערטלט מיך מײַן מאמעס שטימע...

# דער קרײַז פֿון דעם נאַפֿט־לאָמפּ

פֿון טרעפּטשע און דאָברע די ייִדישע פּויערים,
פֿון פּוילישע דערפֿער די ייִדן־גיבורים
מיט ציבעקעס לאַנגע צווישן די ציינער —
געאַקערט, געזייט, און וואַלד געהאַקט ביימער.
אין פּוילישע דערפֿער זינט דוירעס געזעסן
און ווינטער־צײַט האָבערנע פּלעצלעך געגעסן...
ווי ליב איך דערמאָן זיי...

די מעזשעס און סטעזשקעס, די דאָרפֿישע וועגן,
פֿאַרגרויטע פֿון פֿראָכן, צעווייקטע פֿון רעגן,
די כאַטעס פֿאַרהויקערטע, מיט שטרויען באַדעקטע,
דעם כריסטאָס באַם וועג מיט די הענט אויסגעשטרעקטע,
די דאָרפֿישע אָלן און ייִנגלשע זאַרגן —
איך טראָג זיי נאָך אַלץ אין מײַן האַרצן פֿאַרבאָרגן.

די שטיבער אָן קוימענס, די אַלקערס אָן דילן,
אין קרײַז פֿון דעם נאַפֿט־לאָמפּ — די אָוונטן שטילע,
קאַרטאָפֿל געקאָכטע אין שאָלעכץ־מונדירן,
די מאַמע, זי פֿלעגט זיי מיט זאַלץ אונדז סערווירן
און שטיל מיט אַ שמייכל אונדז צוריידן עסן —
ווי קאָן מען דעם דאָזיקן שמייכל פֿאַרגעסן?

מײַן פֿרײַנטשאַפֿט די ערשטע מיט פּוילישע קינדער,
די פֿרײַנטשאַפֿט, וואָס דויערט געטרײַ ביז אַצינדער,
מײַן ערשטער ראָמאַן, דער פֿאַרציטערט־געהיימער,
מיט זאָשיען, דער טאָכטער פֿון אונדזערע שכנים
(איר פֿאָטער געוועזן איז אַ פֿרײַנט פֿון מײַן טאַטן) —
ווי קאָן מען אַזעלכע זיכרונעס פֿאַראַטן?

דער נאַפֿט־לאָמפּ פֿון אַלקער איז לאַנג שוין פֿאַרלאָשן,
מײַן היים האָט דער סוינע מיט טאַנקען צעדראָשן,
אַפֿילע די קוואָרים אָף פֿעלדער צעגראָבן,
דער ווינט האָט די אַשן צעזייט און צעטראָגן.
פֿון ייִדן פֿון טרעפּטשע, פֿון דאָרפֿישע ייִדן
בין איך דאָ אינגאַנצן הײַנט איינער פֿאַרבליבן.

איז האָב איך געיאַרשנט פֿון דוירעס פֿון לאַנגע
אַקשאָנעס און פֿאָשעטקײַט אין די פֿאַרלאַנגען,
די ליבע צום לאַנד פֿון מײַן טאַטן און מאַמען.
דער קרײַז פֿון דעם נאַפֿט־לאָמפּ איז הײַנט אַ דערמאָנונג,
וואָס רופֿט מיך אַהין, וווּ מײַן וויג איז געשטאַנען,
אַהין, וווּ דער ציל פֿון מײַן לעבן פֿאַראַן איז.

# דרײַ ביימער

(באלאדע)

עס זײַנען געוואקסן אין שטעטל
דרײַ ביימער, ניט ווײַט בא דער בריק —
דאָס איינציקע ביסעלע כּיעס,
דאָס איינציקע שטיקעלע גליק.

דאָרט האָבן זיך מיידלעך געסווידעט
און קינדער געפירט זייער שפּיל,
און ליב געהאט האָבן די זקיינים
דאָרט רוען אמאָל אין דער קיל.

דער זייגער אין שטוב האָט געדויפּעקט,
די מאָגערע ווײַזערס געדרייט,
דער בלעכער פאַרדינט נאָר אָף ציבל,
דער סטאָליער — שוין קוים וואָס ער גייט

(וואָלט ער א ברעטל פאַרמאָגן,
מאַכט ער א טיש אָן אַנטיק,
נאָר קיינמאָל אין זינען געקומען
פאַרשנײַדן א בוים בא דער בריק).

די פליג האָט אין פענצטער געזשומעט,
די וועלט האָט געפּראַוועט זיך אירס,
דער קירזשנער פאַרדינט נאָר אָף קנאָבל,
דער באָנדער— כאַטש צי אויס די פיס

(וואָלט ער געפונען א קליעפּקע,
מאַכט ער א דייזשע — א טרוים,
נאָר קיינמאָל אין זינען געקומען
פאַרקירצן די יאָר פון א בוים).

די ציג האָט צו ביסלעך געמעלקט זיך,
געקוויקט זיך מיט קלײַען א לויט,
דער שנײַדער פאַרמאָגט נאָך א ווישקרעב,
דער שוסטער — קיין סימען פון ברויט

(וואָלט ער א רובטשיקל לייגן,
באַרגט מען קיין פלעקל אין מאַרק,
נאָר קיינמאָל אפילע אין כאָלעם
ער האָט ניט געטראַכט פון קיין האַק).

נאָר אָט איז דער טאַליען געקומען,
א פעטליע געמאַכט פון א שטריק,
און אָפּגעהאַקט האָט ער די ביימער,
א טליִע געשטעלט בא דער בריק.

דער ערשטער געגאַן איז דער סטאָליער,
געגאַן מיט א זויבערן בליק,
ווי גלײַך א שטיק הימל געבונדן
געגאַן צו דעם גליטשיקן שטריק.

דער צווייטער איז הענגען געבליבן
דער באָנדער אין פינצטערן רוים,
מע זאָגט, אז ער האָט זיך געזעגנט —
צעקושט מיט דער קאָרע פון בוים.

דער דריטער געוועזן איז דער שוסטער.
מע זאָגט: ווען געהאַנגען ער איז,
האָט אָף א שטאַם פון דער טליִע
צעבליט זיך א צווײַגל א גרינס.

# דאָס וויגעלע

וויגט זיך דאָס וויגעלע
הין און צוריק,
ניטאָ אינעם וויגל
דער מאַמעניוס גליק,
ניטאָ אינעם וויגל
דער מאַמעניוס פרייד.

וויגט זיך דאָס וויגעלע
ליידיקערהייט.
און ציגעניו־מיגעניו,
ציגעניו־גרוי,
האַלט אינעם מויל
א פאַרבלוטיקטע שטרוי.

# יודע־לייב

— אוי, וואָס קלינגט דאָרט, ווי א גלאָק,
ברידער מײַנע, ברידער?
— אוי, דאָס קאָוועט זיך א שווערד
יודע־לייב דער שמידער!
— אוי, וואָס דאַרף א מענטש, ווי ער,
א שאַרפע שווערד פאַרמאָגן?

— שטעלן וועט זיך יודע־לייב
מיט זײַן טאַליען שלאָגן.
כ'האָב געהערט, אז ניט פאַראַן
פון יודע־לייב קיין אייוועך.
אופגעשטאַנען צוליב דעם
איז יודע־לייב פון קייווער!

◇



הערש סמאָליאר
(הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע״)

# די גרויסע שלאַכט צווישן די געטאָ־ווענט

אַזוי איז עס בײַ אונדז, אין וואַרשע, אין מעשׂעד פון אַלע אונדזערע באַפרײַטע יאָרן, און אַזוי איז עס ביז הײַנטיקן טאָג: אין אַן אַפּרו־שאָ, ווער רעדט נאָך בײַס אַ יאָמ־טעוו, לאָזט מען זיך אַרויס שפּאַצירן איבער די גאַסן. יעדער אַזאַ שפּאַציר איז פאַר אונדז אַ גרויסע איבערלעבונג. מען איז אַן איידעס פונעם מערקווירדיקסטן אופקום און נאָכאַנאַנדיקן שטײַגן פון אַ שטאָט, וואָס האָט ערשט מיט אַכצן יאָר צוריק, צום מאָמענט פון ביצאָכנדיקן אַרײַנמאַרש פון די סאָוועטישע און פוילישע אַרמיי־טיילן, פאַרגעשטעלט מיט זיך איין גרענעצלאָזע וויסטעניש, איין אומענדלעך־טיפן טאָל פון טויט. אַלץ האָט דאַן אויסגעזען אין העסקעם מיטן היטלער־אורטייל, אַז וואַרשע זאָל אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד...

אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין פאַרקערעווועט מען צו דעם זאַקסישן גאָרטן (צו יענער אַליי, וווּ אונדזער גרויסער יִצחאָק־לייבוש פּערעץ פלעגט זיך באַגעגענען מיט זײַנע פּילצאָליקע פאַרערער און אָנהענגער), קעדיי אַרויסקומען צום אַמאָליקן באַנק־פּלאַץ, וואָס טראָגט הײַנט דעם נאָמען פון פעליקס דזערזשינסקי. דאָ שטייט דער דענקמאָל פונעם „ריטער פון דער רעוואָליוציע״, אַקוראַט אַף יענעם אָרט, פונוואַנען ער האָט אין די שטורעמדיקע טעג פון 1905 גערופן צום קאַמף אַלע אַרבעטנדיקע און אונטערדריקטע — פּאָליאַקן און יִדן (דזערזשינסקי האָט, אַגעוו, גוט באַהערשט די יִדישע שפּראַך). פונדאַנען פירט דער וועג דירעקט צו יענעם פּלאַץ, וועלכער איז מיט צוואַנציק יאָר צוריק, לויטן באַפעל פון שטאַב פון דער יִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער שלאַכט־פּאָזיציע. דאָ, אַף דעם פּלאַץ צווישן דער אַמאָליקער גענשע־גאַס און זאַמענהאָף־גאַס (די היטלעריסטן האָבן פאַרבאָטן דעם נאָמען פונעם עספּעראַנטאָ־שעפער, אומקערנדיק דער דאָזיקער גאַס איר אַמאָליקן נאָמען „דזשיקע״ — ווילדע...), וווּ פון בראָנזע און גראַניט[1] הייבט זיך אויף דער דענקמאָל פון אונדזער גוורע, איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל צום אופשטאַנד — צום ערשטן אין דער געשיכטע פון דער פאַרקנעכטעטער דורכן היט־לעריזם אייראָפּע שטאָטישן אופשטאַנד קעגן דער אַלץ־פאַרניכטנדיקער נאַצי־בעסטיע.

## ווען האָט זיך עס אָנגעהויבן?

...ווי אייגן, ווי בלוטיק־נאָענט איז אונדז דער דאָזיקער פּלאַץ באַם געפלעכט פון גאַסן און געסלעך אין דער צאָפן־געגנט פון וואַרשע. דאָ, אינעם צענטער פון מוראַנאָווער ראַיאָן, האָט פאַר דער מילכאָמע געהערשט זײַן מאַיעסטעט — דער יִדישער מענטש פון שווערער פּראַצע און מוירעדיקער נויט. דאָ האָט אָפּט געפונען זײַן אָרגאַניזירטן אויסדרוק דער צאַר און צאָרן פון די אײַנוווינער פון קעלערס און בוידעם־שטיבלעך אַף סמאָטשע און ניזקע־גאַס. „קליין־מאָסקווע״ האָט מען די דאָזיקע געגנט גערופן — ווער מיט שטאָלץ און ווער מיט סינע. אין די אָוונטן פלעגט דאָ שווער זײַן זיך דורכצושטויסן אין דער ענגשאַפט פון שפּאַצירנדיקע מענטשן. פאַר אַ ניט געניט אויג זײַנען דאָס אַלץ געווען געמיטלעך שמועסנדיקע פּאָרלעך. צווישן דער אַרבעטערשאַפט האָט מען אָבער געגנוי געוווּסט, ווו, אַף וועלכער זײַט עס געפינט זיך די אומלעגאַלע בירזשע פון די פּאַרטריבענע אין אונטערערד לינקע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. פאַרטרויטע האָבן

---

[1] דאָס איז דער זעלבער גראַניט, וועלכן היטלער האָט אײַנגעקויפט אין שוועדן, קעדיי אופצושטעלן אַ דענק־מאָל לעקאָוועד... דעם זיג פון „1000־יאָריקן רײַך״.

אויך געוווסט וועגן טרעף־פונקטן, ווו עס ווערן דערליידיקט פּאָליטישע איניאָנים מיט פאָרשטייער פון מוראנאָווער ראיאָן־קאָמיטעט פון דער אומלעגאלער, גרענעצלאָז־העלדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פוילן. דאָ פלעגט צײַטנווײַז, ווי פון אונטער דער ערד מאמעש, אויסוואקסן א דעמאָנ־סטראציע, א „מאסאָווקע״. אף טעלעגראַף־דראָטן פלעגט זיך באַווײַזן א רויטער טראנספּאראנט, וואָס האָט גערופן, מאָביליזירט און געפירט צום קאמף.

אהער, אינעם יִדישן קווארטאל, ווו ס׳איז אין גוואלדיקער ענגשאפט געווען קאָנצענטרירט א דריטל פון דער העכער מיליאָניקער באפעלקערונג פון דער פוילישער הויפּטשטאָט, האָט א פּאָליציִאנט מוירע געהאט זיך צו באַווײַזן איינער אליין אין די אָוונט־שאָען. דאָ פלעגן די פּאָלי־ציִאנטן, באוואָפנטע, גיין בלויז פּאָרווײַז. אהער פלעגן זיי מאכנעסווײַז אָנפלײַען מיט זייערע בלויע קארעטקעס, קעדיי זיי אָנפּאקן מיט מענטשן, וואָס האָבן געהאט „פארדעכטיקע פּנעמער״. די ארעסטירטע פלעגט מען ברענגען אין דער „דעפּענזיווע״ (פּוילישע אָכראנקע) און פון דאָרט אָפּט אָפּשיקן אף לאנגע יאָרן אין טפיסע אָדער אין קארטוז־בערעזער פײַניקונגס־לאגער.

דאָ, אף די גאסן פון נויט און פראצע, איז צווישן די יִדישע ארבעטס־מענטשן געבוירן גע־וואָרן דער גײַסט פון אקשאָנעסדיקן ווידערשטאנד, די שטרעבונג צו מאמאָשעסדיקער רעוואָליו־ציִאָנערער טאט, וועלכע איז סטימולירט און אָנגעפירט געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער פּארטיי פון פוילן. די דאָזיקע ווידערשטאנד־טראדיציעס האָבן די דערצויגענע אין די רעוואָליוציִאָנערע קאמפּס־רייען געבראכט מיט זיך אין געטאָ. זיי זײַנען עס געווען די, וועלכע האָבן, נאָך איידער עס איז אופגעקומען די פוילישע ארבעטער־פּארטיי, געבראכט צו די דערדריקטע און פולשטענדיק־דעזאָריענטירטע יִדישע מאסן פון געטאָ דאָס וואָרט פון דערמונטערונג, דעם רוף צום קאמף.

עס איז דערוויזן מיט דאָקומענטן און איידעס־זאָגן פון דירעקט באטייליקטע, אז שוין צום סאָף 1939 זײַנען אין ווארשע אופגעקומען די ערשטע פוילישע ווידערשטאנד־גרופּן, צו וועלכע עס האָבן געהערט א סאך יִדן — קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן און סימפּאטיקער. צום מאָמענט פון אופ־בויען די וואנט און הערמעטיש פארשליסן די געטאָ האָבן אָט די גרופּן געציילט פיל הונדערטער אָרגאניזירטע מיטגלידער. דאָס זײַנען קוידעמקאָל געווען די רעוואָליוציִאָנערע יוגנט־אָרגאניזאציע „ספּארטאקוס״, וועלכע האָט פון זיך ארויסגעגעבן א סאך העלדן פון געטאָ־קאמף, און די שטארקסטע (ביז דער אנטשטייונג פון דער פוילישער ארבעטער־פּארטיי) רעוואָליוציִאָנערע גרופּע מיטן פילזאָגנדיקן נאָמען „האמער און סערפּ״. די דאָזיקע גרופּע האָט אין געטאָ ארויסגעגעבן אָן אומלעגאלע יִדישע צײַטשריפט, וואָס האָט געהייסן „מאָרגן־פרײַ״. איר רעדאקטאָר איז געווען דער שרײַבער יעהודע פעלד (פעלדוווּרט, פּארטיי־פּסעוודאָנים „יולעק״). סאָף 1941 ווערט די דאָזיקע צײַטשריפט (וואָס האָט דאן געטראָגן דעם נאָמען „מאָרגן־פרײַהײַט״) פארוואנדלט אין א טאָג־צײַטונג, וועלכע ברענגט צו די געטאָ־יִדן דערמוטיקונג און גלויבן און באַווײַזט זיי די איינ־ציקע פּערספּעקטיוו פון באוואָפנטן קאמף. „צוזאמען מיט דער רויטער ארמיי, וואָס קעמפט מיט אזא העראָישער קראפט, קעדיי אײַנצוהאלטן דאָס אלץ, וואָס לענין און זײַנע נאָכפאָלגער האָבן מיט אזויפיל מעסירעסנעפעש און העלדנמוט אופגעבויט, צוזאמען מיטן גאנצן וועלט־פּראָלע־טאריִאט וועט אויך דער יִדישער ארבעטער־קלאס ווײַטער פירן דעם קאמף — דעם קאמף, וואָס וועט אונדז ברענגען פרײַהײַט און די פארניכטונג פון דעם בעסטיִאלישן היטלעריזם״[1].

דער אומבאשטרײַטבארער היסטאָרישער פארדינסט פון די יִדישע רעוואָליוציִאָנערע ווידער־שטאנד־גרופּן איז געווען זייער אײַנשטעלונג פון אָנהייב אָן אף אן איינהײַטלעכן נאציִאָנאלן פראָנט אין געטאָ און זייערע קעסיידערדיקע באמיִונגען אזא פראָנט צו שאפן, קעדיי מיט געמיינזאמע קויכעס אנטקעגנשטעלן זיך דעם אויסערלעכן סוינע — די היטלעריסטן, און דעם אינערלעכן סוינע — דעם יודענראט. „אין איצטיקן מאָמענט מוזן פארשווינדן אלע שאטירונגען און ריכטונ־גען. עס עקזיסטירט נאָר די־זײַט באריקאדע — פון אונדזערע פרײַהײַט־קעמפער, און יענע־זײַט — פון אונדזערע סאָנים מיט זייערע מיטהעלפער״[2].

וואָס שײַעך דעם יודענראט און די יודענראטלער, שרײַבט די „מאָרגן־פרײַ״: „איר זײַט אונדזערע סאָנים, איר שטייט אף דער זײַט פון אונדזערע טויט־פײַנט. מיר האָבן צו אײַך בלויז א געפיל פון עקל און פאראכטונג. איר רעדט זיך אײַן, אז דאָס וועט אײַך אדורכגיין שטראָפלאָז. אָבער מיר פארזיכערן אײַך, אז אײַערע מײַסים וועלן ווערן פארשריבן מיט דער פולסטער גענוי־קײַט. קיין איין פאקט פון אײַער שאנד וועט ניט ווערן פארדעקט״.

די צוגרייטונגען צו דער גרויסער שלאכט אין געטאָ זײַנען שוין אין די ערשטע כאדאָשים פון דער היטלעריסטישער אָקופּאציע אָנגעהויבן געוואָרן דורך די זעלבע פּאָליטישע און סאָציִאלע

---

[1] זע „דאָקומענטן און מאטעריאלן״, געזאמלט און מיט א פאָרוואָרט פון ב. מארק. פארלאג „יִדיש בוך״, 1953, ז. 57.

[2] דאָרט, ז. 50.

קויכעס פון די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן, וועלכע האָבן אַלעמאָל געהאָפֿן צו אַקטיוון ווידערשטאַנד און קאַמף, — דורך די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, דורך דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט און אינטע־ליגענץ. זיי האָבן מיט גרענעצלאָזן צוטרוי פֿאַרבונדן דעם גורל פֿון די ייִדישע מאַסן מיטן פֿרײַ־הײַט־קאַמף פֿונעם פּוילישן פֿאָלק, מיטן ניצחון פֿון די סאָוועטישע פֿעלקער. אויפֿן רוף פֿון די קאָמוניסטן צו אײנהײַט אין געטאָ האָבן — פֿריִער ניט דרייסט, שפּעטער אַלץ אַנטשלאָסענער — געענטפֿערט די לינקע עלעמענטן פֿון פֿאַרשיידענע ציִוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, קוידעמקאָל פֿון „השומר הצעיר" („האַשוימער האַצאָיר"). די דאָזיקע אײניקײַט איז געווען דער פֿאַרבאַדינג פֿאַר דער אַנטשטייונג פֿון באַוואָפֿנטע גרופּן אין געטאָ און שפּעטער — פֿאַרן אויפֿקום פֿון דער אײנהײַטלעכער קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע.

אָט דער אומבאַשטרײַטבאַרער היסטאָרישער פֿאַקט איז אַ פֿולשטענדיקע אָפּלייקענונג פֿון די פֿאַרשיידענע „טעאָריעס" פֿון בירגערלעכע געשיכטע־שרײַבערס, וועלכע באַמיִען זיך פֿאָרצו־שטעלן דעם אופֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ אָדער ווי אַ מין „דעוס עקס מאַכינאַ", ווי אַ מין פּלוצלינגדיקן אויסברוך, אָדער ווי אַן אויסדרוק פֿון פֿאַרצווייפֿלונג, פֿון רעזיגנאַציע, ווען מע גייט אין שלאַכט דערפֿאַר, ווײַל ס'איז קיין אַנדער ברירה ניטאָ...

וואָס אַנדערש קאָן מען דערוואַרטן פֿון יענעם מין „היסטאָריקער", וואָס האָבן בכלל „פֿאַר־זען" די ווירקלעכע טרײַבקראַפֿט אין דער געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, דעם אַנטשלאָסענעם קאַמף פֿון די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן אין אַלע צײַטן קעגן די אונטערדריקער, דעם קאַמף, וועלכן דער אַרבעטס־מענטש האָט אין דער הײַנטיקער עפּאָכע דערהויבן צו די העכסטע הייכן.

## ווו איז דער אויסוועג?

אויף דער דאָזיקער פֿראַגע, וועלכע אַלע ייִדן אין געטאָ האָבן פֿאַר זיך געשטעלט, זײַנען געגעבן געוואָרן פֿאַרשיידענע ענטפֿערס. עס זײַנען געווען אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן געהאָפֿט סטאַם ניט צו פֿאַרלירן דעם ביטאָכן... אַנדערע האָבן געפּרוּווט זיך באַרויִקן מיט איליוזאָרישע פּלענער לויטן פֿאַרמילכאָמע־מוסטער (אַשטייגער, דער פּלאַן, אַז אין געטאָ זאָל מען זיך גרייטן... צום אויסוואַנ־דערן קיין פּאַלעסטינע). אויף איר אויפֿן אָפּנהאַרציק שטעלט די פֿראַגע די ציִוניסטישע יוגנט־צײַט־שריפֿט „גאַרדאַניאַ", וועלכע שרײַבט אין אַן אַרטיקל „וואָס דאַרף מען טאָן?": „אויף דער פֿײַנלעכער פֿראַגע האָבן מיר ניט, לײַדער, אין איצטיקן מאָמענט קיין קלאָרן ענטפֿער... אין איצטיקן מאָמענט זײַנען מיר הילפֿלאָז" (זע ב. מ אַ ר ק. דער אופֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, 1955, ז. 69).

אַ פּרינציפּיעל־גרינטלעכע ענדערונג אין דער אײַנשטעלונג פֿון באַדײַטנדיקע גרופּעשאַפֿט־לעכע קויכעס אין געטאָ, קוידעמקאָל פֿון דער פֿאָרגעשריטענער יוגנט, ווערט אַרויסגערופֿן דורך דער אַנטשטייונג (אין יאַנואַר 1942) פֿון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי. אין געטאָ קומט דאַן דער אָנגעזעענער טוער פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, באַפֿולמעכטיקטער פֿונעם צק פֿון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי כ' יוסעף לעוואַרטאָווסקי („דער אַלטער"); אין דער זעלבער צײַט קומט מיט אַ סאָוועטישן אַעראָפּלאַן אָן (צוזאַמען מיטן ערשטן סעקרעטאַר פֿון צק כ' „מאַריאַן" — מאַרצעלי נאָוואָטקאָ) דער געוועזענער אָפּיצער פֿון דער דאָמבראָווסקי־ברי־גאַדע אין שפּאַניע כ' פּינכעס קאַרטין (פּסעוודאָנים „אַנדזשיי שמידט") — מיטגליד פֿון דער איניציאַטיוו־גרופּע פֿון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי. עס ווערט טיפֿער פֿאַרווירקלעכט אין געטאָ די פֿאַראייניקונג פֿון אַלע רעוואָלוציאָנערע גרופּן, וועלכע טרעטן אַרײַן אין די רייען פֿון דער פּפּר. צו דער געטאָ־באַפֿעלקערונג דערגייט די פּראָגראַם־דערקלערונג פֿונעם נײַעם אַנטשיידע־נעם קויעד, דעם קעמפֿער פֿאַרן גורל פֿון פּוילן. אין אָט דער דערקלערונג ווערט, צווישן אַנדערס, געזאָגט: „היטלער־דײַטשלאַנד האָט באַפֿלעקט די פּוילישע ערד מיט דעם שענדלעכן פֿאַרברעכן פֿון גרויל־אַקטן איבער מיליאָנען ייִדן — פּוילישע בירגער, אײַנגעזעסענע זינט דור־דורעס אויף אונדזער ערד, פֿאַרטרײַבנדיק זיי אין געטאָס".

שוין אין אַ כוידעש אַרום, סאָף פֿעברואַר 1942, איז פֿאָרגעקומען אַ באַראַטונג פֿונעם פּפּר־אַקטיוו אין געטאָ צוזאַמען מיט פּוילישע כאַווײרים. עס ווערט באַשלאָסן צו שאַפֿן אין געטאָ אַ קאַמפֿס־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זאָלן אַרײַנגיין אַלע, וועלכע ווילן מיט געווער אין די הענט קעמפֿן קעגן דעם היטלערישן דאָס־סוינע[1].

אין מאַרט 1942 רופֿט צונויף די פּפּר־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ פֿאָרשטייער פֿון פֿאַרשיידענע פּאָליטישע גרופּירונגען אויף אַ קאָנפֿערענץ וועגן שאַפֿן דעם נאַציאָנאַלן פֿראָנט. אין רעזולטאַט אַנטשטייט אין געטאָ דער אַנטיפֿאַשיסטישער בלאָק, אין וועלכן עס געפֿינען זיך צוזאַמען מיט

---

[1] זע גווירעס־איידעס פֿון ג. אַלעף אין דעם אַרכיוו פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, ציטירט לויט דער דערמאָנטער זאַמלונג „דאָקומענטן און מאַטעריאַלן".

פפר די איינהײַט־פראָנטיקע גרופן פון א ריי פארטייען און יוגנט־אָרגאניזאציעס. דער דאָזיקער בלאָק ווערט פולשטענדיק באַיקאָטירט דורך די רעכטע ציִעניסטישע פארטייען און דורכן „בונד“. אינעם ארכיוו פונעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין ווארשע געפינט זיך א טאָגבוך פון דער בונדישער יוגנט־אָרגאניזאציע „צוקונפט“. דאָרט איז פאראן א פראָטאָקאָל פון א זיצונג אין זעלבן כוידעש מארט 1942, אין וועלכן עס ווערט בוכשטעבלעך געשריבן: „רופן הײַנט צו אקטיוון ווידערשטאנד... וואָלט באַטײַט רופן צו זעלבסטמאָרד“ (זע ב. מ א ר ק. אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ, ז. 102). אין דעם איז פולשטענדיק געקומען צום אויסדרוק די אידענטיפיצירונג פון די רעכטע בונדיסטן מיט דער פארעטערישער פאָליטיק פון דער לאָנדאָנער פוילישער רעגירונג, מיט איר רוף צו „האלטן דאָס געווער בא די פיס“.

אין געטאָ ווערן געמאכט די נייטיקע שריט צום אקטיוון ווידערשטאנד. דאָס האָט קוידעמקאָל באַטײַט אויספאָרמירן די קאמפס־אָרגאניזאציע. בעראָש פון איר געפינט זיך אנדזשיי שמידט (פינכעס קארטין). אלס אָנפירער פון באזונדערע קאמפס־אָפטיילן ווערן באשטימט דער שפעטער העלדיש אומגעקומענער מ. אנילעוויטש, וואָס איז בייס דעם געטאָ־אופשטאנד געוואָרן קאָמענדאנט פון דער ייִדישער קאמפס־אָרגאניזאציע, און ג. אלעף, וואָס האָט שפעטער אָנגעפירט מיט א פוילישן פארטיזאנער־אָפּטייל, הײַנט פאָלקאָווניק פון דער פוילישער ארמיי. די קאמפס־פאָרמאציע פון געטאָ ווערט גלײַך אן אָרגאנישער טייל פון דער אלפוילישער „פאָלקס־גווארדיע“.

דער אנטיפאשיסטישער בלאָק אין געטאָ, אלס דער אויסדרייקער פון דער שטעלונג און ווילן פון די אנטשלאָסענע אנטיפאשיסטן, באמיט זיך אין זײַן אופרוף „צו די ייִדישע פאָלקסמאסן“ צו געבן אן ענטפער אף דער פראגע: וואָס טאָן?

„די ייִדישע מאסן טאָרן ניט אונטערוואַרפן זיך דעם געפיל פון ייִעש, פארצווייפלונג און פאסיוון אָפּווארטן אף דעם, וואָס דער גוירל וועט זיי ברענגען. זיי מוזן אָנשטרענגען אלע זייערע קויכעס און צושטיין צום אנטיפאשיסטישן קאמף פון אלע אונטערדריקטע פעלקער. זיי מוזן, פונקט ווי יענע, אופנעמען א בלוטיקן קאמף מיטן סוינע, ביפראט אין רוקן פון זײַן פראָנט, א קאמף פון פארניכטונג און סאבאָטאזש. אין אָט דעם אנטיפאשיסטישן געראנגל פון די אונטערדריקטע פעלקער מוזן די ייִדישע מאסן פארנעמען מיט זייער אקטיוון קאמף א ווירדיק אָרט!

...עס זײַנען אָבער פאראן אזעלכע, וואָס ווארטן אָפּ און שטעלן אויס. אף א נעס. זיי גיבן זיך ניט אָפּ קיין כעזשבן, אז דער וועג פון קאמף פירט צו פרײַהײַט און אויסלייזונג, און פארשטייען נאָך אלץ ניט, אז די צײַט פאָדערט איצט דאָס פארייניקן אלע קויכעס צום קאמף קעגן בלוטיקן אָקופאנט, אז דאָס געבאָט פון דער שאָ איז אופצושטעלן א נאציאָנאלן פרײַהײַטס־פראָנט דורך צעמענטירן און פארייניקן אלע אקטיווע קויכעס פונעם פאָלק צום פארמעסט מיטן סוינע“ (אונטערגעשטראָכן אינעם אָריגינאל. — ה.ס.).



יויסעף לעווארטאָווסקי
(„דער אלטער“),
פאָליטישער אָנפירער פונעם ווידערשטאנד אין ווארשעווער געטאָ, באפולמעכטיקטער פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער פוילישער ארבעטער־פארטיי.



מאָרדכע אנילעוויטש,
שעף פונעם שטאב פון דער
ייִדישער קאמפס־אָרגאניזאציע.

דער דאָזיקער אופרוף דערשײַנט אינעם זעלבן כוידעש, ווען אין די הענט פון סוינע פאלט ארײַן דער מיליטערישער אָנפירער פון די קאמפס־גרופן אין געטאָ אנדזשיי שמידט און דער מיטגליד פון ראיאָנעם קאָמיטעט פון פפר אין געטאָ א. מערעטיק־צימערמאן. דער אָקופאנט דערשפירט די אָנוואקסנדיקע קאמפס־באוועגונג. ער גרייט זיך אײַליק צום אויסראָטן די הונדערטער טויזנטער געפאנגענע ייִדן. אין געטאָ דערוויסט מען זיך אלץ מער און גענויער וועגן דעם גוירל פון די טראנספּאָרטן, וועלכע ווערן קלוימערשט געשיקט אף ארבעט און אין דער ווירקלעכקײַט — צום אומקום.

**ווּ איז דער אויסוועג? צי איז פאראן א רעטונג?**

אף דער דאָזיקער פראגע ענטפערט איינציק און אליין די פוילישע ארבעטער־פארטיי. **יאָ, ס׳איז פאראן אן אויסוועג! ברעכט די צוימען פון געטאָ! אנטלויפט! גייט אין די וועלדער! ניט**

ווייניק וועלן אומקומען — א סאך וועלן אָבער לעבן בלײַבן! — דערקלערט יויסעף לעוואַרטאָווסקי.

אין א דאָקומענט פון גרויסן פּרינציפּיעלן באַטײַט ווענדט זיך דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי צו דער יִדישער באַפעלקערונג מיט א רוף: „מע דאַרף מיט קויעך אַנטוואָפענען די קאָנוואָירן, מע דאַרף אומשעדלעך מאַכן די זשאַנדאַרמען, וואָס היטן די גרענעץ פון געטאָ, — און אַנטלויפן, וווהין עס וועט זיך לאָזן. די קאַמפּספּייִקע זאָלן גיין אין די וועלדער צו דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. מיר ווייסן, אַז עס וועלן זײַן קאָרבאָנעס. אָבער דאָס איז דער איינציקער וועג צו רעטונג!“[1]

אין זײַן ווענדונג צו די יִדן פון לאָדזשער געטאָ זאָגט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי: „יִדישע יוגנט! האַרגעט דײַטשישע זשאַנדאַרמען און פאַרלאָזט מאַכנעסווײַז די מויערן פון געטאָ!.. קיין אַנדער רעטונגס־וועג איז ניטאָ“[2].

קיין אַנדער רעטונגס־וועג איז ווירקלעך ניט געווען. אָבער אַף דעם דאָזיקן וועג האָבן, כוץ די קאָמוניסטן, קיין שום אַנדערע פּאָליטישע גרופּירונגען דאַן ניט געוואָלט גיין. אייניקע האָבן פאַר זייער אָפּזאָג באַשאַפן אפילע א ספּעציִעלע „באַגרינדונג“, אַז אַוועקגיין אין פּאַרטיזאַנער־וואַלד הייסט... פאַראַטן די געטאָ, ראַטעווען זיך אַליין. פּונקט ווי דער קאַמף אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער וואָלט ניט באַטײַט קיין דירעקטן אָנטייל אין איינער פון די וויכטיקסטע שלאַכטן קעגן דעם סוינע; פּונקט ווי זיך אָנשליסן צום פּאַרטיזאַנער־קאַמף וואָלט ניט געדראָט אַף שריט און טריט מיט אומקום אין דער שלאַכט. און וואָלטן אַלע דאַן געפאָלגט דעם רוף פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי, ווער קאָן צווייפלען, אַז טויזנטער און טויזנטער יִדן וואָלטן פאַרפולט די רייען פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג און וואָלטן זיכער אין א גרויסער צאָל אויך געבליבן לעבן. לײדער האָבן די אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטנייאָרן פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק ניט אָנגעשלאָסן זיך צו דעם ענטפער פון פּפּר אַף דער פראַגע: ווו איז דער אויסוועג?



פינכעס קאַרטין
(„אַנדזשיי שמידט“),
אָנפירער פון די באַוואָפנטע
קאַמפּס־גרופּן.



עפראַיִם פאַנדאַמינסקי
(„עדוואַרד“),
סעקרעטאַר פונעם ראַיאָן־קאָמי־
טעט פון דער פּוילישער אַרבע־
טער־פּאַרטיי אין געטאָ.

## אַף לעבן און טויט

איידער עס איז דערגאַנגען צו דער ערשטער באַוואָפנטער שלאַכט אין געטאָ האָט דער סוינע באַוויזן אָפּצאַפּן א סאַך בלוט פון דער יִדישער באַפעלקערונג. דעם 22 יול 1942 האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־אויסראָטונג פון די וואַרשעווער יִדן.

געבליבן איז ביז הײַנט יענער הויף אַף סטאַווקי־גאַס, וואָס האָט געטראָגן דעם גרויל־נאָמען „אומשלאַג־פּלאַץ“. פונדאַנען זײַנען הונדערטער טויזנטער וואַרשעווער יִדן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און אין אַנדערע טויט־לאַגערן, פונוואַנען קיין צוריק־קער איז שוין ניט געווען. אין יענע טעג זײַנען אומגעקומען די גרונט־קאַדרען פון פּפּר אין געטאָ. אומגעקומען איז אויך דער באַליבטסטער קאַמפּס־פירער, דער אַנערקענטער אויטאָריטעט בא אַלע מיטבאַטייליקטע אין אַנטיפאַשיסטישן בלאָק — יויסעף לעוואַרטאָווסקי. אין געטאָ זײַנען פון א האַלבן מיליאָן יִדן געבליבן בא 60 טויזנט.

נאָך דעם כורבן אין דער גרעסטער געטאָ פון אייראָפּע קומט אויף, ווי דער סאַמע געגאַרטער מאָראַלישער אָנהאַלט, ווי די פאַרקערפּערונג פון דער איינציקער האָפענונג, — די יִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע צום שטעלן אַן אַנטשלאָסענעם באַוואָפנטן ווידערשטאַנד די ברוינע פעלקער־מערדער. די קאַמפּס־גרופּן אָרגאַניזירן זיך לויט דער פּאָליטישער אָנגעהעריקײַט פון זייערע מיטגלי־

---

[1] זע „פּפּר אין קאַמף און בוי“. פאַרלאַג „יִדיש בוך“, 1952, ז. 45.
[2] דאָרט, ז. 55.

דער. בעראַש שטייט אַן איינהײַטלעכער שטאַב, אין וועלכן עס גייען אַרײַן פאָרשטייער פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען. זײַן שעף איז מאָרדכע אַנילעוויטש. עס ווערן ענגער די פאַר־בינדונגס־פעדעם מיט דער פּוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, מיט דער „פאָלקס־גוואַרדיע", וועלכע טיילט אויס פון אירע באַשיידענע מיטלען (די לאָנדאָנער „רעגירונג" וויל דער „פאָלקס־גוואַרדיע" קיין געווער ניט געבן) הילף פאַר דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. עס העלפן טיילווײַז די דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון דער א.ק. („אַרמיאַ קראַיאָווע", וועלכע געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג פון די „לאָנדאָנער"). אין געטאָ שאַפט מען אייגן געווער — צינד־פלעשער צו באַוואַרפן די טאַנקען פון סוינע. די געטאָ־קעמפער זײַנען קאָנצענטרירט אין וואַך־פונקטן, גרייטע יעדע רגע צו וואַרפן זיך אין שלאַכט. אין ראַיאָן פון מוראַנאָווער פּלאַץ אַנטשטייט אַ צווייטע קאַמפּס־פאָרמאַציע פון געוועזענע מיליטער־לײַט, וועלכע געהערן אָבער ניט צו דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

דער סוינע האָט געגומען ווידער אָנגרײַפן, קעדיי אַרויספירן צום טויט די רעשטן פון געטאָ. געווען איז עס אין יאַנואַר 1943. די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע ווענדט זיך צו אַלע יידן: „גייט ניט ווילנלאָז צום טויט! פאַרטיידיקט זיך! נעמט אַ האַק, אַ שטיק אײַזן, אַ מעסער אין האַנט אַרײַן, פאַרבאַריקאַדירט אײַער הויז. אין קאַמף האָט איר אַ מעגלעכקײַט פון רעטונג. קעמפט!"

דאַן האָבן עס די היטלערישע אויסראָטער צום ערשטן מאָל אָנגעטראָפן אויף אַן אָרגאַניזירטן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. „די יידן שיסן!" — האָבן זיי אין טויט־שרעק קאָנסטאַטירט, ווען זיי זײַנען סײַ אויף גענשע־גאַס, סײַ אויף זאַמענהאָף און מילע, סײַ אויף ניזקע באַגעגנט געוואָרן מיט קוילן, גראַנאַטן און צינד־פלעשער. צוויי טעג דויערן דאָ די קאַמפן. די היטלעריסטן זײַנען געצוווּנגען אָפּצוטרעטן, צוריקציִען זיך פון געטאָ. דער פּלאַן פון די היטלער־מערדער אַרויסצופירן אויף אומקום 16 טויזנט יידן ווערט צעשטערט. אין זײַנעם אַ בריוו דערקלערט דער קאָמענדאַנט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע מאָרדכע אַנילעוויטש, אַז „אָנהייבנדיק פון 18 יאַנואַר, געפינט זיך די יידישע געזעלשאַפט פון וואַרשע אין אַ צושטאַנד פון פּערמאַנענטן קאַמף מיטן אָקופּאַנט און זײַנע מעשאָרסים".

דער ערשטער באַוואָפנטער אַרויסטריט פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַר־שעווער געטאָ ווערט ברייט באַוווּסט אין אַנדערע געטאָס, דערמוטיקנדיק אַלעמען צום קאַמף. מיט אַנציקונג נעמען אויף דעם געטאָ־קאַמף די אַנטיפאַשיסטישע און דעמאָקראַטישע קרייזן פונעם פּוילישן פאָלק. „די יידן האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון פּאַסיווקײַט, געבנדיק אַזאַ בײַשפּיל פון ווידערשטאַנד, וואָס איז ווערט נאָכצופאָלגן", — שרײַבט די צײַטשריפט „גוואַרדזשיסטאַ", אָרגאַן פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע".

די כראָניק פון די אָנגעשטרענגטע וואָכן און טעג צווישן דעם ערשטן באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ ביז דעם אופשטאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 19 אַפּרעל 1943, האָט פולשטענדיק באַשטעטיקט די ווערטער פונעם קאָמענדאַנט מ. אַנילעוויטש. די לעבן געבליבענע יידן האָבן זיך געפונען קעסיידער אין קאַמף מיט די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן.

דער אויבערמערדער הימלער האָט אין יענער צײַט איבערגעשיקט צום עסעסישן אָבער־גרופּענפיורער קריגער דעם באַפעל, אין וועלכן עס זאָגט זיך: „צוליב זיכערהײַט־טעמים פאָראָרדן איך, אַז די וואַרשעווער געטאָ זאָל ווערן פאַרניכטעט". צום ווידערשטאַנד קעגן אויספירן דעם דאָזיקן באַפעל טרעטן אַרויס אין דער היסטאָרישער נאַכט פון 18 אויפן 19 אַפּרעל אַלע באַוואָפנטע גרופּן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

אין דער פינצטערסטער נאַכט פון די ברוינע מעכאַבלים, אין דער נאַכט, וואָס איז באַהעלט געווען מיטן ניצאָכנדיקן בײַשפּיל פונעם סאָוועטישן פאָלק אין דער אַנטשיידנדיקער שלאַכט בײַ דער וואָלגע, איז אין סאַמע האַרצן פון דער פאַרפּײַניקטער אייראָפּע אופגעהויבן געוואָרן די פאָן פון ווידערשטאַנד, פון באַוואָפנטן קאַמף קעגן דער פאַשיסטישער פּעסט.

די וואַרשעווער געטאָ איז אַרויס אין אַ שלאַכט אויף לעבן און אויף טויט.

* * *

מיר לייענען די כראָניק פון יענע טעג, די זייער לאַקאָנישע קאָמוניקאַטן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע; מיר הערן דאָס איידעס זאָגן פון די, ליידער, ווייניק לעבן געבליבענע אופשטענדלער; מיר באַקאַנען זיך מיט די דאָקומענטן, וואָס זייער צאָל איז אין מעשעך פון יאָרן באַדײַטנדיק אויסגעוואַקסן אין דעם אַרכיוו פון יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, — און נאָך אַלעמען פילט זיך דאָך אַ שטאַרקע ניט אָנגעזעטיקטקײַט, אַ ווילן נאָכאַנאַנד צו פרעגן און צו פרעגן.

הייַנט, צוואַנציק יאָר נאָך דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, פילן מיר א גוואַלדיקע נויטווענדיקייַט אין אן אויסשעפּלעכער, קאָמפּעטענטער אָפּהאַנדלונג וועגן דעם ריין־מיליטערישן כאַראַקטער און באַטייַט פון די שלאַכטן אין סאַמע האַרצן פון דער אָקופּירטער אייראָפּע. ס׳איז קיין ספק ניט, אַז אַזאַ פאָרשונג וואָלט געהאָלפן פאַרשטיין, וויאַזוי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז ניט קיין געציילטע טעג אָדער וואָכן, נאָר לאַנגע־לאַנגע כאַדאָשים זאָל דויערן דער אופשטאַנד פון שטאַרק אויסגעצערטע און פאַרפּייַניקטע מענטשן, דער קאַמף פון שלעכט באַוואָפנטע גרופּן, בעראָש פון וועלכע ס׳זייַנען ניט געשטאַנען קיין דערפאַרענע מיליטער־לייַט, אין דער צייַט, ווען קעגן זיך האָבן זיי געהאַט א רעגולער, געשולט מיליטער, באַוואָפנט מיט דעם בעסטן געווער, מיט טאַנקען און אוויאַציע. ס׳איז דאָך א פאַקט, וואָס עס זייַנען ניט בעקויעך געווען צו פאַרשווייַגן אפילע די היטלעריסטישע ראַפּאָרטן, אַז דאָס פייַער פון די געטאָ־אופשטענדלער דעם 19 אַפּרעל 1943 האָט געצוווּנגען אַלע זייערע מיליטערישע איינהייַטן, צוזאַמען מיט זייער אַרטילעריע, זיך אָפּצוטראָגן פון געטאָ, באַשטעטיקנדיק דערמיט די מאַפּאָלע, וואָס זיי האָבן געליטן פון די ייִדישע אופשטענדלער. און ס׳איז דאָך א ווילדער פאַשיסטישער ליגן, אַז דער אופשטאַנד אין געטאָ האָט געדויערט בלויז א קנאַפּן כוידעש, ווי דאָס גיט אָן אין זייַן ראַפּאָרט דער אָנפירער מיט דער אויסראָטונג פון די וואַרשעווער ייִדן, דער עסעסישער בריגאַדעפירער און גענעראַל־מאַיאָר פון דער פּאָליציי יורגען סטראָאָפּ[1]. אפילע א ריי דייַטשישע קוועלן גיבן אָן ידיעס פון א סאַך מער דויערנדיקע קאַמפן אין געטאָ־געביט, אָפּגערעדט שוין פון דער פּוילישער גוט־אינפאָרמירטער אונטערערדישער רעוואָליוציאָנערער און דעמאָקראַטישער פּרעסע. אַזוי, לעמאָשל, גיט איבער די אונטערערדישע צייַטונג „גלאָס וואַרשאַווי“ פון 28 מייַ 1943, אַז „ניט געקוקט אפן אָנגריף־שטורעם מיט דער באַנוצונג פון אַלע מינים געווער, וואָס דויערט שוין זעקס וואָכן, ניט געקוקט אף דעם, וואָס עס איז פאַרברענט געוואָרן דער גאַנצער ראַיאָן (פון געטאָ. — ה. ס.), ניט געקוקט אפן באַנוצן גאַז, — איז ניט געלונגען צו צעברעכן דאָס הייַפּל פאַרטיידיקער“.

אויב צוגעבן, אַז צו יענער צייַט האָט שוין ניט געלעבט דער קאָמענדאַנט מאָרדכע אַנילעוויטש, וועלכער איז אומגעקומען אין בונקער, צוזאַמען מיט די שטאַב־מיטגלידער, דעם 8 מייַ 1943, — ווערט נאָך בוילעטער דער קאַמפּס־מוט און אויסדויער פון די געטאָ־אופשטענדלער. די אויבן דערמאָנטע צייַטונג שרייַבט דעם 8 יוני 1943: „ניט געקוקט אף דעם, וואָס א ריי צייַטשריפטן האָט שוין אָנגעגעבן ידיעס וועגן דער פאַרענדיקונג פון די קאַמפן אין געטאָ, איז דאָס הייַפּל פאַרטיידיקער ווייַטער טעטיק“.

א גענויע מיליטעריש־וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונג וואָלט ערשט פּינקטלעך דעפינירט דעם כאַראַקטער פון די ענדערונגען אין דער אייַנשטעלונג פון דעם שטאַב פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין גאַנג פון די שלאַכטן, די נויטווענדיקייַט אָנצוווענדן אַזאַ טאַקטיק, וועגן וועלכער דער קאָמענדאַנט מאָרדכע אַנילעוויטש שרייַבט אפן פערטן טאָג פון אופשטאַנד, דעם 23 אַפּרעל, אַז „אָנהייבנדיק פון הייַנט, גייען מיר אַריבער צו א פּאַרטיזאַנער־טאַקטיק“. די זוייניקע קאָמוניקאַטן פונעם שטאַב און די סיטואַציע־באַריכטן, וואָס זייַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר דער פּוילישער באַפעלקערונג, באַווייַזן דעם גרויסן פאַרנעם פון די שלאַכט־אָפּעראַציעס, וועלכע האָבן פון דער געגנט פון נאַלעווקעס—גענשע און זאַמענהאָף—מילע זיך אַריבערגעוואָרפן אף דער גאַנצער געטאָ־טעריטאָריע (זע דעם בייַגעלייגטן פּלאַן פון דער געטאָ בייס דעם אופשטאַנד). און אַזוי פון טאָג צו טאָג אין כוידעש אַפּרעל, אין כוידעש מייַ, אין כוידעש יוני, אפילע נאָך אין כוידעש יולי. עס איז א פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז דעם 23 סעפּטעמבער 1943 — העכער פינף כאַדאָשים נאָכן אָנהייב פונעם אופשטאַנד — איז א גרופּע ייִדישע קעמפער אַרויס פון דעם געטאָ־שעטעך אף דער אַזויגערופענער „אַרישער זייַט“.

אוודע איז גרויס געווען דער אידייִשער קויעך פון די ייִדישע שלאַכטלייַט, זייער גלויבן אין דעם גערעכטן קאַמף, זייער אומגעהייערער ווילן ניט אָפּצוטרעטן פאַר דעם אומפאַרגלייַכלעך־שטאַרקערן, פון קאָפּ ביז די פיס באַוואָפנטן סוינע. קעדיי אַלזייַטיק צו דערקלערן דעם געשיכטלעכן פענאָמען — דעם לאַנגדויערנדיקן קאַמף ניט אף א נאָרמאַלער פראָנט־פּאָזיציע, ניט אין קיין גרויסע, געדיכטע וועלדער, נאָר אין מיטן פון א שטאָט, צווישן פלאַנדיקע ווענט, — קעדיי צו דערקלערן עס, איז נייטיק די גאַנצע סומע פאַקטאָרן: די פּאָליטיש־מאָראַלישע, ווי אויך די טאַקטיש־מיליטערישע. דאַן וועט זיך אַנטפּלעקן אין דער פולער גרייס סייַ דער אומבאַגרייַפלעכער העלדנמוט און סייַ די קריגערישע דערפינדערישקייַט פון די ייִדישע אופשטענדלער.

געוויסע היסטאָריקער פון ייִדישן בירגערטום שטרייַכן נאָכאַנאַנד אונטער, אַז די געטאָ־קעמפער זייַנען געווען פולשטענדיק אַליין, איינזאַם, מיצאַד די פּאָליאַקן איז קיין הילף ניט

---

[1] דער דאָזיקער היטלעריסטישער מאַסן־מערדער האָט באַקומען זייַן פסאַק אין פאָלקס־פוילן. דעם 22 יולי 1951 איז ער פאַרמישפּעט געוואָרן צום טויט.

געקומען. דאָס איז עמעס לעגאַבע די אָפּיציעלע פאַרשטייער פון דער לאָנדאָנער פּאַראַט־רעגירונג. פון זייערע רײַכע געווער־מאַגאַזינען האָבן זיי גאָרנישט ניט איבערגעגעבן אין די הענט פון די יידישע שלאַכטלײַט. מאַמאַשעסדיקע אויסדרוקן פון קאַמפּס־געמיינשאַפט האָבן די יידישע אופשטענדלער באַקומען קוידעמקאָל פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע", פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי. ניט געקוקט אַף דעם שטאַרקן דויכעק אין געווער און אַמוניציע, האָט די „פאָלקס־גוואַרדיע" אויסגעטיילט הילף פאַר די קעמפער פון געטאָ. אירע באַוואָפנטע גרופּן זײַנען אין די טעג פון אופשטאַנד באַפאַלן די היטלעריסטן אין שכיינעס מיט די געטאָ־מויערן. עס זײַנען אויך געווען סאָלידאַריטעט־אויסדרוקן מיצאַד געוויסע דעמאָקראַטישע עלעמענטן פון דער „אַרמיִא קראַיאָווא", וועלכע האָבן אַזויאַרום, קעגן דער אײַנשטעלונג פון זייער צענטראַלער אָנפירונג, אויסגעפּילט דעם כויוו לעגאַבע די יידישע מיטבירגער.



פּלאַן פון דער וואַרשעווער געטאָ בײַס דעם אופשטאַנד
(די נומעראַציע אינעם טעקסט זײַנען דערקלערונגען צו דער נומעראַציע אַפן פּלאַן).

1. דער ערשטער קאַמף דעם 19 אַפּרעל אינדערפרי.
2. דער צווייטער קאַמף דעם 19 אַפּרעל אינדערפרי.
3. די ווײַס־רויטע פאָן פון די אופשטענדלער דעם 19 אַפּרעל.
4. די קאַמפן דעם 19, 21 אַפּרעל. דער אַריבערגאַנג פון אַ גרופּע אופשטענדלער דורכן טונעל אַף דער „אַרישער" זײַט דעם 21 אַפּרעל.
5. די רויטע פאָן איבערן בונקער אַף מילע, 29. דער קאַמף פאַרן בונקער דעם 29 אַפּרעל.
6. די קאַמפן דעם 20 און 21 אַפּרעל, דער אָנגריף פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אַף די פּאָזיציעס פונעם סוינע (פון דרויסן).
7. דער אָנגריף פון דער פאָלקס־גוואַרדיע פון דרויסן און פון די אופשטענדלער פון אינעווייניק דעם 20 אַפּרעל.
8. דער אָנגריף אַפן סוינעס קאָלאָנע דעם 20 אַפּרעל אינדערפרי.
9. די קאַמפן דעם 29 אַפּרעל.
10. דאָס אַרויספירן דורך דער פאָלקס־גוואַרדיע אַ גרופּע אופשטענדלער דורך די קאַנאַלן דעם 28 אַפּרעל.
11. דער קאַמף אַרום דער פאַרטיידיקונג פונעם בונקער דעם 1—3 מײַ.
12. דער קאַמף דעם 2 מײַ.
13. דער לעצטער קאַמף פונעם שטאַב פונעם אופשטאַנד דעם 8 מײַ אַף מילע, 18.
14. דער אָנגריף פון די אופשטענדלער אַף די מויערן און דער קלאַפּ פון דער פאָלקס־גוואַרדיע פון אויסן אין דער נאַכט פון 13 אַפן 14 מײַ בײַס דעם סאָוועטישן נעקאָמע־אָנפלי.
15. דאָס אופרײַסן די גרויסע סינאַגאָגע דעם 16 מײַ.
16. דער קאַמף פון אַ גרופּע אופשטענדלער, וועלכע האָט זיך אַרויסגעריסן פון געטאָ, מיט דער דײַטשישער און גראַנאַטענער פּאָליציי אין דער צווייטער העלפט מײַ.

פון א באזונדער גרויסן — סײַ מאָראַלישן, סײַ מיליטערישן — באַטײַט איז געווען די סאָלי־דאַריטעט־דעמאָנסטראַציע מיט דער קעמפנדיקער געטאָ, וואָס עס האָט דורכגעפירט די סאָוועטישע אַרמיי. אין דער נאַכט פון 13 אפן 14 מײַ איז די סאָוועטישע אַוויאַציע אָנגעפלויגן אַף וואַרשע און געמאַכט א גרויסן כורבן צווישן די היטלעריסטן. עס זײַנען דאַן געווען א טויזנט דערהאַרגעטע דײַטשן. די פוילישע פאָלקס־טרײַע ווידערשטאַנד־באַוועגונג און די געטאָ־קעמפער האָבן פונעם גאַנצן האַרצן באַגריסט דעם אָנפלי, ווי אַן אָנזאָג און באַשטעטיקונג, אַז פון מיזרעך וועלן קומען די דערלייזער.

יעדער טאָג פונעם דויערנדיקן געטאָ־אופשטאַנד האָט מיטגעווירקט צו פאַרשטאַרקן בא אַלע גרעסערע שיכטן פונעם פוילישן פאָלק דעם ווילן אַרויסצוטרעטן מיט געווער קעגן די היטלעריסטן. די יעדיעס וועגן דער פאַרביסענער געטאָ־שלאַכט (וועלכע איז אָפט אין פוילן באַצייכנט געוואָרן אַלס „צווייטער פראָנט״) האָבן דערגרייכט צו די ווײַטסטע ווינקעלעך פון לאַנד, וועקנדיק דערכערעך און באַגײַסטערונג פאַר די ייִדישע קעמפער. די דאָזיקע יעדיעס זײַנען דערגאַנגען צו אַלע יענע געטאָס, ווו עס האָבן נאָך געלעבט רעשטלעך ייִדן, אַפילע צו די טויט־לאַגערן, דערמונטערט צו אייניקײַט, צו מײַסים, צום נאָכטאָן דעם וואַרשעווער בײַשפּיל.

הײַנט איז געגוי באַוווסט, אַז דער אָפּקלאַנג פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט, ניט געקוקט אַף דעם מוירעדיקן געסטאַפּאָ־טעראָר, בליצשנעל דערגרייכט צו אַלע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע. אונטער דער דירעקטער ווירקונג פונעם געטאָ־אופשטאַנד האָבן זיך געשטאַרקט די ווידערשטאַנד־קויכעס צווישן די ייִדישע מאַסן אין פראַנקרײַך, אין בעלגיע און אין אַנדערע לענדער. דער וואַרשעווער געטאָ־אופשטאַנד איז אויסגעוואַקסן אין א מעכטיקן פאַקטאָר פון דערמוטיקונג פאַר אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דעם היטלערישן אויסראָטונג־רעזשים.



באַם דענקמאָל די העלדן פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דער פערטער פון רעכטס — מאַרשאַל פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד ס.ק. טימאָשענקאָ.

און ווען די לעצטע פּאָזיציע פון די געטאָ־העלדן איז צעשטערט געוואָרן, האָט זיך דער קאַמף דערמיט נאָך ניט געענדיקט. יענע ייִדישע אופשטענדלער, וועמען עס איז מיט דער הילף פון די פוילישע שלאַכט־ברידער פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע״ געלונגען אַריבערצוגיין דורך די קאַנאַליזאַציע־קאַנאַלן אַף דער צווייטער זײַט פון די געטאָ־מויערן, זײַנען אַוועק אין וואַלד, קעדיי פאָרזעצן דעם קאַמף. די אופטועך פון די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילן אַפן נאָמען פון די געטאָ־קעמפער און אַפן נאָמען פון מאָרדכע אַנילעוויטש אין די ווישקאָווער וועלדער זײַנען לעדוירעס פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון פאָלקס־פוילן.

פאַר אונדז, די לעבן געבליבענע, האָבן די אופשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ איבערגעלאָזט, ווי א צאַוואָע, די הייליקע פליכט צו קעמפן אומראַכמאָנעסדיק קעגן די יאָרשים פון היטלעריזם, קעגן די פאַרברעכערישע קויכעס, וואָס פּרוּוון אָנצינדן א נײַע, נאָך שרעקלעכערע וועלט־סרייפע.

אינעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ פאַרנייגן מיר טיף די קעפּ פאַרן הייליקן אָנדענק פון די בעסטע זין און טעכטער פון אונדזער פאָלק, וועלכע האָבן, אַקסל בא אַקסל מיט די שלאַכטלײַט פון סאָוועטישן, פוילישן און אַנדערע פרײַהײַטסליבנדיקע פעלקער, מיט גרענעצלאָזן העלדנמוט געקעמפט קעגן די סאָנים פון דער מענטשהײַט.

ווי אַלע מאָל, וועלן מיר אין דעם דאָזיקן טאָג איבערכאַזערן אונדזער שוווּע: ניט פאַרגעסן און ניט מויכל זײַן! שטענדיק געדענקען, אַז ניט ווייניק נאַצי־באַנדיטן, דירעקטע אָנטיילנעמער אין דער אויסראָטונג פון מיליאָנען און מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, פון זעקס מיליאָן ייִדן, גייען נאָך אַרום אומבאַשטראָפט.

לאָמיר עס ניט פאַרגעסן און ניט מויכל זײַן!

מיט די אויגן פון סאָוועטישע מענטשן

# זאָל זיך עס מער ניט איבערכאַזערן!

צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פונעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט די רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" באַקומען בריוו פון אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע — ייִדן, רוסן, אוקראַיִנער, — וועלכע האָבן אין די טעג פונעם אופשטאַנד געהאַט וועגן אים יעדיִעס אָדער מיט עפּעס געהאָלפן די קעמפער.

אין דעם אַליין, וואָס אין די בריוו האָט זיך גערעדט וועגן קימאַט אומבאַמערקבאַרע עפּיזאָדן און ניט וועגן גרויסע מיליטערישע אָפּעראַציעס, איז געווען צו זען, ווי טיף עס איז אַרײַן אין זיקאָרן פון אונדזערע מענטשן די שלאַכט־עפּאָפּיי, וואָס האָט זיך מיט צוואַנציק יאָר צוריק פאַנאַנדערגעוויקלט אויף די וואַרשעווער גאַסן.

איך האָב וועגן דעם געטאָ־אופשטאַנד זיך דערוווּסט אין א פאַרוואָרפענעם און אָפּגעשניטענעם פון דער גרויסער ערד ווײַסרוסישן וואַלד. דערוווּסט האָב איך זיך אָט וויאַזוי.

אינעם ראַיאָן, ווו עס האָט אָפּערירט אונדזער פּאַרטיזאַנישע בריגאַדע, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַן אַלטע ייִדישע פרוי כאַשע. געלעבט האָט זי אַמאָל בא א פּויער, אַמאָל אין וואַלד, ווו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיקט. פון צײַט צו צײַט פלעגן מיר זי צופעליק ערגעץ באַגעגענען, אָדער דערוויסן זיך פון באַקאַנטע: אונדזער כאַשע לעבט.

ווען דער פרילינג אין ווײַסרוסלאַנד איז געווען אין סאַמע בלי, דיביימער זײַנען געשטאַנען אין צוויט, האָבן די דײַטשן באַשלאָסן צו בלאָקירן די וועלדער. פאַר אונדז, פּאַרטיזאַנישע אויסשפּירער, איז אַרבעט געווען גענוג. פאָרן מיר איינמאָל רײַטנדיק לענגאויס דעם ראַנד פון וואַלד און מיטאַמאָל — כאַשע!

— שטייט! — האָט זי צו אונדז נאָך פונדערווײַטן א געשריי געטאָן. — איר האָט געהערט? אין וואַרשע רינען טײַכן בלוט, די געטאָ שלאָגט זיך!

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט א גרופּע סאָוועטישע דעסאַנטלער, וועלכע האָבן באַשטעטיקט, אַז אין וואַרשעווער געטאָ איז אויסגעבראָכן אַן אופשטאַנד. לויט דער פּאַרטיזאַנישער „עסטאַפעטע", דאָס הייסט פון אָטריאַד צו אָטריאַד, אַלץ טיפער אין סוינעס הינטערלאַנד, האָט מען שוין איבערגעגעבן, אַז דער הויפּט־שטאַב רופט אַרויסצוווײַזן הילף די העלדן פון געטאָ.

און אָט, לייענענדיק איצט די בריוו, וואָס די רעדאַקציע האָט באַקומען צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון די געשעענישן, דערפיל איך זיך מיטאַמאָל אַזוי, גלײַך די צײַט וואָלט מיך ווידער אומגעקערט אין וואַלד. איך גיי מיט דער „עסטאַפעטע" אַוועק אין די טיפענישן פונעם אָקופּירטן פּוילן און זע דאָרט דאָס, וועגן וואָס עס שרײַבן אונדז אָט די אויסערגעווייטלעכע מענטשן. וועגן אייניקע פון זיי האָב איך שוין געהערט אָדער געלייענט. לעמאָשל, ניט ווייניק איז מיר באַוווּסט וועגן אַלעקסאַנדער אַראָנאָוויטש פּעטשערסקין, דעם אָנפירער פונעם אופשטאַנד אין סאָביבורער טויט־לאַגער. און ער אַליין, ווען ער קומט קיין מאָסקווע פון ראָסטאָוו, ווו ער אַרבעט הײַנט אינעם זאַוואָד „ראָסטמעטיז", כאַפּט ער זיך אַרײַן אויף קיראָוו־גאַס, 17, און מיר שמועסן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל וועגן דער צײַט, וואָס איז געוואָרן א לעגענדע.

פּעטשערסקיס בריוו אין רעדאַקציע דערמאָנט מיר אין א ווייניק־באַוווּסטן דאָקומענט פון דער היטלערישער זשאַנדאַרמעריע, מיט וועלכן עס איז מיר ניט לאַנג צוריק אויסגעקומען זיך צו באַקענען:

„15 אָקטיאַבער 1943, ליובלין.

מיטיילונג פונעם שעף פון דער זיכערהײַט־פּאָליציי פונעם ליובלינער קרײַז.

דעם 14 אָקטיאַבער 1943, אַרום 7 אַזייגער, איז אין סאָביבורער לאַגער, וואָס געפינט זיך 40 קילאָמעטער צאָפנדיקער פון כעלם, פאָרגעקומען אַן אופשטאַנד פון די ייִדן. בײַגעקומען דעם ווידערשטאַנד פון דער וואַך, האָבן זיי פאַרכאַפּט דעם געווער־סקלאַד און זײַנען צוזאַמען מיט די לעבנגעבליבענע לאַגערניקעס אַנטלאָפן אין אומבאַוווּסטער ריכטונג. 9 עסעסאָווצעס זײַנען דערהאַרגעט, איינער איז פאַרפאַלן געוואָרן, איינער פאַרוווּנדעט, 2 וואַכלײַט־אויסלענדער זײַנען דערשאָסן.

עס זײַנען אַנטלאָפן בא 300 ייִדן, די איבעריקע, וואָס זײַנען געבליבן אינעם לאַגער, זײַנען דערשאָסן געוואָרן. די אָטריאַדן פון דער פּאָליציי און פון ווערמאַכט האָבן באַוואַכט דעם לאַגער אין משך פון א שאָ צײַט. די אומגעגנט צאָפנדיקער און צאָפן־מיזרעכדיקער פון סאָביבור, געפינט זיך אין רעשוס פון דער פּאָליציי און פונעם מיליטער".

יאָ, וועגן אַלעקסאַנדער פּעטשערסקין, וועגן זײַן העלדישן אופטו איז אונדז א סאַך שוין באַוווּסט, און די רעדאַקציע האָט באַשלאָסן אָפּדרוקן זײַן בריוו אַזוי ווי ער שטייט און גייט, אָן קאָמענטאַרן.

און אָט ליגן אויפן רעדאַקציע־טיש צוויי נײַע קאָנווערטן. עס שרײַבן די געוועזענע קאָמאַנדירן פון אינטערנאַציאָנאַלע פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן אין פּוילן סעראַפים פּאַוולאָוויטש אַלעקסייעוו און ניקאָלײַ איוואַנאָוויטש סלאָגאַטשאָוו. אַלעקסייעוו, וואָס איז הײַנט א דירעקטאָר פון א מיטלשול אין דער שטאָט שאַכטי, האָט געשריבן מיט עטוואָס אַן אופגערודערט געפיל, אַפילע א ביסעלע סענטימענטאַל: „טראַכטנדיק וועגן וואַרשעווער געטאָ־אופשטאַנד, האָב איך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל זיך דערמאָנט דאָס דורכגעלעבטע, די פּאַרטיזאַנישע יאָרן, די שלאַכט־לײַט ייִדן, וועלכע איך האָב פאַר דער צײַט פון דער מילכאָמע גוט דערקענט און ליב באַקומען. די מענטשן זײַנען מיר געוואָרן טײַער און נאָענט. וועגן אונדזער אַלגעמיי־

נעם קאמף האָב איך א סאך שוין געשריבן, נאָר אײַך שיק איך א קליינעם אויסצוג. אויב איך קאָן אײַך מיט עפּעס־וואָס צוניצקומען, וועל איך זײַן ביז גאָר צופרידן...״

דער אויסצוג פון די זיכרוינגעס, וואָס סעראפים אלעקסייעוו האָט צוגעשיקט אין „סאָוועטיש היימלאנד״, איז סאקע געווען ניט קיין גרויסער, נאָר אין טאָך האָט ער געגעבן א גאנץ גענויע פאָרשטעלונג סײַ וועגן די געשעענישן, אין וועלכע אלעקסייעוו האָט אָנטיילגענומען, סײַ וועגן אים אליין.

עטוואָס אן אנדערער איז געווען דער בריוו פונעם צווייטן פארטיזאנישן קאָמאנדיר ניקאָלײַ סלוגאטשאָוו. א מענטש, וואָס איז, זעט אויס, קארג אפן וואָרט, האָט ער געשריבן וועגן די פארגאנגענע יאָרן אזוי, אז ערגעץ צווישן די שורעס זײַנען שיר ניט פארפאלן געגאנגען געשעענישן און מענטשן, וועגן וועלכע עס האָט זיך שטארק געוואָלט וויסן.

קורץ, עס איז באשטימט געוואָרן צופאָרן קיין קראַסנאָופימסק, אפן אוראל, קעדיי זיך דורכריידן מיט סלוגאטשאָוון. צײַט איז פארבליבן ווייניק, האָב איך גענומען מײַן טשעמאָדאנדל און געלאָזט זיך צום וואָקזאל.

אומזיסט האָב איך זיך באומרויִקט. מיר איז ניט אויסגעקומען ציִען פון סלוגאטשאָוון א וואָרט.

— אויב אײַך איז ווייניק דאָס, וואָס איך דערצייל, — זאָגט ער מיר, — איז אָט האָט איר ביכער, מאנוסקריפטן, פאָטאָגראפיעס, פלוגבלעטלעך, אופרופן, פראָטאָקאָלן... דעם גרעסטן טייל פון די דאָזיקע דאָקומענטן האָט מיר געשענקט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פוילישער ארבעטער־פארטיי בייס מײַן באזוך אין פוילן אין 1958 יאָר.

דאָס פוילישע מיניסטעריום פון פאָלקס־שוץ האָט צוגעשיקט סלוגאטשאָוון אן אטלאס, ווו עס איז אָפּגעמערקט דער שלאכט־וועג פון „גווארדיִא ליודאָווא״ און „ארמיִא ליודאָווא״ פאר די יאָרן 1942—1945. פון די צוואנציק גרויסע קארטעס דערציילן פיר וועגן דעם אינטערנאציאָנאלן פארטיזאנישן אָטריאד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון בארטאָש גלאָוואצקי און מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט ניקאָלײַ איוואנאָוויטש סלוגאטשאָוו אָדער, ווי אין פוילן האָט מען אים גערופן, טאדעק דער רוסישער (טאדעק רוסקי).

סלוגאטשאָוו מאָלט פאר מיר מיט קארגע ווערטער, אָבער גענוג פּינקטלעכע, פולע מיט בילדערישער טרעפלעכקײַט, זײַן וועג אין דער מילכאָמע, און איך דערפיל מאמעש די שטיקנדיקע לופט אין א פולגעפּאקטער טעפלושקע און הער דאָס קלאפּן פון די רעדער. איך זוך אָפּ אף דער קארטע די סטאנציע כאָרשניצע. ערגעץ דאָ האָט ער, דער סאָוועטישער קריגסגעפאנגענער נומער 110225, זיך ארויסגעדראפּעט דורכן שמאָלן וואגאָנפענצטערל, א רעגע זיך געהוידעט, דערנאָך צענומען די הענט און א שפרונג געטאָן אין דער פינצטערער הארבסטיקער נאכט.

צענדליקער פוילישע פאטריאָטן האָבן אים דערנאָך אויסבאהאלטן: דער אלטער קאָמוניסט, דער שלאָסער יוזעף אנדרעסיק און דער באטראק גרעליא זענאָן, די ברידער פּראָנאָבּיס — יאנעק, טאדעוש, וולאדיסלאוו — און זייער שוועסטער מאריא. דאָס האָבן זיי טאקע אים צונויפגעפירט מיט דעם קאָמענדאנט פון „גווארדיִא ליודאָווא״ פון קראָקער וואָיעוואָדסטווע, מיטן געוועזענעם שאכטיאָר ראָמאן סליווא (וועבער).

וועבער האָט אים באקאנט מיט נאָך פיר מענטשן, וואָס זײַנען געוואָרן דער קערן פונעם קומענדיקן פארטיזאנישן אָטריאד.

— וולאדימיר באבאסקין, — האָט איינער פון זיי דערלאנגט די האנט.

סלוגאטשאָוון איז אויסגעקומען פארײַסן דעם קאָפּ. צום ערשטן מאָל זעט ער אזא גוואר מיט אזא פּאָר אײַזערנע הענט. דערצו האָט זיך דאן סלוגאטשאָוון געדוכט, אז באבאסקין איז א מענטש אין די יאָרן. דער קאָמאנדיר אליין איז אלט געווען קנאפּע צוויי און צוואנציק יאָר, און באבאסקין האָט איבערגעלאָזט אין דער היים, אין קאָלווירט, א פרוי מיט צוויי קינדער, און אלט איז ער שוין אריבער די דרײַסיק. עטוואָס האָט באַרויִקט ניקאָלײַען יענעמס שמייכל און די הארציקײַט פון דעם דאָזיקן מענטשן. יענער, דער שמיד פון הינטער קורסק, האָט אים, דעם סיביריאק, אָנגערופן „זעמליאק״. ווער רעדט נאָך, אז ער, סלוגאטשאָוו, האָט זיך שפּעטער איבערצײַגט אין דעם, אז באבאסקינס הענט זײַנען ניט נאָר „אײַזערנע״, — אויך „גאָלדענע״. גלײַך פון ערשטן טאָג אָן האָט דער שמיד גענומען רעמאָנטירן דאָס געווער, לערנען די כעוורע אויסגראָבן אן ערדשטיבל, אָפּקאָכן א געשמאקן פרישטיק, טרעפן אין ציל מיט יעדער קויל...

ער לעבט געוויס ערגעץ, וולאדימיר באבאסקין, ארבעט מיסטאמע אין א קאָלווירט, צי אין א זאוואָד און ווייסט ניט, אז אים, א פּאָשעטן סאָלדאט פון דער סאָוועטישער ארמיי, האָט די פוילישע רעגירונג געגעבן דעם טיטל קאפּיטאן פון וואָיסקאָ פּאָלסקע און אים באלוינט מיט דער העכסטער באלוינונג — מיט דעם זילבערנעם אָרדען „גריונוואלד״.

דער צווייטער מענטש, וואָס האָט מיט ניקאָלײַ סלוגאטשאָוון געגרינדעט דעם אָטריאד, איז געווען יוזעף — א פוילישער ארבעטער פונעם סאָסנאָווצער מעטאלורגישן זאוואָד.

די איבעריקע אין אָט דער גרופּע זײַנען געווען צוויי יידישע כעוורע. ווער האָט עס דאן געקאָנט טראכטן, אז אָט דער אויסגעצערטער שיינער באָכער, דער דאמען שנײַדער, וועט ווערן דער ליבלינג פונעם גאנצן אָטריאד פאר זײַן געוואגטקײַט? קאָסטיעק האָט מען אים גערופן. געקומען איז ער אהער פון לאָדזשער געטאָ, ווו מע האָט אומגעבראכט אלע זײַנע אייגענע. אף געוויס וואָלט פון אים אויך ארויס א גוטער מוזיקאנט. ביז איצט געדענקט ניקאָלײַ סלוגאטשאָוו, ווי מײַסטעריש ער פלעגט אין ערדשטיבל, אין מינוטן פון רו, שפּילן אף זײַן קונציק־אויסגעשניצטן פײַפל, אויספילנדיק גאנצע אריעס פון אָפּערעס און אָפּערעטעס...

דער צווייטער, ליאָלעק, איז געווען עטוואָס דיק, ניט גענוג רירעוודיק, געהאט געקרײַזלטע האָר און פלײשיקע ליפן, ווי בא א נעגער. געשטאמט האָט ער פון א שטעטל ניט ווײַט פון וואָלבראָם. אויך ער איז ביזן קריג געווען א שנײַדער. ליב געהאט האָט ער צו דערציילן אזא געשיכטע:

— מיטן סעקרעטאר פון דער וואָלבראָמער אונטערערדישער פארטיי־אָרגאניזאציע בראָניסלאוו בראָדינסקי־אווגוסט זײַנען מיר אלטע גוטעפרײַנט. איינמאָל זאָגט ער מיר:

— ליאָלעק, דו דארפסט פרײַוויליק ארײַנטרעטן אין דער יידישער פּאָליציי...

— איך?

— דו!

בעקוקט האָט מען דערנאָך אף ליאָלעקן, ווי אף א ביזוווּנדער. לײַטישע מענטשן האַלטן זיך פון דער פּאָליציי וואָס ווײַטער, און ער איז אליין געקומען זיך בעטן. דערפאר טאקע האָט מען אים אין דער פּאָליציי פארטרויט א פאראנטוואָרטלעכן פּאָסטן — אָפּהיטן דעם שפּײַכלער, וווּ די דײַטשן פלעגן האַלטן אָנגערויבטע כפייצים, קליידער, עסנווארג. וואָס פלעגט ער טאָן? אוועקנעמען און צעטיילן עס די פארשפארטע אין געטאָ אָדער מיט דער הילף פון כאַווײרים פארקויפן די זאכן און אָפּגעבן דאָס געלט אין קאסע פון „גוואַרדיאַ ליודאָווא". איינמאָל, צו דער רעכטער צײַט, האָט ער מיט זײַנע כאַווײרים אינגאנצן אויסגעליידיקט דעם שפּײַכלער, און גיי זוך זיי.

ווען עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער אָטריאַד, האָבן קאָסטיעק און ליאָלעק אָנטיילגענומען אין פיל שלאכטן: אין דער אָפּעראַציע, ווען די פארטיזאנער האָבן פאר איין נאכט פארניכטעט א מיליטערישן רעמאָנט־זאוואָד, אין וועלכן עס האָבן זיך פונקט געפונען פינף טאַנקען, הונדערט אַווטאָמאָבילן, פופציק מאָטאָציקלען; אין אן אָנפאַל אף פּריצישע מאַיאָנטקעס, בײַס מע האָט פארברענט בא פינף טויזנט טאָן טוווּע, וואָס די אָקופּאַנטן האָבן זיך געקליבן ארויספירן קיין דײַטשלאַנד.

ביידע, קאָסטיעק און ליאָלעק, זײַנען אומגעקומען אין איין שלאכט, אין איין שאָ. דאָס איז געווען סאָף אָקטיאַבער 1943. דער אָטריאַד האָט געמוזט פארלאָזן טשענסטאָכאָווער וואָיעוואָדסטווע. פיר טעג נאָכאנאַנד האָט געדויערט דער שווערער מארש. הונגעריקע, אויסגעמאַטערטע, זײַנען די פּאַרטיזאַנער דערגאַנגען ביז קאָרשאָוויצע און זיך פארקליבן אין די אַמבארן, וואָס זײַנען געשטאַנען צווישן וואַלד און דאָרף. באַטאָג האָבן זיך באַוויזן היטלעריסטן, די פּאַרטיזאַנער האָבן אָפּגעשלאָגן עטלעכע אַטאַקעס. איין אויסוועג איז פארבליבן: באַנאַכט זיך דורכרײַסן צום וואַלד. פאָרויס האָט מען געשיקט א שטורעם־גרופּע פון די סאַמע דערפארענע און געוואַגטע. דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן, נאָר פאר דעם האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס קאָסטיעק, ליאָלעק און נאָך אכט פּאַרטיזאַנער.

לייענענדיק די ארכיוו־מאַטעריאַלן, האָב איך צענדליקער מאָל זיך אָנגעשטויסן אף דעם נאָמען סטעפע, וועלכע איז צוזאַמען מיט דער אָנפירונג פון דער קראָקער וואָיעוואָדישער אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער ארבעטער־פארטיי אומגעקומען אין אָשווענטשים. געווען איז זי יונג, נאָר זי האָט שוין פארמאָגט א רײַכע דערפארונג פון אונטערערדישער ארבעט. אפילע פון אירע עלטערן — אָנגעזעענע אינזשעניערן, ייִדן, — האָט זי א לאַנגע צײַט אויסבאַהאַלטן אירע אָנשויוּנגען, שוין אָפּגערעדט וועגן איר געפערלעכער אונטערערדישער טעטיקײַט.

געווען אזא פאַל. פאר סלוגאַטשאָווס קאָפּ האָבן די דײַטשן שוין געהאַט אָנגעמערקט א הויכע פרײַז. אן אונטערגעשיקטער פּראָוואָקאַטאָר האָט ארײַנגעוואָרפן א גראַנאַטע אין זײַן ערדשטיבל. עטלעכע קאָמאַנדירן זײַנען אומגעקומען, אליין סלוגאַטשאָוו איז שווער פארווונדעט געוואָרן. אף א שטיקל צײַט האָט ער געמוזט פארלאָזן דעם וואַלד. אויסבאַהאַלטן אים האָט זיך אונטערגענומען דער אָרגאַניסט פונעם מלאַדזשאָווער קאָסטיאָל. א צײַט איז ער טאַקע געווען בא אים, אָבער אין די ארומיקע וועלדער און דערפער האָבן גענישטערט פאַשיסטן. איין אויסוועג איז געבליבן — וואָס גיכער זיך איבערקלײַבן אין אן אנדער אָרט. צוליב דעם איז פון דער ווײַט געקומען סטעפע, מײַסע־קאַלע גענומען טאַדעקן אונטער דער האַנט און זיך געלאָזט צום פינטשעווער וואָקזאַל. ביז יענדזשיִעוו האָבן זיי זיך דערקליבן בעשאָלעם. דאָ האָבן זיי באַדאַרפט וואַרטן אף א צווייטן צוג, נאָר אין דער צײַט האָבן עסעסאָווצעס ארומגערינגלט דעם וואָקזאַל און גענומען קאָנטראָלירן בא די פּאַסאַזשירן די דאָקומענטן.

— גיי אָפּ אין א זײַט, — האָט שטילערהייט געזאָגט טאַדעק צו זײַן באַגלייטערן, וואָס האָט אויסער דעם „וואַלטער" געהאַט אויך גוטע דאָקומענטן.

סלוגאַטשאָוו־טאַדעק האָט שוין אָנגעטאַפּט אין קעשענע די גראַנאַטע, נאָר סטעפע האָט זיך נאָך נעענטער צוגעטוליעט צו אים און, פארשטעלנדיק זײַן פּאָנעם מיט איר פּאָנעם, גענומען שעפּטשען אים אפן אויער:

— קיין לעבעדיקע וועלן זיי אונדז ניט נעמען...

בלויז א גליקלעכער צופאַל האָט זיי דאַן געראַטעוועט.

קוים איז שוין געקומען צו רייד וועגן געטרײַשאַפט, גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקײַט, דערציילט מיר ניקאָלײַ איוואַנאָוויטש סלוגאַטשאָוו וועגן גאָר אן אנדער פאַל, וואָס איז פארלאָפן בא אים אין אָטריאַד.

— צו אונדז פלעגן קומען אלץ נײַע און נײַע מענטשן — פּאָליאַקן פון די ארומיקע דערפער, רוסישע יאַטן, אוקראַיִנער, קאַזאַכן, אַנטלאָפענע פון די לאַגערן. נאָך יעדער שלאכט זײַנען געווען א סאַך פארווונדעטע און קיין כירורג האָבן מיר ניט געהאַט. איינמאָל — דאָס איז געווען שוין נאָך דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — האָבן די פּאַרטיזאַנער פארהאַלטן צוויי מענטשן, א מאַנצבל מיט א פרוי, וועלכע האָבן זיך בא די אָרטיקע פּויערים נאָכגעפרעגט דעם וועג צו די פּאַרטיזאַנער.

צוערשט האָב איך געשמועסט מיט אים. דאָס איז געווען א מאַנצבל פון א יאָר פופציק, אן אויסגעמאַטערטער און אויסגעצערטער.

— פונוואַנען? — פרעג איך.

— פון וואַרשעווער געטאָ.

„ניט קיין שלעכטע רעקאָמענדאַציע", קלער איך מיר. דער פּאַרטיזאַנער שימען, וואָס איז אויך פון דאָרט צו אונדז געקומען, האָט שוין געהאַט אין אָטריאַד א גוטן שעם.

— אײַער פאַך? — האָב איך ווײַטער געפרעגט.

— א כירורג. געוועזענער פּראָפעסאָר פונעם וואַרשעווער מעדיצינישן אינסטיטוט.

איך האָב אזש א שפּרונג געטאָן פון בענקל.

— און זי?

— מײַן פרוי.

— אויך א דאָקטער?

— ניין, — שאָקלט ער מיטן קאָפּ, — מײַן פרוי.

דערנאָך האָבן מיר אלע זיי אנדערש ניט גערופן, ווי „פּאַן טאָמאַש און זײַן פרוי". וויפל ביטערע טעג און שווערע כאַדאָשים מיר האָבן ניט איבערגעלעבט, האָט קיינער ניט געהערט, אז פּאַן טאָמאַש זאָל זיך אף עפּעס קלאָגן, עפּעס בעטן. קוים האָט זיך אין אים עמעצער גענייטיקט, האָבן געמעגט פײַפן קוילן, — דער פּראָפעסאָר מיטן אוווטאָמאַט אפן אקסל און זײַן פרוי מיטן ראַנעץ כירורגישע אינסטרומענטן פלעגן אײַלן צו הילף. אָפּערירן איז אָפט אויסגעקומען אונטערן פרײַען הימל, בא א קאַנעץ, און איינמאָל האָט דער דאָקטער געמאַכט אן אָפּעראַציע אפילע אין דער פינצטער.

אײן פּריווילעגיע האָט בא אונדז געהאַט פאַן טאָמאַש מיט זײַן פרוי. קוים איז עס מעגלעך געווען, פלעגן מיר פאַר זיי אוועקשטעלן א באַזונדער בײַדל. זאָלן זיי זיך געזונטערהייט שושקען. פון מײַנע פּאַרטיזאַנער האָב איך ניט איין מאָל געהערט: ווײַזט אויס, אַז פאַר זייער לעבן האָבן זיי זיך נאָך ניט אָנגערעדט צו זאַט.

...דאָס איז געשען אויפן סאַנדאָמירער פּלאַצדאַרם דעם 16 נאָיאַבער 1944. אונדזער אָטריאַד — דרײַ הונדערט פּאַרטיזאַנער — האָט געדאַרפט דורכגיין די פראָנט־ליניע, כּדי זיך פאַראייניקן מיט די אָנגרײַפנדיקע טיילן פון דער סאָוועטישער אַרמיי. עס האָט אָנגעהויבן שאַרײַען, ווען מיר האָבן דערגרייכט דעם ראַנד פון וואַלד. מיט אַמאָל, דער אָטריאַד איז שוין אַרויס אויף דער נייטראַלער זאָנע, האָט עמעצער מיך אָנגעיאָגט:

— קאָמאַנדיר! פאַן טאָמאַש האָט זיך דערשאָסן...

— ס'איז ניט קיין צײַט אויף צו שפּאַסן! — האָב איך א געשריי געטאָן.

— א דײַטשישע קויל האָט נאַרוואַס געטראָפן אין זײַן פרוי, מיר האָבן ניט באַוויזן זיך אַרומקוקן, ווי פאַן טאָ־מאַש האָט אין זיך אָנגעצילט דעם אַווטאָמאַט...

פאַרהאַלטן האָט מען זיך דאָן געקאָנט בלויז אויף איין רעגע, נאָר אַלע האָבן געזען, ווי דאָס פּאָרפאָלק ליגט איינער לעבן צווייטן און עס שיט אויף זיי דער ערשטער שניי. שפּעטער האָט מען אַלע אומגעקומענע באַהאַלטן אויף דער באַפרײַטער ערד אין איין ברודער־קייווער.

ניקאָלײַ איוואַנאָוויטש האָט א ווײַלע זיך פאַרטראַכט און צוגעגעבן:

— פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ טויט קאָן מען ניט באַ־רעכטיקן. נאָר אויך די געטרײַשאַפט, די איבערגעגעבנ־קײַט איז ניט צו פאַרגעסן... אָפט קומט מיר אויס שמועסן מיט דער יוגנט. טרעפט אַמאָל, אַז איך דערצייל אויך וועגן פּראָפעסאָר טאָמאַש און זײַן פרוי. זאָל מען וויסן.

• • •

מיט א שמאָלער סטעזשקע, וואָס פירט לענגאויס די רעלסן, פאַרבײַ דעם וואַסער־טורעם, לאָזן מיר זיך מיט סלוגאַטשאָוו צום גרין־געפאַרבטן וואָקזאַל. אונדז יאָגט אָן א לאַנגער פראַכט־צוג. אין די וואַגאָנעס — פּי, אויף האַלב־אָפענע פּלאַטפאָרמעס — אוראַלער עקסקאַוואַטאָרן, טרויבן און אָן א שיעור הויכע און שמאָלע קאָנטיינערס. ניקאָלײַ איוואַנאָוויטש שטעלט זיך אָפּ און פאַרײַסט דעם קאָפּ צום הימל.

— וואָס זוכט איר דאָרט? -- פרעג איך אים.

— ווען ניט די קעלט, וואָלט איך אײַך געבעטן זיך פאַרקלײַבן אויף אָט יענעם הויכן באַרג, פאַרײַסן דעם קאָפּ צום הימל און איבערכאַזערן עטלעכע מאָל: שניי, שניי! שיט ניט אַזוי געדיכט, טו עס צוליב מײַן כאַווער, דעם שעף פון דער קראַסנאָופימסקער אײַזנבאַן־סטאַנ־ציע...

סלוגאַטשאָוו שפּאַסט, צי עפּשער דערמאָנט ער זיך, פּונקט ווי איך, אין די פאַרגאַנגענע פּאַרטיזאַנישע יאָרן. ווינטער אין וואַלד. א ווײַסע סטעזשקע. בלוט אויפן שניי. מײַן פאַרוווּנדעטער קאָמאַנדיר. ער קלאָגט זיך ניט. ער בעט נאָר, עס זאָל וואָס גיכער אויספאַלן א פרישער שניי און פאַרדעקן אונדזערע שפּורן.

באַם געזעגענען זיך קוק איך אַרײַן סלוגאַטשאָוון אין די אויגן:

— נו, זאָגט מיר נאָך עפּעס...

דער צוג רירט זיך פון אָרט. און דאָך הער איך ניקאָלײַ איוואַנאָוויטשעס ענטפער:

— זאָל זיך עס מער קיינמאָל ניט איבערכאַזערן!..

מישע לעוו.

---

א גאָר וויכטיקע געשעעניש אינעם קאַמף קעגן די דײַטשישע אָקופּאַנטן אין פּוילן איז געווען דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן דעם 19 אַפּרעל 1943. דעם אויפשטאַנד האָט צוגעגרייט און פאַרווירקלעכט די ייִדישע שלאַכט־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ. א גרויסע ראָליע אין דער אָנפירונג מיטן אויפשטאַנד האָט געשפּילט דער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין געטאָ עדוואַרד פאָנדאַמינסקי. אין די טעג פונעם אויפשטאַנד האָט די „גוואַרדיאַ ליודאָוואַ“ דערלאַנגט א ריי קלעפּ איבער די היטלעריסטן, כּדי אָפּציִען זייערע קרעפטן פון דער געטאָ. זי האָט אויך אַריבערגעוואָרפן געווער די אויפשטענדלער... ניט זײַענדיק בעקויעך צו באַהערשן די געטאָ, האָבן די אָקופּאַנטן גענומען כאָרעוו מאַכן די הײַזער און אויסהארגענען די אײַנוווינער. די פּפּר האָט אָרגאַניזירט דאָס אַרויספירן א טייל אײַנוווינער פון געטאָ אין די וועלדער אַרײַן, כּדי ראַטעווען די מענטשן פון אויסראָטונג. א גרויסע ווירקונג האָט דער אויפשטאַנד אין געטאָ געהאַט אויף דער פּוילישער געזעלשאַפטלעכקײַט און האָט מיטגעהאָלפן דער פאַרשטאַרקונג פונעם קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן.

(פון דער „געשיכטע פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד אין די יאָרן 1942—1945“, באַנד דרײַ, מאָסקווע, 1961, ז. 522).

# די אָפּעראַציע אין אדאמאָוו



אווגוסט 1942.

אפן מיזרעך קומען פּאַר בלוטיקע שלאַכטן. די דײַטשן רײַסן זיך קיין קאווקאַז. אינעם אָקופּירטן פּוילן זײַנען די היטלעריסטן צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן דעם כײַישן פּלאַן — פולשטענדיק אויסראָטן דאָס יידישע פּאָלק. אף די אײַזנבאַן־וועגן ציִען זיך לאַנגע צוגן מיט פאַריגלטע פראכט־וואַגאָנעס. זייער פאַרטויבנדיק געוויש שפּרייט אן אימע איבער די פּוסטע פעלדער. די וואַגאָנעס זײַנען אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן. דאָס טרײַבן די עסעסאָווצעס הונדערטער טויזנטער ייִדן פון פּוילישע שטעט און שטעטלעך און פון אנדערע אָקופּירטע לענדער אין די טויט־לאַגערן אָשווענטשים, מײַדאַנעק, טרעבלינקע, סאָביבור...

אין א זײַט פון די אײַזנבאַן־וועגן, בא די ראַנדן פון וועלדער, באַווײַזן זיך פון מאָל צו מאָל אָפּגעריסענע, אויסגעהונגערטע מענטשן. זיי זוכן א מעגלעכקײַט ארויסצורײַסן זיך פונעם קלעם פון טויט און זיך אײַנשליסן אין דעם קאַמף, וואָס די פעלקער פירן קעגן דער פאשיסטישער בעסטיע.

איינמאָל האָט אונדזער פּאַרטיזאַנישע מאַכנע, וואָס האָט אָפּערירט אין די פּוילישע וועלדער, באַגעגנט לעבן דעם דאָרף אָרלי גניאַזדאַ, ניט ווײַט פון דעם וואָיטעשקאָווער וואַלד, א גרופּע פון צען מענטשן. זיי האָבן געהאַט א ביקס, צוויי פּיסטאָלעטן און עטלעכע קוילן. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז דאָס זײַנען ייִדן פון פאַרשיידענע שטעט — פון וואַרשע, לאָדזש, מינסק־מאַזאָוועצק, לוקאָוו אאַ. די באַגעגעניש מיט אונדז האָט ארויסגערופן בא זיי גרויס פרייד. צום ערשטן מאָל פאַר דריטהאַלבן יאָר קאָנען זיי ריידן אף א קאָל. דאָס זײַנען גוטע יאַטן, אף וועלכע מע קאָן זיך פאַרלאָזן. אייניקע פון זיי האָבן ביזן קריג געדינט אין דער ארמיי. זייער עלטסטער מלינאָווסקי, א הויכער שיינער יונג פון א יאָר 30, איז צוויי יאָר אָפּגעזעסן אין טורמע פאַר פּאָליטיק. מיר, פּאַרטיזאַנער, האָבן מיט אָפּשײַ געקוקט, ווי אָט די אויסגעמאַטערטע מענטשן זיצן אין א קרײַז און זינגען. יאָ, זיי זינגען! מלינאָווסקי פאַרציט די רוסישע ליד „קאַטיושע“, און דער פריילעכער סאַשע פון אונדזער מאַכנע כאַפּט זי גלײַך אונטער. דער שטילער יונגער וואַלד, וואָס האָט ווי געדרעמלט אין דער שטיקנדיקער באַטאָגיקער היץ, איז מיטאַמאָל פול געוואָרן מיט די קלאַנגען פון דער רוסישער ליד.

פּלוצעם האָבן פון ערגעץ זיך באַוויזן נאָך עטלעכע מענטשן. די ייִדן האָבן פאַרפירט א שמועס מיט די געקומענע. אין עטלעכע מינוט ארום איז מלינאָווסקי צוגעגאַנגען צו מיר:

— דערלויבט זיך ווענדן מיט א ביטע, כאַווער קאָמאַנדיר.

— איך הער אײַך.

— מיר האָבן נאָרוואָס זיך דערוווּסט, אז אינעם שטעטל אדאמאָוו האָבן די היטלעריסטן פאַרשפּאַרט ארום 200 ייִדן, מאָרגן וועט מען זיי אוועקטרײַבן אין טרעבלינקער טויט־לאַגער. אויב מיר וועלן זיי טייקעף ניט ראַטעווען, וועלן זיי אַלע אומקומען...

מלינאָווסקי האָט נאָך ניט באַוויזן ענדיקן, ווי עס האָבן אים אָנגעהויבן אונטערהאַלטן אַלע מיטגלידער פון זײַן גרופּע:

— מיר קענען יעדעס ווינקעלע אין דעם דאָזיקן שטעטל, מיר וועלן אײַך ברענגען אזוי, אז קיין הונט וועט אפילע קיין ביל ניט טאָן!..

— וואַרט א ווײַלע, כעוורע, רעדט ניט אַלע מיטאַמאָל.

איך האָב באַפוילן צונויפרופן די פּאַרטיזאַנער. מלינאָווסקי האָט אויספירלעך דערציילט וועגן דער לאַגע. די פּאַרטיזאַנער האָבן אים אויסגעהערט מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם, עס האָט זיך געפילט, אז זיי זײַנען גרייט יעדע מינוט ארויסטרעטן. אונדזער אָטריאַד איז נאָך געווען זייער א יונגער און די אָפּעראַציע אין אדאמאָוו האָט געדאַרפט זײַן דער ערשטער שלאַכט־אויספּרוּוו זײַנער.

מיר האָבן צעטיילט אונדזערע שלאַכטלײַט אף פיר גרופּעס, באַשטימט עלטסטע און פאַנאַנדערגעאַרבעט א גענויעם פּלאַן פון דער אָפּעראַציע. קיין אדאמאָוו זײַנען מיר אוועק, ווען עס איז שוין געוואָרן גוט פינצטער. פאָרויס זײַנען געגאַנגען די אויסשפּירער — קאַרצעוו, בענעק, הובעלמאַן, קאַרנאַצקי. אין שטעטל איז געווען שטיל, מע האָט ניט געזען קיין לעבעדיקן מענטשן. עס איז געשטאַנען א פינצטערע און וואַרעמע אווגוסט־נאַכט.

אונדזער אַטריאַד האָט פאַרמאַגט 25 פּאַרטיזאַנער. און געהאַט האָבן מיר סאַכאַקל זעקס ביקסן, פינף פּיסטאָלעטן און דרײַ גראַנאַטעס... צום צענטער פון שטעטל האָט זיך אַוועקגעלאָזט קורילענקאָס גרופּע פון זעקס מענטשן. איר אויפגאַבע איז געווען — איבערשנײַדן אַלע טעלעפאָן־דראָטן און אַכטונג געבן אויף די וועגן. איך האָב אָנגעפירט מיט דער צענטראַלער גרופּע, וואָס האָט באַדאַרפט אויפעפענען די טפיסע און אַרויסלאָזן אויף דער פרײַ די פאַרשפּאַרטע ייִדן.

...מיר לאָזן זיך צום פּאָליצײַ־צירקל. פאָרויס גייט מלינאָווסקי. לויט זײַנעם אַ צייכן שטעלן מיר זיך אָפּ און הערן זיך אײַן אין דער נאַכט־שטילקײַט. מלינאָווסקי זאָגט מיר אויפן אויער:

— אָט אין יענער גרויסער געבײַדע געפינט זיך די זשאַנדאַרמעריע. ערגעץ לעבן איר דאַרף זײַן די טפיסע.

מיר גייען פאָרזיכטיק ווײַטער. אַ מעטער 30 פון דער זשאַנדאַרמעריע באַמערקן מיר אונטער אַ בוים צוויי מאַנצבילן. צוגעגרייט דאָס געווער, דערנעענטערן מיר זיך צו זיי.

— ווער גייט? — דערהערט זיך אַ שטים.

— אייגענע! — ענטפערט דרייסט מלינאָווסקי.

מיר זײַנען צוגעלאָפן צו די וועכטער. מלינאָווסקי האָט זיי שטיל, נאָר שטרענג באַפוילן:

— ניט ריידן, ניט באַוועגן זיך!

מיר האָבן זיי געבונדן און געצוווּנגען ווײַזן אונדז, וווּ עס געפינען זיך די אַרעסטירטע. דאָס הויז מיט די פאַרשפּאַרטע ייִדן איז טאַקע געשטאַנען ניט ווײַט פון דער זשאַנדאַרמעריע. הובעלמאַן האָט ערגעץ געפונען אַן אײַזערנעם פלאַקן, אַראָפּגעריסן דערמיט דעם שלאָס און ברייט צעעפנט די טיר פון דער טפיסע. עס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע מענטשן מיט דערשראָקענע פּנעמער. מלינאָווסקי איז זיי געגאַנגען אַנטקעגן:

— שרעקט זיך ניט. מיר זײַנען געקומען אײַך ראַטעווען.

די ייִדן האָבן אים דערקענט און איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן:

— די כאַוויירים זײַנען געקומען, די כאַוויירים...

דער טומל איז געוואַקסן. מלינאָווסקי האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט באַרויִקן דעם עולם. דעמלט האָב איך זיך אַרײַנגעמישט. איך האָב דערקלערט, אַז דער ראָש קאָן קאָן צוציִען די אויפמערק־זאַמקײַט פון דער פּאָליציי. ווען די געפאַנגענע זײַנען אַרויס אין גאַס און זיך דערפילט אויף דער פרײַ, האָבן זיי פאַרגעסן וועגן מײַן וואָרענונג, זיי האָבן אָנגעהויבן הויך רופן איינער דעם צווייטן און ריידן אויף אַ קאָל.

אין איינעם פון די פענצטער פון זשאַנדאַרמען־הויז האָט זיך אָן עפן געטאָן אַ פּאָרטקע, פון דאָרט האָט זיך אַרויסגערוקט אַ קאָפּ און אויסגעשריִען:

— ווער גייט?

— אייגענע! — האָט געענטפערט קאַרנאַצקי און טייקעף אויסגעשאָסן. דער זשאַנדאַרם האָט קאָנוווּלסיוו אַ ציטער געטאָן און געבליבן הענגען אויף דעם פענצטער. אויף אַ ווײַל איז געוואָרן זייער שטיל. דערנאָך האָט זיך אויפגעהויבן אַ שיסערײַ. מיר האָבן זיך באַהאַלטן הינטער אַ שטיי־נערנעם פּאַרקן און געענטפערט אויף דער שיסערײַ מיט פײַער.

אין רעזולטאַט פון דער אָפּעראַציע זײַנען געראַטעוועט געוואָרן פון טויט אַלע אַרעסטירטע ייִדן. מיר האָבן זיך אויך אַרײַנגעכאַפּט אין דער גמינע און פאַרברענט אַלע דאָקומענטן. כּוץ דעם האָבן מיר כאַרעוו געמאַכט דעם שטעטלשן זאַוואָד, פאַרכאַפּט באַם וואָיט אַ שרײַב־מאַשינקע און אַ סאַך שפּײַז־פּראָדוקטן.

די באַפרײַטע ייִדן האָבן מיר אַרויסגעפירט הינטערן שטעטל צום שליאַך. ווען מיר זײַנען געגאַנגען פון אַדאַמאָוו, האָט אונדז אָנגעיאָגט אַ נײַע גרופּע פון קימאַט הונדערט ייִדן, וועלכע זײַנען אַרויס פון זייערע אונטערערדישע „מאַלינעס“. אונדזער פּאַרטיזאַנישער אַטריאַד האָט זיך געקליבן גיין אין קשיוודינער וואַלד. פאַרשטייט זיך, אַז אויפהאַלטן אין אַזאַ קליין וועלדל אַ גרויסע גרופּע אומבאַוואָפנטע מענטשן איז געווען געפערלעך. דעריבער האָבן מיר פון אונדזער מאַכנע אויסגעטיילט אייניקע פּאַרטיזאַנער, וועלכע קענען גוט די אומגעגנט, פאַראָרדנט זיי צו פאַנאַנדער־פירן באַזונדערע גרופּעס ייִדן אין פאַרשיידענע וועלדער. מלינאָווסקי האָט דערציילט די ייִדן, וווּהין אונדזערע מענטשן וועלן זיי אָפּפירן.

אויפן האָריזאָנט האָט שוין אָנגעהויבן עטוואָס ליכטיק ווערן דער הימל, עס איז אויפגעגאַנגען אַ נײַער טאָג. איך בין צוגעגאַנגען צו די ייִדן, קעדיי געזעגענען זיך מיט זיי. עמעצער האָט מיך געבעטן אַכטונג געבן אויף זײַן זון, וואָס שליסט זיך אָן צו אונדזער מאַכנע. אַ צווייטער האָט אַרומ־געכאַפּט מײַן קאָפּ און מיט טרערן אין די אויגן זיך צעקושט מיט מיר.

נאָך דער אָפּעראַציע האָבן מיר מלינאָווסקיס גאַנצע גרופּע אָנגענומען אין אונדזער אַטריאַד. די ייִדישע יאַטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דיסציפּלינירטקײַט, מוט, אויסגעהאַלטנקײַט. מלינאָווסקי און זײַנע כאַוויירים פול און הובערמאַן זײַנען געווען קאָמוניסטן. זיי האָבן גענומען

דעם אקטיווסטן אָנטייל אין די שלאַכט-אָפּעראַציעס פון אונדזער אָטריאַד און אויך געפירט א גרויסע ארבעט צווישן די ארומיקע פויערים.

אין אפּרעל 1943 איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אז אין װאַרשעװער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אן אופשטאַנד. די געטאָ ברענט. די גאסן זײַנען פול מיט הארוגים. די ייִדן שלאָגן זיך העראָיִש קעגן דעם סוינע, נאָר די קויכעס זײַנען ניט קיין גלײַכע. אין אָט דעם שווערן מאָמענט איז צו הילף דער געטאָ געקומען די פּוילישע ארבעטער-פּארטיי. אירע שלאַכט-אָטריאַדן האָבן געראַטעוועט פון טויט א סאך אופשטענדלער. מלינאָווסקין האָט די פּארטיי באַאופטראָגט ארויספירן פון געטאָ און ברענגען אין אונדזער אָטריאַד א גרופּע קעמפער.

ווען מלינאָווסקי איז שפּעטער שוין געגאַנגען מיט די באַפרײַטע אופשטענדלער פון װאַרשע צו אונדז אין וואלד, האָט זיי לעבן גאַרוואָלין ארומגערינגלט א דײַטשישער מיליטער-טייל. צוועלף מענטשן, און צווישן זיי אויך מלינאָווסקי, זײַנען אומגעקומען. צוריק צום אָטריאַד האָט זיך פון דער גרופּע פּארטיזאַנער דערקליבן א לעבעדיקער בלויז בענעק.

מלינאָווסקיס טויט איז געווען פאַר אונדז א שווערער פארלוסט. עס איז געפאַלן א דרייסטער שלאַכטמאַן, א פלאַמיקער קאָמוניסט, וואָס האָט באַגײַסטערט צום קאַמף קעגן די היטלעריסטן.

סעראַפים אלעקסייעוו.

# די דרייסטע און געוואַגטע



אין מײַ 1943 האָב איך זיך געפונען אינעם מינסקער עסעסישן „ארבעטס-לאַגער", וווּ מע האָט געהאַלטן ייִדן — קוואַליפיצירטע ארבעטער און אויך קריגס-געפאַנגענע — ווײַסרוסן און רוסן.

אין איינעם א טאָג האָבן צווישן די קאַצעטלער זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אז אין װאַרשעװער געטאָ איז אויסגעבראָכן אן אופשטאַנד און עס קומען דאָרט פאָר פאַרביטערטע שלאַכטן. ניט אלע האָבן געגלייבט אין אָט די קלאַנגען. עס האָט אויסגעזען אוממעגלעך, אז מענטשן אָפּגעשוואַכטע, אויסגעצערטע און ניט קיין באַוואָפנטע זאָלן קאָנען ארײַנטרעטן אין שלאַכט קעגן די פאַשיסטישע כאַיאָלעס.

נאָר מיט יעדן טאָג האָט מען אלץ מער און מער גערעדט וועגן דעם אופשטאַנד. ידיעס זײַנען געקומען פון פאַרשיידענע ערטער, און דאָס האָט ארויסגערופן באַם אוילעם גרויס פרייד.

סאָף יוני האָבן אייניקע פאַשיסטן שוין אָפן גערעדט וועגן דעם, אז דער אופשטאַנד אין װאַרשעװער געטאָ איז פאַרגעקומען, נאָר ער איז דורכגעפאַלן.

די היטלעריסטן האָבן ניט פאַרשטאַנען, אז דער טראַגישער אומקום פון די אָנטיילנעמער פונעם אופשטאַנד איז געווען ניט קיין מאַפּאָלע פון אָט די העלדן, נאָר זייער זיג איבערן סוינע.

אין סענטיאַבער 1943 האָט מען אונדז אריבערגעפירט אין סאָביבורער טויט-לאַגער. דאָרט האָבן מיר זיך דערוווּסט, וויאַזוי עס איז דערשטיקט געוואָרן דער העראָיִשער אופשטאַנד אין װאַרשעװער געטאָ. קימאַט אלע מאַנצבלען און פרויען זײַנען געפאַלן אינעם ניט גלײַכן קאַמף. די לעבן געבליבענע פרויען, קינדער און זקיינים, וואָס האָבן ניט באַוויזן אוועק פון די רויִנען אין פּאַרטיזאַנישן וואלד, האָט מען אוועקגעפירט קיין סאָביבור און זיי דאָרט אומגעבראַכט. די דאָזיקע שרעקלעכע ידיעה האָב איך געהערט פון די ארעסטירטע, וואָס האָבן געשמועסט מיט די װאַרשעװער פרויען, ווען מע האָט זיי פאַרן טויט אָפּגעשאָרן די האָר.

מיר, די אָנטיילנעמער פונעם אופשטאַנד אין סאָביבורער טויט-לאַגער, פאַרנייגן הײַנט, אינעם 20-טן יאָרטאָג פונעם אופשטאַנד אין װאַרשעװער געטאָ, אונדזערע קעפּ פאַר די העלדן, וועלכע האָבן מאַקריוו געווען זייערע לעבנס אינעם קאַמף קעגן דעם פאַשיזם.

אונדזער אופשטאַנד אין סאָביבורער טויט-לאַגער האָט זיך געענדיקט מיט א זיג — מיר האָבן אויסגעראָטן קימאַט אלע פאַשיסטישע אָפיצערן, דורכגעריסן די צוימען פון די היטלעריסטן (דעם שטעכדראָט, די מינען-פעלדער), נויקעם געווען זיך אינעם סוינעס באַ אים אין הינטערלאַנד.

אייביקער אָנדענק די דרייסטע און געוואַגטע — די אָנטיילנעמער פונעם העראָיִשן אופשטאַנד אין װאַרשעװער געטאָ!

אלעקסאַנדער פּעטשערסקי.

# אין יענע טעג



צו דער צײַט פונעם היסטאָרישן אופשטאַנד אין ווארשעווער געטאָ בין איך געווען קאָמאנדיר פון אן אינטערנאציאָנאלער פארטיזאנישער מאכנע, וועלכע האָט אָפּערירט אף דער טעריטאָריע פון פּוילן.

אונדזער אָטריאַד האָט זיך געפונען ווײַט פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט, נאָר מיר האָבן גוט געוווּסט, אז אין ווארשעווער געטאָ זײַנען פאראן ניט ווייניק אקטיווע מיטגלידער פון דער פּוילישער ארבעטער־פּארטיי און דאָרט גרייטן זיך ארויסטרעטונגען קעגן די היטלעריסטישע האָרדעס. איך, א מענטש, וואָס האָט איבערגעלעבט אלע שוידערן אין דער פאשיסטישער געפאנגענשאפט און געזען מיט די אייגענע אויגן די כײַישע אכזאָריעסן פון די עסעסאָווצעס, האָב גוט פארשטאנען, וויפל מוט און העראָיזם עס פאָדערט זיך, קעדיי ארויסטרעטן קעגן אזא פון קאָפּ ביז די פיס באוואָפנטן סוינע. מיט אנציקונג און גרענעצלאָזער אכטונג האָב איך אופגענומען די יעדיִע, אז בא די אָנפירער פונעם אונטערערדישן שטאב אין געטאָ האָט אזא מוט און העראָיזם געקלעקט — דער אופשטאנד האָט אָנגעהויבן פלאקערן.

— טאדעק, דו ווייסט, אז עס קומען פאָר שלאכטן אין ווארשעווער געטאָ? — האָבן זיך צו מיר געווענדט די אָרגאניזאטאָרן פון אונדזער פארטיזאנישער מאכנע: דער פּאָליאַק יוזעף, דער געוועזענער שמיד פון הינטער קורסק וולאדימיר באבאסקין, די פּוילישע יידן — די פארטיזאנער ליאָלעק און קאָסטיעק.

— יאָ, איך האָב געהערט דערפון, פרײַנט מײַנע. איצט מעג איך אײַך דערציילן, אז יענער דרייסטער דרײַלינג פון יאן פּראָנאָביסעס אויסשפּיר־גרופּע, וואָס איז אוועק אויספילן א ספּעציִעלע אופגאבע, האָט באקומען א באפעל צו העלפן אין ווארשע די געטאָ־אופשטענדלער.

— וויִאזוי האָבן זיי זיך אהין דורכגעריסן?

— פּאָשעט, מיט דער באן. זיי זײַנען דאָך אלע פּאָליאקן און האָבן קאָשערע דאָקומענטן...

דעם באפעל צו שיקן צו הילף דער געטאָ מענטשן פון אונדזער מאכנע האָבן מיר באקומען פונעם קראָקער וואָיעוואָדישן קאָמיטעט פון דער פּפּר.

ביז איצט קאָן איך ניט פארגעסן יענעם דרייסטן דרײַלינג יונגע פּוילישע פארטיזאנער, וואָס האָט מיט ענטוזיִאזם אופגענומען דעם רוף פון געטאָ וועגן הילף. די שטיינער פון ווארשע זײַנען פארגאָסן מיט זייער בלוט, פונקט ווי מיטן בלוט פון די אופשטענדלער פון ווארשעווער געטאָ.

מיט פיר יאָר צוריק האָבן מײַנע פּוילישע פרײַנט, די געוועזענע מיטגלידער פון אונדזער פארטיזאנישער מאכנע, אײַנגעלאדן מיך צוגאסט. דורכפאָרנדיק איבער די אלטע פארטיזאנישע וועגן און שטעגן, בין איך לאנג געשטאנען מיט א פארנייגטן קאָפּ פאר די דענקמעלער, וואָס פאריי־ביקן דעם אָנדענק פון די אופשטענדלער פון ווארשעווער געטאָ, פאר די מירמלנע אָבעליסקן אין קאָרטשאָוויצע, אף וועלכע עס זײַנען מיט גאָלדענע אויסיִעס אויסגעקריצט די פארטיזאנישע פּסעוודאָנימען פון די געפאלענע אין די שלאכטן פאָלקס־געקאָמע־נעמער — עמיל קאָסטיעק, ליאָלעק, פאָרן ברודער־קייווער אין קאָזובאָוו, ווו עס ליגן די דרייסטע רוסישע יאטן פון אונדזער פארטיזאנישער מאכנע — דמיטראָוו און פּיאָטער, דער דײַטשישער אנטיפאשיסט מאקס, די פּאָליאקן וואצעק מאדיין און עדוואַרד. זיי אלע האָבן מאקריוו געווען זייערע לעבנס אין קאמף קעגן דעם ערגסטן סוינע פון דער מענטשהײַט — קעגן דעם פאשיזם, קעדיי אזעלכעווילדע פארברעכנס, וועלכע די פאשיסטישע אומענטשן זײַנען באגאנגען, זאָלן זיך מער קיינמאָל ניט איבערכאזערן.

ניקאָלײַ סלוגאטשאָוו (טאדעק רוסקי).

# ליטעראַטור און קונסט

# באַם אייביק לעבעדיקן קוואַל

## לייענענדיק לענינען

די באגעגענישן פון די אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי און סאָוועטן־רעגירונג מיט די פאָרשטייער פון דער קינסטלערישער אינטעליגענץ, וועלכע זיַינען פאָרגעקומען דעם 17 דעקאַבער 1962 און דעם 7—8 מאַרט 1963, האָבן איבערגעלאָזט א טיפן שפּור אינעם באַוווּסטזיַין ניט בלויז פון די שריַיבער, קינסטלער, מוזיקער, נאָר אויך פון אונדז — לייענער, צושויער, ליבהאָבער פון קונסט און ליטעראַטור. דאָס זיַינען גרויסע געשעענישן אינעם אידייִשן לעבן פון גאַנצן פאָלק.

דאָס אָפנהאַרציקע און פּרינציפּיִעלע געשפּרעך וועגן די הויכע פאָדערונגען, וואָס די פּאַרטיי שטעלט פאַר דעם סאָוועטישן שריַיבער, קינסטלער, קאָמפּאָזיטאָר אַפן איצטיקן אַנטוויקלונגס־עטאַפּ פון אונדזער געזעלשאַפט, איז געווען דורכגעדרונגען מיט גרויסער זאָרג פאַר דער פילנאַציִאָנאַלער קולטור, פאַר דעם שעפערישן גורל פון יעדן פאָרשטייער אירן.

אָט פאַרוואָס עס האָט אָף די באגעגענישן דורכגעקלונגען, באַגליַיך מיט דער הויכער אָפּשאַצונג פון אונדזער קונסט און ליטעראַטור, וועלכע דינען געטריַי דעם פאָלק, אויך א פריַינטלעכע וואָרענונג בענעגייע איינצלנע קינסטלער, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעשלאָגן פון גליַיכן וועג און פאַרבלאָנדזשעט אָף זיַיטיקע קרומע שטעגן פון פאָרמאַליסטישער קונצנמאַכעריַי.

דערציילנדיק אַפן זעקסטן צוזאַמענפאָר פון דער סאָציִאַליסטישער איינהיַיטלעכער פּאַרטיי פון דיַיטשלאַנד הועגן דער באַגעגעניש פון 17 דעקאַבער, האָט כאַווער כרושטשאָוו באַמערקט:

„די קאָמוניסטישע פּאַרטייען וועלן קיינמאָל ניט מאַסקים זיַין אָף פרידלעכער קאָעקזיסטענץ אין געביט פון אידעאָלאָגיע. ווי וו. אי. לענין האָט אונדז פאַרזאָגט, זיַינען מיר שטענדיק געווען און וועלן פאַרבליַיבן אַקטיווע קעמפער פאַר פּאַרטייִשקיַיט און פאָלקסטימלעכקיַיט אין די פראַגן פון ליטעראַטור און קונסט“.

אין דער קאָלאָסאַלער טעאָרעטישער ירושה, וואָס לענין האָט אונדז געלאָזט, פאַרנעמען א וויכטיק אָרט זיַינע אַרויסזאָגונגען וועגן פּאַרטייִשקיַיט אין דער ליטעראַטור. „דער מאַטעריִאַליזם, — האָט לענין געשריבן, — שליסט איַין אין זיך, אַזוי צו זאָגן, פּאַרטייִשקיַיט, פאַרפליכטנדיק בא יעדער אָפּשאַצונג פון א געשעעניש אומיטלבאַר און אָפן צו שטעלן זיך אַפן שטאַנדפּונקט פון א געוויסער געזעלשאַפטלעכער גרופּע“. לענין האָט שאַרף געקעמפט קעגן דער באַהויפּטונג, אַז ליטעראַטור שטייט מיכוץ די קלאַסן, מיכוץ די פּאַרטייען. אומפּאַרטייִשקיַיט אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט האָט ער באַטראַכט אַלס א צוויִיאַקישע שטרעבונג אויסצובאַהאַלטן די אָנגעהעריקיַיט „צו דער פּאַרטיי פון זאַטע, צו דער פּאַרטיי פון הערשנדיקע, צו דער פּאַרטיי פון עקספּלואַטאַטאָרס“. פון לענינס לערע דרינגט, אַז די ליטעראַטור קאָן ניט זיַין גליַיכגילטיק צו די קלאַסן־צוזאַמענשטויסן, צום קאַמף צווישן די קויכעס פון פּראָגרעס און רעאַקציע, פון שאָלעם און מילכאָמע, צווישן דער בורזשואַזער און קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע.

אונדזערע בורזשואַזע אָפּאָנענטן פּרוּוון זיך דערוויַיזן, אַז פּאַרטייִשקיַיט בענעגייע ליטעראַטור באַטיַיט טענדענציִעזקיַיט, ניטאָביעקטיווקיַיט. אינדערעמעסן זעט די זאַך אויס פונקט פאַרקערט. גראָד די פּאַרטייִשע באַציִונג צו ליטעראַטור, שטייענדיק אָף די פּאָזיציעס פון דער מאַרקסיסטישער וועלט־אָנשויונג, איז דער יעסאָד פון עכט וויסנשאַפטלעכער, היסטאָריש־עמעסדיקער, אָביעקטיווער ליטעראַרישער קריטיק. גלענצנדיקע מוסטערן פון אַזא קריטיק האָט באַוויזן לענין אין זיַינע אַרטיקלען וועגן לעוו טאָלסטאָי.

לענין האָט ליב געהאַט טאָלסטאָיען, ער האָט הויך געשאַצט זיַין קינסטלערישן געני. אָבער דאָס טיפע געפיל פון אַכטונג און פאַרערונג האָט ניט פאַרשטעלט פאַר אים די ווידערשפּרוכן אין דער וועלט־אָנשויונג פון טאָלסטאָיען, און ער האָט געגעבן א קלאַסישן אַנאַליז פון זיַינע ווערק.

אָנפּאַלנדיק אַפן פּרינציפּ פון פּאַרטייִשקיַיט, פּרוּוון זיך די בורזשואַזע קריטיקער אויך דערוויַיזן, אַז ער פירט צו דער באַגרענעצונג אָדער אַפילע אָפּוועזנהיַיט פון דער פריַיהיַיט פון שאַפן. לענין האָט נאָך אין 1905 געשריבן וועגן דעם: „הערן בורזשואַזע אינדיווידואַליסטן, מיר דאַרפן איַיך זאָגן, אַז איַיערע רייד וועגן אַבסאָליוטער פריַיהיַיט איז גאָלע צוויִעס“. „צי זיַיט איר פריַי פון איַיער בורזשואַזן פאַרלעגער, הער שריַיבער?“ — פרעגט לענין, און מאַכט דעם אויספיר: „די פריַיהיַיט פון א בורזשואַזן שריַיבער, קינסטלער, אַקטריסע איז בלויז א פאַרמאַסקירטע (אָדער צוויִעסדיק־פאַרמאַסקירטע) אָפּהענגיקיַיט פונעם געלט־זאַק“.

דאָס לעבן האָט באַשטעטיקט לענינס באַהויפּטונג, אַז עמעסע פריַיהיַיט פון שאַפן איז מעגלעך בלויז אין דער

געזעלשאַפט, וווּ עס איז ליקווידירט די עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש. זי איז מעגלעך בלויז אין די באַדינגונגען פונעם סאָציאַליזם. פרײַהײַט פון שאַפן באַטײַט אָבער ניט, אַז דער קינסטלער איז פרײַ פון פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַרן פאָלק און פאַרן אייגענעם געוויסן.

וועגן די צילן פון ווירקלעך פרײַער ליטעראַטור האָט לענין זיך אויסגעדריקט אַזוי: די פרײַע ליטעראַטור דאַרף דינען „ניט דער איבערגעזעטיקטער העלדין, ניט די אייבערשטע צען טויזנט, וואָס לאַנגווײַליקן זיך און קרענקען אויף פעטקײַט, נאָר די מיליאָנען און צענדליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע, וואָס זײַנען די בליִענדיקע קרעפטן פונעם לאַנד, זײַן קויעך, זײַן צוקונפט".

קלאַרע צעטקין ברענגט אין איר זיכרוינעס איינעם אַ שמועס, וועלכן זי האָט געהאַט מיט לענינען וועגן קונסט. לענין האָט געזאָגט: „איך בין ניט בעקויעך צו האַלטן די ווערק פון עקספּרעסיאָניזם, פוטוריזם, קוביזם און אַנדערע „איזמען" אַלס העכסטע אַנטפּלעקונג פון קינסטלערישן געני". אויף דעם האָט קלאַרע צעטקין געענטפערט: „מיר פעלט אויך אויס אַזאַ עמפּפינדונגס־אָרגאַן, אַז איך זאָל פאַרשטיין, פאַרוואָס אַלס קינסטלערישער אויסדרוק פון אַ באַגײַסטערטער נעשאָמע דאַרפן דינען דרײַעקן אַנשטאָט אַ נאָז און פאַרוואָס דאַרף די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונג צו אַקטיווקײַט פאַרוואַנדלען דעם מענטשנס קערפּער, אין וועלכן אַלע אָרגאַנען שטעלן מיט זיך פאָר איין קאָמפּליצירט גאַנצעס, אין עפּעס אַ ווייכן פאָרמלאָזן זאַק, וואָס איז אַוועקגעשטעלט אויף צוויי שטאָלצן מיט צוויי גאָפּלען צו פינף ציינדלעך אין יעדן".

אָפט טרעפט, אַז די אָנהענגער פון די „איזמען" פּרוּוון דאָס פאַרקריפּלטע אופאַסן די ווירקלעכקײַט באַרעכטיקן מיט זייער „נאָוואַטאָרישקײַט", דערמיט, אַז זיי פאַרנעמען זיך מיט שעפערישע זוכונגען.

וועגן אַזעלכע „זוכונגען" האָט לענין געשריבן אין אַ בריוו צו לונאַטשאַרסקין, וואָס האָט פאַרטיידיקט די „גאָטזוכערישע" בלאָנקענישן: „ניט איר זוכט, נאָר מע זוכט אײַך. אָט אין וואָס דאָס אומגליק באַשטייט. ניט איר גייט צו פון אײַער, ד.ה. פון מאַרקסיסטישן (ווײַל איר ווילט דאָך זײַן אַ מאַרקסיסט), שטאַנדפּונקט צו יעדן קער פון דער בורזשואַז־פילאָסאָפישער מאָדע, נאָר צו אײַך גייט צו אָט די מאָדע".

ווי היינטצײַטיק עס קלינגט לענינס וואָרענונג! מיט איר רופן זיך איבער די ווערטער פונעם כאַוווער אילישטשאָוו אויף דער באַגעגעניש פון 17 דעקאַבער. „וואָס שײַעך די אַזויגערופענע „זוכונגען", ווילט זיך זאָגן די יונגע אַבסטראַקציאָניסטן: ניט איר זוכט, נאָר מע האָט אײַך געפונען און גענומען שלעפּן נאָך זיך, גראָד אין אײַערע פאָרמאַליסטישע „אַנטפּלעקונגען" פּרוּוון אונדזערע סאָנים דעראָבערן אַ פּלאַצדאַרם פאַר אַטאַקעס אויף דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע".

פּאַרטיייִשקײַט אין ליטעראַטור באַטײַט גרויסע זאָרג וועגן דער אידייִשער ריכטונג פון דער ליטעראַטור, וועגן די רעזולטאַטן פון דער אימפּעטפולער שעפערישער מי, גרויסע מענטשלעכע אויפמערקזאַמקײַט צו די טאַלענטירטע שרײַבער.

לענין האָט פיל מאָל אונטערגעשטראָכן די ספּעציפיק פון דער פּאַרטייִשער אָנפירונג מיט דער ליטעראַטור, אָנווײַזנדיק, אַז עס איז „נייטיק צו זיכערן אַ גרויסע ראַכוועס פאַר דער פּערזענלעכער איניציאַטיוו, פאַר די אינדיווידועלע נייגונגען, אַ ראַכוועס פון געדאַנק און פאַנטאַזיע, פאָרם און אינהאַלט".

אין לענינס בריוו צו גאָרקין, סעראַפימאָוויטשן און אַנד. זעען מיר זײַן שטענדיקע זאָרג וועגן דער פאַרבינדונג פון די שרײַבער מיטן לעבן, וועגן דער צוגענגלעכקײַט פון זייערע ווערק פאַרן פאָלק, וועגן אָפּהיטן דעם קאָוועד און טאַלאַנט פון יעדן שרײַבער באַזונדער. ווען לענין קריטיקירט אַן אַווטאָר פון אַ ווערק, העלפט ער אים געפינען די ריכטיקע פּערספּעקטיוו אין זײַן שאַפן. אָט אין דעם לענינישן סטיל פירט איצט די פּאַרטיי איר געשפּרעך וועגן ליטעראַטור און קונסט. די פרײַנטלעכע קריטיק פון דער פּאַרטיי באַזירט זיך אויף דער איבערצײַגונג, אַז די קינסטלער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעניגט פונעם ריכטיקן קורס, וועלן מיט זייער ווײַטערדיקער שאַפונג אַרײַנטראָגן אַ צושטײַער אין דער סאָציאַליסטישער קונסט.

דער מעטאָד פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם עפנט אומגעהייערע מעגלעכקײַטן פאַר עכטער נאָוואַטאָרישקײַט און קינסטלערישע זוכונגען.

דער גאַנצער מעהוס פון קאָמוניזם איז נאָוואַטאָריש. נאָוואַטאָרישקײַט באַטײַט — שעפעריש זוכן, אָבער זוכן דאָרט, וווּ די ווירקלעכקײַט אַנטפּלעקט איר שיינקײַט פאַרן קינסטלער, וווּ דאָס לעבן באַוועגט אים גיין פאָרויס.

אויף דער קינסטלערישער אויסשטעלונג אין מאָסקווער מאַניעזש האָט מיר איינער אַ יונגערמאַן געזאָגט וועגן די פאָרמאַליסטישע בילדער: „איך וואָלט זיי אַלע אָנגערופן מיט איין נאָמען — קער זיך אָפּ פונעם לעבן". צי האָבן עס די פאָרמאַליסטן געוואָלט, צי ניט, נאָר אַזוי באַקומט זיך עס בא זיי. באַווײַזנדיק אין אַזאַ פאַרקריפּלטער פאָרם דאָס לעבן, דעם מענטשן, רופן זיי דערמיט אַרויס אַזאַ מין געפיל. אָבער דאָס לעבן איז שיין, און שיין איז דער מענטש אין זײַן גאַנג צו דער קאָמוניסטישער צוקונפט. די פּאַרטיי רופט אונדז אַנטפּלעקן אָט די שיינקײַט אין דער קונסט.

אין זײַן רעדע דעם 8 מאַרט ד.י. האָט כאַוווער נ.ס. כרושטשאָוו אָנגעוויזן, אַז עס ווערט איצט פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז לענין האָט קלוימערשט באַצויגן זיך מיט טאָלעראַנץ צו די פאָרמאַליסטישע איבונגען אין דער קונסט.

לענינס ווערק איבערצײַגן אונדז, אַז דאָס איז ניט עמעס. די פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אויפן געביט פון ליטעראַטור און קונסט געפינט זיך אין פולן איינקלאַנג מיט לענינס יערושע.

סאָניע פרײַ.

# דער אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור

1

אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור זײַנען די טראגישע געשעענישן אין ווארשע ברייט געשילדערט אין די ווערק פון פּ. מארקיש, ש. האלקין, אי. פעפער. די קינסטלערישע פארקערפערונג פון אָט דער טעמע בא די סאָוועטישע שרײַבער צייכנט זיך אויס פריִער פאר אלץ מיט איר אידייִישער פּרינציפּיִעלקײַט. דער העלדישער אופשטאנד אין ווארשע ווערט געשילדערט, ווי א נאציאָנאלע געשעעניש, וואָס וועט אף אייביק פארבלײַבן אין דער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק אלס מוסטער פון העכסטן מוט און זעלבסטווירדע. נאָר עס וואָלט בעעמעס באטײַט נאציאָנאלע באגרענעצונג און פּכיסעס־האקאָוועד פאר די גיבוירים פון די ווארשעווער שלאכטן, ווען מע זאָל אין זיי שאצן בלויז נאציאָנאלע אימפּולסן, נאציאָנאלע פארטיידיקונג. דער אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ וואָלט דאן אויסגעזען ווי אן אקט פון פארצווייפלונג בעלעס־ברײרע. די געשעענישן וואָלטן געהאט א פארשמעלערטע באדײַטונג, זיי וואָלטן זיך ניט דערהייבן צו אלוועלטלעך־היסטאָרישער גרויסקײַט.

אין דער שילדערונג פון די סאָוועטישע שרײַבער איז דער ווארשעווער אופשטאנד אזא ווי ער איז: ניט בלויז אן אקט פון נאציאָנאלן קאמף, נאָר דעריקער א קאמף קעגן די פינצטערע קויכעס פונעם פאשיזם.

די ייִדישע געשיכטע ווייסט ניט ווייניק אופשטאנדן און מילכאָמעס פאר נאציאָנאלער אומאָפּהענגיקײַט נאָך אין אלטערטום. אזעלכע זײַנען געווען דער אופשטאנד פון די מאקאבייער (אין יאָר 124 ביז אונדזער צײַט־רעכענונג), די מילכאָמע פון יעהודע קעגן רוים (אין די יאָרן 66—70 פון אונדזער צײַט־רעכענונג) און דער אופשטאנד פון באר־קאָכבא (132—135 פון אונדזער צײַט־רעכענונג). דאָס זײַנען אלץ געווען פּראָגרעסיווע נאציאָנאל־באפרײַערישע קאמפן. זיי האָבן געטראָגן דעריקער א נאציאָנאלן כאראקטער. די מאָמענטן פון ייִדישן ווידערשטאנד אין מיטלאלטער זײַנען נאָך ביז איצט שוואך אויסגעפאָרשט אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראפיע. עס איז אָבער קיין סאָפעק ניט, אז אויך זיי זײַנען געווען באגרענעצט בלויז מיט נאציאָנאלע אופגאבן.

א פּרינציפּיִעל נײַע היסטאָרישע באדײַטונג האָט באקומען די נאציאָנאל־באפרײַערישע באוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער, ווען די העגעמאָניע אין דער געזעלשאפטלעך־פּאָליטישער און רעוואָליוציאָנערער באוועגונג איז אריבער צום באוווּסטזיניקן פּראָלעטאריאַט. דער נאציאָנאל־באפרײַערישער דראנג פון די פעלקער איז געוואָרן א רעזערוו פון דער רעוואָליוציע. ער האָט איצט באקומען א ברייטערע היסטאָרישע פּערספּעקטיוו. די סאָציאליסטישע באוועגונג פונעם ארבעטער־קלאס, דער זיג פון דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע אין רוסלאנד און שפּעטער אין א ריי אנדערע לענדער פון אייראָפּע, אזיע און אמעריקע באטײַט א נײַע שטופּע אין דער נאציאָנאלער באוועגונג פון די אונטערדריקטע פעלקער. דער ארבעטער־קלאס, וואָס האָט אופגעהויבן די פאָן פון קאמף קעגן יעטווידן מין נאציאָנאלער און סאָציאלער אונטערדריקונג, איז ארויסגעטראָטן אויך קעגן דער פארפאָלגונג פון ייִדן. אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאליזם איז דער אנטיסעמיטיזם געוואָרן א געווער אין די הענט פון דער רעאקציע קעגן דער רעוואָליוציע; דער פאשיזם, וואָס איז די שארפסטע פאָרם פון דער פּאָליטישער אידעאָלאָגיע פונעם אימפּעריאליזם, איז געזעצמעסיק פארבונדן מיטן ראסיזם און אנטיסעמיטיזם.

„די לעצטע פאשיסטישע אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגען אין די שטעט פון מײַרעוו־דײַטשלאנד, — האָט געזאָגט כאווער כרושטשאָוו אף דער סעסיע פונעם אויבער־סאָוועט פון פּססר דעם 14 יאנוואר 1960, — דאָס איז א כאראקטעריסטישער צייכן פון דער פארשטארקונג פון דער רעאקציע, וועמעס פארשיידענע אינטריגעס זײַנען שוין לאנג און ברייט באוווּסט דער געזעלשאפטלעכקײַט פון דער גאנצער וועלט. מיט פיל צענדליקער יאָרן צוריק, אין פעריאָד, ווען עס האָט געבושעוועט די רעאקציע אין צארישן רוסלאנד, זײַנען ניט איין מאָל אָרגאניזירט געוואָרן שווארצמייִשע אנטיסעמיטישע פּאָגראָמען. לענין, די באָלשעוויקעס, אלע פּראָגרעסיווע מענטשן זײַנען אנטשיידן ארויסגעטראָטן קעגן דער דאָזיקער שענדלעכער דערשײַנונג. אין דײַטשלאנד האָט היטלער אינטענסיוו צעצונדן דעם אנטיסעמיטיזם, ער האָט דערשטיקט יעדן מין פרײַהײַט, ער האָט ברוטאל צעטראָטן די דעמאָקראטישע רעכט. און דאָס אלץ האָט ער געטאָן צוליב דעם, קעדיי צו פארווירקלעכן זײַן בלוטיקן פארטראכט — אָנהייבן א מילכאָמע“.

דער אופשטאנד אין ווארשעווער געטאָ דארף באטראכט ווערן ווי א וויכטיקער בײַטראָג פון די ייִדישע מאסן אין דעם אינטערנאציאָנאלן קאמף פון די פּאָרגעשריטענע קויכעס פון אלע פעלקער, בעראָש מיטן סאָוועטנפארבאנד, קעגן פאשיזם און אימפּעריאליסטישער רעאקציע. אין אזא שײַן ווערט טאקע אָט די טעמע קינסטלעריש פארקערפּערט אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

2

אין פּערעץ מארקישעס שאפונג פארנעמט די טעמע פון קאמף קעגן פאשיזם אן אָנגעזען אָרט נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן. מארקיש האָט געשאפן א ריי לידער וועגן קאמף קעגן פאשיזם אין שפּאניע. דער אָנגריף פונעם היטלעריזם אין אייראָפּע און דער אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט ארויסגערופן אן אָפּקלאנג אין זײַן פּרעכטיקער פּאָעמע „די טענצערן פון געטאָ“, וואָס איז אייגנטלעך דאָס ערשטע ווערק וועגן ווארשעווער געטאָ. דער לירישער מאָנאָלאָג פונעם דיכטער, געווענדט צו דער טענצערן, איז אָנגעלאָדן מיט א גרויסן אידייִשן

אינהאלט. דאָס געשטאַלט פון דער טענצערן פאַרקערפּערט מיט זיך די געשיכטע פון טראַגישע אויסקומענישן פונעם ייִדישן פאָלק, ווען דער דײַטשישער פאַשיזם האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל סאַדיסטיש אויסראָטן.

„די טענצערן פון געטאָ" איז א מין „פּראָלאָג" צו די ווײַטערדיקע ווערק מאַרקישעס, וואָס זײַנען שוין דירעקט געווידמעט דעם אופשטאַנד פונעם 19 אַפּרעל 1943. זײַן דראַמע „דער אופשטאַנד אין געטאָ" איז געווען איינע פון די ערשטע רעאַקציעס אף די געשעענישן. זי דריקט אויס דעם שוידער פון אומקום און דעם העלדישן קאַמף. דער אופשטאַנד איז געשילדערט ווי אַן אַנטיפאַשיסטישער, ווי אַזאַ, וואָס ווערט באַגײַסטערט דורכן סאָציאַליסטישן לאַנד, דורכן סאָוועטנפאַרבאַנד, און אָרגאַניזירט דורך די רעוואָליוציאָנערע פּוילישע און ייִדישע אַרבעטער.

דאָס שטאַרקסטע בילד פון דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ ווערט געגעבן אין מאַרקישעס נאָך ניט פאַרעפנטלעכטן ראָמאַן „טראָט פון דורות". דאָס דאָזיקע פּילפּלאַניקע ווערק כאַפּט אַרום די וויכטיקסטע געשעענישן פון דער מלחמה: די שלאַכטן צווישן דער סאָוועטישער אַרמיי און די פאַשיסטישע כאַיאָלעס, די העלדנטאַטן פונעם סאָוועטישן פאָלק אפן פראָנט און אין הינטערלאַנד, די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אין פּוילן, דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

דער הויפּט־סוזשעט פון דער עפּאָפּיי באַוועגט זיך לויט צוויי פּאַראַלעלע ליניעס: דאָס לאַנד פון סאָציאַליזם און דאָס לעבן פון די פּוילישע ייִדן, וואָס זײַנען אַהער אַנטלאָפן פון אונטער דער היטלערישער הערשאַפט, זייער אַרבעט אין די סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען, דער איבערדערציִונגס־פּראָצעס און דאָס באַפרײַען זיך פון אַלערליי אַלטע און פאַרעלטערטע פאָרורטיילן, — דאָס איז איין סוזשעטישע ליניע. דער פאַשיסטישער געהענעם אין אָקופּירטן פּוילן, די ווילדע קאַניבאַליסטישע פעלקער־פאַרניכטונג און דער העלדישער קאַמף און אומקום פון דער וואַרשעווער געטאָ — די צווייטע ליניע.

אין „טראָט פון דורות" ווערט דערציילט, וויאַזוי אין געטאָ איז פאַרטריבן געוואָרן א האַלבער מיליאָן ייִדן, בא וועלכע מע האָט צוגענומען אַלע בירגער־רעכט און וועלכע מע האָט אָפּגעגעבן אין די הענט פון כײַיש־צערייצטע באַנדיטן.

באַזונדערס האָבן די פאַשיסטן פאַרשטאַרקט אין געטאָ זייער פאַרניכטונגס־אַרבעט נאָך דעם באַנדיטישן אָנפאַל אפן סאָוועטנפאַרבאַנד. איצט האָט זיי שוין גאָרנישט ניט געקאָנט אָפּהאַלטן. אין דער גיגאַנטישער וואַרשעווער געטאָ גייט אַוועק א סעריע „אַקציעס", „דעפּאָרטאַציעס", „אָבלאַוועס", וואָס ברענגען צו שוידערלעכן אומקום צענדליקער און הונדערטער טויזנטער מענטשן.

די דײַטשישע סאַדיסטישע גאַולייטערס, די צעווילדעוועטע עסעסאָווצעס און געסטאַפּאָווצעס, אָנהייבנדיק פון די סאַמע העכסטע אַמטלײַט אינעם „דריטן רײַך" און ענדיקנדיק מיט די געווײנלעכע הענקער, האָבן ניט פאַרגעשטעלט זיך, אַז אין דער ייִדישער געטאָ, וואָס זשיפּעט קוים, וואָס האַלט אין שווערן גויסעסן, זאָל מעגלעך זײַן כאָטש אַוואָסער־ניט־איז ווידערשטאַנד, שוין אָפּגערעדט וועגן אופשטאַנד, וועגן אָרגאַניזירטן קאַמף.

נאָר די „אַרישע" ווילדע בעסטיע האָט אויך דאָ געהאַט א גראָבן טאָעס, פּונקט ווי זי איז דורכגעפאַלן אין די אַוואַנטוריסטישע פּלענער פון „בליץ־קריג" און פון אײַנשטעלן דעם „נײַעם סיידער" אין אייראָפּע — אין די ווײַטגײענדיקע פּלענער פון פאַרשקלאַפן אַלע פעלקער פון דער וועלט. די פאַרשמאַכטע און פאַרכאַלעשטע געטאָ האָט, ווי א ריז, אויסגעגלײַכט אירע פּלייצעס, געמאַכט א לייבן־שפּרונג און דערלאַנגט דער בלוטגיריקער פאַשיסטישער כײַע א מעכטיקן קלאַפּ.

3

פּערעץ מאַרקיש באַווײַזט אין זײַן ראָמאַן „טראָט פון דורות", אַז גלײַך נאָך דעם, ווי עס איז צעקלאַפּט געוואָרן די אַלטע בורזשואַז־שליאַכטישע רעגירונג פון רידז־סמיגלי און בעק, האָבן די פּראָגרעסיווע דעמאָקראַטישע קרײַזן פונעם פּוילישן פאָלק בעראָש מיטן רעוואָליוציאָנערן פּוילישן אַרבעטער־קלאַס געשאַפן אין טיפער אונטערערד קאַמף־גרופּעס צווישן די סאַמע פאַרשיידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און, נאַטירלעך, אויך צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג אין געטאָ. די דאָזיקע קאַמף־גרופּעס האָבן זיך געשטעלט דעם באַוווסטזיניקן ציל — געבן אַן אָרגאַניזירטן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד דעם פאַשיסטישן אַגרעסאָר. אונטער דער אָנפירונג פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּפּר) ווערט געשאַפן דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק און נאָכדעם — די אונטערערדישע ייִדישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ.

אופשטעלנדיק דאָס היסטאָרישע בילד פון די געשעענישן, שילדערט מאַרקיש אויך די טעטיקײַט פון די ייִדישע שלאַכטלײַט אויסער דער געטאָ. אַזוי, לעמאָשל, דערציילט ער וועגן דעם טעראָריסטישן אַקט, וועלכן עס האָט דורכגעפירט דאָס יונגע מיידל ריווע טייטלבוים. לויטן באַשלוס פון דער ייִדישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָט זי דערמאָרדעט אַן אָנגעזעענעם געסטאַפּאָ־הענקער אין זײַן אייגענעם קאַבינעט אין געסטאַפּאָ־פּאַלאַץ. מאַרקיש פירט זי אַרויס אונטערן נאָמען וויגדע.

דער קולמינאַציע־פּונקט פון מאַרקישעס עפּאָפּיי „טראָט פון דורות" איז פאַרבונדן מיט דעם אופשטאַנד. דער אונטערערדישער שטאַב פון געטאָ האָט פאַרשטאַנען, אַז דער סוינע וויל וואָס גיכער מאַכן א סאָף צו דער ייִדישער באַפעלקערונג. און האָגאַם די אויסזיכטן און האָפענונגען אף הילף זײַנען געווען גאָר שוואַכע און די ייִדישע קעמפער זײַנען געשטאַנען אומבאַוואָפנטע קעגן דעם סוינע, וואָס האָט געהערשט איבער גאַנץ אייראָפּע, האָבן זיי דאָך אופגעהויבן דרייסט און העלדיש די פאָן פון פרײַהײַט. זיי האָבן באַשלאָסן אומקומען אין קאַמף, נאָר זיך ניט אונטערגעבן.

דאָס פאַשיסטישע דײַטשלאַנד האָט מיטאָמאָל דערזען בא זיך אין סאַמע טיפן הינטערלאַנד א געפערלעכע נעסט פון באַוואָפנטן אופשטאַנד, וואָס האָט געקאָנט ווערן נאָך געפערלעכער, אויב דער קאַמף זאָל זיך פאַרציִען און זאָל באַוווּסט ווערן אף דער וועלט.

די זײַטן פון מאַרקישעס ראָמאַן, וווּ עס ווערט געשילדערט די העלדישקײַט פון די ייִדישע קעמפער, — דאָס איז א מעגילאַס־האָייש, א פײַערדיקע מעגילע פון בלוט און אומגעהערטער מעסירעסנעפעש, פון הייליקן גלויבן אין אידעאַל פון פרײַהײַט.

דאָס דײַטשישע מיליטער איז נאָך דער ערשטער שלאַכט שוין מער ניט געגאַנגען אין געטאָ מיט מוזיק און באַראַבאַנען, ווי אף א פאַרוויילונג. די געטאָ האָט איצט אויסגעזען, ווי א גיגאַנטישער ווולקאַן, וואָס פלאַקערט באַטאָג און באַנאַכט. עס האָט זיך געדוכט, אַז קיין איין

מענטש לעבט שוין ניט און קאָן ניט לעבן אין דעם מוירעדיקן מאַבל פון פײַער. נאָר די געטאָ האָט געלעבט און געקעמפט. זי האָט זיך אײַנגעקלאַמערט אין דער ערד, פאַרגראָבן זיך אין די הײלן און קאַטאַקאָמבעס. און פון אונטער דער ערד האָבן אירע שלאַכטלײַט, ווי פאַנטאַסטישע לעגענדאַרע העלדן, דערלאַנגט טויט־קלעפּ די היטלעריסטישע באַנדיטן. מאַרקיש באַווײַזט, אַז מיט זײער העלדישן קאַמף האָבן אָט די גיבורים זיך דערהויבן צו דער העכסטער שטופע פון מענטשלעכקײַט און אויף אײביק צוגענאָגלט צום שאַנדסלופּ דעם פאַראַכטן סוינע פון דער מענטשהײַט.

כאַדאַשימלאַנג האָט געדויערט דער קאַמף פון אויסגעהונגערטע, פאַרמאַטערטע און אומבאַוואָפנטע מענטשן. פאַרניכטן די געטאָ האָבן די פאַשיסטן געקאָנט, אָבער באַזיגן זי — קײנמאָל ניט. די פאָן פון אופשטאַנד האָט געפלאַטערט ביז עס איז געפאַלן דער לעצטער שלאַכטמאַן.

עס איז שווער צו לײענען וועגן דער לאַנגער קײט פון אומגליק און צער, פון בלוט און קרבן. נאָר יעדע שורע אינעם ראָמאַן אָטעמט מיט עכטער לעבנס־וואָרהאַפטיקײַט און גרויסן קעמפערישן אָפּטימיזם. ווי לעבעדיקע שטײען אויף פאַר אונדז צענדליקער און הונדערטער מענטשן מיט זײער אויסערלעכן אויסזען און מיט זײער אינערלעכן פּסיכאָלאָגישן טאָך. זײערע לײדן און זײער קאַמף, זײער לעבן און זײער טויט דערשיטערן.

די געשטאַלטן־גאַלעריי פון דער עפּאָפּײ „טראָט פון דורות" איז רײַך און פאַרשײדנאַרטיק. כאַראַקטעריסטיש פאַרן ראָמאַן איז דאָס, וואָס א רײ פּערסאָנאַזשן זײַנען ניט קײן ייִדן און וואָס גראָד זײ שפּילן א צענטראַלע ראָליע באַגלײַך מיט די ייִדישע פּערסאָנאַזשן (טאַדעוש, זלאָבין, קאַראַווײַעוו אא.). עס טײלן זיך אויס גאַנצע גרופּעס געשטאַלטן, וואָס יעדעס פון זײ איז אינדיווידואַליזירט און דאָך פאַרמאָגן זײ א סאַך געמײנזאַמס. דאָס איז קודם־כּל די רעוואָלוציאָנערע יוגנט, וואָס קעמפט מעסירעס־נעפעשדיק קעגן היטלעריזם (ווינגדע, טאַדעוש, סלאַוועק, אַלעקסאַנדער, טאַסיע, עטל, בערנאַרד, מעטעק, באָלעסלאַוו אא.); ווײַטער — די דעמאָקראַטישע אינטעליגענטן, וואָס גײען מיטן פאָלק, נאָר מיט געוויסע באַוואָרעניש און פילאָסאָפישע כקירעס (פּראָפעסאָר זאַרכי, פּראָפעסאָר סעמיטיצקי, שנאַפּער, פאַרשײדנערלײ געלערנטע, זשורנאַליסטן, אַרטיסטן, מאָלער); די סאָוועטישע פּאַרטײַישע און מיליטערישע טוער (די שוין דערמאָנטע זלאָבין, קאַראַווײַעוו אא.); די מאַסן־געשטאַלטן, טיפּישע פאָלקס־מענטשן (שײַע רײנגאָלד, באַרלעווי אא.); ענדלעך, די פאַשיסטישע בעסטיעס (פאָן פראָש, האַנטקע, מעטשעסלאַוו האָרוסעוויטש, קאָבידלאָ אא.). מאַרקיש שילדערט אויך א גרויסע צאָל עפּיזאָדישע פיגורן, וואָס גיבן צו דעם ראָמאַן לעבעדיקײַט און וואָרהאַפטיקײַט. די פאָלקסטימלעכקײַט פון מאַרקישעס ראָמאַן אַנטפּלעקט זיך אין די פילצאָליקע מאַסן־סצענעס, אין דער פּסיכאָלאָגישער און שטײגערישער שילדערונג, אין דער שפּראַך, אין דער פאָלקלאָריסטישער און עטנאָגראַפישער סטיליסטיק, אין דער פאָלקס־כאָכמע און אין הומאָר פון א סאַך פּערסאָנאַזשן.

„טראָט פון דורות" איז א פּאַראַלעל־געמײנערנדיק־סינטעטיש ווערק, א מין סאַכאַקלדיקער כעזשבן־האַנעפעש; מאַרקיש טרעט דאָ אַרויס ווי א ראָמאַניסט א היסטאָריקער. מיר זעען זײַן גרויסע באַהאַוונטקײַט אין דעם געשילדערטן מאַטעריאַל. דער ייִדישער שטײַגער אין וואַרשע, דער אָרטיקער קאָלאָריט און די עטנאָגראַפיע זײַנען דעם אָווטאָר ביז גאָר נאָענט, ער האָט דורכגעשטודירט און קינסטלעריש טראַנספאָרמירט אויך א גרויסן און רײַכן היסטאָרישן און פּאָליטישן מאַטעריאַל. מיר לײענען אין ראָמאַן גענויע באַשרײַבונגען פון היסטאָרישע געשעענישן, פון שלאַכטן אין וואַרשע, בריסק, מיר טרעפן געשטאַלטן פון היסטאָרישע פּערזענלעכקײַטן, פּאָליטישע טוער, וויסנשאַפטלער.

מאַרקישעס שילדערונג איז אָביעקטיוו און שטרענג, אָבער אויך לײַדנשאַפטלעך־טענדענציעז און סוביעקטיוו־ליריש. דאָס איז עפּאָס און ליריק, פּראָזע און דיכטונג. דער אָווטאָר וויינט און לאַכט, ער האָט ליב, האַסט און קעמפט. צוזאַמען מיט אים ווערן מיר אָנגעשטעקט און דורכגעדרונגען מיט די האַרבע לײַדנשאַפטן, מיט די שאַרפע צוזאַמענשטויסן און קאַמפן און ווערן אַלײן ווי אָנטײלנעמער פון דער געשילדערטער היסטאָרישער דראַמע.

„טראָט פון דורות" איבעראַשט מיט זײַן גרויסן מאַסשטאַב, מיט דער אויסגעשפּרײטקײַט אין צײַט און אין רוים. בריסק און אוראַל, וואַרשע און בערלין, שטאָט און דאָרף, אונטערערד און געדיכטע וועלדער, פראָנט און הינטערלאַנד — אָט דאָס אַלץ שאַפט די פאָרשטעלונג פון א דינאַמישער, זעלבסט זיך באַוועגנדיקער פּאַנאָראַמע פונעם לעבן פון פעלקער און מענטשן אין א שווערער און גרויזאַמער צײַט. אַזא ווערק וועגן גורל פון אונדזער פאָלק אין דער נײַסטער עפּאָכע פון שטורעמס און קאַטאַקליזמען, ווי מאַרקישעס „טראָט פון דורות", האָט נאָך די ייִדישע ליטעראַטור ניט געשאַפן.

4

„אויף טויט און אויף לעבן" — אַזוי האָט אָנגערופן זײַן דראַמאַטישע פּאָעמע וועגן דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ דער דיכטער שמואל האַלקין. די דאָזיקע פּאָעמע איז געשריבן ביז מאַרקישעס פּיעסע וועגן די זעלבע געשעענישן. שמואל האַלקין, וואָס האָט מיט צען יאָר פאַר דעם אָנגעשריבן די היסטאָרישע דראַמע „באַר־כאָכבא", האָט זיך געפילט בעקוועם קינסטלעריש פאַרווירקלעכן די טעמע פון געטאָ־אופשטאַנד.

אין טאָך זײַנען בײדע דראַמאַטישע ווערק, האַלקינס און מאַרקישעס, נאָענט צווישן זיך ניט בלויז לויטן אינהאַלט און טעמע, נאָר אויך לויט דער קינסטלערישער אינטערפּרעטאַציע. פּונקט ווי מאַרקיש, שילדערט האַלקין די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון דער געטאָ, וואָס רופן די באַפעלקערונג צום קאַמף קעגן פאַשיזם. יאַנעק, אײנער פון די אָרגאַניזאַטאָרס פון אופשטאַנד, מעלדעט:

> ...פאַרלוירנקײַט, מעהומע, שרעק
> אונדז שטערן איצט אַרויסצוטרעטן אָפן;
> אויב ניט גענוג מיר זײַנען נאָך באַוואָפנט,
> דערפאַר גענוג מיר זײַנען נאָך אין צאָל,
> און ערגער זײַן ווערט דעמלט טויזנט מאָל,
> ווען ליגן וועט די ביקס און דער נאַגאַן
> און אויספעלן עס וועט פאַר זײ די האַנט.

האַלקין מאָלט דעם אופשטאַנד ווי א קאַמף פאַר זעלבסטווירדע פון מענטש און פאָלק. דער זעלבער יאַנעק רופט אויס:

> די פאָנען אויפן העכסטן דאַך הענג אויף!
> פון אַלע ווענט זאָל וועקן אונדזער רוף,
> די דרײַ געצײלטע ווערטער:
> „מיט קאָוועד שטאַרב!"

אין האַלקינס דראַמאַטישער פּאָעמע ווערט בולעט אַנטפּלעקט די גייַסטיקע פאַרבינדונג פונעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ מיטן העלדישן קאַמף פונעם סאָוועטישן פאָלק קעגן די פאַשיסטישע האָרדעס. אַלס מוסטער און באַגייַסטערנדיקן בייַשפּיל האָבן די וואַרשעווער געטאָ־אויפשטענדלער געהאַט פאַר זיך דעם קאַמף בײַ דער וואָלגע, ווו דאָס פאַשיסטישע מיליטער האָט געליטן אַזאַ פאַרניכטנדיקע מפּלה, פון וועלכער דער גאַנצער „דריטער רײַך" האָט שוין ניט געקאָנט קומען צו־זיך. איינער פון די אויפשטענדלער — קאַזשיק זאָגט וועגן דעם אָט וואָס:

מיר האָבן פאַר א בײַשפּיל זיך געשטעלט
אָט יענע וווּנדערלעכע וואָלגע־שטאָט,
וואָס האָט געשלאָגן זיך פאַר יעדן טראָט,
און כאָטש דער פײַנט האָט זי פאַרוויסט, פאַרברענט,
נאָר ער האָט פאָרט די שטאָט ניט אײַנגענומען.

אין דער פּאָעמע „אַף טויט און אַף לעבן" ווערט געבראַכט א כאַראַקטעריסטישער שטריך: צוזאַמען מיט די ייִדישע שלאַכטלײַט אין געטאָ נעמט אָן אָנטייל אין קאַמף קעגן די דײַטשישע פאַשיסטן דער סאָוועטישער שלאַכטמאַן בערעזע, וואָס איז אַנטלאָפן פון דײַטשישער געפענקעניש און געקומען אין וואַרשעווער געטאָ העלפן זײַנע ייִדישע ברידער שלאָגן זיך אַף טויט און אַף לעבן קעגן דעם סוינע. דער רויטאַרמייער בערעזע לערנט די ייִדישע קעמפער שיסן און פירן א שלאַכט. דער ייִדישער שלאַכטמאַן ראַטניצקי זאָגט:

זאָל זײַן געבענטשט
דאָס פאָלק, דאָס לאַנד, פונוואַנען אָט דער מענטש
געקומען איז אַהער און טיילט מיט אונדז
דעם גוירל גלײַך אַף גלײַך...

האַלקין אַנטפּלעקט די ווידערשפּרוכן אין דער געטאָ גופע. דער אַנטיפאַשיסטישער בלאָק איז דאָ ניט געווען קיין איינהײַטלעכער לויט זײַן קלאַסן־באַשטאַנד, לויט זײַנע סאָציִאַלע און אידעאָלאָגישע טענדענצן. בלויז די קאָמוניסטן, דער פירנדיקער קויעך פון דער אונטערערדישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, האָבן געהאַט קלאָרע צילן, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיטן אינטערנאַציִאָנאַלן קאַמף פון די פעלקער קעגן פאַשיזם. דאָס פאַרמינערט ניט די באַדײַטונג פון די אַנדערע גרופּן, וואָס האָבן געפירט, זאָל זײַן א ווייניקער באַוווּסטזיניקן, נאָר דאָך א העלדישן קאַמף צוזאַמען מיט די קאָמוניסטיש־געשטימטע אַרבעטער.

און נאָך. אין האַלקינס פּאָעמע איז היסטאָריש ריכטיק באַוויזן, אַז די געטאָ־קעמפער האָבן באַקומען מאָראַלישע און מאַטעריעלע שטיצע פון דער פּוילישער אונטערערד אויסער דער געטאָ. נאָר אויך אין דעם פּראַט זײַנען געווען פאַרשיידענע טענדענצן: די באַציִונג צום אויפשטאַנד מיצאַד די רעוואָליוציִאָנערע אַרבעטער, פון איין זײַט, און מיצאַד די אונטערערדישע בורזשואַזע גרופּירונגען, פון דער צווייטער. אין מאַרקישעס ראָמאַן „טראָט פון דורעס" ווערט דערציילט וועגן א וויכטיקן עפּיזאָד, וויאַזוי די אָנפירער פונעם אויפשטאַנד אין געטאָ טאַדעוש און מעטעק זײַנען געקומען אין דער אונטערערדישער סטאַווקע פונעם גענעראַל בור־קאָמאַראָווסקי. דער גענעראַל האָט געהאַט אין זײַן רעשוס אַן אונטערערדישע אַרמיי פון עטלעכע הונדערט טויזנט מאַן, א גרויסע צאָל געווער. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו העלפן די קעמפער פון דער געטאָ. בור־קאָמאַראָווסקי, פּונקט ווי די פּוילישע בורזשואַזע עמיגראַנטישע רעגירונג אין לאָנדאָן, האָט געוווּסט, אַז די קעמפער פון געטאָ וועלן אָנגעפירט דורך קאָמוניסטיש־געשטימטע רעוואָליוציִאָנערע אַרבעטער און אָריִענטירן זיך אַפן סאָוועטנפאַרבאַנד, און דאָס איז געווען גענוג, אַז ער זאָל גלײַכגילטיק צוזען, ווי עס גייען אויס אין בלוט און קומען אום צענדליקער טויזנטער קעמפער קעגן פאַשיזם. בײַ האַלקינען ווערט אָט די באַציִונג צום אויפשטאַנד אין געטאָ מיצאַד די פאַרשיידענע גרופּן אין דער פּוילישער אונטערערד געוויזן זייער בולעט. אָט וואָס עס זאָגט וועגן דעם יאַנעק: „די אַרבעטער־פּאַרטיי, די פאָלקס־גוואַרדיע — אָט זיי בעעמעס קומען אונדז צו הילף מיט אַלץ, דערפאַר דער צווייטער צאַד מאַכט פּוילע שטיק, דו הערסט און ווייסט מיט זיי ניט, ווו דו האַלטסט".

האַלקין באַווײַזט, אַז די העלדן פון דער געטאָ האָבן באַקומען ווירקלעכע הילף פון די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן דער היטלערישער אַרמיי אין די פּוילישע וועלדער. מיט דער ייִדיִע וועגן דעם אָנקום פון די פּאַרטיזאַנער אין געטאָ קומט צו לויפן א צוועלפיאָריק מיידעלע:

דער פעטער קאַזשיק האָט מיר אָנגעזאָגט,
כ'זאָל לויפן גיך, און איבערגעבן... יאַנען,
אַז אָנגעקומען זײַנען פּאַרטיזאַנער
פון וואַלד אין געטאָ — ייִדן און פּאָליאַקן.

„אַף טויט און אַף לעבן" איז ניט נאָר א נאָמען פאַר א קינסטלעריש ווערק, נאָר א פּראָגראַם פון קאַמף; די דאָזיקע פּראָגראַם גיט איבער דעם טאָך פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס איז געווען א קאַמף אַף לעבן אין נאָמען פון לעבן. און אויב די קעמפער האָבן געוווּסט, אַז זיי גייען אין שלאַכט אַף אומקום, האָבן זיי אָבער אויך געהאַט דאָס באַוווּסטזײַן און די טרייסט, אַז זייער טויט איז ניט אומזיסט, אַז מיט זייער בלוט באַפרוכפּערן זיי דעם באָדן פאַר די שפּראָצונגען פון א נײַ לעבן. און פונדאַנען האָבן זיי געשעפּט מוט, קראַפט און רעוואָליוציִאָנערן שטאָלץ. יאַנעק ווייסט און פאַרשטייט דאָס, ער רעדט וועגן דעם קלאָר און פּראָסט:

מיר זײַנען שטאָלץ, וואָס אונדזער ווידערשטאַנד
דעם דײַטש, ער דויערט שוין אַזויפיל צײַט,
ווי בײַ דעם דײַטש פאַרכאַפּן האַלב אייראָפּע,
און מיר האָבן דערווײַל קיין ווײַסע פאָן
נאָך ניט אַרויסגעהאַנגען...

האַלקין האָט ניט געשריבן, אַז זײַן ווערק איז געווידמעט דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. פאַרקערט, ער האָט אָנגעוויזן אין דער רעמאַרקע, אַז „די האַנדלונג קומט פאָר אין א גרויסער שטאָט אין פּוילן בײַס דער דײַטשישער אָקופּאַציע". דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגן, אַז די געשעענישן און דער קאַמף, וואָס ווערן באַשריבן אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע „אַף טויט און אַף לעבן", זײַנען טיפּישע און זײַנען געווען פאַרשפּרייט אין אַלע מעקוימעס, ווו עס האָבן געהערשט די פאַשיסטן. דאָס איז אַוודע ריכטיק.

אָבער די לעצטע שורעס, וואָס מיר האָבן ציטירט, ריידן וועגן א דויערנדיקן און אַקשאָנעסדיקן קאַמף פון א גרויסן מאַסשטאַב. אַזאַ מין אַקשאָנעסדיקער און דויערנדיקער קאַמף איז פאָרגעקומען בלויז אין וואַרשעווער געטאָ.

אין דער ליטעראַטור וועגן דעם אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ פאַרנעמט א באַזונדער אָרט איציק פעפערס פּאָעמע „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ". אויב אין מאַרקישעס און אין האַלקינס ווערק איז פאַרקערפּערט דער רעאַליזם פון דער טראַגעדיע אין וואַרשע, איז אין פעפערס פּאָעמע אויסגעדריקט איר ראָמאַנטיק און סימבאָליק.

לויטן קינסטלערישן מעטאָד איז „שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" פאַרבונדן מיט פעפערס פּאָעמעס וועגן בירגערקריג. זי איז אויך ליריש־פראַגמענטאַריש און דערמאָנט א ראָמאַנטיש־הערא͏ָיִשע באַלאַדע. אַלץ איז אין דער דאָזיקער פּאָעמע באַדינגלעך און סימבאָליש און אַלץ איז לעבעדיק און וואָרהאַפטיק. פעפער באַשרײַבט נישט די געשעענישן, מאָלט נישט קיין בילדער, כאַראַקטעריזירט נישט קיין געשטאַלטן פון מענטשן. זײַן פּאָעמע איז אַן עלעגיש געוויין, וואָס דערמאָנט ייִרמעיאָהוס קלאָג איבערן חורבן־הבית. דער דיכטער, ווי דער נאָווי, קאָנצענטרירט אין זיך די גאַנצע לייד, דעם גאַנצן צער, אַלע אַנגסטן און יעסורים פונעם פאָלק, פון מיליאָנען מענטשן, ער שלינגט זייערע טרערן, לעבט איבער די יעסורים, ער ווערט פאַרברענט אין די קאַלך־אויוונס, דערשטיקט אין די גאַז־קאַמערן מיט יעדן אומגעקומענעם אין אָשוועניעשים, אין מײַדאַנעק, אין טרעבלינקע; ער שלאָגט זיך מיט די געסטאַפּאָווצעס אין וואַרשעווער געטאָ און קומט אום, און ווערט לעבעדיק, קעדיי אַרויסרײַסן פון די מענטשנס הערצער א צאָרנדיק וויי־געשריי, אויסשיסן פון זייער אויג א טרער און אופהייבן זיי קעגן די, וואָס ווילן נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל מילכאָמעס און מענטשן־פאַרניכטונג.

איציק פעפער רעדט נישט וועגן מענטשן, וואָס לעבן איצט, נאָר וועגן שאָטנס פון מענטשן, וואָס האָבן געלעבט און זײַנען שוין מער נישטאָ. זיי בלאָנקען אַרום, די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ, ווי געשפּענסטער, — „זיי בלאָנקען דורך גרענעצן ווײַטע און ברייטע". איצט שפּאַנען זיי איבער דער וועלט און ווייסן נישט פון קיין פאַרצוימונגען.

און נישט ווי קיין בעטלערס די שאָטנס זיך ציִען,
מיט הענט אויסגעשטרעקטע, מיט בליקן פאַרוועבטע,
זיי בלאָנקען אַרום, ווי געקעפּטע נעוויִים,
מיט קרוינען פון רום אויף די קעפּ די געקעפּטע,
זיי טראָגן מיט שטאָלץ זייער גרויזאַמען גוירל,
און זייער פאַרבאָרגענער טרויִם די געפאַר איז,
זיי בלאָנקען אַרום אויף דער וועלט, ווי בונטאַרעס,
וואָס האָבן אין שלאַכט דאָס געווער נישט פאַרלוירן.

און ער, דער דיכטער, איז מיט „די שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ". די גיבוירים, די קדוישים זײַנען צו אים געקומען אין געשטאַלט פון א „ייִנגל א ברוינעם פון פוילן". „דאָס ייִנגל פון וואַרשע, וואָס איז, ווי א מאַלעך, געקומען צו מיר אין א נאַכט אין א גרויער" און האָט געבראַכט מיט זיך „די פאָן פון דער געטאָ —"

עס האָבן באַגלייט אים צעשטאָכענע אויגן
און הערצער, וואָס האָבן אויף שפּיזן געפלאַטערט,
און געגנטן גאַנצע מיט רויכן פאַרצויגן
און וווּנדן, וואָס האָבן דורך דוירעס געיאָטערט.
דער הימל אַליין האָט די וועגן געשפּרייט אים,
פון כורוועס און ביינער דער אַש האָט באַגלייט
אים,
און שטיל האָט די פאָן אויף די צווײַגן געפּיבערט,
ווען ער איז די שוועל פון מײַן וווינונג אַריבער.

אָט אַזוי פאַראייניקט זיך דער דיכטער מיט די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ. און אויב מיר האָבן פריִער געזאָגט, אַז אַלץ איז אין פעפערס פּאָעמע באַדינגלעך און סימבאָליש און איינציִיטיק — לעבעדיק און וואָרהאַפטיק, ווערט דאָס גלענצנדיק באַשטעטיקט אין דעם ווערק.

צוזאַמען מיטן וואַרשעווער ייִנגל טראָגט זיך דער דיכטער אַוועק אין וואַרשעווער געטאָ. ער קומט פון מאָסקווע, וואָס איר הימל האָט זיך צעלויכטן מיט שטאָלצע סאַליוטן, און קומט אָן „אין א וועלט אין א צווייטער". עס פלעכטן זיך איבער רעאַלקײַט און סימבאָליק, עס גייען אַוועק רעמיניסצענצן פון ייִדישן לעבן אין פוילן, פון אײַנגעפונדעוועטן שטייגער, פון אַן אַלטער אַנטוויקלטער קולטור, פון דוירעסדיקע נאַציִאָנאַלע טראַדיציעס. און ווײַטער ציט זיך דער דיכטערישער פאָדעם, עס קומען די שורעס וועגן געטאָ אין מיטלאַלטער, וועגן שעפערישן גײַסט פון ייִדן אין רענעסאַנס, און ווידער קומען שורעס פון ווייטעק און צאַר דערפון, וואָס דער סוינע האָט צעשטערט א לעבן פון א פאָלק; דער דיכטער געפינט שטאַרקע ווערטער פון סינע און צאָרן:

זיי זיצן בא אונדזערע טישן און זויפן,
זיי ליגן אין אונדזערע בעטן און פּאָפן,
זיי קושן די זוינעס אין אונדזערע הויפן,
אין אונדזערע שטיוול אין קלויסטער זיי לויפן,
אין הרובע זיי הייצן מיט אונדזערע ספאָרים
און מייקענען שיקער אויף אונדזערע קוואָרים,
זיי טראָגן פון אונדזערע טאַטעס די העמדער,
זיי טראָגן די קליידלעך פון אונדזערע שוועסטער.
דער לײַלעך, וואָס ליגט אונטער זיי, איז א
פרעמדער,
איעטווידער פאָדעם אין אים איז געלעסטערט.

דאַן קומט דאָס גליִענדיקע געפיל פון נעקאָמע, פון צערעכענען זיך מיט די ווילדע כײַעס:

אויף אונדזערע שטריק און אויף אונדזערעביימער,
מיר וועלן מיט אונדזערע הענט זיי צעהענגען.

„שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ" איז אָנגעשריבן אין איין אָטעם און איז אויסגעגאָסן פון איין גוס, פון איין שמעלצונג. די פּאָעמע אָטעמט מיט שטורמישן פּאַטאָס פון פּראָטעסט און רעוואָליוציאָנערן קאַמף. דער דיכטער שטייט אויף דער הייך פון די היסטאָרישע געשעענישן, וואָס ווערן קינסטלעריש פאַרקערפּערט אינעם ווערק. די פּאָעמע איז איינהײַטלעך, האַרמאָניש און פאַרענדיקט אין אַלע אירע קאָמפּאָנענטן. די אידיי און די פאָרם זײַנען צונויפגעגאָסן אין א פרײַער אָרגאַנישער באַהעפטונג. דאָס איז, ווי ס'ווײַזט אויס, פעפערס רײַפסטע ווערק אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן און שאַפן.

הערש רעמעניק.

# קורצע רעצענזיעס

פאַרלאַג יידיש בוך וואַרשע

1962

עמאנויל רינגעלבלום. קסאָווים פון געטאָ. באַנד איינס. טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (1939—1942), 445 זײַטן.

עמאנויל רינגעלבלום (געבוירן דעם 21 נאָיאַבער 1900, אומגעבראַכט דורך די דײַטשישע פאַשיסטן אין דער וואַרשעווער טורמע „פּאַוויאַק" דעם 7 מאַרץ 1944) איז געווען אַן אָנגעזעענער היסטאָריקער, דער אַווטאָר פון ווערטפולע פאָרשונגען וועגן דער ווירטשאַפטלעך־סאָציִאַלער געשיכטע און קולטור־געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן. אַרײַנגעפאַלן אין וואַרשעווער געטאָ, איז רינגעלבלום אויך דאָ געבליבן טרײַ זײַן באַרוף, אומדערמידלעך געזאַמלט מאַטעריאַלן און דאָקומענטן וועגן דעם ייִדישן לעבן אין דער צײַט פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע. דעם אונטערערדישן אַרכיוו האָט ער אויסבאַהאַלטן אין בלעכענע קעסטלעך און אין מילך־קאַנען, באַגראָבן אים אין דער ערד.

אין 1946, און נאָכדעם אין 1950 האָט מען געפונען אַ טייל פון די דאָזיקע מאַטעריאַלן. צווישן זיי אויך רינגעלבלומס געטאָ־קסאָווים. אין דעם אָפּגעדרוקטן ערשטן באַנד איז פאַרעפנטלעכט זײַן טאָגבוך פון סעפּטעמבער 1939 ביז יוני 1942.

דאָס בוך, וואָס איז אָנגעשריבן פון אַ פּראָפעסיאָנעלן היסטאָריקער און אומיטלבאַרן אײדעס פון געטאָ־לעבן, וועט דינען אַלס איינער פון די וויכטיקסטע קוואַלן צו דער געשיכטע פונעם ייִדישן ייִשוו אין פּוילן בײַ דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מוישע שקליאַר. פּאָשעטע ווערטער. 101 זײַט.

דער גרעסטער טייל לידער פון מוישע שקליאַרס בוך „פּאָשעטע ווערטער" איז געווידמעט דער טעמע געטאָ און ווידערשטאַנד. ניט נאָר דערציילן וועגן געשעענעם איז אויסן דער פּאָעט, ער רופט צום קאַמף קעגן די נײַע מלחמה־געשפּענסטער:

און כ'שרײַ צו דער וועלט דאָס געשריי פון מײַן מאַמען,<br>
דאָס לעצטע געשריי פון די שוועסטער און ברידער —<br>
צי קאָנט איר דעם וועג פון די מערדער ניט צאַמען?!<br>
אָ, הערט, ווי זיי גייען, זיי קומען שוין ווידער.

אַ שטאַרקן אײַנדרוק מאַכט דער ציקל „פאַרשוווּנדענע גאַסן". דער דיכטער שילדערט די פאַרשוווּנדענע וואַרשעווער גאַסן, וואָס זײַנען „ווי כוואַליעס פאַרשווּמען, נאָר ווילן ניט, קאָנען ניט שטומען". ווי אַ סימבאָל קומט אויף פאַר אונדז דער מוראַנאָווער ראַיאָן מיט זײַנע העלדן און מאַרטירער, וואָס:

...רופן דאָס פאָלק, עס זאָל מאָנען און צאָלן,<br>
זיי רופן צום אויפשטאַנד פאַרפײַניקטן געטאָ,<br>
די לעצטע, וואָס זײַנען געבליבן באַם לעבן, —<br>
געגנוג מיט האַכנאָע זיך איבערצוגעבן<br>
דעם סוינע. אין קאַמף, בלויז אין קאַמף איז די רעטונג!

אין דעם בוך זײַנען פאַראַן אויך לירישע לידער און ליבע־לידער. דעם דיכטערס אויג כאַפּט אויף דינע פאַרב־ניואַנסן, זײַן אויער פאַרנעמט שטילע קלאַנגען.

דער נאָמען פונעם בוך „פּאָשעטע ווערטער" אַנט־שפּרעכט מוישע שקליאַרס שרײַב־מאַניר. זײַן פּאָעזיע האָט אין זיך דעם כיין פון פאָלקסטימלעכער פּאַשטעס.




אַדאָלף רודניצקי. דער וועג צום הימל. אויסדער־וויילטע דערציילונגען, 379 זײַטן. איבערגעזעצט פון פּויליש און נאָכוואָרט פון לילי בערגער.

צאַפּלדיקע שטיקער לעבן ערעוו און בײַ דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין דעם בוך דער באַקאַנטער פּוילישער שרײַבער אַדאָלף רודניצקי.

דער שרײַבער טרעט דאָ אַרויס ניט ווי אַן אָביעקטיווער און זײַטיקער באַאָבאַכטער. מע פילט, אַז ער איז געווען אַן אומיטלבאַרער אײדעס און אָנטיילנעמער פון די באַשריבענע געשעענישן. ניט צופעליק זײַנען אַ סך דערציילונגען געשריבן אין דער ערשטער פּערזאָן און לייענען זיך, ווי טאָגביכער.

אין דער נאָוועלע „פּייסעך" דערציילט אַ. רודניצקי, וויִאַזוי ער פלעגט בײַ דעם אויפשטאַנד אַרומוואַנדלען לעבן די געטאָ־מויערן און האָט זיך „אינערלעך געטויוועלט אין דער העלדישקײַט פון די אויפשטענדלער". דאָ, באַ דער שײַן פון דער ברענענדיקער געטאָ, האָט ער זיך באַגעגנט מיט אַ פרוי. „זיי קומען אום, — האָט זי שטיל געמורמלט, — זיי קומען אום, און קיין צייכן וועט נאָך זיי ניט בלײַבן... וואָלט כאָטש עמעצער באַשריבן, אַרויסגעהויבן הויך אין הימל, ס'זאָל אַ צײַגעניש בלײַבן וועגן זייער פילפאַרביק לעבן און דעם אומענטשלעכן און אַזוי שיינעם טויט זייערן. ווען ס'וועט אַפילו נאָר איינער פאַרבלײַבן, וואָלט ער עס באַדאַרפט אין אַ ביכל באַשרײַבן"...

אַדאָלף רודניצקי האָט אויסגעפילט אָט דעם אָנזאָג, ער האָט געשאַפן אַ טאַלאַנטפול בוך.

דאָס ליד פון געטאָ. זאמלונג. צוגעגרייט צום דרוק, פאַרוואָרט, באמערקונגען פון רוטע פופס. 184 זייטן.

געטאָ און ליד. געטאָ און געזאנג... עס פאַרן זיך עפּעס ניט די צוויי ווערטער. געטאָ — דער סינאָנים פון מענטש־לעכער פּייַן, אומקום און אויסראָטונג. ווי קומט אהין געזאנג און ליד? און דאָך האָט די געטאָ געזונגען! אף פארשיידענע אויפנים האָט די געטאָ זיך ווידערגעשטעלט דעם מערדערישן סוינע, זיך ווידערגעשטעלט אויך מיט דער ליד.

די דיכטערן פון קראָקער געטאָ אילע קארמעל דער־ציילט: „מע האָט געמוזט האָבן א באהעלטעניש, ווו קיינער האָט ניט געקאָנט ברוטאל אריינדרינגען, מע האָט געמוזט ארויסזאָגן, ווי עס טוט ווייַ, ווי שלעכט עס איז, ווי עס בענקט זיך... אזוי זיינען געקומען די לידער״, — די לידער, וואָס האָבן גערופן צו טאַט, צו נעקאָמע, וואָס האָבן פארשטארקט און פארטיפט דעם גלויבן אינעם זיג פון דער גערעכטיקייט:

> פון בוידעם־שטוב, פון קעלער גייט אוף א העלע שייַן, —
> זעט, עס ווערט אלץ העל און העלער, ס׳וועט נאָך ליכטיק זייַן...

ווי גרויזאם, ווי שרעקלעך עס זיינען ניט געווען די ליידן אין געטאָ, האָבן זיי ניט אויסגעלאָשן די פונקען פון האָפענונג. „אין יענע טרויעריקע צייטן, שרייַבט אינעם ארייַנפיר־וואָרט צום בוך רוטע פופס, האָט מען פארפאסט לידער וועגן דער רויטער ארמיי, וואָס האָט פארקערפערט די האָפענונגען אף באפרייַונג און אויס־לייזונג״.

די לידער פון געטאָ זאָגן איידעס וועגן דער מאָראַלי־שער שטאַנדהאַפטיקייט פון די פאָלקסמאסן, וואָס האָבן זיי געשאפן און געזונגען.

לילי בערגער. עסייען און שקיצן. 1962, 300 זייטן.

די סאָציאַלע און מענטשלעכע פונקציע פון דער קונסט, אירע געזעלשאפטלעכע און הומאניסטישע טענ־דענצן — דאָס איז דאָס גרינטלעכסטע, וואָס לילי בערגער שטרייַכט אונטער אין אירע עסייען וועגן די ווערק פון דער קלאסישער און הייַנטצייַטיקער אייראָפּעיִשער ליטע־ראטור. לייַדנשאפטלעך שילדערט דער אווטאָר די פילאָ־סאָפישע און ליטעראַרישע טעטיקייַט פון די ענציקלאָ־פּעדיסטן און זייער קאמף צו באפרייַען דעם מענטשלעכן געדאנק פון מעטאפיזישע דאָגמעס און מיטלאלטערלעכן פאנאטיזם.

די ארטיקלען וועגן הוגאָ, פלאָבער, זשאָרזש זאנד און זאָליא לייענען זיך מיט גרויס אינטערעס. פון דער מאָ־דערנער ליטעראטור ווערן באהאנדלט די ווערק פון באַ־בעל, קאפקא, קאמי, עלזא טריאָלע, ווערקאָר. צוויי עסייען זייַנען געווידמעט די יידישע מאָטיוון און פּראָבלעמען אין די ווערק פון די פוילישע שרייַבער. זייער אינטערעסאנט איז די עסיי: „יידישער אומקום און ווידערשטאנד אין דער פוילישער ליטעראטור״. לילי בערגער אנאליזירט א גרויסע צאָל ווערק, וואָס שילדערן די געטאָ, די דערהויבנ־קייַט און דעם העלדישן קאמף פון די אופשטענדלער.

א סאך נייַע און אָריגינעלע פאַרמולירונגען וועגן שאָ־לעם־אליכעמס קינדער־דערציילונגען זייַנען פאראן אין דער אינטערעסאנטער עסיי „דורך דער פּריזמע פון קינדס שטרעבונגען און פארלאנגען״. לילי בערגער גע־פינט שטענדיק עפּעס נייַס און מאכט אייגנארטיקע אויס־פירן, אומדערוווארטע אנאלאָגיעס.

דאָס בוך פירט ארייַן דעם לייענער אין א ברייטן קרייַז פון ליטעראַרישע פּראָבלעמען.

ל. פּאָדריאַדטשיק.

# זייַט וואכזאם!

ע. אוואָטיק, יא. דזירקאליס, וו. פעטערסאָן. וואָס איז אזוינס „דאוגאוואס וואנאגי״? ריגע, לעטלענדי־שער מעלוכע־פארלאג, 1962.

„דאָס דאָזיקע בוך איז שרעקלעך און אומדערבארעמ־דיק גרויזאם, ווייַל שרעקלעך און גרויזאם זייַנען די העלדן זייַנע״ — אזוי שרייַבן די אווטאָרן פון „וואָס איז אזוינס דאוגאוואס וואנאגי?״ אינעם פאַרוואָרט. קעדיי קיינער זאָל ניט אָפּנעמען בא מענטשן דאָס גליק צו לייענען שיינע, זוניקע ווערק, מוז מען לייענען אויך אזעלכע גרויזאמע ביכער, זיי רופן צו האלטן וואכזאם דאָס אויג בענעגייע די ראָצכים און פעלקער־מערדער.

„דער בלוטיקער יול״ — אזוי באצייכנט מען אין סאָ־וועטן־לעטלאנד דעם ערשטן כוידעש פון דער פאשיסטי־שער אָקופּאציע. צוזאמען מיט די היטלעריסטן האָבן גע־פּראוועט די בלוטיקע אָרגיעס אויך באוואָפנטע באנדעס פון די לעטישע בורזשואזע נאציאָנאליסטן. אין דער ערשטער רײ האָבן זיי פארניכטעט סאָוועטישע אקטיוויסטן און די יידישע באפעלקערונג. ווער זייַנען די קיילערס, וועלכע האָבן מיט סאדיסטישער טייַווע און בלוטיקער רויבגיריקייַט געמאָרדעט זייערע לאנדסלייַט? אינעם בוך ווערן אָנגערופן די נעמען פון די מערדער. מיט דער פּינקטלעכקייַט פון א געריכט־פּראָטאָקאָל, ווו יעדע באַ־שולדיקונג, יעדער פאקט איז באשטעטיקט דורך דאָקו־מענטן, זייַנען ארויסגעבראכט אף דער ליכטיקער שייַן זייערע ווילדע רעציכעס.

אין נאָיאבער און דעקאבער 1941 האָט דער טויט־הור־ראגאן ווידער זיך צעהוליעט איבער גאנץ לעטלאנד. ס׳האָט זיך דערנענטערט דער לעצטער אקט פון דער שוידערהאפטער טראגעדיע פון דער יידישער באפעלקע־רונג. אין די געטאָס פון ריגע, דאוגאווּפּילס און לייַע־פּאיע זייַנען צו יענער צייַט אומגעבראכט געוואָרן ארום 40 טויזנט מענטשן. ווער האָט אויסגעפילט די ברוטאלע פּאראָרדענונגען פון די היטלעריסטן? ווידעראמאָל די זעלבע בורזשואזע נאציאָנאליסטן, די פּסוילעס פונעם לעטישן פאָלק. דער נאציסטישער הענקער האָט, פּונקט ווי אין יול כוידעש, ווידער זיי אָנגערייצט אף אומשול־דיקע מענטשן. אָט די גאָרגלשנייַדערס האָט מען דערנאָך געקאָנט זען אומעטום, ווו עס האָט זיך געדרייט די ראָד פון דער שרעקלעכער טויט־מיל, ווו עס האָבן זיך גע־גאָסן טייַכן בלוט פון פרויען, זקיינים און קינדער, — אין די געטאָס פון סלאָנים, מינסק, ווארשע...

וועגן אָט די ראָצכים און זייערע בלוטיקע פארברעכנס קעגן דער מענטשהייט דערציילט דאָס בוך „וואָס איז אזוינס דאוגאוואס וואנאגי?“ מיט פאקטן, וועלכע ס'איז אומעגלעך אָפּצולייקענען, דערווייזן די פארעפנטלעכטע דאָקומענטן, אז קאָנקרעט שולדיק אינעם אויסראָטן סאָוועטישע מענטשן זיינען די אָרגאניזאטאָרן פון מערדערבאנדעס — די פּאָלקאָווניקעס פון דער ארמיי פונעם בורזשואזן לעטלאנד וו. יאנום, ק. לאָבע, וו. ווייס, ר. אָסיס, די טויזנטפאכיקע מערדער וו. כאזנער, ב. מייקאָווסקי, א. באיאר, יא. פלאטאָ, יא. זענגער און צענדליקער אנדערע.

די פאקטן זיינען באשטעטיקט מיט דאָקומענטן: ראַפּאָרטן, אייגנהענטיק אָנגעשריבענע דורך די מערדער, אמטלעכע כאראקטעריסטיקעס, וועלכע זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן אין די דייטשישע פּאָליציי־באטאליאָנען, אין די „זאָנדערקאָמאנדעס“, אינעם אפּאראט פון דער ס.ד., מאטעריאַלן פון דער אָפיציעלער קאָרעספּאָנדענץ. קארג און טרוקן איז די שפּראך פון דאָקומענטן. נאָר ווען מע לייענט זיי, דוכט זיך, אז יעדער אָט איז אָנגעזאַפּט מיט הייסן בלוט פון די מארטירער, אז פון יעדער שורע הערט זיך דאָס הארצרייסנדיקע געוויין פון קליינע קינדער, וועלכע מע פירט צו דער שכיטע.

אין די טעג, ווען די פעלקער האָבן ארויסגעטראָגן זייער יושערדיקן אורטייל איבער די היטלעריסטישע קריגס־פארברעכער, זיינען די „העלדן“ פון אָט דעם בוך ניט געזעסן אף דער באשולדיקונגס־באנק.

ווּהין זיינען זיי אנטרונען געוואָרן?

אויך אף דער דאָזיקער פראגע גיט אן ענטפער דאָס בוך. די אווטאָרן האָבן אויסגעפאָרשט, ווּ די מערדער באהאלטן זיך איצט אויס, מיט וואָס זיי באשעפטיקן זיך. עס ווערן געבראכט זייערע פינקטלעכע אדרעסן. די שרעקלעכע פארברעכער, אף וועמען עס וואַרט שוין לאנג די טליע, שפּאצירן ארום פראנק און פריי אין די לענדער פון דער „פרייער וועלט“. היינט גיבן זיי זיך אָן, פארשטייט זיך, אלס „פּאָליטישע עמיגראנטן“, אלס „פּאַשעטע סאָלדאטן“ פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. און דאָרט, אין די מיירעוו־לענדער, ווּ מע רוידעפט עמעסע דעמאָקראטן, קעמפער פאר שאָלעם, — דאָרט באציט מען זיך מיט צוטרוי צו די דאָזיקע פאשיסטישע מערדער, מע סטימולירט די טעטיקייט פון דער ברייט־צעצווייגטער אנטיסאָוועטישער אָרגאניזאציע „דאוגאוואס וואנאגי“.

אן אומרו־געפיל דערוועקט דאָס דאָזיקע בוך. ווידער לעבט אוף דער ברענענדיקער ווייטעק און דער האס צו




די סאָנים. צוזאמען מיט די אווטאָרן ווילט זיך איבערכאזערן די ווערטער: „מאמעס און טאטעס, ערלעכע מענטשן פון גאָר דער וועלט — זייט וואכזאם!“.

מ. וועסטערמאן,

פארוואלטער פונעם אָפּטייל פון וויסנשאפטלעכע פּובליקאציעס באם צענטראלן ארכיוו פון דער לעטלענדישער סאָוועטן־רעפּובליק.

—o—

# דאָקומענטן ריידן

דער אינסטיטוט פון מארקסיזם־לעניניזם באם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון סאָוועטנפארבאנד (אָפּטייל פאר דערלערנען די געשיכטע פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע) האָט צונויפגעזאמלט אן אינטערעסאנטן דאָקומענטאלן מאטעריאל, וואָס באווייזט, ווי די היטלעריסטן האָבן אף דער צייטווייליק אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע מיט שוידערלעכער אכזאָריעס אויסגעראָטן די יידישע באפעלקערונג. גלייכצייטיק דערציילן די דאָקומענטן וועגן דעם, ווי די סאָוועטישע יידן האָבן צוזאמען מיט אלע פעלקער פונעם סאָוועטנפארבאנד געקעמפט קעגן די דייטשיש־פאשיסטישע האָרדעס.

ווי א ווייטער אָפּהילך פון דער זאָאָלאָגישער ראסןפּאָליטיק פון די היטלער־לייט קלינגען איצט די ראַפּאָרטן פונעם רייכסקאָמיסאר פון אָסטלאנד לאָזע, ווּ ער טיילט מיט וועגן די מאָסמיטלען צו פארניכטן די יידן אף דער טעריטאָריע פון די באלטישע לענדער און ווייסרוסלאנד; דער באריכט פונעם בארימטן אכזער און סאדיסט, גאוליייטער פון ווייסרוסלאנד קובע, וויאזוי עס ווערט אויסגעראָטן די יידישע באפעלקערונג אין מינסק; די מעלדונגען פון די היטלעריסטן וועגן דער אָרגאניזירונג פון א געטאָ אין דראָהאָביטש, וועגן דעם טאָג־רעזשים אין מינסקער געטאָ, וועגן פארטרייבן די יידן פון קיסלאָוואָדסק אאוו.

קאלטבלוטיק און פעדאנטיש האָבן די פאשיסטן צונויפגעשטעלט די מאפּע פון דער „יודענריינער זאָנע“ אין ווייסרוסלאנד און אין דער באלטיק, אויסגעמאָלט אף דער מאפּע אקוראטע טרונעלעך און אונטער יעדער טרונע אָנגעשריבן א פינפציפערדיקע צאָל.

פאראן צווישן די דאָקומענטן סיי די באווייזן פון געפאנגענע דורך דער סאָוועטישער ארמיי דייטשיש־פאשיסטישע אָקופּאנטן, סיי די גוויִעס־איידעס פון יידן, וועלכע האָבן מאמעש אלפּינעס זיך געראטעוועט פון געטאָ. מיר זעען אזויארום די שוידערלעכע בילדער סיי מיט די אויגן פון די פאשיסטן, סיי מיט די אויגן פון זייערע קאָרבאָנעס — מיט די אויגן פון די טאליאָנים

און מיט די אויגן פון די מארטירער. די פאקטן פאלן פולשטענדיק צונויף.

דאָס פארגאָסענע בלוט האָט גערופן צו אומדערבארעמדיקער נעקאָמע. עס ליגט פאר אונדז א דערשיטערנדיקער דאָקומענט — א צעטעלע פון זלאטע ווישניאצקאיא, אן אײַנוווינערן פונעם שטעטל ביטען, בעראנאָוויטשער געגנט. דאָס צעטעלע האָט ווישניאצקאיא אָנגעשריבן פארן טויט. „דאָס איינציקע, וואָס איר קאָנט פאר אונדז טאָן, איז — נעקאָמע נעמען אין אונדזערע מערדער. אום גאָטעס ווילן, באצאָלט זיי מיט דער פולער האנט פאר אלץ, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט אונדז“. דאָס דאָזיקע ווײ־געשריי איז ניט פארבליבן אָן אן ענטפער. די סאָוועטישע מענטשן האָבן געצאָלט די מערדער מיט טויט פאר טויט. דאָס איז, צווישן אנדערס, צו זען פון דער מיטיילונג פון מ.ס. וואָלפאָוויטש, וואָס איז געווען איינער פון די אָנפירער פון דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע אין ריגער געטאָ.

„אונדזער אונטערערדישע אָרגאניזאציע, — שרײַבט וואָלפאָוויטש, — האָט געשאפן א ביבליאָטעק פון סאָוועטישע ביכער, מיר האָבן געהיים געהערט די סאָוועטישע ראדיאָ, ארויסגעלאָזט געשריבענע פון האנט פלוגבלעטלעך און אינפאָרמאציע־ביולעטענען... ווען עס איז געוואָרן באוווסט, וואָס עס דערווארט די לעבנגעבליבענע, האָבן מיר אוועקגעשטעלט די פראגע וועגן זעלבשוץ. מיר האָבן אָנגעהויבן זאמלען געווער. צום 25 אָקטיאבער 1942 האָבן מיר שוין געהאט 2 האנט־קוילנווארפערס פון טאָקארעווס סיסטעם, 2 האנט־קוילנווארפערס פון דעגטיאריאָווס סיסטעם, 4 קעגנטאנקען־ביקסן, 22 אווטאָמאטן, 10 ביקסן, 15 פיסטאָלעטן, 8 גראנאטעס, א גרויסע צאָל קוילן און אופרײַס־מאטעריאלן...“

מיט געווער אין די הענט האָבן די פארשפארטע אין געטאָ געקעמפט פאר זייער רעכט אף לעבן. די סאָוועטישע קריגסגעפאנגענע, — מענטשן פון פארשיידענע נאציאָנאליטעטן, — וועלכע האָבן געארבעט אין די סקלאדן פון טראָפײ־געווער, האָבן, שטעלנדיק אין סאקאָנע זייער לעבן, איבערגעגעבן דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע פון ריגער געטאָ ביקסן, אווטאָמאטן און פיסטאָלעטן. די לעטישע פארטיזאנער האָבן זיך געגרייט ארויסצופירן די אסירים פון געטאָ אין די פארטיזאנישע אָטריאדן. ווען די געסטאפּאָ האָט זיך דערוווּסט פון דעם פלאן, האָט זי פארפײַניקט אף טויט די ייִדישע מיטגלידער פון דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע אין געטאָ, די לעטישע פארטיזאנער, וועלכע האָבן אָרגאניזירט די פלייטע, די סאָוועטישע קריגסגעפאנגענע, וועלכע האָבן געגעבן די פלייטים געווער. דער טויט פון די מענטשן, וועלכע זײַנען געווען באהעפט דורך זייער גרענעצלאָזן האס צום סוינע, איז געווען א סימבאָל פון דער אייביק לעבנדיקער איינהײַט פון די קעמפער.

א הערויִש זײַטל אין דער געשיכטע פון דער אנטיפאשיסטישער באוועגונג האָבן ארײַנגעשריבן די פארטיזאנער פון ווײַסרוסלאנד, אוקראַיִנע און פון די באלטישע סאָוועטישע רעפובליקן. צווישן די דאָקומענטן טרעפן מיר פאָטאָ־בילדער פון די געוועזענע אָנפירער פון דער פארטיזאנישער באוועגונג אין לעטלאנד — סאָלאָמינאס, זימאנאס, גלעזעריטע און אנד.; מאטעריאלן וועגן דער הערויִשער טעטיקײַט פונעם פארטיזאנישן אָטריאד אף פּאָזשארסקיס נאָמען, וואָס זײַן קאָמאנדיר איז געווען ל. בערנשטיין (דער נאָמען בערנשטיין איז ברייט באקאנט אין טשעכאָסלאָוואקיע, ווו זײַן אָטריאד האָט אָפּערירט); פאָטאָגראפיעס פונעם ארבעטער־קאָמוניסט וויטענבערג, וואָס איז געווען דער אָנפירער פון דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע אין ווילנער געטאָ, פונעם אָרגאניזאטאָר פון דעם אופשטאנד אין סאָביבורער טויט־לאגער א. פעטשערסקי, פון די מיטגלידער פון דער אונטערערדישער אָרגאניזאציע אין בוכענוואלדער קאָנצלאגער ל. דראפּקין, ו. זשעלעזניאק, א. פאוולאָוו, א. ליסענקאָ און פון פיל אנדערע.

די אײַנוווינער פון ריגע וועלן קיינמאָל ניט פארגעסן דעם לעטישן מאטראָס זשאן ליפּקע, וואָס האָט געראטעוועט העכער פערציק ייִדן פון געטאָ. דריטהאלבן יאָר נאָכאנאנד האָט ער, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, אויסבאהאלטן די געראטעוועטע אף די כוטאָרס, אין די דאָרפישע פערמעס, אין ספעציִעל אויסגעבויטע בונקערס. א גרויסע צאָל שריפטלעכע מעלדונגען פון די געראטעוועטע באשטעטיקן מיט אלע פּראָטים דעם דאָזיקן פאקט.

איינער פון די הויפּט־קוואלן פונעם וועלט־היסטאָרישן ניצאָכן, וועלכן דאָס סאָוועטישע פאָלק האָט אָפּגעהאלטן אין דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, איז — די פרײַנטשאפט צווישן די סאָוועטישע פעלקער. קעגן דעם פארהאסטן סוינע האָבן זיך געשלאָגן אקסל צו אקסל רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, ייִדן, גרוזינער, ארמענער — די זין און טעכטער פון אלע פעלקער פונעם סאָוועטנפארבאנד.

צווישן די דערמאָנטע דאָקומענטן זעען מיר די פאָטאָפאָרטרעטן פונעם צוויי מאָל העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד גענעראל־לייטענאנט דאָוויד דראגונסקי, פון די העלדן פונעם סאָוועטנפארבאנד די ברידער יע. און מ. ווײַנרוב, צעזאר קוניקאָוו, ייִסראָעל פיסאנאָוויטש און פון א סאך אנדערע. מיר געפינען דאָ א פלוגבלעטל, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין 1942 און ווו עס רעדט זיך וועגן די הערויִשע שלאכט־מײַסים פון דער דיוויזיע, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד גענעראל יאקאָוו קרייזער. אינעם פלוגבלעטל ווערט געזאָגט: „פאראכטונג צום טויט, ברענענדיקער האס צום סוינע, גרענעצלאָזע ליבע צום היימלאנד — אָט וואָס עס האָט געזיכערט דער דיוויזיע דעם זיג“. אין א צווייט פלוגבלעטל ווערט באשריבן די העלדישקײַט פונעם קאפּיטאן פון דריטן ראנג אבראם גריגאָריעוויטש סווערדלאָוו. דער רום וועגן א. סווערדלאָוון, — שרײַבט זיך אינעם פלוגבלעטל, — „איז באוווּסט אינעם גאנצן רויטפאָניקן באלטישן פלאָט. זײַן שלאכט־הערויִזם איז פארשריבן אינעם בוך פון די גרעסטע העלדישקײַטן, וועלכע זײַנען דער שטאָלץ און דער רום פונעם סאָוועטישן פאָטערלאנד“.

די מאטעריאלן, חעלכע עס האָט צונויפגעזאמלט דער אינסטיטוט פון מארקסיזם־לעניניזם, — דאָס איז א לײַדנשאפטלעכער באשולדיקונגס־אקט קעגן דעם פאשיזם, און אין דער זעלבער צײַט א הערלעכער באווײַז וועגן דער גרויסער ברידערלעכער פרײַנטשאפט צווישן די פעלקער פונעם סאָוועטנפארבאנד אין זייער קאמף פאר שאָלעם און גליק פון דער מענטשהײַט.

וואלענטין טאָמין,

אלעקסאנדער סינעלניקאָוו.

# כראָניק

דעם 7—8 מארט 1963 איז פאָרגעקומען א באגעגעניש פון די אָנפירער פון דער פארטיי און רעגירונג מיט די טוער פון ליטעראטור און קונסט, בייס וועלכער עס איז פאָרגעזעצט געוואָרן דער מיינונגס־אויסטויש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אף דער באגעגעניש דעם 17 דעקאבער 1962.

אין סווערדלאָווער זאל פונעם קרעמל האָבן זיך פארזאמלט שרײַבער, קאָמפּאָזיטאָרן, קינסטלער, סקולפּטאָרן, טוער פון קינאָ און טעאטער, אָנפירנדיקע פארטיי־טוער, רעדאקטאָרן פון צענטראלע צײַטונגען, זשורנאלן, ראדיאָ, טעלעוויזיע.

מיט רעדעס זײַנען ארויסגעטראָטן די כאווערים ל.פ. איליטשאָוו, ס.וו. מיכאלקאָוו, מ.א. שאָלאָכאָוו, ס.נ. כרעניקאָוו, וו.וו. יערמילאָוו, ב.וו. יאָהאנסאָן, ל.ס. סאָבאָלעוו, וו.ל. וואסיליעווסקאיא, ז.אי. אזגור, מירזאָ טורסון־זאַדע און אנד.

די טוער פון ליטעראטור און קונסט האָבן ווארעם באגעגנט דעם כאווער נ.ס. כרושטשאָוו, וועלכער איז ארויסגעטראָטן מיט א גרויסער רעדע.

די באגעגעניש איז דורכגעגאנגען אין אן אטמאָספער פון אָפענעם מיינונגס־אויסטויש. זי האָט באוויזן די פולע איינהײַט פון דער שעפערישער אינטעליגענץ, איר באַהעפטקײַט ארום דער לענינישער פארטיי, די גרייטקײַט פון די טוער פון דער ליטעראטור און קונסט צו נעמען מיט זייער שאפונג אן אקטיוון אָנטייל אינעם פארווירקלעכן די גראנדיעזע פּראָגראם פון בויען דעם קאָמוניזם.

●

אין זשורנאל „דרוזשבא נאראָדאָוו" איז פארעפנטלעכט אן ארטיקל פונעם בארימטן אוקראַיִנישן דיכטער מאקסים רילסקי „דערמאָנענדיק זיך וועגן איציק פעפערן".

דער אקאדעמיקער רילסקי שרײַבט: „איך האָב געקענט און ליב געהאט איציק פעפערן און איך האָב ניט איין מאָל באגעגנט זיך מיט אים סײַ ווען די זון האָט געשײַנט, סײַ ווען א רעגן האָט געגאָסן. איך ווייס, איך בין זיכער, אז ער האָט מיט רעכט געמעגט זאָגן וועגן זיך: דער העכסטער מישפּעט פון מײַן זײַן — איז מײַן געוויסן".

●

די מאָסקווער ייִדישע שרײַבער יאנקעוו שטערנבערג און אווראָם גאָנטאר האָבן באזוכט טשערנאָוויץ, ווו זיי האָבן געהאט א ריי באגעגענישן מיט די אָרטיקע ייִדישע שרײַבער. די כאווערים מוישע אלטמאן, הירש בלאָשטיין, כאַיִם מעלאמוד, מייער כאראַץ, עפראַיִם רויטמאן, יאָסל לערנער, יויסעף בורג האָבן איבערגעגעבן א ריי נײַע ווערק דעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד".

●

די גרויסע דערציילונג פון מאָזי קאָבריאנסקי „אינמיטן וועג", וואָס איז אָפּגעדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 1 פון הײַנטיקס יאָר, ווערט דורכן פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל" ארויסגעגעבן אין א באַזונדער בוך אין א רוסישער איבערזעצונג.

די פארוואלטונג פונעם פארלאג האָט אף א זיצונג אויסגעהערט א מיטטיילונג פון דער קאָמיסיע פאר דער ליטערארישער ירושה פון פּערעץ מארקיש וועגן זײַן ראָמאן „טראָט פון דורות". די פארוואלטונג האָט געבעטן די קאָמיסיע ענדגילטיק צוגרייטן דעם מאנוסקריפּט פון דעם דאָזיקן בוך, כּדי ער זאָל קאָנען פארעפנטלעכט ווערן אין דער נאָענטסטער צײַט.

●

אין דער נײַער געבײַדע פונעם מאָסקווער צענטראלן ליטעראטן־הויז איז אײַנגעשטעלט געוואָרן א מעמאָריאַלער טאָוול צום אָנדענק פון די שרײַבער, וועלכע זײַנען אומגעקומען אף די פראָנטן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

אפן מיטינג, געווידמעט דער דאָזיקער געשעעניש, איז ארויסגעטראָטן דער סעקרעטאר פונעם שרײַבער־פארבאנד פון פססר אלעקסיי סורקאָוו. א ריי דיכטער האָבן געלייענט זייערע ווערק וועגן דעם זיג פונעם סאָוועטישן פאָלק איבער די היטלעריסטישע האָרדעס.

●

אין רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד" איז אָפּגעמערקט געוואָרן דער 80־טער געבורטסטאָג פונעם באַוווסטן קריטיקער און דראמאטורג יעכעזקל דאָברושין. אף דעם אָוונט זײַנען בײַגעווען מאָסקווער ייִדישע שרײַבער, ארטיסטן און לייענער.

דעם אָוונט האָט געעפנט דער הויפּט־רעדאקטאָר פונעם זשורנאל א. ווערגעליס. מיט אן ארײַנפיר־וואָרט איז ארויסגעטראָטן ה. רעמעניק, וועלכער האָט כאראקטעריזירט י. דאָברושינען אלס איינעם פון די גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. עס האָבן זיך געטיילט מיט זייערע דערינערונגען דער פאָלקס־ארטיסט פון רספסר ל. פולווער, ר. רובין, ע. פאלקאָוויטש, ש. גאָרשמאן, ע. לויטער, י. ראבין, ש. באָרענשטיין, ש. גאָרדאָן. די דיכטער מ. גרוביאן און ד. בראָמבערג האָבן פאָרגעלייענט זייערע לידער געווידמעט י. דאָברושינס אָנדענק. דער ארטיסט ש. זילבערבלאט האָט געלייענט פראגמענטן פון דאָברושינס ווערק.

צום שלוס האָט דער דראמאטישער קאָלעקטיוו אונטער דער לייטונג פונעם פארדינסטפולן ארטיסט פון רספסר בינייאָמין שווארצער געוויזן בילדער פון דעם ספּעקטאקל „טעוויע דער מילכיקער" אין דער אינסצענירונג פון י. דאָברושין און נ. אויסלענדער.

# שרייַבער און ווערק

◆ דעם 28 מארט ווערט 95 יאָר, זינט עס איז געבוירן דער גרויסער פּראָלעטארישער שרייַבער, דער גרונטלייגער פון דער ליטעראטור פון סאָציאַליסטישן רעאליזם מאקסים גאָרקי (אלעקסיי מאקסימאָוויטש פּעשקאָוו). די קינדער־יאָרן האָט גאָרקי פארבראכט אין ניזשני־נאָווגאָראָד באַם זיידן דעם פארבער וואסילי וואסיליעוויטש קאַשירין. גאָרקי האָט דורכגעמאכט א לעבנס־וועג פול מיט נויט, וואנדערונגען, הונגער און שווערער ארבעט; ער האָט מיט זייַנע אויגן געזען דאָס ביטערע לעבן פונעם פאָלק. די גאנצע



געזעלשאפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייַט גאָרקיס איז פארבונדן מיטן רוסישן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, ער איז דער גענױאַלער פאָלקס־זינגער און קעמפער פאר א נייַ לעבן.

גאָרקי האָט גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, איז געווען נאָענט באַפרייַנדעט מיט לענינען און האָט פיל מיטגעהאָלפן דער באָלשעוויסטישער פארטיי. אין 1906 האָט ער פארעפנטלעכט זייַן פּיעסע „סאָנים“ און דעם ראָמאן „די מוטער“, וואָס זייַנען געווען דער אָנהייב פון א נייַעם עטאפּ אין דער געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראטור — פונעם שעפערישן מעטאָד פון סאָציאַליסטישן רעאליזם. נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט גאָרקי געשאפן נייַע גרויסע פאראלגעמיינערנדיקע היסטאָרישע עפּאָפּייעס: „דאָס געשעפט פון די ארטאמאָנאָווס“, „דאָס לעבן פון קלים סאמגין“ אא. פון 1932 איז ער געשטאנען בעראָש פון דעם שרייַבער־פארבאנד פון פססר און האָט אָנגעפירט מיט דער פילנאציאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור. ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון א ריי וויכטיקע אויסגאבעס: „די געשיכטע פון בירגערקריג“, „אָף דער בויונג“, „געשיכטע פון פאבריקן און זאוואָדן“ און אנד.

מאקסים גאָרקי האָט געשענקט א סאך אופמערקזאמקייַט די אונטערדריקטע פעלקער פון צארישן רוסלאנד; ער האָט ניט איין מאָל אופגעהויבן זייַן שטים קעגן נאציאָנאלע פארפאָלגונגען, מיטגעהאָלפן דער אנטוויקלונג פון דער קולטור און פונעם רעוואָליוציאָנערן באַוווסטזייַן פון אלע פעלקער. מ. גאָרקי איז שארף ארויסגעטראָטן קעגן אנטיסעמיטיזם. דער גרויסער קינסטלער איז געווען א פרייַנט פון די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסן און פון דער פאָרגעשריטענער ייִדישער קולטור.

מאקסים גאָרקי איז געשטאָרבן דעם 18 יון 1936.

◆ עס ווערט 85 יאָר זינט עס איז געבוירן געוואָרן מוישע אָלגין (1878—1939) — איינער פון די באַדייַטנדיקע רעוואָליוציאָנערע קעמפער אין אמעריקע, דער גרינדער און יאָרנלאנגער רעדאקטאָר פון דער פּראָגרעסיווער צייַטונג „מאָרגן־פרייַהייַט“, אן אקטיווער בויער פון דער ייִדישער פּראָגרעסיווער קולטור. גרויסע פארדינסטן האָט אָלגין אין דער ליטעראטור־קריטיק. ער האָט געקעמפט פאר א ליטעראטור, וואָס זאָל שטעלן געזעלשאפטלעכע פּראָבלעמען, זייַן פּאָליטיש צילגעווענדט.



„מיר דארפן א ליטעראטור, — האָט ער געשריבן, — וואָס זעט גאָר ברייטע פּערספּעקטיוון, ווו די בעסטע זין פון אלע פעלקער מארשירן האנט־בא־האנט, יעדערער מיט זייַנע באזונדערע אייגנשאפטן, מיט זייַן פארגאנגענהייַט און מיט זייַן נאציאָנאלן לעבן, אָבער אלע צוזאמען אין איין ריכטונג — צו א באפרייַטער מענטשהייַט. אזא ליטעראטור, און נאָר אזא, קאָן באפרידיקן די באדערפענישן פון אונדזער גרויסער און פאראנטוואָרטלעכער עפּאָכע“.

אָלגינס אויסגעוויילטע ארבעטן אף פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע און ליטעראַרישע טעמעס זייַנען אונטערן נאָמען „קולטור און פאָלק“ ארויס אין ניו־יאָרק אין 1949.

◆ זישע ווייַנפּער (1893—1957), וועמעס 70־טן געבורטסטאָג מיר מערקן הײַאָר אָפּ, איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע פּראָגרעסיווע פּאָעטן און קולטורטוער אין אמעריקע. אין זייַן דיכטונג האָט ער פאָרגעזעצט די בעסטע טראדיציעס פון דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער פּאָעזיע.



„זייַן פּאָעזיע, — שרייַבט פּ. נאָוויק, — האָט אויסגעדריקט די באגערן און די שטימונגען פון די פאָלקסמאסן. מיט זייַן ליד האָט ער געזוכט צו אָנווייַזן א וועג „דורך דער נאכט צום קאיאָר“.

ז. ווייַנפּער איז געווען א גרויסער פרייַנט פונעם סאָוועטנפארבאנד. זייַן פארערונג צום לאנד פון סאָציאַליזם האָט ער אויסגעדריקט סיַי אין זייַן שאפונג, סיַי אין זייַן געזעלשאפטלעכער טעטיקייַט. ער האָט פארעפנטלעכט אריבער צוואנציק ביכער, דערין אויך אינטערעסאנטע פּראָזע־ווערק און ליטעראַרישע פּאָרטרעטן.



10—1558

◆מיט 75 יאָר צוריק, אין 1888, איז דערשינען דער ערשטער באַנד פון שאָלעם־אַלייכעמס יאָרבוך „די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק“. די דאָזיקע אויסגאַבע האָט אָפּגעשפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָליע אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור. ארום דער „יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק“ האָבן זיך גרופּירט די בעסטע דעמאָקראַטישע יידישע שרײַבער פון יענער צײַט. אינעם ערשטן באַנד זײַנען געווען געדרוקט ווערק פונעם עלטערן דאָר שריפטשטעלער (מענדעלע מויכער־ספאָרים, לינעצקי, גאָטלאָבער) און אויך פון נײַע שרײַבער. שאָלעם־אַלייכעם האָט דאָ אָפּגעדרוקט דעם ראָמאַן „סטעמפּעניו“, ייצכאָק־לייבוש פּערעץ — זײַן ערשט ווערק אין יידיש, די פּאָעמע „מאָניש“.


די יידישע
פאלקס־ביבליאטהעק
שלום עליכם

◆דעם 12 מאַרט איז דער יידישער סאָוועטישער פּראָזאַיקער יעכיעל שרײַבמאַן אַלט געוואָרן 50 יאָר.

די קינדהײַט און יוגנט־יאָרן פונעם שרײַבער זײַנען דורכגעגאַנגען אין דער באָיאַרישער רומעניע. אין 1935 באַווײַזן זיך אין דער יידישער פּראָגרעסיווער פּרעסע זײַנע ערשטע דערציילונגען.



אין 1947 איז אין מאָסקווע דערשינען י. שרײַבמאַנס בוך „דרײַ זומערס“. זײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט אין מאָלדאַוויש און אין רוסיש. אין 1962 איז אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ דערשינען זײַנס אַ בוך אויסגעווײלטע דערציילונגען.

יעכיעל שרײַבמאַן איז איינער פון די אַקטיווע שעפער פון אונדזער הײַנטצײַטיקער פּראָזע.

◆דעם 19 אַפּרעל 1563 האָט אין מאָסקווע זיך געעפנט די ערשטע דרוקערײַ אין רוסלאַנד. געגרינדעט האָט זי איוואַן פיאָדאָראָוו (דאָס יאָר פון געבוירן איז ניט באַוווּסט, געשטאָרבן אין 1583). אין 1564 איז דערשינען דאָס ערשטע געדרוקטע רוסישע בוך „אַפּאָסטאָל“.



פיאָדאָראָווס גראַנדיעזער היסטאָרישער אויפטו איז פײַנטלעך אויפגענומען געוואָרן פון די קלעריקאַלן. זיי באַשולדיקן אים אין גאָטלעסטערונג. קעדיי צו ראַטעווען זיך פון זייער צאָרן, אַנטלויפט ער קיין לוואָוו. אין 1574 דערשײַנט דאָרטן דער ערשטער אַלעפבייס.

די ביכער, וואָס איוואַן פיאָדאָראָוו האָט אַרויסגעגעבן, זײַנען אויסגעזעצט מיט שיינער שריפט, באַצירט מיט גראַווירן אויף האָלץ און מיט געמעלן. דאָס זײַנען ווערטפולע דענקמעלער פון דער רוסישער קולטור.

דעם סאָוועטישן יידישן פּאָעט הירש רעלעס איז דעם 29 אַפּרעל געוואָרן 50 יאָר. ה. רעלעס האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1931. אין 1935 איז אַ רײ לידער זײַנע אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין דער ליטעראַרישער זאַמלונג „סאָוועטיש ווײַסרוסלאַנד“.



ה. רעלעסעס ערשט ביכל „אָנהייב“ איז אַרויס אין 1938. פיל פון רעלעסעס לידער זײַנען געווידמעט דער פעלקער־פרײַנטשאַפט, דעם נאָכמילכאָמעדיקן אויפבלי פון ווײַסרוסלאַנד.


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Двухмесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*(на еврейском языке)*

**Год издания третий**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис**

Редколлегия: **А. Гонтарь, Г. Добин, Б. Миллер, Р. Рубина,**

**М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай**

Ответственный секретарь М. Лев

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.
Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69;
отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42.
Художественный и технический редактор И. Шустер.

Подписано к печати 7/III 1963 г. Формат $70\times108^1/_{16}$. Печ л. 10(13,70). Бум. л. 4+вкладка.
Уч.-изд. л. 16,26. Цена 50 коп. Зак. 1558

Московская типография № 3 „Искра революции“ Мосгорсовнархоза

Индекс
71393

Цена 50 коп.

# Советиш Геймланд

**·СОВЕТСКАЯ РОДИНА·**

## В НОМЕРЕ